

איצכאָק-לייבוש פּערעץ

# אין קעלער-שטוב

## דערציילונגען

מעלוכע-פארלאג
פון קינסטלערישער ליטעראטור
מאָסקווע 1959



יצכאָק־לייבוש פּערעצ איז געקומענ אינ דער ייִדישער ליטעראַטור צום סאָפ פונ די 80־ער יאָרנ פונ פאָריקנ יאָרהונדערט (ביז דאַנ האָט ער זיכ עפּיזאָדיש געדרוקט אַפ העבריִיש). זײַנ דערשײַנענ איז געווענ איבעראַשנד: א פּראָווינציעלער אַדוואָקאַט פונ קאָרעוו פערציק יאָר, וועמענס נאָמענ ס'איז געווענ אומבאַקאַנט אינ דער דעמאָלטיקער ייִדישער קולטור אונ ליטעראַטור־סוויווע, ווערט בליצ־שנעל דער באַהערשער פונ געדאַנקענ, דער ליבלינג פונ פאָלק. א מוטיקער קעמפער קעגנ דער מאַכט פונ פינצטערניש, איז ער אויכ אַלס קינסטלער דרייסט אונ נײַ. ער טרעט אַרויס אינ די פאַרשיידנסטע זשאַנרענ, ער ברענגט מיט זיכ נײַע טעמעס, נײַע געדאַנקענ אונ זוכט אונ געפינט דאָס פּאַסיקע וואָרט־לעוווּש פאַר די דאָזיקע נײַע געדאַנקענ.

געבוירנ איז פּערעצ דעמ 18 מײַ 1851 יאָר אינ דער פּוילישער שטאָט זאַמאָשטש, אַנ אַלטע פעסטונג, וווּ יעדנ פרימאָרגנ פלעגט זיכ אופהייבנ אונ פאַרנאַכט אַראָפּלאָזנ א בריק, ווי א מעכיצע צווישנ דער שטאָט אונ דער וועלט. די אַלטערטימלעכע געשיכטעס אונ לעגענדעס, וואָס האָבנ זיכ געוועבט אַרומ דער דאָזיקער פעסטונג, האָבנ געמאַכט א גרויסנ רושעמ אַפנ יונגנ פּערעצ. די גרויע מאָרעשכוירעדיקע ווענט פונ די פּוילצאָליקע שולנ אונ באָטעמע־דראָשימ, וווּ ער האָט פאַרבראַכט די בעסטע יאָרנ פונ זײַנ קינדהײַט, האָבנ אַפ שטענדיק אָנגעפילט זײַנ נעשאָמע מיט שוידער.

צו דרײַצנ יאָר איז שױנ פּערעצ געװענ שטארק באהאװנט אינ דער העברעיִשער פילאָסאָפישער אונ רעליגיעז־מיסטישער ליטעראטור. מיט גרױס לײַדנשאפט האָט דער צוקינפטיקער שרײַבער געזוכט אינ די סכאָלאסטישע ביכער אַנ ענטפער אפ די פראגנ פונ לעבנ אונ טױט, פונ זינד אונ הימלשער שטראָף. צו פערצנ יאָר באקומט פּערעצ צופעליק דעמ צוטריט צו א פריװאטער גאנצ היפשער ביבליאָטעק. דערלערנענדיק אפ אנ אױטאָדידאקטישנ אופנ שפּראכנ, שעפּט ער דורשטיק פונעמ אוצער פונ דער רוסישער אונ מײַרעװ־אײראָפּעיִשער ליטעראטור, װאָס האָט זיכ פאר אימ אזױ אומדערװארט אנטפּלעקט.

פּערעצ באשטימט פארלאָזנ זײַנ געבורטסשטאָט אונ פאָרנ זיכ לערנענ. דאָס גיט זיכ אימ אָבער ניט אײַנ, װײַל צו אכצנ יאָר מאכט מענ אימ, קעגנ זײַנ װילנ, כאסענע, אונ ער מוז זוכנ מיטלענ צומ לעבנ. אזױארומ בלײַבט פּערעצ זיצנ אינ זאמאָשטש אונ פארנעמט זיכ מיט אדװאָקאטור, ביז ער פארלירט ניט איבער א מעסירע די רעכט אפ דעמ.

אינ טיפער אײנזאמקײַט, אינ דער שטילקײַט פונ פּראָװינצ האָט פּערעצ לאנגזאמ אונ פּײַנלעכ געזאמלט קױכעס פאר זײַנ שפּעטערדיקנ בליצארטיקנ ארױסטריט אינ דער ליטעראטור. אונ דאַפקע ער איז געװענ דער ערשטער, װאָס האָט ארײַנגעבראכט אינ דער ייִדישער ליטעראטור עכט שטאָטישע מאָטיװנ. פּערעצעס אינטערעס צומ גורל פונ שטעטל איז אױסגעשעפּט געװאָרנ באלד אינ אָנהײב פונ די 90־ער יאָרנ. אימ רעגט מער די קאפּיטאליסטישע שטאָט. װי געשפּענסטער פארפאָלגנ אימ די לעבעדיקע אונ טױטע געלט־װאקסענע פּענעמער אינ די שױפענצטער פונ די גרױסע שטאָטישע מאגאזינענ, דאָס בילד פונ פארדאָרבענער יוגנט, פונ פארװעלקטער שײנהײַט אינ די שטאָטישע פאבריקנ. אימ רעגט די אלצ פארניכטנדיקע, דעמאָראליזירנדיקע מאכט פונ געלט, פאר װעלכעס עס װערט געקױפט אפילע „דער שמײכל אפנ פרײַנטס פּאָנעמ, דער קוש פונ רױטע ליפּנ“. באײַנפלוסט פונ סאָציאליסטישע אידײענ, פול מיט סימפּאטיעס צו דער רעװאָלוציע, ברענגט ער מיט זיכ די ארבעטער־טעמע. זײַנ פּאָפּולאריטעט בא די ארבעטער־מאסנ איז געװענ אזױ גרױס, אז די פּאָליצײ פלעגט בײַס די אונטערזוכונגענ בא ייִדישע ארבעטער־סאָציאליסטנ דאָס ראָװ געפינענ בא זײ פּערעצעס „יאָמטעװ־בלעטלעכ“ אונ אינ 1899 יאָר איז דער שרײַבער אָפּגעזעסנ עטלעכע כאָדאָשימ אינעמ צענטנ פּאװיליאָנ פונ דער װארשעװער ציטאדעל.

פערעצ דער רעאליסט שנײַדט אופ מיט דער ניכטערער אומבעראכמאָנעסדיקײַט פונ א כירורג די בלאָטערס אינעם געזעלשאפטלעכנ אָרגאניזמ פונ זײַנ צײַט; פערעצ דער ראָמאנטיקער באַוועגט זיכ אינ אנ אויסגעטרוימטער וועלט פונ אײדלקײַט, פונ רוכניעס, פונ מענטשלעכער גאנצקײַט. ער שאפט די פאָלקסטימלעכע געשיכטע, די קישעפ-מײַסע, ווו שטענדיק זיגט די טוגנד; פערעצ דער סאטיריקער גרײַפט אָנ בײז אונ גאליק די אומפארשעמטע געלט-זעק, די פרומע קעצ, וועלכע דערשטיקנ מיט א פרומענ זיפצ דאָס צארטע זינג-פייגעלע מיט זײַנ פרײַהײַט-ליד, די באגרענעצטע שמאָלקעפיקע באשעפענישנ פונעמ קליינבירגערלעכנ „געמויזעכצ", וואָס מיינענ, אז העכער דעמ שליימ איבער זייער בלאָטע איז שוינ גאָר קיינ הימל ניטאָ; פערעצ דער ליריקער שאפט די וווּנדערלעכע נאָוועלנ פונ די קעלער-שטיבער, ווו אינ אָרעמקײַט אונ ענגשאפט, הינטער א ביליקנ שפאנישנ ווענטל בליט אופ אונ ווערט אָפט צעטראָטנ דאָס צארטסטע ליבע-געפיל, די שענסטע מעסירעסנעפעשדיקײַט. שפעטער, ווענ דער שרײַבער פארטראכט זײַנ טעריע איינאקטערס, ווו ס'ווערנ געשילדערט די סאמע פארשטויסענע פונ דער געזעלשאפט, די, וועמעס היימ ס'איז שוינ אפילע ניט קיינ קעלער, נאָר דער אונטערנ-הימל, רופט ער זיכ אָפ אינ אנ אויספירלעכנ ארטיקל מיט אנציקונג ווענג גאָרקיס „אפנ דעק". גאָרקיס שאפנ איז דאנ געווענ באזונדערס נאָענט פערעצעס גײַסט.

די צענטראלע געשטאלט אינ פערעצעס „קעלער-שטיבער" איז די פילפאכ געפײַניקטע פרוי — די מוטער, די שפײַזערינ אונ די נעשאָמע פונ דער מישפאָכע, די פרוי, וואָס איז אכזאָריעסדיק באַרויבט אָפ דער-וועלט אונ וואָס אפילע אָפ יענער-וועלט ווערט איר צוגעזאָגט בלויז דאָס אָרט פונ א פוס-בענקל פאר איר מאנ אינ גאנײדנ. אונ דערפאר טאקע איז אזוי שטורמיש אונ פארביטערט דאָס וויי-געשריי אונ דער אויסברוכ פונ פראָטעסט בא די דאָזיקע שטילע טויבנ, ווענ דאָס וואסער קומט זיי צומ האלדז.

פערעצ איז דער מײַסטער פונ קאָנטראסט, פונ שארפנ קאָנפליקט, פונ ליכט אונ שאָטנ. זײַנע ווערק עטעמענ מיט דער טראגיק פונ אומקומ אונ מיטנ ליכטיקנ פאָרגעפיל פונ אנ אופשטײַגנדיקער נײַער וועלט. איבערהויפט איז עס שײַכ צו פערעצעס נאָוועלע, דער ביז גאָר אויסדריקלעכער אונ לאקאָנישער. אָפ עטלעכע נעצײלטע זײַטלעכ ווערט דאָרטנ פאנאנדערגעוויקלט א

גרויסע מענטשלעכע דראמע. פערעצ איז זייער שפּאָרזאמ אינעמ עצעמ דער־ציילנ, אינעמ שילדערנ, אינעמ דיאַלאָג. זײַנע העלדנ ריידנ אָפט מיט אָפּגע־האקטע פראזנ, ווײַל עס פארפעלט זיי אָטעמ, עס שטיקט זיי צאר אונ צאָרנ. אונ אָפטמאָל זײַנענ זיי קארג אינ רייד איבער זייער דערשלאָגנקײַט, איבער דער ניט געוווינהײַט פרײַ אויסצודריקנ די אייגענע געפילנ. פערעצ איז דער גרונטלייגער פונ דער ייִדישער פּסיכאָלאָגישער נאָוועלע. ער איז אויכ איינער פונ די גרעסטע נאָוועליסטנ אינ דער וועלט־ליטעראטור.

דער גרונט־פּאַטאָס פונ פערעצעס שאפנ איז געווענדט קעגנ די רעשטנ פונ מיטלאלטער אינ דער ייִדישער סוויווע אונ דעריקער קעגנ דעמ שטרענגנ, הארבנ, אומענטשלעכנ מיטלאלטערלעכנ אסקעטיזמ, וואָס האָט געשטיקט דאָס געזונטע אינעמ פאָלק, געלאָשנ יעדנ פונק פונ פרײַענ געדאנק. דער שרײַבער שילדערט די ווילדע האסאָגעס, וואָס די רעליגיע האָט ארײַנגעטראָגנ אינעמ פאמיליע־לעבנ, אונ אויכ וויאזוי איר שווארצער פליגל דריקט אפּ געזעל־שאפטלעכנ לעבנ. די געשטאלטנ פונ קלויזניקעס, אָרעמבאָכעריומ אונ סטאמ לערנער־באטלאָנימ, פונ מענטשנ, וואָס האָבנ ניט געוווּסט פונ קיינ קינדהײַט אונ קיינ יוגנט, וואָס די ווילדע פּילפּוליסטיק דראָט צו דערשטיקנ אינ יעדערנ פונ זיי דעמ מאנ אונ מענטש, דערשיטערנ מיט זייער טראגיק. אינ א סאכ דערציילונגענ פערעצעס הערט זיכ דער קרעכצ פונעמ פארפּײַניקטנ הינטערנ בעסמעדרעש־אויווּנ, זײַנ בענקשאפט נאָכ ערדישע פרייד.

שפּאָרזאמקײַט אינ וואָרט איז געלעגנ אינ פערעצעס נאטור, דעריבער זײַנענ אזוי קארג די ייִדיעס וועגנ זײַנ ביאָגראפיע. ווייניק שרײַבט פערעצ וועגנ זיכ אפילע אינעמ בוכ „מײַנע זיכרוינעס“, קנאַפּ אינ צאָל זײַנענ זײַנע בריוו. וועגנ פערעצנ נאָכ זײַנ איבערוואנדערנ שוינ אלס באוווּסטער שרײַבער קיינ ווארשע דערציילנ מעמואריסטנ, אָבער וואָס ער האָט איבערגעלעבט ביז דאנ, איז ווייניק באקאנט. אלנפאלס איז פערעצעס לעבנס־וועג ניט געווענ באַ־זייט מיט בלומענ. דער גרויסער שרײַבער איז געווענ געצווּנגענ קימאט אינ מעשעכ פונ 25 יאָר ביזנ סאָפ פונ זײַנ לעבנ צו ארבעטנ אלס „רעכנמײַסטער“ אינ דער ווארשעווער ייִדישער קעהילע, צווישנ ווילד־פרעמדע פאר זײַנ גײַסט, צווישנ אזעלכע, וועלכע האָבנ אפילע ניט געהאט קיינ פאָרשטעלונג וועגנ דעמ, וואָס איז אזוינס פערעצ אויסער זײַנ „אמט“.

געשטאָרבנ איז פּערעצ באַ זײַנ שרײַבטיש דעמ 3 אַפּרעל 1915 יאָר. צענדליקער טויזנטער פּאַרערער האָבנ באַגלייט דעמ שרײַבער אינ זײַנ לעצטנ וועג. פּערעצעס לעווײַע איז פֿאַרוואַנדלט געוואָרנ אינ א פּאָליטישער דעמאָנסטראַציע קעגנ סאָציאַלער אונ נאַציאָנאַלער אונטערדריקונג מיצאַד דער צאַרישער מאַכט.

פּערעצ איז דער אומרויִקער גײַסט פֿונ דער ייִדישער ליטעראַטור. אַלע זײַנע יאָרנ האָט ער געשטרעבט צו געפֿינענ דעמ העכסטנ עטישנ פּרינציפּ אינעמ מענטשלעכנ לעבנ אונ אַפֿנ וועג פֿונ זײַנע זוכענישנ אונ בלאָנדזשענישנ אומדערמידלעכ געוועקט דעמ פּראָגרעסיוונ געדאַנק. אָפֿילע דאַנ, ווענ דער שרײַבער איז באַהערשט געוואָרנ פֿונ ייִעש, האָט אימ דאָכ ניט אָפּגעלאָזט די בענקעניש „צומ פֿריהנ-לאַנד מיט דער שטראַלנ-שפּראַכ, דער איינציק מענטשלעכער".

ריווקע רובינ



# אינ קעלער־שטוב

## (א בילד)




גרויסע קעלער-שטוב, פול מיט בעטנ!

. . . . . . . . . . . . . . .

פרײדע די האָלאָדריגיכע שלאָפט שוינ לאנג אפ איר קאסטנ, אינ איר ווינקעלע צווישנ אויוונ אונ וואנט. זי האָט זיך הײַנט פרי געלייגט, ווײַל עס איז מאָרגנ יאריד אינ א נאָענט שטעטל, דארפ מענ אופשטיינ פרי אונ ארויספאָרנ מיט דער מאזש. זי שלאָפט דאָך אומרויִק — זי וועט האָבנ צאָרעס-צרורעס מיטנ געלעגנ־הײַט: זי האָט באדונגענ דעם באלעגאָלע, ער זאָל זי אופנעמענ מיט א קליינ פעסל, אונ נאָך פארנ אײַנשלאָפנ האָט זי א ישועו געהאט, אז עס איז גלײַכער מיטצונעמענ דאָס גרויסע פאס. זי האָט זיך לאנג אומרויִק געוואָרפנ אפנ געלעגער: „א בייז מויל א ידענע האָט —

האָט זי אָפּ זיך אַליין זיך געבייזערט — אַרויסגעכאַפּט זיך: „ס'קליינע פּעסל!“ נאָך וואָס? נאָך ווען? דעם באַלעגאָלעס דײַגע? ער וועט דאַרפֿן מעפּײַעס זײַן די פֿערד מיט נאָך אַ ביסל האָבער?“ אַזוי וואָרטשענדיק אָפּ דער מיעסער צונג, וואָס אַן אישע האָט, איז זי קוים אײַנגעשלאָפֿן. פֿון אונטערן איבערבעט שטאַרט אַרויס אַ רויט קאָפּנטיכל, וואָס פֿאַלט איר אַראָפּ אָפּן פּאָנעם, ווי אַ רעמל אַרום דער שפּיציקער, בלוילעכער נאָז. זי אָטעמט שווער. זי מוז האַלטן די בייניקע הענט אָפּן אַלטן האַרץ; גאָט ווייסט, וואָס עס חלעמט איר! עפּשער וואַרפֿט זי דער באַלעגאָלע אַוועק, און זי בלײַבט אַ האַלב יאָר אָן פּאַרנאָסע!

דער ווינקל קעגניבער געהערט צו יאָסל וואַסערטרעגער. דאָס ווײַב מיט צוויי קינדער שלאָפֿן אין איין בעט און ער מיטן עלטערן ביידער-יינגל — אין צווייטן. פֿון די בעטן רײַסט זיך אויך אַלעמאָל אַרויס אַ זיפֿץ, דאָ איז מען אויך אײַנגעשלאָפֿן מיט אַגמעסנעפּעש. דאָס ביידער-יינגל האָט געוויינט „רעבע-געלט“! און די עלטערע טאָכטער איז געבליבן אָן אַן אָרט. זי האָט געהאַט אַ ווילע שטעל, בײַ אַ פּאָרפֿאָלק אָן קינדער, דאַרף פּלוצלינג די באַלעבאָסטע שטאַרבן! זי איז אַהיים געקומען; זי וועט דאָך נישט בלײַבן אַליין מיטן אַלמען! עס קומט איר אַ פּאָר רובל סכירעס; מע וואָלט געקאָנט דערפֿון באַטש רעבע-געלט באַצאָלן; טײַנעט אָבער דער אַלמען „לוי פּאָקאַדני“ — דאָס ווײַב האָט אים נישט אָנגעזאָגט, און ער אַליין ווייסט נישט; ער האָט זיך קיינמאָל נישט געמישט אין ווײַבערשע זאַכן. איידער מען איז אײַנגעשלאָפֿן האָט מען זיך אַפֿילע אַ ביסל געקריגט: די מוטער האָט געראָטן, מע זאָל דעם אַלמען רופֿן צו אַ דינטוירע, די טאָכטער וויל בעסער שרײַבן אַ פּראָשעניע אָדער צום „מיראָוואָי“, אָדער צום „נאַטשאַלניק“, יוינע וויל ביידע אייצעס נישט הערן: דער אַלמען וועט זיך נויקעם זײַן און אָפּריידן אים אַלע באַלעבאַטים. „ער דאַרף נאָר — זאָגט יוינע — נעבן אַ פּיפּס, בין איך אויס קאַפּעליוש-מאַ-

כער... עס האָט דענ א שיר, וויפל וואסערטרעגער עס גייען הײַנט ארום שלינג-און-שלאנג, זײַט מע האָט די וואסערלייטונג געמאכט?"

ארופצוצוּער שנאָרכט בערל טרעגער איינער אליין ווי א „כרא-ביע" אין בעט. ביידע קינדער שלאָפן אין צווייטן; דאָס ווײַב איז א קעכן און האָט הײַנט א כאסענע. דאָך — שלאָפט מען אויך נישט רוּיק. בערלען בלאָנדזעט ארום שוין א צײַט עפּעס א ווייטעק צווישן די ביינער. אויך דער עלטערער זון זיפצט אלעמאָל פון שלאָף: ער ארבעט בא קאלב-לעשן און האָט זיך א פיסל אָפּגעבריט.

נאָך ווײַטער שלאָפט, ווי א „כראבינע", איינע אליין אין א בעט, צירל די זיצערן; אין צווייטן שלאָפן אלע דרײַ קינדער, איר מאן איז א נאכט-וועכטער. קאאלויס, אז ער וועט קומען, וועט זי ארויסגיין מיט ברויט און פרישע בייגל.

מיר האלטן שוין באַם דריטן ווינקל, עס שטייט נאָך א בעט — א שמאָל אײַזערן בעטל, אן אומגעזונט-געדויטלטער פּרויען-קאָפּ שלאָגט זיך אָפּ פון א קנויל אלטוואַרג, וואָס דינט אים אלס קישן. די יונג-פארברענטע ליפּן עפענען זיך אָפּט, ארויסצולאָזן א שווערן זיפץ. „א שווערע פּארנאָסע" האָט איר מאן, „ער האָט קיין מאָל נישט". מיט ביירוף-נעפעש האָט ער יענע וואָך ארויסגעשלעפּט א קוּ-פּערנעם קעסל און באגראָבן אין זאמד הינטער דער שטאָט — האָט מען אים געפונען! וועד ווייסט, מיט וואָס ער וועט הײַנט אהיים קו-מען? עפשער זיצט ער שוין גאָר... און דאָ האָט מען דרײַ וואָכן קיין טעפּל ווארעמס וואסער נישט צוגעשטעלט... פון דער דירע טרײַבט מען...

„א שווערע פּארנאָסע... אָן מאזל!" זיפצן די פארברענטע ליפּן. און מע מוז זיך נאָך פאר שכיינים היטן. מע פרעגט אלץ: וואָס טוט דײַן מאן? וואָס קומט ער אזוי שפּעט אהיים?..

. . . . . . . . . . . . . . . . .

איבער אלע בעטן ציטערט א טונקעלע שײַן פון מיטן שטוב: פון איבער די שפּאנישע ווענטלעך, וואָס זײַנען די גרענעצן פון א יונג פּאָרפאָלקס מעמשאָלע, טרײַנעס „דאלעדאמעס“. די יונגע באלעבאָסטע שלאָפט נאָך נישט; ערשט צוויי כאדאָשים נאָך דער כאסענע—וואַרט זי אפן מאן, וואָס דארף קומען פון בעסמעדרעש. בא איר ברענט עס דער קאגאניעץ, וואָס ווארפט העל-ווײַסע פלעקן אפן שווארצן סופיט, און שיקט ארויס, דורך די לעכער פון שפּאנישן ווענטל, די עטלעכע אָרעמע שטראלן, וואָס טאנצן איבער די אָרעמע בעטן מיט די אָפּגע־ארבעטע, מידע פּענעמער.

אין טרײַנעס מעמשאָלע איז ליכטיקער און רייניקער; צווישןביידע בעטן אפ א ווײַס טישל ליגט א קאָרבנמינכע-סידער צווישן צוויי קליינע מעשענע לײַכטערלעך — איר דראָשע-געשאנק! אפ דער וואנט הענגען כאסענע-מאלבושים, א טאלעס-זאק מיט אן אויסגעניייטן מאָ־גנדאָוויד. פאר דאָס איז קיין בענקל אין דער מעמשאָלע נישטאָ. זי זיצט אפ א בעט, פאריכט א נעץ פאר די ציבעלעס, וואָס ליגן לעבן איר צעוואָרפן אפן לײַלעך. דאָס גאנצע בעטגעוואנט ליגט אפן צווייטן בעט — אונטערן בעטגעוואנט איז באהאלטן דאָס יײַכל אפ וועטשערע.

עס עפנט זיך שטיל די טיר. טרײַנע ווערט רויטלעכער, זי פאר־לירט די נעץ פון דער האנט און שפּרינגט אוף פון בעט. זי בלײַבט דאָך שטיין — עס פּאסט נישט פאר שכיינים; טאָמער כאפּט זיך ווער אוף, וועט מען כוכע-טלולע פון איר מאכן! צאָרעס האָט זי פון די שכיינים! פון פריידלען, דעריקער... זי קאָן נישט פארשטיין, וויאזוי מע שילט נישט א מאן באלד צומאָרגנס נאָך דער כופּע! „וואַרט,— זאָגט זי, די „אלטע מאכשייפע“,— דו וועסט שוין זען, וואָס פאר א מאזל דו וועסט בא אים האָבן... ווײַז אים נאָר א פינגער!“

פריידל לאָזט איר קיין פרײַע מינוט נישט. א מאן,—זאָגט זי, — אז מע פירט אים נישט ארום בא דער נאָז, איז ער ערגער ווי א וואָלף;

ציט ער די קליי פונ די ביינער ארויס. דאָס בלוט זויגט ער אויס פונ די אָדערנ! שוינ צענ יאָר — זאָגט פריידל — זיצט זי אָנ א מאנ, אונ קאָנ נאָכ אלצ צו די קויכעס נישט קומענ! אונ פריידל איז א קלוגע ידענע. א מעלומעדעס! „וואָס עס קומט אימ — זאָגט זי — אלפּי דינ, ווארפ אימ ווי א הונט א ביינ, אונ ווייטער — ווארע! נ אָ ר פונדער-ווייטנס אונ — נאָר געפלוכט!“

טרײַנע האָט צײַט דאָס אלצ זיכ צו דערמאָנענ, ווײַל עס דויערט איידער יאָסעלע גאנווּעט זיכ דורכ אפ די נעגל צווישנ די שכיינים; יעדער טריט זײַנער שלאָגט איר אָפּ אינ הארצ, נאָר אנטקעגנ גיינ— פאר קיינ שומ געלט נישט. אָט פאלט ער שיר! אָט איז ער שוינ בא די ווענטלעכ.— זי אָטעמט אָפּ.

— גוטנ-אָוונט! — מאכט ער שטיל מיט ראָפּגעלאָזטע אויגנ.

— גוט-יאָר! — ענטפערט זי נאָכ שטילער.

— ווילסט עסנ? — פרעגט זי.

— אונ דו?

— מא...

ער איז ארויס הינטער די ווענטלעכ אונ איז צוריקגעקומענ מיט אָפּגעגאָסענע הענט; זי דערלאנגט אימ א האנטעכ. אפנ עק פונ טישל שטייט שוינ גרייט א „מויצע“ מיט זאלצ אונ דאָס אפירגענומענע יײַכל.

ער זיצט אפ זײַנ בעט, אפנ גאנצנ בעטגעוואנט; זי אפ אירנ מיט די ציבעלעס. זיי עסנ גאנצ לאנגזאמ אונ ריידנ דערבײַ מיט די אויגנ — ווי ערשט נאָכ א כאסענע. אונ מיט די מײַלער — פונ פארנאָסע.

— נו, ווי האלטסטו?

— אָט,— זיפצט ער אָפּ,— דרײַ טאלמידימ האָב איכ שוינ!

— בלײַבט טאקע מעלאמדעס? — פרעגט זי טרויעריק.

— מאַ! — ענטפֿערט ער.
— געלויבט איז גאָט דערפֿאַר, — טרייסט זי זיך און אים צו־זאמען.
— געלויבט איז גאָט, — זאָגט ער איר נאָך, — נאָר דאָס איז ערשט הונדערט און צוואַנציק רובל!
ער זיפֿצט.
— נו, וואָס זיפֿצסטו?
— רעכן: — ענטפֿערט ער, — אַ רובל אַ וואָך דירעגעלט, איז זעקס און צוואַנציק רובל אַ זמאַן; שולדיק בין איך נאָך... כאַסענע־הוי־צאָעס...
— ווי הייסט? — פֿרעגט זי פֿאַרוווּנדערט.
ער שמייכלט:
— דו מיינסט מאַקע, נאַרעלע, אַז דער טאַטע האָט געקאָנט מער ווי צוזאָגן?
— נו, אַקלאַל? — האַקט זי אים איבער.
— דאָס הייסט — פֿירט ער ווײַטער דעם כעזשבן — אַ רובל 12. איז שוין 38, וואָס בלײַבט אָפּ עסן?
זי רעכנט:
— צוויי און אַכציק, דאַכט זיך?
— אָפּ זעקס און צוואַנציק וואָכן!
— נו, וואָס איז, — מאַכט זי, — אַ י ב ע ר דרײַ רובל אַ וואָך!
— און ווו איז — פֿרעגט ער טרויעריק — האָלץ... ליכט... שאַבעס וועיאָמטעוו?
— עט, גאָט פֿאַרלאָזט נישט, — טרייסט זי. — אַ י ך קען אויך עפּעס טאָן: אָט האָב איך אײַנגעקויפֿט ציבעלעס! אייער זײַנען וואָלוול, וועל איך אויך אײַנקויפֿן, בעמעשעך אַ פּאָר וואָכן וועט עפּעס כאַפּן אַפּן שאָק!

—און רעדן נאָר איבער,— פירט זי ווײַטער,— וואָס קאָסט האָלץ און ליכט? א גאָרנישט! עפּשער א רובל א וואָך... בלײַבט אלץ...

— און שאַבעס? און יאָמטעוו? וואָס רעדסטו, קינד?

און דאָס וואָרט „קינד" איז ארויס אזוי ווייך, אזוי גוט-הארציק, אז זי צעשמייכלט זיך.

— נו, בענטש נאָר, בענטש,— מאכט זי,— לייג אָפּ די כעזשבוי-נעס אפּ מאָרגן... שוין צײַט צו שלאָפן.

זי פארשעמט זיך דאָך, לאָזט אראָפּ די ברעמען און גלײַך זי פאר-ענטפערט זיך:

— דו קומסט אזוי שפּעט...— זאָגט זי מיט א האלב געמאכטן געניץ.

ער בייגט זיך צו איר צו איבערן טיש:

— נאַריש קינד,— פליסטערן זײַנע ליפּן,— איך קום דאָך או-מישנע שפּעט, מיר זאָלן קאָנען צוזאמען עסן... פארשטייסט! אזוי פּאסט דאָך נישט... ווייסט דאָך, א מעלאמעד!

— נו, בענטש נאָר, בענטש! — ראָט זי דאָס איריקע מיט פעמ-טער געשלאָסענע אויגן.

ער מאכט די זײַניקע אויך צו, ער וויל ערנסט בענטשן. די אויגן רײַסן זיך אים דאָך אלע ווײַלע אויף... ער דריקט פעסטער אראָפּ די ברעמען, עס בלײַבט דאָך א שפּאלט, דורך וועלכן ער זעט זי, עפּעס וווּנדער-פארביק באלויכטן, אז ער קאָן פון איר דעם בליק נישט אָפּרײַסן.

„זי איז מיד",— קריגט ער ראכמאָנעס.

ער זעט, ווי זי רוקט זיך העכער ארויף אפן בעט, שפּארט אָן דעם קאָפּ אָן דער וואנט. „זי וועט אזוי אײַנשלאָפן", קלערט ער.

„פארוואָס נעמט זי נישט קיין קישן?" ערגערט אים. אויסריידן קאָן ער נישט, מאכט ער: מ... מ...!

זי הערט דאָס נישט, ער יאָגט צו דאָס בענטשנ, ענדיקט, שטעלט זיכ אופ אונ בלייַבט שטיינ, נישט וויסנדיק וואָס צו טאָנ!

ער רופט: — טרייַנע! — נאָר אזוי שטיל, אז עס קענ זי נישט וועקנ. ער רוקט זיכ צו צו איר בעט אונ בייגט זיכ איבער איר. איר פּאָנעמ שמייכלט אזוי זיס... עס מוז זיכ איר עפּעס גוטס כאָלעמענ... אונ ווי שיינ זי שמייכלט... אנ אווייירע זי וועקנ! דאָכ וועט איר דאָס קעפּל וויי טאָנ... איַי, האָט זי האָר געהאט — ער האָט זיי אפּ די טנאָימ געזענ — שווארצע, לאנגע... הייַנט גאָל... דער ציפּיק איז א גע-שטיקטער, א דינער מיט לעכעלעכ... אפילע א כיינעוודיקער... ער שמייכלט אויכ מיט!

מע מוז זי דאָכ וועקנ! ער בייגט זיכ צו נאָכ נעענטער, דערפילט איר אָטעמ. ציט אימ גיריק אינ זיכ אריַינ... זי ציט אימ צו ווי א מאגנעט... אונ, נישט ווילנדיק, רירט ער אָנ אירע ליפּנ מיט די ציַיניקע.

— איכ שלאָפ גאָר נישט, — מאכט זי ראפּטומ אונ עפנט א פּאָר שעלמיש-לאכנדיקע אויגנ. זי ווארפט אימ אירע הענט ארומ אקסל אונ ציט אימ צו צו זיכ.

— נישקאָשע, — רוימט זי אימ אינ אויער אריַינ אזוי זיס, אזוי גוט, — נישקאָשע... גאָט דער גוטער וועט העלפנ... דאָס האָט ער דאָכ אונדז צוזאמענגעבראכט... ער וועט נישט פארלאָזנ! עס וועט זיַינ — אי האָלצ... אי ליכט... עס וועט זיַינ פּארנאָסע... עס וועט גוט זיַינ... גאָר גוט זיַינ... ס'וואָר, יאָסעלע? ס'וואָר!

ער ענטפערט נישט, ער ציטערט אינגאנצנ.

זי שטופּט אימ א ביסל אָפּ פונ זיכ.

— קוק אפ מיר, יאָסל, — פאלט איר איַינ צו פארלאנגענ.

יאָסל וויל פאָלגנ, אונ קאָנ נישט.



— באטלען,—מאכט זי צו אים ווייך,—נאָך נישט צוגעוווינט, הא?
ער וויל באהאלטן זײַן קאָפּ אף איר ברוסט, זי לאָזט נישט.
— וואָס שעמסטו דיך, באטלען! קושן מעגסטו, און קוקן נישט?
ער וויל בעסער קושן; זי לאָזט נישט.
— קוק אף מיר, איך בעט דיך!
יאָסל עפנט די אויגן מיט קויעך; זיי פאלן דאָך באלד צוריק צו.
— איך בעט דיך,— מאכט זי נאָך ווייכער, נאָך זיידענער.
ער קוקט. אצינד לאָזט זי אראָפּ די ברעמען.
— זאָג נאָר,— מאכט זי,— זאָג מיר דעם עמעס, איך בעט דיך...
איך בין עפּעס א שיינע ווייבל?

— יאָ! — רוימט ער איר איין, און זי דערפילט נאָך הייסער זיין אָטעם.

— ווער האָט דיר געזאָגט?!

— איך זע דאָך! א מאַלקע ביסטו, א מאַלקע!

— און זאָג נאָר, יאָסל, — פרעגט זי ווייטער, — דו וועסט שוין שטענדיק אזוי... שטענדיק אזוי זיין?

— וויאזוי מיינסטו, טרייַנע?

— איך מיין — ציטערט איר שטימע — קעגן מיר אזוי גוט...

— ווי דען?

— אזוי הארציק?

— ווי דען?

— שטענדיק?

— שטענדיק! — איז ער מאַפּטיעב.

— וועסט מיט מיר עסן שטענדיק צוזאַמען?

— זיכער... בעלי-נעדער, — ענטפערט ער!

— און... וועסט אַפ מיר קיינמאָל נישט שרייען?..

— ק יי נ מ אָ ל... בעלי מאסקאָנע!

— קיינמאָל נישט אָנטאָן קיין צאָרעס?..

— צאָרעס? איך? דיר?.. ווי הייסט? פאר וואָס?

— איך ווייס? פריידע זאָגט —

— ווא — די מאכשייפע!

ער רוקט זיך ווייטער צו. זי שטויסט אים אָפּ צוריק.

— יאָסעלע?

— וואָס?

— זאָג, ווי הייס איך?

— טרייַנע...

— פע — פארציט זי די קליינע ליפּעלעך —

— טרײַנעשי — פארבעסערט זיך יאָסל.
עס געפעלט איר אַלץ נישט.
— טרײַניניו...
— ניין!
— נו — טרײַנע-לעבן, טרײַנע-קרוין, טרײַנע-הארץ... שוין גוט אזוי?
— יאָ! — ענטפערט זי ־ גליקלעך,— נאָר...
— וואָס נאָר, לעבן מײַנס, נאָכעס מײַנס?
— נאָר, הער, יאָסל... און...— שטאמלט זי.
— און וואָס?
— און אז עס וועט, כאסוועשאָלעם, פעלן אמאָל פּארנאָסע... אז איך וועל ווייניק פארדינען... וועסטו עפּשער... עפּשער שרײַען...
טרערן קומען איר אין די אויגן ארײַן.
— כאסוועשאָלעם! כאסוועשאָלעם!
ער רײַסט אוים דעם קאָפּ פון אירע הענט, און פאלט צו צו די נאָך אָפענע ליפּן.
— א רעכטע שיינע, ריינע קאפּאָרע, צו זייער קאָפּ, צו זייערע הענט און פיס,— הערט זיך א קאָל פון הינטער די ווענטלעך,— קוש-וואָך גאָר בא זיי! קייך אויג לאָזט מען נישט צומאכן...
דאָס איז פריידלס הייזעריק-שפּיציק-גיפטיק קאָל.

*1893*



# דער כעלמער מעלאמעד



מאָל איז די וועלט אזוי פארפלייצט געוואָרנ מיט טײַ-
וועס", — דערציילט שאכנע פאר א גאנצ רעדל איינ בעס-
מעדרעש, — אז מע האָט מוירע געקריגנ, דער ריבוינע-
שעלוילעמ זאָל נישט, קאוואיאָכל, פארגעסנ פאר גרויס
גרימצאָרנ די שוועע און ניט עפענענ די טויערנ פונ הימל און ברענגענ א
מאבל נאָר אָנ נויעכנ און אָנ דער טייווע. עס איז, ראכמאָנעליצלאנ,
געווענ באו מימ עד נפש—ווי זאָגט ער, ביז אהער; עס איז אזוי וויַיט
געקומענ, ביז די לאמעדוואָוו צאדיקימ האָבנ מוירע געקריגנ פאר זיכ
אליינ און זײַנענ זיכ צוזאמענגעקומענ אפ אנ אסיפע קיינ בראטקעוו.
זיי זײַנענ געזעסנ און האָבנ געקלערט זיבנ טעג און זיבנ נעכט; עס
איז שוינ בא זיי געווענ א סוואָרע, מע זאָל מאכנ כלו חייב, זאָל מאָ-
שיעכ קומענ, וועט נעמענ אנ עק. ס'איז אָבער אינמיטנ געווענ א פראָס-

טער ייִד, א וואסערטרעגער, ער האָט זיך איינגעשפּאַרט: ניין און ניין. ס'איז אראָפּגעקומען א באסקאָל, דער מאלעך גאַווריִעל האָט זיך באוויזן. מע האָט געזאָגט, אז מע וויל אזוי אפן הימל, אין די אוילעמעס-האָעליוינים; אונדזער וואסערטרעגער קוקט ניט אף די אלע זאכן, ער וויל נישט קיין אווייִרע טאָן! מע האָט זיך אזוי לאנג געאמפּערט, ביז עס איז געבליבן, מע זאָל צורעכט מאכן דעם יעיִצערהאָרע.

אלע לאמעדוואָוו צאדיקים זיינען געווען פּראָסטע אָרעמע ייִדן. אכוץ וואסערטרעגער, זיינען נאָך געווען שוסטער, האָלצהעקער, שטיינערקלאפּער אוקעדוימע. נאָר איינער פון זיי האָט פּונקט פאר א קורצער צייט אָפּגענומען א גרויסע יערושע פון א מומע, וואָס איז געשטאָרבן אין אלעקסאנדריִא של מיצרים, און ער האָט נאָך קיין צייט נישט געהאט ניכשל צו ווערן אינעם גאָלדענעם אייגל. אָט פאר זיין געלט האָט מען אראָפּגעבראכט, און טאקע פון מיצראַיִם, א סאָרים.

מע האָט אראָפּגעבראכט א סאָרים, מע האָט אים פארשטעלט פאר א גוטן-ייִדן, מיט באָרד און פּייעס, מיט א קאפּטן מיט סטראָקעס, שיך און זאָקן, מיט אן אָפענעם הארץ און מע האָט זיך אָנגעהויבן רייצן מיטן יעיִצערהאָרע: אָט דאָ, בא דעם צאדיק, וועט דיין געווירע!

דער יעיִצערהאָרע איז געקומען; וואָס זאָל ער וויסן? ער זעט א ייִד מיט באָרד און פּייעס און צעלאכט זיך אף א קאָל: כא, כא, כא! א גרויסע זאך ארויסצוברענגען צו אן אווייִרע.

אים איז גאָרנישט איינגעפאלן, אז דאָס איז א סאָרים... ער זעצט זיך לעבן אים אנידער. הייבט זיך אָן מיט אים צו ווערטלען, ריידן א ביסל כאנופע, כאָכמעלעך, אזעסקייט, ניוולפּע; דער סאָרים אָבער פארשטייט נישט קיין וואָרט און גיט אפילע נישט קיין שמייכל. דער יעיִצערהאָרע איז אזש הייזעריק געוואָרן; דאָס ערשטע מאָל טרעפט זיך

אים אזויפיל ארבעט באַ א גוטן-ייִדן! ער גיט א פֿײַפֿ: ראַבמאַנעליץ-לאַן! עס באַווײַזן זיך אַלערליי נאָשים: גאַבעטעס, פּראָסטע ווײַבער, יונגע ווײַבלעך און אַזוי נעקייוועס. זיי קומען אָן פֿאַרלעכווײַז, ווי די אויפֿעס-טמיי;מ אין נויעכם טייווע אַרײַן! אָנגעטאָן אָפּ פֿאַרשיידענע אויפֿאַנים: מיט קרינאָלינעס, אָן קרינאָלינעס, פֿאַרהאַנגענע, פֿאַרשטעל-טע, האַלב-נאַקעטע, און מיט פֿאַרשיידענע מידעס: לאַבנדיקע, וויינענ-דיקע, שעלטנדיקע, שרײַענדיקע — אָבער עס העלפֿט ווי אַן ארבעס אָן דער וואַנט! א טײַכ מיט שוויים האָט שוין דעם יעיצערהאָרע באַ-גאָסן, ער איז אזוי מיד געוואָרן, גלײַך ער וואָלט א גאַנצע וואָך האָלץ געהאַקט, און דער סאָרים רירט זיך אַלץ נים! דער יעיצערהאָרע גיט נאָך א פֿײַפֿ און ברענגט ארופֿ ר אָ כ אָ וו-ה א ז ו י נ ע — עס גייט ניט, כאָטש צערײַס זיך! „איך וועל נאָך מאַכן די לעצטע פּראָבע — זאָגט דער יעיצערהאָרע — מאַסאַזש! איך וועל נאָך פּרוּוון אים א ביסל אײַנרײַבן!" ער כאַפּט דעם סאָרים און קנייטשט אים, בייגט אים, רײַבט אים און גליט אים. וועך, וואָס? דער יעיצערהאָרע האָט אזוי לאַנג אומזיסט געארבעט איבערן סאָרים, ביז ער האָט אָנגעהויבן סאָ-פּען ווי א גאַנדז; עס האָבן אים געבראָכן הענט און פֿיס און האָט פּלוצעם אָנגעהויבן צו כאַלעשן.

די לאַמעדוואָוו צאַדיקים האָבן נאָך דערופֿ ארויסגעקוקט. זיי האָבן גענומען דעם יעיצערהאָרע, געבונדן מיט דרײַסיק בינטלעך קאָפּלשמוי-נע-ציצעס, געקוילעט מיט א מויעל-מעסער, ארײַנגעוואָרפֿט אין א הייסן באַק-אויוון און פֿאַרברענט אָפּ קויל. נאָכדעם האָבן זיי גענומען דאָס אַש, און אַז עס איז געוואָרן א שטאַרקער שטורעמווינט, האָבן זיי עס פֿאַרשפּרייט און צעזייט אָפּ די פֿיר ווינקלען פֿון דער וועלט.

אין הימל איז געוואָרן א גרויסע סימכע, אָפּ דער ערד א גוט יאָר; א לעבן ווי אונטער דער זון: די אומעס-האָוילעם האָבן אויפֿגעהערט צו

האלטנ מילכאָמע, מאנ אונ ווײַב האָבנ זיכ ניט געקריגט אונ די קאָ-
טשערעס מיט די לאָפּעטעס האָט מענ נאָר באנוצט צו כאלע באקנ, אלע
מעלאָכימ האָבנ אהיימ געלאָזט דאָס כאזל, די ביקסנ האָט מענ אוועק-
געשענקט קליינע קינדער אפ לאגבוימער, אונ די הארמאטנ האָט
מענ גענומענ איכ די דערפער ארײַנ אונ געשטעלט פאר סטראשאקעס
אפ די פעלדער (דעמלט האָט מענ געמעגט טײַטנ מיט די פינגער
אפ יעדער הארמאט, לאכנ אונ בויזעק מאכנ, וויפל עס וועט
ארײַנ) עס איז געווענ אפ דער וועלט שאָלעמ-ועשאלווע, לעבעדיק,
פריילעכ.

עס וואָלט אלצ גוט געווענ, נאָר די כופּע-שטאנגענ, אזוי ווי זיי
זײַנענ געשטאנענ איכ שול אינ א ווינקעלע, אזוי האָט זיי קיינער נישט
גערירט. אלע מאנצבילנ זײַנענ געוואָרנ פּרושימ, אלע ווײַבער
געבעטעס אונ צנועס — א גאנצ יאָר יעמיי האגבאָלע! ראבאָ-
נימ, שאמאָסימ, כאזאָנימ, שאדכאָנימ אונ קלעזמער זײַנענ ארומ-
געגאנגענ פּוסט-אונ-פּאס: אויס כאסענע-הויצאָעס, אויס כאסענע-
קליידער, אויס נאָדנ, אויס כופּעס — אקלאל, נאָר מע זיצט אונ מע
לערנט!

די וועלט האָט זיכ פארזאָרגט: סטײַטש? שטארבנ שטארבט מענ
אונ קיינער ווערט נישט געבוירנ! עס איז אזוינס נאָכ נישט געהערט
געוואָרנ! — אונ גאָט ווייסט, וואָס עס וואָלט געווענ, ווענ נישט דער
כ ע ל מ ע ר מ ע ל א מ ע ד!

אָט הערט אויס א מײַסע:

נאָכ פאר די לאמעדוואָוו צאדיקימס אסיפע האָט א כ ע ל מ ע ר
מ ע ל א מ ע ד דערפילט, אז דער יעיצערהאָרע דלובעט אימ שטארק
דעמ מויעכ... ער האָט אימ געשלעפּט אינ בעסמעדרעש ארײַנ — אָכ
איז מיר! — ער גייט מיט; ער איז מיט אימ געפאָרנ צו א גוטנ-ייִדנ —

מאכטייסע, ער פאָרט גאנצ גערנ; ער גייט מיט אימ אינ מיקווע ארײַנ — דער יִמאכשמוּיניק האלט צו די כאָז, נאָר גיינ גייט ער, דער מעלאמעד האָט געזענ, אז עס איז שלעכט, ער קענ פארלירנ דאָס מע-לאמדעס, האָט ער זיכ מעיאשעוו געווענ אונ איז אנטלאָפנ העט, העט אינ וואלד ארײַנ...

זיבנ יאָר איז ער געווענ אינ וואלד, געשלאָפנ אפ דער גאָלער ערד, געגעסנ פוילע וואָרצל אונ געזאָגט טילימ מיט זויהאר; ער איז אזוי אויסגעדארט געוואָרנ, אז מע האָט אימ געקענט דורכציִענ דורכ אנ אויערל פונ א נאָדל, אונ אזוי דורכזיכטיק, אז מע האָט אימ גאָר-ניט געזענ. ער איז פראָסט געוואָרנ א רויע וועיינוי נירע, איר פאר-שטייט?

אז ער איז געקומענ צו דער מאדרייגע, האָט ער זיכ אופגעהויבנ צוריק צו גיינ אינ יִשעוו ארײַנ; אימ האָט זיכ געדאכט, אז אצינד איז ער שוינ אפ אייביק באפרײַט פונעמ יעיצערהאָרע, אז ער מעג שוינ פאָרנ אהיימ.

נאָר קוימ איז ער ארויס פונעמ וואלד — כאפט זיכ אופ פלוצעמ א שטורעמווינט אונ קערט איבער וועלטנ! דאָס איז געווענ פונקט דעמלט, ווענ די לאמעדוואָוו צאדיקימ האָבנ צעשפרייט דעמ יעיצער-האָרעס אש אפ אלע פיר עקנ פונ דער וועלט. אונ עס האָט אימ, נישט פאר אײַכ געדאכט, ארײַנגעפרושעט א שטויב אש אינעמ לינקנ אויג. א שיינע מײַסע! דאָס לינקע אויג האָט אָנגעהויבנ צו זענ אזוינע זאכנ, וואָס, ראכמאָנעליצלאָנ, מע זעט עס נישט אפ דער גאנצער וועלט. פונעמ לינקנ אויג האָט זיכ באלד אָנגעשטעקט דאָס רעכטע אויג, באלד איז עס אימ געקראָכנ אינ מויעכ, נאָכדעמ אינ הארצנ ארײַנ; איכ וועל אײַכ נישט לאנג ברײַענ — דער כעלמער מעלאמעד איז געוואָרנ פול מיט יעיצערהאָרע, אונ אז ער איז געקומענ צוריק אינ

יִשעוו אַרײַנ, האָט ער, וואָס טויג אײַכ מײַסעס, צוריק אָנגעשטעקט די גאַנצע וועלט.

מײַנ זיידע, אָלעוואַשאָלעמ, וואָס האָט מיר דערציילט די מײַסע, פלעגט אַלצ זאָגנ, אַז ווענ ניט דער כעלמער מעלאַמעד, וואָלטנ מיר שוינ לאַנג נישט געווענ אַפ דער וועלט! אונ ווענ ער, דער זיידע, אָלעוואַשאָלעמ, האָט געזענ אַ כאַסענע, אַ ברים, אָדער אַ פּידיענ-האַבענ, פלעגט ער אַלצ זאָגנ: „דאָס איז דעמ כעלמער מעלאַמעדס מעלאָכע; אינ יעדנ פונ אונדז שטעקט אַ שטיק כעלמער מעלאַמעד!..“

*1889*



# דער מעשולעכ



ר גייט, אונ זער ווינט צעיאָגט די פּאָלעס אונ די ווײַסע באָרד.

אלעמאָל כאַפּט ער זיכ אָנ מיט דער רעכטער האַנט אינ דער לינקער זײַט! עס גיט אימ אלעמאָל דאָרט א שטאָכ. ער וויל זיכ דאָכ נישט מוידע זײַנ; ער וויל זיכ דאפּקע אײַנריידנ, אז ער טאַפּט נאָר בא דער בוזעמ-טאַש.

— איכ זאָל נאָר דעמ קאָנטראקט מיט דעמ געלט נישט פאַר-לירנ! — אָט פאַר דעמ מיקלוימערשט ציטערט ער.

— אונ אפילע עס שטעכט, איז אויכ א נארישקײַט! איכ האָב נאָכ, געלויבט איז גאָט, גענוג קויעכ אפּ אזא שליכעס. אנדערע אינ מײַנע יאָרנ וועלנ שוינ קיינ וויאָרסט נישט אָפּגיינ, נאָר איכ, געלויבט איז זײַנ ליבער נאָמענ, דאַרפ נאָכ נישט צו קיינ מענטשנ אונ פאַר-

דינ מיר אליינ מײַנ ברויט... געלויבט איז גאָט, מ'ע געטרויט מיר געלט!

— ווענ איכ האָב מײַנ אייגנס, — טראַכט ער ווײַטער, — וואָס מע געטרויט מיר, וואָלט איכ אינ שליכעס צו זיבעציק יאָר נישט געגאַנגענ; וויל אָבער דער ריבוינע־שעלוילעם אַזוי, איז אַזוי גוט!

עס הייבנ אָנ צו פאַלנ גראָבע פלאַכעס שניי; ער ווישט זיכ אַלע מאָל דאָס פּאָנעם.

— איכ האָב נאָכ — טראַכט ער — אינגאַנצנ א האַלבע מײַל, אָווא! אויכ מיר א גאַנג! א סאַכ נעענטער, ווי ווײַטער! — ער דרייט זיכ איבער — מע זעט שוינ אפילע נישט דעם שטאָטישנ זייגער, נישט דעם קלויסטער, נישט די קאַזאַרמע. „נו, שמאַריע, פאָר!“

אונ שמאַריע פאָרט אינ דעם נאַסנ שניי; די אַלטע פיס קאָפּענ זיכ אַרײַנ אונ אַרויס. — „געלויבט איז גאָט, עס איז קיינ גרויסער ווינט נישט!“

גרויס האָט, אַפּאָנעמ, בא אימ געהייסנ א שטורעמווינט; דער ווינט איז געווענ גענוג שטאַרק אונ געיאָגט גלײַכ אינ פּאָנעם אַרײַנ, אַז עס האָט אימ אַלע מאָל אָטעמ פאַרפעלט; ער האָט אימ אַרויסגענאַרט אַלע טרערנ פונ די אַלטע אויגנ, וואָס האָבנ אימ געשטאָכנ, ווי שפּילקעס, נאָר אַפ די אויגנ לײַדט ער טאָמער.

פאַרנ ערשטנ געלט, פאַלט אימ אײַנ, קויפט ער זיכ וועגסברילנ, — אַזוינע גרויסע, קײַלעכדיקע; זיי זאָלנ די גאַנצע אויגנ פאַרשטעלנ.

— גאָט זאָל וועלנ, — טראַכט ער, — וואָלט איכ צו דעם אויכ געקומענ! עס זאָל נאָר זײַנ אַלע טאָג א שליכעס. אונ ווײַט, גאָר ווײַט! גייג, באָרעכאַשעמ, קענ איכ, וואָלט איכ מיר שוינ אָפּגעשפּאָרט אַפ א פּאָר ברילנ...

ער דאַרף אַפילו א שטיקל פּעלצל אויך. עס וואָלט אים לײַכטער געווען אפ דער ברוסט... ער רעכנט איבער, אז דערוויַיל האָט ער נאָך א ווארעמע קאַפּאָטע!

— זי זאָל זיך נאָר נישט רײַסן, וואָלט זי גאָר וויל געוועזן. — ער שמייכלט מיט פאַרגעניגן. — דאָס — טראַכט ער — איז נישט קיין הײַנטיקע קאַפּאָטע, קיין קני און שפּיַץ, קייַן שפּינוועבס! נאָר פּאַרציַי-טישער לאַסטיק; דאָס וועט מיך איבערלעבן! און אָן א שפּאַלט, דאָס איז אויך א מעַלע; זי צעפּליט זיך נישט אזוי ווי א הײַנטיקע סכוירע, און פון פאַרנט פאַרלייגט זי זיך אפּ אן אייל!..

— א פּעלצל — טראַכט ער וויַיטער — איז אייגנטלעך בעסער. א פּעלצל איז ווארעם, גוט ווארעם. נאָר אלץ פריער ברילן. א פּעלצל איז נאָר גוט ווינטער און ברילן דאַרף מען טאָמער. ווארעם זומער, אז עס מאַכט זיך א ווינט און יאָגט דעם שטויב גלייַך אין די אויגן אריַין, איז ערגער ווי ווינטער!

און עס בלייַבט, אז פריער זיַינען ברילן, דערנאָך ערשט א פּעלצל! דער אייבערשטער זאָל נאָר העלפן, ער זאָל אָפּנעמען דעם ווייץ... א פיר גילדן וועט ער אוואדע כאַפּן...

און ער שלאָפּט ווייַטער, און דער נאסער שנײ פּאַטשט אים אין פּאָנעם אריַין, דער ווינט ווערט אלעמאָל שטאַרקער און די זייַט שטעכט אלעמאָל מער.

— דער ווינט זאָל זיך נאָר וועלן איבערדרייען! נאָר מינאַסטאַם — טראַכט ער — איז אזוי גלייַכער, צוריקוועגס וועל איך מער מיד זיַין, וועל איך אים דעמלט האָבן פון הינטן! אָ, דעמלט וועט עס גאָר אנ-דערש גיין! אלץ פאַרזאָרגט! גרינג אפּן הארץ!

ער האָט זיך געמוזט אָפּשטעלן א רגע און דעם אָטעם כאַפּן. דאָס שרעקט אים א ביסל איבער:

— וואָס איז אזוינס מיט מיר געשענ? ווייניק פרעסט אונ ווינטנ האָב איכ אויסגעהאלטנ אלס קאַנטאָניסט? — פרעגט ער זיכ טרויעריק אונ האלב דערשראָקנ.

אונ ער דערמאָנט זיכ זײַנ סלוזשבע אלס ניקאָלײַעווסקער סאָלדאט. פינפ אונ צוואנציק יאָר ריינע סלוזשבע אונטער דער ביקס, כוצ די קינדערשע יאָרנ אלס קאַנטאָניסט. ער איז זיכ גענוג אָנגעגאנגענ אינ זײַנ לעבנ, געמארשירט איבער בערג אונ טאָל, אינ שניי אונ פרעסט אונ אלערליי זאווערוכעס. אונ וועלכע שנייענ, וועלכע פרעסט! די בייזער פלעגנ פּלאצנ, פייגעלעכ פלעגנ טויט ארויפפאלנ אפ דער ערד — אונ דער רוסישער סאָלדאט איז געגאנגענ פריש, לעבעדיק, אונ נאָכ דערצו א לידעלע געזונגענ, א טרעפּאק, א קאָמארינסקי אונ מיט די פיס צוגעקלאפּט!

דער גערדאנק, אז ער האָט גאנצע פינפ אונ דרײַסיק יאָר אויסגעהאלטנ די פארצײַטיקע סלוזשבע, אויסגעשטאנענ אלע צאָרעס, אלע שנייענ, אלע ווינטנ, אלע שלעק, הונגער, דאָרשט אונ נויט, אונ א געזונטער אהיימ געקומענ! — דער גערדאנק מאכט אימ גרויס! ער הייבט אופ דעמ קאָפּ מיט גאדלעס אונ גייט מיט נײַעמ קויעכ.

— הא, הא, וואָס איז גאָר בא מיר אזא פרעסטל? אינ רוסלאנד, דאכט זיכ, איז געווענ עפּעס אנדערש!

ער גייט, דער ווינט ווערט א ביסל שטילער, עס ווערט אלעמאָל טונקעלער, עס פאלט צו די נאכט.

— אויכ מיר א טאָג, — טראכט ער, — א טאל-אומאָטערל!.. — אונ ער הייבט זיכ אָנ מער צו יאָגנ, עס זאָל אימ נישט די נאכט באפאלנ. נישט אומזיסט גייט ער שאבעס אינ שולכל לערנענ טוירע, ער ווייסט: מע דארפ ארויסגיינ אונ צוריקומענ בעכי טויוו!

ער פילט א ביסל הונגער, אונ א טעווע האָט ער, אז ווענ ער ווערט הונגעריק, ווערט ער לוסטיק! ער ווייסט, אז אפּעטיט איז א גוטע

זאַכ: זײַנע סאָכרימ, וואָס שיקנ אימ אינ שליכעס, ווײַנענ טאָמעד נאָר אָפ דעמ, וואָס זיי זײַנענ קיינמאָל נישט הונגעריק! ער האָט, באָרעכאשעמ, אפעטיט! אויסער, אז ער איז נישט בעקאוו-האבריע, ווי, לעמאָשל, נעכטנ; ער איז קראנק געווענ, האָט זיכ אימ געדאכט, אז דאָס ברויט איז זויער.

— גיי, ווו איז עס זויער געווענ; זעלנעריש ברויט! אמאָל עפשער יאָ. אָבער הײַנט באקט פאָניע אזא ברויט, אז די ייִדישע בעקערס מעגנ זיכ באהאלטנ. אונ געקויפט האָט ער א פריש ברויט! עס איז געווענ א מעכײַע צו שנײַדנ. ער איז אָבער נישט געווענ בעקאוו-האבריע, עפעס האָט אימ א קעלט געיאָגט דורכ די ביינער.

— נאָר געלויבט איז דער, וואָס ער איז נישט ווערט זײַנ נאָמענ צו געדענקענ, עס טרעפט זיכ אימ זעלטנ!

איצינד האָט ער אויכ אפעטיט, ער האָט אפילע אינ קעשענע ברויט מיט א שטיקל קעז... דאָס שטיקל קעז האָט אימ דעמ סויכערס ווײַב געגעבנ, לעבנ זאָל זי אונ געזונט זײַנ! זי איז טאקע א באלצדאָקע, זי האָט א ייִדיש הארצ.

— זי זאָל נאָר נישט אזוי קלאָלענ, — טראכט ער, — וואָלט זי געווענ גאָר א ווילע ייִדענע!.. — ער דערמאָנט זיכ אינ זײַנ געשטאָרבנ ווײַב.

— נאָר מײַנ שפרינצע ניעפריטשקע! זי האָט אויכ געהאט א גוט הארצ, אונ אזא טעווע צו קלאָלענ. וואָס פאר א קינד איכ האָב אוועקגעשיקט אינ דער וועלט ארײַנ, האָט זי געוויינט ווי א ביבער, כאָטש אינ דער היימ האָט זי זיי געשאָלטנ מיט טויטע קלאָלעס! ווער שמועסט, — דערמאָנט ער זיכ, — אז איינס איז געשטאָרבנ! זי האָט זיכ געוואָרפנ גאנצע טעג, ווי א שלאנג אפ דער ערד, געהאקט זיכ מיט די פויסטנ אינ קאָפ ארײַנ.

איינמאָל האָט זי גאָר געוואָלט ווארפנ א שטיינ אינ הימל ארײַנ!

— אָט, זעסטו, — טראכט ער, — גאָט מאכט זיך א סאך פונ א נארישער ייִדענע!.. זי לאָזט אָבער נישט ארויסנעמענ די מיטע מיטנ מעס, זי פּאטשט אויס די ווײַבער, דער כעוורע-נויסימ רײַסט זי אויס די בערד!

— א שייכע גוורע האָט געשטעקט אינ דער שפּרינצענ! עס האָט זיך געדאכט א פליג, אונ אזא קויעך, אזא קויעך!..

— פאָרט, זי זאָל עס מיר מויכל זײַנ, א גוטע געווענ! זי האָט אפילע מ י כ אויך נישט פײַנט געהאט. כאָטש זי האָט מיר קיינמאָל קיינ גוט וואָרט נישט געגעבנ!

געשריגנ האָט זי: א געט, א געט! אז נישט, וועט זי אזוי אנט-לויפנ! נאָר ווו האָט זי געוואָלט א געט!

ער דערמאָנט זיך עפּעס אונ שמייכלט...

די מײַסע איז שוינ לאנג, לאנג... דענסטמאָל איז נאָך געווענ די קאָנסומציע, אונ ער איז געווענ א נאכט-וועכטער, אונ ארומגעגאנגענ גאנצע נעכט מיטנ אײַזערנעמ שטעקעלע, מע זאָל נישט ארײַנגאנווענענ בראָנפנ!

סלוזשבע האָט ער געקאָנט, בא פּאָניענ איז א גוט כיידער, ער האָט גוטע מעלאמדימ געהאט!.. פארטאָג, ווינטער איז עס געווענ, עס קומט אימ אָפּבײַטנ דער טאָג-וועכטער, כאימ-יוינע — איז שוינ אפנ אוילעמ-עמעס, — אונ ער גייט אהיימ געפרוירנ, פארשטארט! ער קלאפּט אינ דער טיר, אונ זי שרײַט אימ ארויס פונ בעט:

„גיי אינ דער ערד ארײַנ! איך האָב געמיינט דײַנ נאָמענ וועט אהיימ קומענ".

אָהאָ! זי איז בייז נאָך פונ נעכטנ באטאָג! ער קענ זיך אפילע נישט דערמאָנענ, וואָס נעכטנ איז אזוינס געווענ, נאָר ז ײַ נ האָט דאָך עפּעס געמוזט.

„פארמאך דאָס מויל און עפן!" — שרייט ער.

„דעם קאָפּ וועל איך דיר עפענען!" — הערט זיך א קלאָרע טשוווע.

„לאָז מיך אריין!" — שרייט ער.

„אין דר'ערד אריין גיי!" — ענטפערט זי.

און ער האָט זיך מעיאשעוו געווען און איז געגאנגען אין בעס־מעדרעש אריין. ער האָט זיך געלייגט שלאָפן הינטערן אויוון. צום שלימאזל איז געווען א סוואָנד, ער איז פארגאָרעט געוואָרן, און מע האָט אים אהיים געטראָגן א טויטן...

א קלייניקייט האָט דעמאָלט שפרינצע איבערגעארבעט! ער האָט שפּעטער גאנץ גוט געהערט, וואָס זי האָט איבערגעארבעט.

מע זאָגט איר: עס איז גאָרנישט, א סוואָנד.

ניין! זי וויל נאָר א דאָקטער; זי האָט בעדייע צו כאלעשן, צו וואַרפן זיך אין וואסער אריין, און שרייט נאָר: מיין מאן! מיין מאן, מיין טאכשיט!

ער נעמט צוזאמען אלע קויכעס, זעצט זיך אוף און פרעגט זי געלאסן:

„שפּרינצע, ווילסט א געט?"

„נעם איין..." — זי האָט דאָך נישט געענדיקט די קלאָלע און ארויסגעלאָזט א געוויין...

„שמאריע, ווי מיינסטו, גאָט וועט מיך נישט שטראָפן פאר מיינע קלאָלעס. פאר מיין רישעס?.."

קוים איז ער אָבער געזונט געוואָרן — צוריק די אייגענע שפּרינצע: א מויל אף רעדער, א צונג אף שרויפן, און איין-שטארק, זי קראצט ווי א קאץ. הא, הא! א שאָד שפּרינצע! זי האָט אפילע קיין נאכעס פון די קינדער נישט דערלעבט.

עס מוז זיי גוט גיין אף דער וועלט; אלע באלמעלאָכעס. די מע־לאָכע לאָזט נישט שטארבן פאר הונגער! קויעך האָבן זיי, אין מיר גע־



ראָטנ; אײַ װאָס, זײ שרײַבנ נישט, װאָס איז? אלײנ קאָנענ זײ נישט, אונ גײ בעט ערשט אנ אנדערנ, יענער זאָל שרײַבנ! אונ װאָס פאר א טאמ האָט אזא בריװ? װי איבערגעשװענקטע יויכ! אונ גלאַט מיט דער צײַט... יונגע קינדער פארגעסנ... עס מוז זײ דאָכ גאָר גוט זײַנ...

נאָר שפּרינצע נעבעכ ליגט אינ דער ערד! א שאָד שפּרינצע!

— אזוי װי קאָנסומציע האָט אופגעהערט, איז זי געװאָרנ אויס מענטש! טאקע, אײדער איכ האָב מיכ געװוינט צומ שליכעס, צו זאָגנ דעמ פּאָרעצ: יאשניע פּאניע, נישט װאשע װיסאָקאָבלאגאָראָדיע, אײ-דער מע האָט מיר געטרויט קאָנטראקטנ מיט געלט — האָט געפעלט דאָס שטיקל ברויט...

מיילע איך, זעסטו, א מאַנספּאַרשוין, א געוועזענער קאָנטאַניסט, עסט מען נישט א טאָג! איר אָבער איז עס געגאַנגען, מישטייכסגע־זאָגט, אינעם גאַנצן לעבן! א נאַרישע ייִדענע, זי פאַרלירט באַלד די קויכעס, זי האָט שוין אפילע נישט געקאָנט שעלטן, דער גאַנצער שייגעץ איז איר פון קאָפּ ארויס, און נאָר געוויינט...

עס איז מיר נימעס־אומאָעס געוואָרן פאַרן לעבן... עפּעס האָט זי גאָר מוירע געקריגן פאַר מיר! זי האָט גאָר מוירע געהאַט צו עסן, מיר זאָל נישט פעלן. אז איך זע, אז זי האָט מוירע, בין איך בא קו־ראַזש, איך שריי, איך שעלט! לעמאָשל: פאַרוואָס גייסטו נישט פרעסן?! איך פאַל אמאָל איין א רעציכע אריין און וויל זי פּאָשעט שלאָגן, נאָר גיי שלאָג א וויינענדיקע ייִדענע, אז זי זיצט פאַרלייגט די הענט און רירט זיך נישט! איך לויף צו מיט א קולאַק, שפּיי איך אים נאָך אָן, און זי ענטפערט מיר: „עס פריִער דו אָפּ, איך וועל נאָכ־דעם עסן!" און איך האָב געמוזט פריִער אָפּבייסן פונעם ברויט, און איר איבערלאָזן די רעשט...

אמאָל נאַרט זי מיך ארויס אין גאַס אריין: איך וועל שוין עסן, גיי נאָר אין גאַס אריין; גיי, עפשער וועסטו עפּעס פאַרדינען, און מיקלוימערשט שמייכלט זי דערביי, און גלעט מיך אמאָל!

און אז איך גיי און קום צוריק, טרעף איך קימאַט דאָס אייגענע ברויט! זי רעדט מיר איין, אז זי קאָן נישט עסן קיין טרוקנס, זי דאַרף גאָר א גריץ!

ער בייגט אראָפּ דעם קאָפּ, גלייך עס וואָלט אים געדריקט א שווע־רע לאַסט, און די טרויעריקע געדאַנקען יאָגן:

— און וואָס פאַר א יעלאָלעם זי האָט געמאַכט, אז איך האָב גע־וואָלט מיין שאַבעסדיקע קאַפּאָטע, אָט די, וואָס איך טראָג, — פאַר־זעצן! מייסים האָט זי געאַרבעט און געלאָפן און פאַרזעצט אירע מע־שענע בענטשלייכטער, און ביז אין טויט אריין שוין געבענטשט אין

קאַרטאָפל!.. פאַרן טויט האָט זי מיר מוידע געווען, אַז זי האָט קיינמאָל נישט געוואָלט קיין געט, אַז זי האָט נאָר אַ בייז מויל געהאַט.

„די צונג, די צונג, — האָט זי געשריִען. — ריבוינעשעלוילעם, זײַ מיר מויכל די צונג!“ — און איז טאַקע געשטאָרבן אין איין פּאַכעד, מע זאָל זי אַפּ יענער־וועלט נישט הענגען אַפּ דער צונג!

„גאָט, — מאַכט זי צו מיר, — וועט קיין ראַכמאָנעס אַפּ מיר נישט האָבן; איך האָב צופיל געזינדיקט! נאָר אַז דו וועסט קומען, נישט באַלד, כאַסוועשאָלעם! איבער הונדערט און צוואַנציק יאָר, אַז דו וועסט קומען, געדענק, כאַפּ מיך אַראָפּ פון טליִע! זאָג דעם בעסדן־שעל־מײַלע, אַז דו האָסט מיר מויכל געווען!“

זי האָט באַלד פאַרלוירן די געדאַנקען, אַלץ גערופן די קינדער! עס האָט זיך איר געדאַכט, אַז זיי זײַנען דאָ אין שטוב, אַז זי רעדט מיט זיי, און האָט זיי אויך געבעטן מעכילע.

אַ נאַרישע יידענע, ווער וואָלט איר נישט מויכל געווען.

ווי אַלט איז זי געווען אין גאַנצן? עפּשער אַ יאָר פופציק! אַזוי פרי געשטאָרבן! אַ קלייניקײַט, אַז אַ מענטש נעמט זיך אַליין צו דאָס לעבן, אַז וואָס מע טראָגט אַרויס פון שטוב צו פאַרזעצן, טראָגט מען אַרויס האַלב געזונט, שטיקער פלייש!..

טאָג אַפּ טאָג איז זי גרינער און געלער, קלענער און דאַרער געוואָרן.

זי האָט געזאָגט, אַז זי פילט, ווי דער מאַרך טריקנט איר אין די ביינער... זי האָט געוווסט, אַז זי וועט שטאַרבן...

ווי האָט זי ליב געהאַט די שטוב מיט אַלע זאַכן! וואָס מע האָט אַרויסגעגעבן, אַ בענקל, אַ בלעכענע העסע, איך ווייס וואָס, האָט זי עס באַגאָסן מיט ביטערע טרערן! זי האָט זיך מיט יעדער זאַך גע-

זעגנט, ווי א מאמע מיט א קינד!.. מישטיינסגעזאָגט, ארומגעכאפּט און קימאט געקושט... „אָהאָ! — מאכט זי, — ווען איך וועל שטארבן, וועסטו שוין נישט זיין אין שטוב!“.

א מייסע, א נעקייווע איז פאַרט א נאר! א רעגע איז זי א קאָזאַק אין ספּאָדניצע, און א ליאדע וואָס — ערגער ווי א קינד! זעסטו שוין, באם שטארבן איז אוואדע א כילעק, צי מיט א בענקל, צי אָן א בענקל...

— פע! — האקט ער זיך אליין איבער די געדאנקען. — וואָס מיר קומט אלץ אין קאָפּ אריין, דורך די פּוסטע זאכן גיי איך וואָלנע.

— נו, זעלנערישע פיס, טראָגט ווייטער! — קאָמאנדירט ער מיט זיך.

ער קוקט זיך אום — ארום און ארום שניי; אויבן — א גרויער הימל מיט שווארצע שמאטעס געלאטעט.

— גאָר מיין אונטערשטע קאפּאָטע! — טראכט ער. — שיינעט מיט לאסטיקענע לאטעס! ריבוינעשעלוילעם, דיר פעלט אויך קרעדיט אין געוועלב?

דערווייל נעמט א פראָסט. די באָרד און די וואָנצעס זיינען אייז, אין גוף איז אפילע נישקאָשע, דער קאָפּ איז גאָר ווארעם, אפּן שטערן פילט ער טראָפּן שוויים; נאָר די פיס ווערן וואָס אמאָל קעלטער און שוואכער.

שוין נישט ווייט, ער האָט דאָך כיישעק זיך אָפּצורוען און ער שעמט זיך פאר זיך אליין. דאָס ערשטע מאָל דארף ער זיך אָפּרוען בא א שליכעס פון צוויי מייל וועג. ער וויל זיך נישט מוידע זיין, אז ער איז אן אכציקער און עס איז שוין צייט דערופ.

ניין, ער מוז גיין... נאָר גיין... קאָלזמאן מע גייט, גייט מען. עס טראָגט זיך; קוים גיט מען נאָך דעם יעיצערהאָרע און מע רוט זיך אָפּ, ווערט מען שוין א לייט!

מע קאָן זיך גלאַט פאַרקילן, שרעקט ער זיך אליין איבער, — און וויל זיך אלץ אויסריידן דעם שטאַרקן ביישעק צום אָפּרוען.

— נישט ווײַט שוין צום דאָרף, דאָרט וועל איך אויך צײַט האָבן!

— דאָס — טראַכט ער — וועל איך יאָ טאָן: איך וועל נישט גיין גלײַך צום פּאָרעצ... באַם פּאָרעצ מוז מען וואַרטן אַ שאָ אין דרויסן... נאָר גלײַך צום ייִד.

— כאָטש גוט, — טראַכט ער, — וואָס איך האָב נישט קיין מוירע פאַר דעם פּאָרעצס הונט; פונדעסטוועגן, באַנאַכט, אַז מע לאָזט אָפּ דעם בורן, איז פאָרט אַ סאַקאָנע; איך האָב מיט אַפילע מײַנע וועטשערע, און בורי האָט ליב קעז, פאָרט בעסער פריִער אויסרוען די ביינער! איך וועל מיר פריִער אַרײַנגיין צום ייִד, אָנוואַרעמען זיך, וואַשן זיך, עפּעס עסן...

און עס קומט אים וואַסער אין מויל אַרײַן; ער האָט פון אינדערפרי אָן נישט געגעסן; נאָר דאָס איז אַ קלייניקײַט, אים אַרט נישט, וואָס ער איז הונגעריק; ער האָט האַנאָע דערפון: אַז מען איז הונגעריק, איז אַ סימען, אַז מע לעבט! נאָר די פיס!..

ער האָט נאָך אינגאַנצן אַ צוויי וויאָרסט, ער זעט שוין אַרויס דעם פּאָרעצס גרויסע שאָפּע... נאָר די פיס זעען נישט, זיי ווילן זיך דאַפקע אָפּרוען!

— און ווידער פאַרקערט, — טראַכט ער זיך. — וואָס איז, אַז איך וועל מיך אַ ביסל אָפּרוען? אַ מינוט, אַ האַלבע מינוט! עפּשער יאָ? לאָז מיך נאָר פּרוּוון? אַזוי לאַנג פאָלגן מיך די פיס, וועל איך זיי אויך אַמאָל פאָלגן!

און שמאַריע זעצט זיך אין דער זײַט אָפּ אַ בערגל שניי. אַצינד הערט ער ערשט, ווי דאָס האַרץ קלאַפּט אין אים ווי אַ האַמער און עס שטעכט, און דער קאָפּ שוויצט...

ער דערשרעקט זיכ... צי ווערט ער נישט קראנק? ער האָט בא זיכ פרעמד געלט! ער קאָנ בלײַבנ, כאַסוועשאָלעמ, כאלאָשעס... אונ ער טרייסט זיכ: געלויבט איז גאָט, וואָס קיינער גייט נישט! אונ אפילע עמעצ זאָל גיינ, וועט אימ אויכ נישט אײַנפאלנ, אז איכ האָב געלט בא מיר... מישטיינסגעזאָגט, ווען מע געטרויט געלט!.. נאָר א קאָפ זיצנ, דערנאָכ חאלײַ!

נאָר די ברעמענ פאלנ אימ צו ווי בלײַ.

— כיינ, הייב דיכ אופ, שמאריע, ווסטאווײַ! — קאָמאנדירט ער מיט זיכ.

קאָמאנדירנ קאָנ ער נאָכ, אָבער אויספירנ נישט, ער קענ זיכ נישט רירנ. אימ דאכט זיכ דאָכ, אז ער גייט, אז ער גייט אלעמאָל שטארקער! אָט זעט ער שוינ אלע הײַזלעכ... דאָ ווױנט אנטעק, דאָרט באזילי; ער קענ זיי אלע, ער דינגט בא זיי פורנ... צומ ייִד איז נאָכ ווײַט, נאָר גלײַכער צומ ייִד... מ'טרעפט דאָרט אמאָל א מעזומענ... אונ אימ דאכט זיכ, אז ער גייט צומ ייִדנס הײַזל; נאָר עס רוקט זיכ אָפּ אלעמאָל ווײַטער, ווײַטער... מיכאסטאמ דארפ אזוי זײַנ... עס ברענט דאָכ א פריילעכ פײַערל אפנ קוימענ, דאָס גאנצע פענצטערל איז לוסטיק אונ רויט, די גראָבע מירל שוימט אוואדע א גרויסנ טאָפּ קארטאָפל, אונ זי איז אימ שטענדיק מעכאבעד מיט א קארטאָפל; א פארגעניגנ א הייסע קארטאָפל! אונ ער רוקט זיכ ווײַטער. אזוי דאכט זיכ אימ, כאָטש ער זיצט אפ איינ אָרט.

דער פראָסט האָט א ביסל געלאָזט, עס הייבנ אָנ פאלנ ברייטע, דיקע פלאכעס שניי.

אימ איז, אפּאָנעמ, אויכ ווארעמער געוואָרנ אינ דער שניי-קאפּאָטע, אונ עס דאכט זיכ אימ, אז ער איז שוינ באמ ייִד אינ שטוב. מירל זײַערט די קארטאָפל, ער הערט, ווי דאָס וואסער גיסט זיכ: זיור, זיור, אונ אזוי גיסט זיכ פונ זײַנ לאָסטיקענער קאפּאָטע אויכ.

יוינע גייט ארום און זינגט אונטער דער נאָז; זײַן שטייגער איז צו זינגען נאָך מײַרעוו, ווײַל דעמלט איז ער הונגעריק, און מאכט אלע-מאָל: „נו, מירל!“

נאָר מירל יאָגט זיך נישט: „וואָלגער טוט זיך בעסער!“

— צי שלאָף איך און עס כאָלעמט זיך מיר? — ווערט ער ראפּטום פרייליך-דערשראָקן. עס דאכט זיך אים, אז עס עפנט זיך די טיר און עס קומט ארײַן זײַן עלטערער זון... כאָנע! כאָנע! אָ! ער דערקענט אים! וואָס טוט ער דאָ? נאָר כאָנע דערקענט אים נישט, און ער מאכט זיך נישט ווייסנדיק... כא, כא, כא! ער דערציילט יוינען, אז ער פאָרט צום טאטן, ער האָט דעם טאטן נישט פארגעסן! און יוינע מאמזער זאָגט אים נישט, אז דער טאטע זיצט אפן באנק-בעטל!.. מירל האָט צו טאָן: זי איז פארנומען בא די קארטאָפל, זי וועט נישט מאפּסיק זײַן; זי שמייכלט נאָר, זי רײַבט די קארטאָפל מיטן גרויסן הילצער-נעם לעפל און שמייכלט!

— אָ! כאָנע מוז זײַן רײַך, גאָר רײַך! אלץ איז אף אים גאנץ, און א קייט... עפּשער טאָמביק? ניין, אוואדע גאָלד! כאָנע וועט נישט טראָגן קיין טאָמביקענע קייט, כאסוועשאָלעם... כא! כא! כא! — ער גיט א קוק אפן פּיעקאליק... כא! כא! כא! — ער פּלאצט שיר פאר געלעכטער. יעקל, בערל, זכאריע... אלע דרײַ... כא! כא! זיי האָבן זיך באהאלטן אפן פּיעקאליק, דאָס איז גאנאָווים! כא! כא! א שאָד שפּרינגע, א שאָד! זי זאָל כאָטש אויך האָבן דעם נאכעס! דערווײַל באשטעלט כאָנע צוויי גענדז. „כאָנע! כאָנע! דערקענסט מיך נישט? איך בין עס!..“ און אים דאכט זיך, אז ער צעקושט זיך מיט כאָנען...

„הערסטו, כאָנע, א שאָד די מאמע, זי זאָל דיך זען!.. יעקל, בערל, זכאריע, אראָפּ פון פּיעקאליק! איך האָב אײַך באלד דערקענט! קומט אראָפּ, איך האָב געוווּסט, אז איר וועט קומען! א וועהאָרײַע, איך האָב אײַך מיטגעברענגט קעז, עמעצן שאָפּענעם קעז! זעט נאָר, קומט,

קינדער, איר האָט דאָכ עפּעס ליב זעלנעריש ברויט! וואָס? עפּשער נישט? עמעס, א שאָד די מאמע!

אונ עס דאכט זיכ אימ, אז אלע פיר קינדער האָבנ אימ ארומ-גערינגלט אונ האלטנ אימ אונ קושנ אונ דריקנ זיכ צו אימ צו.

„נאָר וואָלנע, קינדערלעכ! וואָלנע, דריקט מיכ נישט צו שטארק! איכ בינ שוינ נישט קיינ יונגערמאנ, איכ בינ אנ אכציקער!.. וואָלנע, איר דושעט מיכ, וואָלנע, קינדערלעכ... אלטע ביינער! וואָלנע, איכ האָב געלט אינ קעשענע! מיר, באָרעכאשעמ, געטרויט מענ געלט!.. גענוג, קינדערלעכ, גענוג!..

אונ עס איז געווענ גענוג... ער איז געבליבנ פארשטארט מיט דער האנט אפ דער בוזעמ-קעשענע.

*1890*



# דער מעשוגענער באטלענ

## 1



ר איז געלאָפנ אופ אונ אָפּ באטאָג איינער אליינ אינ בעסמעדרעש אונ פּלוצלינג זיכ אָפּגעשטעלט.

— ריבוינעשעלוילעמ, ווער בינ איכ?

— ווער בינ איכ?.. מע רופט מיכ: בערל כאנטשעס... נו, בינ איכ דענ בערל כאנטשעס? בינ איכ דער נאָמענ? — די שילד איז כאָב ניט די קלייט! דאָס הויז, וווּ דער ראָוו וווינט, הייסט: „פּאָדקארפּיעמ” אונ איכ — בערל כאנטשעס!

אינ טשאכנאָווקע קענ מענ מיכ! מע ווייסט, ווער בערל כאנטשעס איז; אָבער אינ אמעריקע? ווענ איינער, לעמאָשל, גיט אזוי ראפּטומ א זאָג ארויס אינ אמעריקע, אינ בעסמעדרעש: „בערל כאנטשעס”... נו, וואָלט עמעצ געוווּסט, אז מע מיינט מיכ?

שאַני הכאַ! דאָ איז עפּעס אַנדערש, דאָ גיט יעדער אַ שמייכל, אַ שאָקל מיטן קאָפּ, מאַכט אַזוי אַ טנוע... „אַ באַקאַנטע זאַך, בערל כאַנטשעס!" איינער טראַכט: דער באַטלען, דער צווייטער — דער מעשוגענער, דער דריטער — כ'ווייס וואָס; דער פערטער וועט זיך דערמאָנען, אַז איך הייס נאָכן פעטער בערל. — טויבעלע, עמעס, גיט אַ קרעכץ דערביי, ווייל זי ווייסט, אַז איך בין נעבעך אַ יאָסעם. אָבער אין אַמעריקע, וווּ מע קען ניט כאַנע די זיצערקע, און וווּ מע ווייסט ניט, אַז עס איז געווען אַף דער וועלט אַ בערל כאַקרען, דער מאַמעס אַ ברודער, וווּ מע ווייסט ניט, אַז איך בין, וואָס מע רופט מיך: אַ מעשוגענער, אַ באַטלען, אַ יאָסעם און עפּשער גאָר אַ כאַקרען אויך (איך בין, דאַכט זיך, געראָטן אין פעטער אַריין), וואָס פאַר אַ רוישעם וואָלט דאָרט געמאַכט: בערל כאַנטשעס?!

עפּעס ווייס איך דאָ יאָ, ווער איך בין? איך אַליין זאָג דאָך: אַ מעשוגענער, אַ באַטלען... נו, דאָס בין איך!

— בין איך דען ניט מעשוגע? וועלכער מענטש שטעלט זיך אַנידער קלערן, ווער ער איז! אַ מענטש איז אַ מענטש! איך בין אַ מענטש און הייס: בערל כאַנטשעס... וואָלט איך געווען אַ הויז, וואָלט איך עפּשער געהייסן: פּאָד-קאַרפּיעם, — אַן אַרעסטאַנט, וואָלט איך געהאַט אַ לאַטע אַף די אַקסל און אַ נומער... וואָלט מײַן טאַטע, נישט די מאַמע, געווען דער פאַרזאָרגער, דער „פּאַרנאָסע-געבער", ניט דער באַטלען, וואָלט איך געהייסן „בערל שמערלס". עס וואָלט אַפילע שווער געווען אַרויסצוזאָגן: „בערל שמערלס", נאָר מע וואָלט שוין געמוזט! און עפּשער וואָלט איך דעריבער ווייניקער געווען באַ מענטשן אין די מײַלער — ווען מײַן נאָמען זאָל זיך נישט אַזוי גלאַטיק אַראָפּקאָלערן פון דער צונג.

— אָבער ווי איך וואָלט געהייסן — אַ מענטש בין איך...

א מענטש! נאָר א באַטלען דערצו... מאלע א מענטש בלײַבט א יאָסעם, נו, וווינט ער אין בעסמעדרעש? קראַנק בין איך עפּעס צו טאָן? אין שליכעס גײן, האַלץ האקן, א מעשאָרעס ווערן און גײן אָנ־געטאָן א בעגעד, נישט קרוע־בלוע, עסן ברויט, נישט זײַן ביז דרײַסיק יאָר א יעשיוועבאָכער, עס זאָל מיר פעלן צוויי טעג אין דער וואָך און ארומדרייען זיך אלץ און קלערן: ווער איך בין?!

איך וואָלט כאָטש געוווּסט, ווער מײַן קאַפּאָטע איז; אצינד, אָסער אויב איך ווייס! — א שטיק בענדיט, א שטיק כאזם, א שטיק יווינע, דרײַ פערטל פון מיסט! א מאראָכע, טויבעלע קאָן נייען, אניט וואָלט איך געוועזן אַדעם־נאַקעט.

— איז דען דאָס אליין ניט קיין שיגאָען! אזא מין באַטלאָנעס, אזא מין באַטלאָנעס! גאָרנישט... שמערל, כאזם, יווינע... עס האָט א שיר, וויפל בעסמעדרעשניקעס איך האָב איבערגעלעבט!.. אײנער איז שוין א סויכער, אײנער — א טרעגער, אײנער — א שענקער; א דײַגע, אײנער איז שוין אן אלמען אפילע, שמערל האָט שוין דאָס דריטע ווײַב; נאָר אלע האָבן קינדער, געשעפטן. אייסאָקים; גוט, שלעכט, נאָר פארנומענע מענטשן, עסן ניט קיין טעג, זײַנען נישט קיין באַט־לאָנים... מענטשן! איך וויל אויך זײַן א מענטש!

— וואָס הייסט א מענטש?

— ווי איך בין א יִיד, איך בין קיין מענטש נישט.

— ווי איך בין א יִיד! איך בין א יִיד! עמעס, איך בין א יִיד, נאָר גאַנץ טשאככאָווקע זײַנען אויך יִידן און זײַנען נישט איך! האַלעמײַ, איך בין א מאנספארשוין (כאָטש א קלאָג צו מײַן מאנספארשוין, א ווייטעק צו אים!), נו... אלע מענטשן, וואָס זײַנען ניט קיין נעקייווע׳ס, זײַנען מאנספארשוינען, אקלאל, זײַנען אלע בערל כאַנטשעס?

— ניין, ברודער בערל! נאָר דיך נישט! דו ביסט א מאנספאר־שוין. דו ביסט א יִיד, עמעס; נאָר נישט ד ו ביסט דער מאנספאר־

שוין, נישט ד ו ביסט דער ייִד!.. ד ו ביסט עפּעס אנדערש; דאָס אַלץ איז נאָר א צולאָג, צוגעגעבענע זאכן; אָבער נישט דו אליין...

— איך רייד מיר איַין, אז איך בין א באטלען, א מעשוגענער, א יאָסעם, אן אומגליקלעכער מאנספּארשוין... נאָר באטלאָנים, מעשו-גאָים, יעסוימים זיַינען דאָ א סאך, עפּשער אזוינע מאנספּארשוינען, ווי איך בין,— וויַניקער; נאָר דאָ איז, א דיַיגע, עפּשער אין אן אנדער שטאָט, עפּשער אין אמעריקע, נו, זיַינען אלע איינס? כאסוועשאָלעם, יעדערער פאר זיך!..

— נו, ווער זשע בין איך, צו אלדי שווארצע יאָר!

— עס האָט געמוזט אין מיר אריַין א דיבעק. עס מוז עמעצ זיצן אין מיר און קלערן איבער מיר. און מיר דאכט זיך: איך אליין קלער! ווען איך האָב קויעך (א גאנצע וואָך, אויסער מאָנטיק און וועהאָריַיע), האָט יענער אפּ מיר קיין שליטע ניט; קלער איך וויַיני-קער! און בעעמעס, די כקירע איז, אז קיין שום מענטש אין דער וועלט קאָן ניט איבערקלערן זיך אליין! — ווי הייסט, איך וויל מיך מאסיג זיַין? איך וויל מיך ארויסריַיסן פון מיר ארויס, אוועקשטעלן זיך אָדער אים אָן א זיַיט, „ער" זאָל קוקן אפּ מיר! איך — ער זאָל קוקן אפּ ער — איך!..

כא, כא, כא! ווי הייסט! זאָל איך מיר נאָר בארעכענען!.. עפּעס ווערט מיר ווארעם אין קאָפּ!..

(ער לויפט צו צום קיִער, גיסט זיך אָפּ מיט קאלט וואסער; שלעפּט ארויס פון הינטערן אויוון א שמאטע און בינדט זיך שטיַיפ ארום דעם שטערן).

— ציינד וועט עס גיין. נאָכאמאָל!.. איך וויל וויסן, ווער איך אליין בין...

— ווו זאָל איך קוקן, אראָפּ צי ארופּ? רעכטס — צי לינקס?..

א י ך בין דאָך אין מ י ר. ווען איך, לעמאָשל, קריך ארופ אפן אָרנ-

קוידעש, בינ איכ אינגאנצנ אויבנ; איכ וועל אונטנ גאָרנישט איבער-לאָזנ. לאָמיכ לויפנ אינ קעלער ארײַנ, וועל איכ זײַנ אינגאנצנ אונטנ... נו, אזוי ווי קאָנ איכ קוקנ אפ מיר?!

היכי דמי?!

— וואָס דענ זיצט אינ מיר אונ קלערט פאר מיר?

— אונ עפּעס זיצט דאָכ פּאָרט... הא?..

— איכ ווייס דאָכ, אז ווענ עס זײַנענ געלעגנ בא דער שאמעסטע אומגעציילטע קיכלעכ אונ איכ האָב שוינ דרײַ טעג קיינ מײַכל ניט געהאט אינ מויל, האָב איכ גאנצ שטארק ביישעק געהאט אראָפּצו-שניפּנ א קיכל... נאָר איכ האָב געזאָגט: ניינ! מע טאָר נישט! נישט מײַנ... דערנאָכ האָב איכ געפונענ טויזנט טערוצים... „די שאמעסטע האָט גענוג פארדינט אָנ מיר, זי מעג מיר געבנ א צולאָג", „איכ זאָל זי בעטנ, וואָלט זי מיר אליינ געגעבנ", — „איכ וועל איר מיט גאָטס הילפ אמאָל באצאָלנ"... נאָר א י כ האָב אלצ געזאָגט: „ניינ, מע טאָר נישט"... אונ עס איז געבליבנ — נישט!.. פריער איז עס געגאנגענ איינס נאָכנ אנדערנ: מיר האָט זיכ געדאכט, אז איכ אליינ פרעג אונ איכ אליינ ענטפער, נאָר דערנאָכ, שפּעטער א ביסל, כאָטש טאָב-קעדיי-דיבער, נאָר דערנאָכ, איז עפּעס אנדערש געוואָרנ, עס איז גע-וואָרנ צוזאמענ: יאָ אונ ניינ, ניינ אונ יאָ אונ ווײַטער ניינ! עס איז געוואָרנ א מאכלויקעס, אונ נ י ש ט איז געוואָרנ נישט ווײַל א י כ האָב נישט געוואָלט אָדער דעמ ביישעק פארלאָרנ; ניינ, נאָר די האנט האָט זיכ נישט געקאָנט רירנ; זי האָט נישט געוווסט, וועמענ צו פאָלגנ... א וועהאָרײַע, איכ בינ דערנאָכ שטארק מיד געוועזנ, טאקע ווי נאָכ א גרויסער מאכלויקע, ווי נאָכ א הייסנ וויקועכ מיט יוינע לאָקש, וואָס וויל מיר אלצ אײַנריידנ, אז דער גאָענ, זיכרוינוי-ליווראָכע, זיצט אינ גאנײדנ מיט א פאראָצטער באָרד, ווײַל ער האָט נישט גע-האלטנ פונ כסידעס!

— אזא פערד!.. נאָר מיד בינ איכ געוועזנ; איכ דערמאָנ מיכ גאנצ זיכער, זיכער! דאָס אייגענע איז געוועזנ פורימ, ווענ איכ האָב געטראָגנ פונ פערעצ פײַנהאָלצ, פונ גוויר, דעמ ראָװ שאלאכמאָנעס. איכ האָב געהאט א פול מויל מיט וואסער, די צונג איז מיר ארומגעלאָפנ אינ מויל ווי מעשוגע, ווי איכ לויפ אצינד ארומ אינ בעסמעדרעש. די הענט האָבנ מיר געציטערט; א שטיק טאָרט, מאקאראָנענ, עפּעס נאָכ עטלעכע מינימ... איכ, נאשער, האָב געוואָלט, איכ, ערלעכער מאנ, האָב נישט געוואָלט!..

— מע זאָגט: „יעיצערטאָוו", זאָל זײַנ אזוי! אָבער סײַוויסײַ בינ איכ דאָכ נאָר א דירע, ווו עס וווינענ צוויי שכײנימ, איינער הייסט: „יעיצערטאָוו", דער צווייטער,— „יעיצערהאָרע", נישט אזוי? ווײַטער די מײַסע מיט די נעמענ... אָבער ווער זײַנענ זיי? ווער בינ איכ?!

— איכ בינ א דירע. איכ בינ אי דער גוטער שאָכנ, אי דער שלעכטער שאָכנ. אלצ איכ. אונ דערצו וויל איכ וויסנ, ווער איכ בינ?! כא, כא, כא! — שא! נעכטנ ערשט, דער אוילעמ האָט געלאכט, וואָס איכ בינ געבליבנ שטיינ אפ איינ אָרט עפּשער א שאָ! איכ ווייס, וואָס איכ בינ געשטאנענ! איכ האָב נישט געקאָנט גיינ: מע האָט געהאקט האָלצ אפנ שול-הויפ, האָב איכ געוואָלט גיינ פּרווונ, צי איכ קאָנ א שײַט האָלצ צעהאקנ, צי קענ איכ ארבעטנ... איכ האָב שוינ אָנגעהויבנ גיינ; שטייענ צוויי בענק: אינ דער זײַט א באנק, אינ יענער זײַט א באנק. דאָ דערציילט מענ, אז מע הייצט אינ באָד, הייבט מיכ אָנ בײַסנ דאָס גאנצע לײַב, אונ איכ וויל צוגיינ צומ קעסטל, ארויסשלעפּנ דאָס בעזעמל אונ גייג אינ באָד ארײַנ... קעגניבער האָט זאָרעכ מעלאמעד דערציילט יענקל קעצלענ, אז אינ „באלאקיידע" איז דאָ אפ דער הײַנטיקער סעדרע א פּילעפּלאָמדיקער דרוש! וויל איכ וויסנ, וואָס זאָרעכ מעלאמעד איז געפעלנ, צולויפנ צו דער

מיזרעך-וואנט און אראָפּכאַפּן דאָס סייפער... נו, בין איך טאַקע גע-שטאַנען! די פיס האָבן ניט געוווּסט, וועמען צו פאָלגן: צי דעם בערל באַנטשעס, וואָס וויל גיין האַלץ האַקן, צי דעם בערל באַנ-טשעס, וואָס וויל גיין אין באָד אַרײַן, ווײַל עס בײַסט אים, צי דעם בערל באַנטשעס, וואָס וויל וויסן, וואָס זאָרעך מעלאַמעד איז געפעלן!.. איך בין טאַקע אַזוי לאַנג געשטאַנען, ביז איך האָב מיך דערמאָנט, אַז איך האָב קיין מינכע נישט געדאַוונט!

— נו, אַלקײַנס? וווינען אין מיר שוין פיר פּאַרשוין! אַ האָלצ-העקער, אַ באַלאַקיידעניק, אַ בעדער, און דער לעצטער — אַ מינכע-דאַוונער, וועלכער האָט אַלע אַרונטערגעיאָגט הינטערן אויוון, זיי זאָלן קיין פּיפּס נישט געבן, נאָר ער האָט צו שאַפן, און די פיס מוזן אים פאָלגן. אַ וועהאַרײַע, בין איך טאַקע צוגעגאַנגען צו דער וואַנט און האָב געדאַוונט!

אַ שטיקל עמעס שטעקט דערינען... וואָרעם זיי זײַנען נישט פאַר-לוירן געוואָרן; זיי האָבן זיך נאָר באַהאַלטן הינטערן אויוון, זיי האָבן פון דאָרטן אַרויסגעקוקט... זיי האָבן געוווּנקען צו מיר און האָבן מיך מעוואַטל געווען! אינמיטן שמוינעעסרע האָב איך אַלץ אין זינען גע-האַט: האַלץ האַקן, שמײַסן זיך אַף דער העכסטער באַנק אין באָד, און דעם באַל-אַקיידעס דראָשעס אויך!..

— נו, אַקלאַל, וואָס העלפט דער יעיצערטאָוו מיטן יעיצערהאָרע, אַז איך בין אַ מאָל דרײַ, און אַ מאָל פיר!

— אָט אַצינד פיל איך, אַז „איך" אַליין בין עפּעס אַ גאָרנישט! איך אַליין וואָלט גאָרנישט געלעבט. איך אַליין, ווען איך לעב אַפילע, וואָלט איך מיך אינדערפרי אַפילע פון דער באַנק נישט אופגעהויבן. איך וואָלט געלעגן ווי אַ גוילעם אַד סאָף קאָל האַדוירעס... איך בין טאַקע אַ גוילעם, איך האָב גאָר קיין נעשאָמע נישט; וואָס דען? אַלץ אַרום לעבט, אַלץ אַרום האָט נעשאָמעס, די נעשאָמעס זייערע לאָזן

ארויס פונ זיכ אזוינע לאנגע, דינע, שפּיציקע פּעדעמלעכ, אזוינע שטראלנ, אונ זיי כאפּנ זיכ אונ טשעפּענ זיכ אינ מיר, קריכנ אינ מיר ארײַנ, רירנ מיכ, שטעלנ מיכ אפ די פיס, הייסנ מיר גיינ, טאָנ, לויפנ... אָבער איכ אליינ בינ גאָרנישט.

ווער דענ פאָרט קלערט? הא? ווער זיצט אינ מיר אונ קלערט? ווײַטער א פרעמדער? נישט איכ?

— נו, זאָל זײַנ א פרעמדער! ווער איז ער? ווי קומט ער צו מיר? צי בינ איכ א שטיינ, אונ ער — א פייגעלע?.. דאָוויד האמעלעכ, אָלעוואשאָלעמ, זאָגט: יווינאָסי, הייסט עס מײַנ טײַבעלע! — וויל דאָס טײַבעלע האָלצ האקנ, אינ באָד ארײַנ גיינ, אראָפּגאנוועגענ פונ שאַ־לאכמאָנעס, אוועקשניפּנ א קיכל בא דער שאמעסטע, אונ טאָכ-קעדיי-דיבער זענ דעמ באל-אקיידעס הראָשע?.. פּו, טײַבעלע, נישט שיינ! ביסטו עס, מעגסטו זיכ שעמענ!

— כא! כא! בערל כאנטשעס איז א טײַבעלע, א פייגעלע; בערל כאנטשעס האָט א קליינ פּיסקעלע מיט פליגעלעכ; בערל כאנ-טשעס וועט אמאָל ארויספליִענ פונ דער שטײַג...

— נו, בערל כאנטשעס, דעמלט ועסטו אויכ קלערנ, ווער דו ביסט? אויכ זײַנ א יאָסעמ, אויכ זײַנ א באטלענ, אויכ זײַנ מעשוגע?

— אוואדע! ווער דענ? די שטײַג איז מעשוגע? די שטײַג איז א יאָסעמ?

— ריבוינעשעלוילעמ! ווער בינ איכ פאָרט?

2

עס קומט אינ בעסמעדרעש ארײַנ וואָלפ סויכער.

בערל כאנטשעס דערזעט אימ אונ אנטלויפט אינ א זײַט. וואָלפ סויכער וואשט די הענט, ווישט אָפּ אָנ דער פאָלע, נעמט ארויס פונ

דער שאנק א סייפער און זעצט זיך אריינקוקן. בערל כאנטשעס לאָזט פון אים קיין אויג ניט אראָפּ...

— ווער איז ער? — פרעגט ער זיך און ענטפערט זיך באלד:

— וואָלף סויכער! — ער גיט זיך דערביי א שטארקן קניפּ אין באק אריין...

— בעהיימע! כאמויר! וואָלף סויכער איז אזוי ווי בערל כאנטשעס! אזוי הייסט ער; נאָר ווער איז ער?.. צי איז ער איינער, צוויי, צי דריי? וויפל פייגעלעך פּישטשען אין זיין שטייג, פארשטייסטו, וואָיטעק!?

ער האָט זיך נאָך שטייפער צוגעצויגן דעם קאָפּ.

— לאָמיך קלערן...

— אצינד איז ער איינער, איין וואָלף סויכער... ער זיצט און לערנט! פארטיפט. ער זעט מיך נישט. ער לערנט אוואדע נעדאָרים, זיין פּיירעק, מער קאָן ער נישט... אצינד איז ער א קונה, קונם, קונס... אצינד איז ער א לשון שבדו חכמים, אצינד ווייס איך, וואָס ער איז, א פּיירעק נעדאָרים... דערנאָך? דערנאָך וועט וואָלף סויכער אראָפּגיין אין גאס אריין, וועגן טווועו אפּ א פאלשער וואָג, אָפּנארן גאנצע קרוינפּוילן און אהיים גיין געבן דעם ווייב, דער אָרעמער, דערשלאָגענער טויבע, צוועלף פּעטש מיט פיר דזשאָכ! זעסט דאָס לעמעלע, בערל כאנטשעס! זעסט דאָס שעפּעלע, זעסט, ווי עס קנייטשט אַיין דעם שטערן, זעסט די פרומע אייגעלעך, זעסט, זעסט! און דו שויטע, דו בערל כאנטשעס, דו כאמויר, ווילסט מיר איינריידן, אז דאָס איז דער אייגענער גאנעוו פון גאס, דער אייגענער רעצייעך פון דער היימ? ניין, בערל כאנטשעס! מיר וועסטו דאָס נישט איינריידן! ניין, ניין! — נישט אזוי קוקט א גאנעוו, נישט אזוי זעט אויס א רעצייעך!.. שויטע!..

— איך זאָג דיר, בערל כאנטשעס, אז עס זיינען דאָ דריי וואָלף סויכערס... איינער איז א לעמעלע, א פרומ לעמעלע, וואָס זיצט און

לערנט נעדאָרימ און וועט אפ יענער-וועלט אויכ לערנענ נעדאָרימ, און טאקע מיטנ ריבוינעשעלוילעמס פּירעש... דער צווייטער — איז א גאנעוו און וועט דאָרטנ אויכ כאַפּנ פונ די טעלער; דער דריטער איז א רעציייעכ, וואָס הארגעט דאָס ווײַב מאקעס-רעצעכ...

— א ראכמאָנעס אפ איר!.. עס שנײַדט מיכ באמ הארצ, אָפּט כאָלעמט זי זיכ מיר... זי בעט מיכ אמאָל, באנאכט אינ שלאָפ, איכ זאָל איר העלפנ... דאָס הייסט: זי בעט נישט מיטנ מויל, זי רעדט ניט, כאסוועשאָלעמ, א יידישע טאָכטער רעדט ניט מיט א מאנס-פּארשוינ... נאָר זי קוקט אפ מיר מיט אזא... מיט עפּעס אזא... מינ קוק...

— ריבוינעשעלוילעמ! קוקנ מעג זי דאָכ! זי מעג קוקנ אפ א מאנספּארשוינ.

— כא, כא, כא! איכ א מאנספּארשוינ... וואָלפ סויכער איז א מאנספּארשוינ, פוילנ זאָל ער, וואָלפ סויכער! איכ בינ אימ א סוינ'ע אפּנ לעבנ. איכ האָב בא אימ א טאָג; נאָר א סוינע בינ איכ אימ: סינאס-כינאָמ טאקע, נאָר א סוינע... איכ וואָלט אימ געשטאָכנ! יאָ!.. נאָר נישט דעמ וואָלפ סויכער, וואָס זיצט און לערנט, אפילע דעמ גאנעוו נישט, נאָר דעמ רעציייעכ! אימ וואָלט איכ געשטאָכנ... איכ אליינ קענ נישט, איכ אליינ האָב נישט צו שאפנ, איכ בינ נאָר א שטײַגל... איכ האָב אפילע א קניפּיק, א שארפנ קניפּיק, גאָר א שארפנ, מע קענ מיט אימ נעגל שנײַדנ, א קאָפּ גאָלנ...

— איכ מאכ מיר אפילע קיינ לאמטערנ ניט, ווײַל עס איז מיר א שאָד דער קניפּיק, ער זאָל ניט שטומפּיק ווערנ...

דאָכ איכ אליינ קאָנ נישט... מע דארפ, עס זאָל מיר עמעצ הייסנ; עפּעס א באסקאָל, עפּעס איינער, אפילע זאָרעב מעלאמעד! זאָל ער אליינ מיר הייסנ! ווער שמועסט, ווענ זי זאָגט מיר, אזוי שטיל, באנאכט אינ כאָלעמ; נאָר זי וועט נישט זאָגנ, א יידישע טאָכטער וועט

נישט זאָגן. כאַסוועשאָלעם! איך וואָלט זי פֿײַנט געהאַט, זי זאָל מיט מיר ריידן.

— אַזוי איז בעסער, קוקן זאָל זי, און שטענדיק, און אַ גאַנצע נאַכט; באַטאָג קען נאָך עמעצ דערזען, כאַסוועשאָלעם! עס איז גענוג יעדע נאַכט...

— אָ! ווי שיין וואָלט עס געווען! איך וואָלט אַרויסגענומען דעם קניפּיק, איבערגעגאַנגען די כאַליעווע, איין מאָל, צוויי מאָל, דרײַ מאָל. און בוך!..

— כאַ, כאַ, כאַ! עס וואָלטן אַרויסגעלאָפן געדערים און געדערים־לעך, כאַ, כאַ, כאַ! און בלוט, רויט בלוט... כאַ, כאַ, כאַ!

— ניין, וואָלף סויכער, נעדאָרים־לערנער, ניט דיך מיין איך! יענעם, יענעם, דעם רעצייעך... נאָר ניט דיך!

— הערסט, בערל כאַנטשעס, ווען דו ביסט אַ מענטש, ווען דו ביסט ניט קיין יאָסעם, קיין באַטלען, קיין מעשוגענער, קיין כאַקרען, וואָלט שוין אַלצ גוט געווען... טײַבעלע וואָלט אַפּילע געוויינט, זי וואָלט דאָך געוואָרן אַן אַלמאָנע. נאָר איך וואָלט איר אין כאָלעם גע־זאָגט: טײַבעלע, גענוג, דו האָסט צוויי מאַנען, איינער גאַנוועט, דער צווייטער זיצט און לערנט, וואָס טויג דער דריטער? ווילסט דאַפּקע דרײַ? דאַפּקע מע זאָל דיך, טײַבעלע, שלאָגן. דאַפּקע דו זאָלסט וויי־נען גאַנצע טעג און גאַנצע נעכט?..

— און עפּשער איז ער פּאָרט נאָר איינער?..

— בערל כאַנטשעס! דרײַ זײַנען זיי, לאָמיר זיך וועטן. קום אַו־מישנע, ווײַל ער זיצט דאָ און לערנט, קום אין גאַס אַרײַן, וועסטו זען, ווי יענער גאַנוועט דערווײַל אין גאַס... דערנאָך ווי ער שלאָגט. קום! וועסט זען!..

ער הייבט זיך אויף, לויפֿט אַפּ די נעגל צו דער טיר, שלעפּט אַרויס דעם שליסל און פאַרמאַכט פון יענער זײַט...

3

ער קומט צוריק בלאס אונ אינ קאס.

— זיי האָבנ זיכ באהאלטנ, די גאנאָווימ! וואָס האָבנ זיי צו טאָנ? עס איז הײַנט נישט קיינ טאָרג! עפּעס א יאָמטעוו, עס הענגענ פענער, מע קאָנ נישט גאנווענענ... טײַבעלע איז נישט אינ דער היימ... זי האָט געמוזט גיינ צו א שכיינע. די טיר איז צו... זיי האָבנ זיכ עפּשער ביידע באהאלטנ! איכ האָב ארײַנגעקוקט דורכנ פענצטער. אונטערנ בעט, האָט זיכ מיר געדאכט, רירט זיכ עפּעס, אפ דער פּאָדלאָגע האָט זיכ דער שאָטנ געהוידעט, געוואָרפנ, געצאפּלט, א קאשע אפ א מײַסע, ער זיצט דאָ אונ לערנט, אונ זיי ליגנ אונטער די בעטנ... וווּ דענ זאָלנ זיי ליגנ!

— אונ וואָלפ סויבער, דער טאמ, דער נעדאָרימ-לערנער האָט אפילע ניט געהערט, אז איכ האָב אופ- אונ צוגעשלאָסנ די טיר! ער איז אזוי פארטיפט אינ לערנענ!

— אונ עפשער לערנט ער גאָרניט? עפשער זיצט דאָ דער גאנעוו אונ וויל אָפּנארנ מיכ מיטנ ריבוינעשעלוילעמ?

— וואָלפ! — רופט ער אימ פלוצלינג.

— וואָס איז?

— גאָרנישט!

— באטלענ!

אינ א מינוט שפּעטער:

— וואָלפ!

— וואָס איז?

— איכ האָב א קניפּיקל!

— וויל דיר!

— ווילסט זענ?

— ניין!

— דאַרף מען נישט!

אין אַ פּאָר מינוט אַרום:

— וואָלף!

— וואָס?

— דו לערנסט, צי דו מאַכסט נאָר אַזוי?

— וואָס גייט עס דיך אָן?

— איך דאַרף נייטיק צו וויסן, כּלעבן, נייטיק!..

— שטיל, מעשוגע!

אין נאָך אַ פּאָר מינוט:

— וואָלף!

— וואָס איז?

— וויפל ביסטו?

וואָלף סויכער ווערט בייז, מאַכט צו די געמאַרע און גייט אַרויס פון בעסמעדרעש; בערל כאַנטשעס בלייבט אַליין.

— צי האָב איך גערעדט מיט וואָלפן? און וואָס האָב איך מיט אים אַזוינס גערעדט? וואָס איז ער אַנטלאָפן? ווי בין איך אַרויסגעגאַנגען? האַ? וואָס טוט זיך באַ מיר אין האַנט דאָס קניפּיקל?

ער וווּנדערט זיך שטאַרק, און נאָך מער ביפּראַט, אַז ער דערזעט, אַז ער האָט זיך דורכגעשניטן די כאַליעווע. ער ווערט בייז.

— בערל באַטלען! דו אַליין האָסט צעשניטן דײַן כאַליעווע! דו האָסט אַנדערע כאַליעוועס? טײַבעלע וועט דיר ווײַטער שענקען אַ פּאָר שטיוול? זי האָט ווייניק געלייזט פאַר יענע שטיוול! זעסטו, באַטלען, זעסטו, מעשוגע, זעסט, עס איז עמעץ אין דיר און ניט דו! זעסט?

— לאָמיך נאָך אַליין זען, ווי דו זעסט אויס, כאַמויר, וואָס לאָזט זיך די שטיוול צעשנײַדן! לאָמיך דיך אָנקוקן, באַטלען!

ער לויפט צום קיער, כאפט די שמאטע אראפ פונ קאפ און הייבט אנ רייבנ און פוצנ דאס מעש.

— איכ זע דיכ שוינ א ביסל, באטלענ, — ווארט, ווארט, איכ וועל דיכ נאכ בעסער זענ. איכ וועל דיינ גאנצ טרייפע פארצעפ זענ, דיינ כאמויר-קאפ!..

ער לאזט זיכ אראפ אפ די קני און רייבט מיטנ גאנצנ קויעכ. ער בלייבט דאכ פלוצלינג שטיינ.

— ווער פוצט דעמ קיער? ווער? איכ? איכ האב קויעכ? איכ האב דענ היינט געגעסנ, נעכטנ געגעסנ? וואס איז היינט? דינסטיק! מאנ-טיק און דינסטיק האב איכ דאכ ניט קיינ טעג. ווער רייבט?!



ער האָט זיך צוריק צוגעכאַפּט צו דער ארבעט.

— זאָל רײַבן, ווער עס וויל, איך, צי דער פויגל, צי די טויב, דער יעיצערהאָרע, צי דער יעיצערטאָוו, נאָר דײַן באַטלאָניש טרייפע פּאַרצעף מוז איך זען! באַלד, באַלד! און אַפּאַמאָל!

ער פאַרמאַכט די אויגן און רײַבט ווײַטער א ווײַלע מיט קויעך. דערנאָך עפנט ער די אויגן און דערזעט זיך.

— כאַ, כאַ! אַזוי זע איך אויס, א מעס, א ריינער מעס! צו נעמען אָפּ דער טאַרע-ברעט, צו לייגן שערבלעך אַפּ די אויגן!

— זעסט, טײַבעלע, ווי איך זע אויס! זעסט! און אַזוי זע איך אויס, ווען דו דערלאַנגסט מיר אַלעמאָל א שטיקל ברויט... א נישט, ווי וואָלט איך נאָך אויסגעזען?

ער פאַרטראַכט זיך, און דערמאָנט זיך ווײַטער.

— א מעס! דאָס בין איך, יאָ, יאָ! דאָס איז בערל באַטלען, בערל יאָסעמ, בערל מעשוגע! אָט דאָס! דאָס! און ווער בין איך פּאָרט?

ער קוקט אַפּן קוער און קוקט אַפּ זיך.

דאָרטן זעט מען נישט די צעריסענע כאָליעוועס! וואונדערט ער זיך און ווערט בייז.

— א מאַקע דיר! — שרײַט ער פּלוצלינג אויס — א מאַקע דיר, דו קוער-מענטש! דו דאַרפסט אויך האָבן צעריסענע כאָליעוועס! אַז איך האָב, דאַרפסטו אויך האָבן!

ער האָט זיך אַראָפּגעלאָזן מער אַפּ דער פּאָדלאָגע, אָנגעשפּאַרט דעמ קאָפּ אַפּ דער ערד און אַרײַנגעשטופּט די פּיס אין קוער.

— איך זע נישט, נאָר דו האָסט, דו האָסט צעריסענע כאָליעוועס! זעסטו!..

אופצוהייבן זיך איז אים שוין שווער. עס האָט זיך אים געדאַכט, אַז דער מענטש אינעמ קוער האַלט אים צו בא די פּיס; ער האָט זיי

דאָך אָפּגעריסן, אופגעהויבן זיך א ביסל פאַרווונדערט, א ביסל דערשראָקן.

— קיִער-מענטש! באַטלען! — האָט ער זיך געריצט און פּאָרט מוירע געהאַט צו קוקן אין קיִער אַריַין. ער איז צוגעלאָפן צום אויוון, אָנגענומען אַפ די הענט קאַלך און פאַרשמירט דעם קיִער.

— ליג דאָרט אין דער קרענק, קוק נישט אַרויס!

דער קאָפּ האָט אים אָנגעהויבן שטאַרק ווי טאָן, און די פיס האָבן אים געבראָכן, ער האָט זיך וויַיטער פאַרטראַכט.

— לאָמיך נאָר עפּעס דערמאָנען.

— אַצינד טוט מיר ווי דער קאָפּ... אַז דער רעציַיעך שלאָגט טיַיבלען, טוט מיר ווי דאָס האַרץ... עס ברעכן מיר די פיס. אַז איך גיב מיר א קניפּ אין באַק, פלאַמט מיר די באַק, וויַיל איך האָב א באַק, איך האָב הענט און פיס, איך האָב א קאָפּ מיט א האַרץ און האָב עפּשער א נעשאָמע אויך — אַלץ האָב איך, נאָר וואָס בין איך אַליין? נישט די באַק, די פיס, נישט דאָס האַרץ, נישט דער קאָפּ, נישט די נעשאָמע, וואָס דען? גאָרנישט...

— איך זאָל מיך קענען מאַבד עצמו לדעת זיַין, און אַליין זען, וואָס עס וועט זיַין, וואָס עס וועט בליַיבן, אַז עס וועט אָוועקפאַלן דער קאָפּ, די הענט, די פיס, די באַקן, די צעריסענע כאָליעוועס... דעמאָלט וואָלט איך עפּשער עפּעס געוווּסט? צי וואָלט ניט א יוישער געווען צו פּרוּוון...

— ווען זי זאָל נאָר הייסן! עפּשער וואָלט איך עס באַ איִם געפּרוּווט?

*1890*



# שאָלעם-באָס



אים איז א טרעגער.

אז ער גייט דורכ די גאס, אײַנגעהויקערט אונטערן קאסטנ סכוירע, זעט מענ אימ נישט ארויס; עס דאכט זיכ, אז דער קאסטנ גייט אליינ אפ צוויי פיס... דאָס שווערע אָטעמענ הערט זיכ דאָכ פונוויַטנס!

דאָכ — אָט לייגט ער אָפּ די לאסט, באקומט זיַנע עטלעכע גראָשנ; ער גליַכט זיכ אויס, אָטעמט שטארק אָפּ, בינדט אָפּ די פּאָלעס, ווישט זיכ אָפּ דעמ שוויים פונ פּאָנעמ, גייט גליַכ צומ ברונעמ, טוט א פּאָר שלינג וואסער אונ לויפט אינ א הויפ אריַנ.

ער שטעלט זיכ לעבנ א וואנט. הייבט אופ דעמ ריזנ-קאָפּ אזוי, אז דער שפּיצ באָרד מיט דער נאָז, מיטנ דאשעק פונעמ היטל קו-מענ אויס אפנ איינ שעטעכ.

ער רופט:

— כאנע!

פון אונטערן דאך עפנט זיך א קליין פענצטערל און א קליין ווײַ-בעריש קעפל איז א ווײַסן ציפיק אנטפערט:

— כאַים?!

דאָס פּאָרפאָלק קוקט זיך גאַנץ צופרידן אָן; די שכיינים זאָגן: זיי קעטשקען זיך. כאַים וואַרפט ארוף זײַן פאַרדינסט, אײַנגעוויקלט אין א שטיקל פּאַפּיר. כאנע כאַפּט עס אין דער לופט; עס איז איר נישט דאָס ערשטע מאָל.

— א בעריע ניפלאָע — מאַכט כאַים, און האָט גאָר קיין חשק נישט אוועקצוגיין.

— גיי, גיי, כאַים! — שמייכלט זי. — איך קאָן מיך נישט רירן פון קראנקן קינד... איך האָב צוגעשטעלט דאָס וויגל צום קוימען... מיט דער האנט שויס איך און מיטן פוס וויג איך...

— וואָס מאַכט עס, נעבעך?

— בעסער!

— געלויבט איז גאָט! און הענע?

— בא דער נייטערין!

— יאָסל?

— אין כיידער.

כאַים לאָזט צוריק אראָפּ די באָרד, גייט אָוועק, און כאנע קוקט אים נאָך, ביז ער ווערט איר פארשוואונדן.

דאַנערשטיק און פרײַטיק דויערט עס לענגער.

— וויפל האָסטו דאָ אינעם פּאַפּירל? — פרעגט כאנע.

— צוויי און צוואַנציק גראַשן.

— איך האָב מוירע, עס איז ווייניק!

— וואָס דארפסטו דען, כאנע?

— פאַר א זעקסער שמירעכצ פאַרנ קינד, פאַר עטלעכע גראָשנ ליכט, כאָטש האָב איכ שוינ... פלייש אויכ, אָנדערטהאַלבנ פונט... נו — בראָנפנ אפ קידעש... הײַנט דאַרפ מענ נאָכ עטלעכע דרענגלעכ!

— דרענגלעכ וועל איכ דיר שוינ שאַפנ, עס מוז זײַנ אפנ מאַרק.

— דאַרפ איכ נאָכ...

אונ זי רעכנט אויס, וואָס זי דאַרפ נאָכ אלצ אפ שאַבעס. סאָפקאָל-סאָפ בלײַבט: אז מע קאָנ קידעש מאַכנ איבער כאַלע, אונ אז אָנ א סאַכ זאַכנ איז זיכ גאַנצ לײַכט צו באַגיינ.

דער איקער איז — בענטש-ליכט, אויכ די זאַלב פאַרנ קינד!

אונ פונדעסטוועגנ, אז גאָט העלפט, די קינדער זײַנענ געזונט, די מעשענע לײַכטער — נישט פאַרזעצט, ביפראַט אויב עס איז דאָ נאָכ א קוגל — האָט דאָס פאַרפאָלק גאָר א פריילעכנ שאַבעס!

וואָרעמ כאַנע איז א בעריע-ניפלאָע צום קוגל!

שטענדיק פעלט איר עפּעס: דאָ מעל, דאָ אייער, דאָ פעטס, אונ צום סאָפ קומט אַרויס א פעטער, א זיסער, א מעכײַעדיקער קוגל; ער צעגייט פּאָשעט אינ אלע אייוורים!

— דאָס קאָכט דער מאַלעכ,—זאָגט כאַנע אונ שמייכלט פאַר נאַכעס.

— יאָ, א מאַלעכ, אוודאי א מאַלעכ!—לאַכט כאַים.— דו מיינסט, אז דו ביסט א קליינער מאַלעכ, אז דו האַלטסט אויס פונ מיר אונ פונ די קינדער... וויפל מאָל טוענ זיי דיר אָנ צאָרעס, איכ ווער אמאָל בייז... נו, איכ הער עפּעס א קלאָלע פונ דיר, ווי אנדערע באַ די ווײַבער? אונ באַשער, דו האָסט א סאַכ נאַכעס פונ מיר? דו אונ די קינדער גייענ נאַקעט אונ באָרוועס... צו וואָס טויג איכ? נישט צו קידעש, נישט צו האַוודאָלע, איכ קאָנ אפילע נישט רעכט קיינ זמירעס זינגענ...

— ביסט פאָרט א גוטער טאַטע, אונ א גוטער מאַנ! — האַלט זיכ כאַנע באַם איריקנ.— אזא יאָר אפ מיר אונ אפ קאָל-יִסראָעל... איכ זאָל מיכ נאָר עלטערנ מיט דיר, ריבוינעשעלוילעמ!

און דאָס פּאָרפּאָלק קוקט זיך אין די אויגן אַרײַן אַזוי גוט, אַזוי וואַרעם, און אַזוי מיטן גאַנצן האַרץ, אַז עס דאַכט זיך, זיי זײַנען ערשט פֿון אונטער דער כופּה אַפּיר...

עס ווערט נאָך פֿרײלעכער באַם טיש...

נאָך נאָכן שלאָפֿ גייט באַזם אין קליינעם שולכל אַרײַן הערן טוירע.

דאָרט לערנט אַ מעלאַמעד מיטן פּראָסטן אוילעם „אַלשיך". עס איז היים, די פּענעמער זײַנען נאָך פֿאַרשלאָפֿן; איינער באַפּט נאָך אַ דרימל, דער צווייטער לאָזט אַרויס אַ הויכן גענעץ; נאָר ראַפּטום, ווען עס קומט צום רעכטן אָרט, מע שמועסט פֿון יענער וועלט, פֿון גע-נעם, ווו מע שמײַסט די רעשאָים מיט אײַזערנע ריטער; פֿון ליכטיקן גאַניידן, ווו די צאַדיקים זיצן אין גאָלדענע קרוינען און לערנען טוירע,— דעמלט ווערן אַלע אופגעלעבט; די מײַלער — אָפֿן, די פּע-נעמער — רויט... מע הערט זיך אײַן אָן אָן אָטעם, וואָס עס וועט זײַן אַפֿ יענער-וועלט!

באַזם שטייט געוויינלעך באַם אויוון. ער האָט טרערן אין די אויגן, עס ציטערן אים הענט און פֿיס; ער איז אינגאַנצן אַפֿ יענער-וועלט!

ער לײַדט צוזאַמען מיט די רעשאָים; באָדט זיך אין הייסער סמאָ-לע; ער ווערט געוואָרפֿן קאַפּעקאַל, קלײַבט שפּענער אין ווייסטע וועל-דער... אַלץ לעבט ער דורך, און עס באַרעקט אים דער קאַלטער שווייס... פֿאַר דאָס האָט ער שפּעטער נאַכעס גלײַך מיט אַלע צאַדי-קים: דער ליכטיקער גאַניידן, די מאַלאָכים, דער ליוויאָסן, דער שאָר-האַבאָר און אַלע גוטע זאַכן שטעלן זיך אים פֿאָר אַזוי לעבעדיק און אַזוי בוילעט, אַז ווען דער מעלאַמעד ענדיקט, גיט אַ קוש און פֿאַר-מאַכט דאָס סייפֿער, כאַפּט ער זיך אויף, ווי פֿון אַ כאָלעם, טאַקע ווי פֿון יענער-וועלט.

— אַך,— כאַפּט ער שווער דעם אָטעם, וואָס ער האָט אײַנגע-האַלטן די גאַנצע צײַט,— ריבוינעשעלוילעם! כאָטש אַ שטיקל, כאָטש

א פיצל, כאָטש אַ בראָקעניו אוילעמהאבע... פאַר מיר, פאַר מײַן װײַב און פאַר אַלע מײַנע קינדערלעך!

און דעמלט װערט ער טרויעריק; ער פרעגט זיך: „מישטיינסגע-זאָגט, פון װאָס, פאַר װאָס?..״

איינמאָל איז ער נאָכן לערנען צוגעגאַנגען צום מעלאמעד:

— רעבע, — זאָגט ער, און זײַן קאָל ציטערט, — גיט מיר אַן איי-צע, איך זאָל זוכע זײַן צו האָבן אוילעמהאבע!

— לערן, מײַן קינד, טוירע! — הערט ער אַ טשוווע.

— איך קען נישט!

— לערן מישנײַעס... איין-יאַנקעוו, כאָטש פיירעק...

— איך קען נישט!

— זאָג טילים!

— איך האָב קיין צײַט נישט!



— דאווג ערנסט!

— איך פארשטיי נישט, וואָס איך דאווג!

דער מעלאמעד קוקט אים אָנ מיט ראַכמאָנעס:

— וואָס ביסטו? — פרעגט ער.

— א טרעגער.

— נו, זײַ מעשאמעש טאַלמידיי כאַכאָמים.

— וואָס הייסט?

— טראָג, לעמאָשל, אלע פארנאכט אינ בעסמעדרעש ארײַנ א פּאָר קאַנענ וואסער, די לאָמדים זאָלנ האָבנ צו טרינקענ...

כאַיִמ ווערט דערפרייט.

— רעבע, — האָט ער ווײַטער געפרעגט, — און מײַנ ווײַב?

— אז דער מאנ זיצט אפּ א שטול אינ גאַנגיידנ, איז דאָס ווײַב זײַנ פוסבענקעלע. . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

אז כאַיִמ איז אהיימ געקומענ האַוודאָלע מאַכנ, איז כאַנע געזעסנ אונ געזאָגט: „גאָט פונ אווראָמ". אז ער האָט זי דערזענ, האָט אימ עפּעס אָנגעכאַפּט באַמ האַרצ.

— ניינ, כאַנע, — פאַלט ער צו איר צו, — איך וויל נישט, דו זאָלסט זײַנ מײַנ פוסבענקעלע... איך וועל מיך אַראָפּבייגנ צו דיר, איך וועל דיך אופהייבנ אונ זעצנ דיך נעבנ מיר. מיר וועלנ צוזאמענ זיצנ אפּ איינ שטול, ווי אַצינד... עס איז אונדז אזוי גוט צוזאַמענ; העריסט, כאַנע, דו מוזט זיצנ מיט מיר אפּ איינ שטול... דער ריבוינעשעלוילעמ וועט מוזנ באַשטיינ!

*1891*

4–3350



# א קלעזמער־טויט



סקעלעט ליגט אינ בעט. א סקעלעט איבערגעצויגנ מיט א געלער, דארער, טרוקענער הויט; מיכל קלעזמער שטארבט אוועק. נעבנ אימ אפ א קאסטנ זיצט מירל זײַנ ווײַב מיט געשוואָלענע אויגנ פאר געוויינ. אינ ענגנ שטיבל זײַנענ צעשפרייט זייערע אכט זינ, אלע — קלעזמער. שטיל, קיינער רעדט נישט צומ צווייטנ; עס איז נישטאָ פונ וואָס צו ריידנ. דער דאָקטער האָט שוינ לאנג אוועקגעמאכט מיט דער האנט, דער רופע אויכ. אפילע רווונ פונ העקדעש, דער עמעסער מומכע, האָט אויכ געהייסנ שרײַבנ דרײַ פייענ... קיינ יערושע וועט נישט זײַנ, די כעוורע-קאדישע וועט געבנ טאכריכימ אונ א קייווער, די כעוורע-נויסימ — וועט נאָכ צוגעבנ א טרונק-בראָנפנ... אלצ איז אָפּנ אונ דײַטלעכ, נישטאָ פונ וואָס צו ריידנ. איינ מירל וויל נישט זיכ אונטערגעבנ!.. זי האָט נאָכ אלעמ-

ערשט אפסנײַ גאָר גוואַלדיק אײַנגעריסנ די שול. צינד קומט זי ערשט פונ קוואָרים-מעסטנ. זי האַלט זיכ אירמ — „ער שטאַרבט דורכ די קינדערס זינד. זיי זינדיקנ נישט פרומ, הולטײַענ, דעריבער נעמט זיי גאָט, באָרוכ-הו, דעמ טאַטנ צו״... „די קאַפּעלע פאַרלירט די קרוינ: עס וועט שוינ קיינ שומ כאַסענע קיינ פּאָנעמ נישט האָבנ, עס וועט בא קיינ ייִד שוינ קיינ עמעסע סימכע נישט זײַנ״.

גאָטס ראַכמאָנעס איז דאָכ גרויס. מע דאַרפ שרײַענ, בעטנ, וועקנ! אונ זיי, די קינדער, די קלעזמער-יונגענ, „האָבנ גאָר קיינ ראַכמאָנעס נישט, גייענ אָנ לײַבצודעקלעכ״... ווענ נישט די גרויסע זינד, האָט זי א פעטער א שויכעט אינ הימל; ער מוז דאָרטנ זײַנ גאָר דאָס אייבער-שטע פונ שטייסל, ער וואָלט איר נישט אָפּגעזאָגט! באַמ לעבנ, זיכרוי-נוי-ליווראָכע, פלעגט ער זי שטענדיק גלעטנ... ער איז איר אוואַדע הײַנט אויכ נישט שלעכט. ער וואָלט זיכ געמיט, ער וואָלט אַלצ גע-טאָנ... נאָר די זינד — שרײַט זי — די זינד! „מע פאָרט אפ גוייִשע בעלער, מע עסט דאָרט ברויט מיט פּוטער, גאָט ווייסט וואָס נאָכ!.. אָנ אַרבעקאַנפעס... ער וועט דאָכ נישט דורכברעכנ קיינ מויער... ער טוט אוואַדע זײַנס... אוי די זינד, די זינד!״

די זינ ענטפערנ נישט, זיי קוקנ אַראָפּ אפ דער ערד; יעדער אינ זײַנ ווינקעלע.

— עס איז נאָכ צײַט! — כליפּעט זי.— קינדער! קינדער! גוואַלד, קינדער! טשוווע טוט!

— מירל, מירל,— רופט זיכ אָנ דער קראַנקער,— לאָז געמאַכ, מירל, עס איז שוינ פאַרפאַלנ, איכ האָב שוינ מײַנס אָפּגעשפּילט, מירל. הער אופ, מירל, איכ וויל שטאַרבנ!

מירל ווערט אונטערגעצונדנ:

— „א רעכטע שיינע ריינע!.. שטאַרבנ וויל ער! שטאַרבנ! אונ יעכ, אונ מעכ... ניינ, איכ וועל דיכ נישט לאָזנ שטאַרבנ, דו מוזט

לעבנ... דו מוזט. איכ וועל אזוי שרײַענ, אז עס וועט נישט קאָנענ קו-
מענ צו יעצ׳עס-נעשאָמע!״ עס זעט אויס, אז אינ מירלס הארצ האָט
זיכ געעפנט אנ אלטע, נישט פארהײלטע וווּנד.

— לאָז געמאכ, מירל,— בעט זיכ דער קראנקער,— מיר האָבנ זיכ
ביידע שוינ גענוג אָנגעשאָלטנ באַם לעבנ... גענוג... פארנ טויט פאסט
נישט אזוינס... אוי, מירל, מירל, א י כ האָב געזינדיקט, ד ו האָסט
געזינדיקט... נאָר אנ עק!.. שווײַג בעסער! איכ פיל קעסיידער, ווי דער
קאלטער טויט קריכט מיר ארופ פונ די שפּיצ פינגער פונ די פיס ביז
צומ הארצ, עס שטארבט א צאָל נאָכ א צאָל... שרײַ נישט, מירל... עס
איז גלײַכער אזוי!

— ווײַל דו ווילסט מײַנער פּאָטער ווערנ,— פאלט ארײַנ מירל אינ
די רייד,— אוי, דו האָסט שטענדיק געוואָלט מײַנער פּאָטער ווערנ,—
וויינט זי ביטער,— שטענדיק! די שווארצע פּעשע איז דיר נאָר געלעגנ
אינ הארצ... דו האָסט שטענדיק געזאָגט, אז דו ווילסט שטארבנ... ווי
צו מײַנע יאָר... ער טוט אפילע צינד קיינ טשוווע נישט... אפילע
צינד... צינד...

— נישט נאָר די שווארצע פּעשע,— שמייכלט ביטערלעכ דער
קראנקער,— עס זײַנענ א סאכ שווארצע פּעשעס געווענ, אונ ווײַסע
אויכ, אונ געלע אויכ... נאָר דיכ, מירל, האָב איכ קיינמאָל נישט גע-
וואָלט פּאָטער ווערנ... א מויד איז א מויד, דאָס איז שוינ א קלעזמער-
שע זאכ... עס ציט ווי א בלאָטער, עס איז עפּעס א מינ ציעקא-
וואָשטש... א ווײַב איז דאָכ א ווײַב! דאָס זײַנענ צוויי גאָר אנדערע
זאכנ... געדענקסט, אז די שווארצע פּעשע האָט דיר געערעדט א
שלעכט וואָרט, האָב איכ זי אינמיטנ גאס אויסגעטשאסקעט אפּ
אלע זײַטנ...

שווײַג שטיל, מירל! א ווײַב איז א ווײַב! אויסער — אז מע געט
זיכ... אויכ — טוט ווי דאָס הארצ... גלייב מיר, מירל, איכ וועל בענ-

קען נאָך דיר... נאָך אײַך אויך, קינדער! איר האָט מיר אויך גענוג צאָרעס אָנגעטאָן, נאָר גאָרנישט... דאָס ליגט שוין אינעם פּידעלע — אינעם קלעזמער־לאָשך... איך ווייס, איר האָט מיך נישט ערלעך גע־האַלטן, דאָך ליב געהאַט. אַז איך האָב אַמאָל געטאָן אַן איבעריקן טרונק בראָנפן, האָט איר געוואָרטשעט „שיקער"... מע טאָר נישט אַזוי, אַ טאַטן טאָר מען נישט... מיילע... איך האָב אויך געהאַט אַ טאַטן און האָב אים אויך נישט בעסער באַהאַנדלט... נאָר אַן עק פון דער זאַך!.. איך בין אײַך מוחל...

ער איז מיד געוואָרן ריידנדיק.

— איך בין אײַך מוחל, — האָט ער נאָכאַמאָל אָנגעהויבן נאָך אַ פּאָר סעקונדן. ער האָט זיך אַ ביסל אונטערגעהויבן אָפן בעט און באַ־טראַכט דעם אוילעם...

— זע נאָר, — זאָגט ער פלוצלינג, — די ביקעס! אַרײַנגעשלאָגן די אויגן אין דר'ערד אַרײַן, גלײַך עס קאָן קיין צוויי נישט ציילן!

האָ? פאָרט אַ שאָד אַ טאַטע! כאָטש אַ שיקער, האָ?

דער יינגסטער זון האָט אופגעהויבן די אויגן. אין דער אייגענער רגע האָבן אים די ברעמען אָנגעהויבן ציטערן, און ער האָט אַרויס־געלאָזט אַ געוויין. די רעשט ברידער זײַנען אים נאָך. אין אַ מינוט אַרום איז דאָס גאַנצע פיר־איילנדיקע שטיבל פול געוועזן מיט יעלאָלע...

דער קראַנקער האָט געקוקט און געשעפּט נאַכעס...

— נו, — מאַכט ער ראַפּטום מיט אַ פרישן קויעך, — גענוג! איך האָב מוירע, עס וועט מיר צופיל אַ שאָד זײַן! גענוג, קינדער! פאָלגט אַ טאַטן!

— רעציייעך! — שרײַט מירל, — רעציייעך, לאָזן זיי וויינען, זייערע טרערן העלפן, ריבוינעשעלוילעם...



— שווײַג, מירל,— האקט איר דער קראנקער איבער,— איך האָב דיר שוין געזאָגט, איך האָב מײַנס שוין אָפּגעשפּילט... גענוג... ע! כאַוּם, בערל... יוינע... אלע! הערט! געשווינד, נעמט די קיילים!

אַלע גלאָצן אויס די אויגן.

— איך הייס,— מאכט דער קראנקער,— איך בעט אײַך! טוט מיר צוליב, נעמט די קיילים און קומט צו צום בעט!

די קינדער האָבן געפאָלגט און ארומגעשטעלט זיך באם בעט; דרײַ פידל, איין קלארנעט, א באס, א טראָמפּייט...

— לאָז מיך הערן ווי די קאפּעלע וועט שפּילן אָן מיר...— מאכט דער קראנקער.

— מירלשי, איך בעט דיך, רופ דערוויַל אריַנ אונדזער שאַכנ.

דער שאַכנ איז געוועזנ דער שאמעס פונ דער בעוורע־נויסימ. מירל האָט נישט געוואָלט לעכאטכילע גײנ, נאָר ער האָט אפ איר גע־קוקט מיט אזא מינ געבעט, אז זי האָט אימ געמוזט פאָלגנ. (שפּעטער האָט זי דערציילט, אז דער „מירלשי" אונ דער קוק פארנ טויט זיַנענ געווענ גאָר, לעהאוודל, די אייגענע, ווי באלד נאָך דער כופּע... „איר געדענקט, קינדער, מאכט זי, זיַנ זיס קאָל אונ זיַנע אויגנ!")

דער שאמעס פונ דער בעוורע־נויסימ איז אריַנגעקומענ, ער האָט געוואָרפנ אנ אויג אפנ כוילע אונ געזאָגט:

— זיַט מויכל, מירל, רופט אריַנ א מיניענ.

— מע דארפ נישט, — רופט זיך אָנ דער קראנקער, — וואָס טויג מיר א מיניענ? איך האָב מיַנ מיניענ, מיַנ קאפּעלע! גיי נישט, מירל, איך דארפ נישט קיינ מיניענ...

אונ, אויסדרייענדיק זיך צו די קינדער, מאכט ער:

— הערט, קינדער... שפּילט אָנ מיר, ווי מיט מיר, שפּילט גוט... זיַט נישט קיינ שקאָצימ אפ אָרעמע כאסענעס... האלט ערלעכ די מוטער, אונ ציַנד — שפּילט מיר אָפּ די ווידע... אונדזער שאָכנ וועט פאָרזאָגנ...

אונ די פיר־איילנדיקע שטוב איז געוואָרנ פול מיט מוזיק.

*1891*



# א פארשטערטער שאבעס

(א בילד)



אלב שאבעס! א בערגל מיסט בא דער טיר — צום ארויס-וואַרפנ; די לאָקשנ ליגנ אָפּגעשווענקט אינ שיסל, מע דאַרפ זיי נאָר באַגיסנ מיט א לעפל יויכ, זיי זאָלנ זיכ נישט צוזאַמענקלעפּנ. אפנ טיש איז גרייט בראָנפנ אפ קידעש; א קוילעטש מיט א כאַלע — צום באַדעקנ מיט א זײַדנ באַלע-טישטעכל!

זאָרעכ, דאָס יונגע באַלעבעסל, איז שוינ אָפּגעוואַשנ. מיט צוויי פינ-גער פונ יעדער האַנט דריקט ער אויס דאָס וואַסער פונ די פּייעס. מיריאָמ, די יונגע באַלעבאָסטע, שטייט בא אים אונ פּוצט אים צו די קאַפּאָטע.

— א, דו... שלימוויז! — שמייכלט זי צו אים. — אָנדערטהאַלבנ יאָר נאָכ א כאַסענע מאַכט מענ אזוי צורעכט מאַלבושימ! זע! דאָ אפנ

לאצ! זעסט? א פלעק פון כיילעוו! — זי קראצט מיט די נעגל, גייט איבער מיט דער בארשט.

— גענוג שוין,— בעט זיך זאַרעב,— די הענט וועלן דיר ווי טאָן! דו קאָנסט דאָך שוין קוים דעם אָטעם כאַפּן, לאָז שוין אָפּ!

— אָ-וואַ! גלײַכער, זיי זאָלן א ביסל ווי טאָן, איידער מע זאָל זאָגן אין בעסמעדרעש, אַז דו האָסט א ווײַב — א שמאָדער, וואָס פּוצט דיר אפילע די שאַבעסדיקע קאַפּאָטע נישט אָפּ!

זי געפינט נאָך א פלעק, בייגט זיך נאָכאַמאָל אײַן און פּוצט. דאָס בלאַסע פּאָנעם רויטלט זיך, די אויגן בליצן און שווער ווערט איר דער אָטעם,— אירם האָט זי דאָך אויסגעפירט... זאַרעב קושט זי אַפּן קאָפּ.

— וואָס געפעלט עס דיר אזוי? — רײַסט זיך מיריאָם אויס מיט א געלעכטער.— די האָר-באַנד?

— שעם דיך כאָטש פאַר דער מאַמען,— האָט זי צוגעזאָגט שטיל.

די האָר-באַנד, וואָס זי טראָגט אַפּן קאָפּ, און די מוטער, וואָס שטייט אצינד איבערגעדרייט צום ספאָרים-שענקל און זוכט מיקלוי-מערשט דעם טײַטש-כומעש — זײַנען איר צוויי שטיינער אַפּן האַרצ.

פאַר דער כאַסענע האָט מיריאָם געהאַט א פאַר דיקע לאַנגע צעפּ פון בלאָנד-זײַדענע האָר. אַלע מיידלעך האָבן איר די צעפּ מעקאַנע געווען. אַז זי פלעגט דורכגיין דעם מאַרק, פלעגן מענטשן טראַכטן: אָט, דער יעיצערהאָרע גייט. זאַרעב — דעמלט שוין איר כאָסן — פלעגט ציטערן פאַר פרייד, אַז ער האָט אמאָל באַקומען אירם א צאָפּ אין דער האַנט אַרײַן; נאָר מישטיינסגעזאָגט, ווען איז עס אים געראָטן? א קנאָפּ יאָר זײַנען זיי געווען כאָסן-קאַלע... גע׳ען האָבן זיי זיך אָבער קוים עטלעכע מאָל... איינמאָל — שוועס באַנאַכט (הוישײַנע-ראַבע האָט מיריאָם מוירע געהאַט פאַרן יאָם-האַדין); איינמאָל האָבן זיי זיך אַרויסגענאַרט סימכאַסטוירע פון האַקאָפעס; נאָכאַמאָל האָבן זיי זיך געטראָפן כאַלעמויעד-פּייסעך אַפּן שפּאַציר הינטער דער

שטאָט... און דעמלט טאקע האָט מען זיי „געכאפּט"! עס איז געוואָרן א געררודער, א געשרייעריי. דער ראָוו האָט געשיקט רופן די עלטערן; געזאָגט זיי, אז ער גלייבט בעעמונע שלימע, אז עס זיינען ערלעכע קינדער, פונדעסטוועגן איז זיין אייצע, מע זאָל באלד שטעלן א כופּע...

מיריאַמס מוטער — די „לאנגע סערל" — האָט אפילע קיין צייט נישט געהאט צו מאכן אלע איינקשיטן. זאָרעכס פאָטער, דער שטריקן-מאכער, האָט גאָר נישט געהאט דעם גאנצן נאדן; א כופּע האָט מען דאָך געשטעלט! און פאר דער כופּע האָט מען אָפּגעשוירן די בלאָנד-זיידענע האָר!

מיריאַם האָט געוויינט מיט ביטערע טרערן.

זיצנדיק צווישן די באָכערים, האָט זאָרעך — אזוי דערציילט ער — דערפילט, ווען מע האָט זיך גענומען צו די צעפּ. עס האָט אים א שניט געטאָן אין הארץ! בא דער גילדענער יויך האָבן זיי בײדע אויסגעזען ווי „עס וואָלט זיי אונטערגעגאנגען א שיף מיט זויער-מילך".

אך, די האָר-באנד, די האָר-באנד!

די האָר וואָלטן צוריק געוואקסן, מע זאָל זיי נישט דארפן אלעמאָל אונטערשערן! זאָרעך זאָגט אפילע, אז עס זיינען פאראנען אזוינע שטעט, ווו יידישע טעכטער טראָגן שייטלען, טייל אפילע — אייגענע האָר; ווייסט מען דאָך, אז ער איז א שטיק אפּיקוירעס, דער זאָרעך. „ווען גאָט זאָל אים העלפן, זאָגט ער, ער זאָל געווינען אפ דער לאָטע-רייע (פון סויכערעריי ניסאָשער צו ווערן איז שעלוי-קעדערעך-האטע-ווע), וואָלט ער איבערגעלאָזט דער שוויגער א פּאָר טויזנטער און ער מיט מיריאַם-לעב וואָלטן אוועק אין איינע פון די גרויסע שטעט!"...

מיריאַם אָבער וויל נישט הערן און געדענקען! זי בעט זיך ראכ-מים בא זאָרעכן, ער זאָל נישט ריידן דערפון, זי קושט אים און האלדזט אים, ער זאָל בעסער שווייגן.

ערשטנס, ווי לאָזט מענ עס איבער אליינ א מאמענ; טאקע מיט געלט, נאָר טאָמער ווערט זי, כאסוועשאָלעמ, קראנק... א מענטש איז די יאָרנ... ווער וועט איר דערלאנגענ א לעפל וואַרעמ וואסער? צווייטנס, האָט מיריאָמ-לעב אליינ מוירע פאר דער אווייורע! עס זײַנענ טאקע דאָ אזוינע שטעט; אז זאָרעב זאָגט, איז אוואדע עמעס, זי גלייבט,— נאָר א קאשע אפ א מײַסע! סדוימ וועאמוירע פונ טײַטש-כומעש זײַנענ אויכ שטעט געווענ, מיט נאָכ ערגערע מינהאָגימ, אײַ-זערנע בעטלעכ פאר אָרכימ... יעסוימימ האָט מענ אויסגעשמירט מיט האָניק... נו, קעהאיוימ! אונ ווער ווייסט, אויב מאָרגנ וועט נישט דער אייבערשטער אראָפּשיקנ זײַנע מאלאָכימ זיכ אנ אייצע האלטנ אונ אינ איינ רעגע איבערקערנ די הײַנטיקע סדוימ וועא-מוירעס?

זי ווייסט, אז גאָט, באָרוכ-הו, איז אנ ערעכ-אפּאימ; ער וואַרט אוואדע... עפשער וועלנ זיי טשוווע טאָנ!..

— נו, אקלאל,— זאָגט מיריאָמ,— דארפנ מיר זיכ ארײַנלייגנ אינ קראנקנ-בעט?

— ניינ, זאָרעב,— זאָגט זי,— איכ וויל נישט... אז מע זאָגט מע טאָר נישט, טאָר מענ נישט...

פונ דער מוטער האָט זי נאָכ מער צאָרעס.

די לאנגע סערל האָט ליב די טאָכטער מער ווי צענ מוטערס צוזא-מענ; קיינ שלעכט וואָרט וועט זי איר נישט זאָגנ.— נאָר זײַט מע האָט „געכאפּט די כאָסנ-קאלע״, האָט זי אפ זיי שטענדיק אנ אויג... היט זי זיי אָפּ!

— דו ביסט,— זאָגט זי צו מיריאָמענ,— א פרומע נעשאָמע, נאָר א ווייכ הארצ האָסטו; אונ קעגנ דעמ יעיצערהאָרע מוז מענ האָבנ אנ אײַזערנע גוורע. א מענטש מוז זיכ שטעלנ ווי א לייב, ווײַל דער יעיצערהאָרע איז ערגער ווי א שלאנג!

און זי האָט זיך געכומענ צו דער גוטער, נאָר שוואכער טאָכטער, צו דער פרומער, נאָר שוואכער נעשאָמע, זי אונטערצוגארטלענ קעגנ יעיצערהאָרע! און נאָכ יעדנ „אונטערגארטלענ" בלײַבט מיריאָמ אוים מענטש! עס טוט איר ווײ דאָס הארצ; באנאכט שרעקנ זי אלערלײ כאלוימעס...

קוימ גײט זאָרעכ ארוים פונ שטוב, הייבט זיך אָנ דאָס מוסער-זאָגנ.

סערל איז א מושלעמעס, לײענט איװרע-טײַטש ווי א וואסער; קענ דאָס טײַטשכומעש מיטנ קאוו-האיאָשאָר מיטנ רײשים-כאָכמאָ אונ נאָכ עטלעכע אזוינע ספאָרימ קימאט אויסנווייניק; אינ גענעמ איז זי קלאָר; זי איז אינ יעדנ ווינקעלע, ווי אינ דער היימ! זי ווייסט, ווו מע קאָכט אינ הייסער סמאָלע, ווו מע ברענט מיט שווארצנ פײַער, אונ שיידימ בראָטנ די נעשאָמעס, ווי הינדלעכ אפ דער שפּיז! זי איז קלאָר אינ גאנצנ שולכנ-אָרעכ פונ יענער-וועלט: פארוואָס מע הענגט אפ דער צונג... מע ווארפט צווישנ הימל אונ ערד, אונ אָדלער אונ קראָענ רײַסנ אוים שטיקער פלייש; פארוואָס מע לויפט ארומ אינ וועלדער, אונ ווילדע כײַעס בײַסנ די פיענטעס; פארוואָס מע שינדט אָפּ די הויט, מע וויקלט אײַנ אינ שטעכעדיקע דערנער... אונ מע הייסט נאָכ שעפּנ וואסער מיט א קאנ אָנ א דנאָ... איינ גליק איז נאָר, וואָס גאָט איז פול באַרעמהערציקײַט! ער וויל נישט מער, נאָר מע זאָל טשוווע טאָנ... אונ מיריאָמ הערט דאָס אלצ אוים מיט הארצ קלאפּנ, מיט ציטערדיקע ליפּנ אונ א פּאָנעמ ווי קרײַד.

זי שרעקט זיך... זי ווייסט, אז א מענטש איז זינדיק... ערגער איז אינ די טעג, ווענ אנ אישע איז פול מיט שיידימ, ווענ ארומ איר טאנצנ רוכעס-ראָעס... ווענ אנ אישע טאָר נישט קוקנ אינ שפּיגל ארײַנ, פונ אירע בליקנ זאָל קיינ פלעקנ נישט ווערנ! איר הויכ איז דאָכ דעמלט מיט טומע, די קליידער — באשיט מיט דיבוקימ, מיט פּיפּערנאָטערס! ווי געציטערט האָט זי דעמלט פאר זאָרעכנ...

און נאָכ איידער עס האָט זיכ עפּעס אָנגעהויבנ, האָט שוינ די מאַמע מוירע געהאַט, וואָס אַמאָל געפרעגט: טאָכטערשי, עפּשער שוינ? עפּשער האַלטסטו עס בעסאָד, עפּשער ווילסטו דיר פאַרזינדיקנ די יונגע יאָר?.. זע, קוק נאָכאַמאָל, טאָמער פאָרט! עפּשער האָסטו נישט גוט אַכטונג געגעבנ.

— מאַמעשי, — פרעגט אַמאָל מיריאָמ, — פאַרוואָס האַלט עס זאָרעכ אַזוי פאַר גרינג? ער לאַכט אפילע, אַז איכ וואַרפ אימ די שליסעלעכ?

— אנ אוולע, א גרויסע זינד! — זאָגט די מאַמע. — נאָר א מאַנספאַרשוינ איז שוינ בעטצווע אַזוי... מישטיינס-געזאָגט, זיי ווייסנ דענ... אונ וואָס האָט אַזוינער מוירע? ער כאַפּט אַמאָל אַרײַנ א פּיירעק מישנײַעס, ווערנ אימ זעקס בלאַט כאַטאָימ אויסגעמעקט פונ בוכ! אונ ווענ איז זייער יאָמ-האַדינ? איינ מאָל אינ יאָר — יאָמימ-נויראָימ... אָבער אנ אישע, נעבעכ, א שעאָסאַני קירצווינוי, דאָס איז ווי אינדיטשקעס! א ליאַדע וואָס, איז אַפּ זיי, ראַכמאָנעליצלאַנ, א פּעגירע! הײַנט זע, בעשאַסנ טראָגנ, בעשאַסנ האָבנ — דעמלט הענגט דאָכ יאָ די נעשאָמע אַפּ א האָר! סאַמע יאָמימ-נויראָימ! אונ וואָס, מישטיינס-געזאָגט, זאָל אונדז מאַצל זײַנ? דאָס טײַטשכומעש!.. א קאַטאָוועס, א מענטש אָנ ציצעס... אינגאַנצנ דרײַ מיצוועס: כאַלע, נידע, האַדלאָקאַס-האַנייר... מיט כאַלע איז נאָכ נישט אַזוי געפערלעכ! מע קאָנ נאָכ יויצע זײַנ! האַדלאָקאַס-האַנייר אויכ... פרײַטיק צווועלפנ, מאַכט מענ שאַבעס... אָבער יענצ... עס איז זיכ דענ גאָר צו דערהיטנ?

— אַז דײַנ אויג, — זאָגט זי, — קוקט אַפּ דעמ אייגענעמ אָרט, ווי זײַנ אויג, אַז דײַנ הויכ טרעפט זיכ צוזאַמענ מיט זײַנ אָטעמ, — שויג! לילים כאַפּט דאָס שוינ אופ, זי קריגט שוינ שליטע, זי פליט אַרופ גלײַכ צומ קיסײ-האַקאָוועד, מיטנ הויכ, מיטנ בליק, מאַכט דערפונ אנ אייסעק! באַלד הייבנ אָנ שטאַרבנ יוילדויס... קליינע קינדער...

און מיריאַם האָט זיך געפֿילט זינדיק פֿאַר גאָט פֿאַר אַ סך אַזוי־נע „בליקן" מיט „הויכן"... נאָך אַזאַ הויך אָדער אַזאַ בליק האָט זי נעכט נישט געשלאָפֿן פֿאַר פּחד, איר נשמה זאָל נישט אַרופֿליען און אַליין אָנשרײַבן אין בוך!..

איינמאָל איז געקומען אין שטעטל אַרײַן דער אָקרוזשנאָי סוד. מע איז געלאָפֿן אָפּ זײַן וווּנדער. מיריאַם איז איינמאָל אויך געגאַנגען זען: עס איז געוועזן באַלד נאָך דער כאַסענע — גלוסטן זיך אַזוינע זאַכן. האָט זי געזען דרײַ סודיאַס, אַ פּראָקוראָר, אַ סעקרעטאַר און איינעם, וואָס מע האָט געמישפּעט... אין וואָס עס גייט, האָט זי נישט פֿאַרשטאַנען, נאָר דערנאָך, אַז מע האָט אויסגערופֿן: קאַטאָרגע, האָט זיך דער פֿאַרמישפּעטער אַ וואָרף געטאָן אָפּ דער ערד, געלײַך אַ דונער האָט אים דערשלאָגן... פֿון דעמאָלט אָן האָט זי נאָך מער פֿאַכעד פֿאַרן בעסדן־שעל־מײַלע! דאָ האָט זיך דער פּראָקוראָר אַ ביסל געזיקעט; דאָרט וועט ריידן דער סאָטן! מיט שוואַרץ פֿײַער וועט ער שיטן, קאָ־כנדיקער פּעך וועט זיך אים גיסן פֿון מויל... און וואָס, קאַטאָרגע? דאָרט רופֿט מען אויס: קאַף האַקעלאַ, בראָטן הייסט מען און ברענען!

„ווי וועט עס דעמאָלט באַלעשן די נעשאָמע!" טראַכט מיריאַם, און עס ווערט איר קאַלט אין אַלע אייוורים, אין האַרץ הייבט אָן שטעכן ווי מיט נאָדלען!

פֿון דעם אַלעם ווייסט נישט זאָרעך. אַז ער איז דאָ אין שטוב, שווײַגט די מוטער. דעמאָלט איז מיריאַם לוסטיק און פֿריילעך. גאָר אַן אַנדער מענטש...

ווען אָבער איז ער אין שטוב? פֿרײַטיק פֿאַרנאַכט, שאַבעס... אַ גאַנצע וואָך האָט ער דאָך זײַן מיסכער! מוז ער דאָך זײַן אין גאַס...

באַנאַכט האָט מען אויך נישט קיין רו... די לאַנגע סערל שלאָפֿט נישט האַלבע נעכט. קריכט אַרום, גייט אויף און אָפּ, לייענט הויך די לאַנגע קרישמע מיטן גאַנצן אַלכעט... זאָרעך קריצט טיילמאָל מיט די

ציינ, דאָכ מוז ער שוויַגנ. ער האָט אמאָל דער שוויגער א שלעכט וואָרט געזאָגט, האָט זיכ מיריאָמ די אויגנ אויסגעוויינט! מער וועט ער די נארישקייַט ניט טאָנ... די ציינ קריצנ, נאָר שוויַגנ מוז מענ.

פונ דער שוויגערס מוסער-זאָגנ האָט ער גאָרנישט געוווסט; ער זעט, אז מיריאָמ ווערט וואָס אמאָל שוואכער, בלאסער, אז זי כאפּט זיכ וואָס אמאָל אָפּטער אָנ בא דער ברוסט, אָטעמ פארפעלט איר... אונ ער שמייכלט! ער האָפט אפ נאכעס! טיילמאָל פאלט אימ אייַנ, אז מע וואָלט געדארפט עפּשער רופנ א דאָקטער. ער טוט עס דאָכ נישט, אונ ברענגט עס נישט איבער די ליפּנ פאר מוירע, ער זאָל זי נישט איבער-שרעקנ... זייַט א קורצע צייַט שרעקט זי זיכ אלצ אינייַנעמ. נאכט אפ נאכט שרעקט זי זיכ. א קאצ לאָזט זיכ הערנ פונ דאכ, א הונט גיט א ביל אינ גאס,— עמעצ קלאפּט ערגעצ אינ א טיר, א ליאדע שאָרכ שרעקט זי, זי לאָזט ארויס א געשריי אונ בלייַבט ליגנ פארציטערט, האלב פארכאלעשט... ברענג איר א דאָקטער, פאלט זי בעעמעס, כאס-ווע שאָלעמ, אריַינ אינ א קרענק.

אָפּט מאכט זיכ דערפונ א שמועס.

— וואָס איז דיר, מיריאָמ-לעב, וואָס פעלט דיר?

— מיר,— ענטפערט מיריאָמ מיט א בלאסנ שמייכל אפ די ליפּנ,— מיר? אז דו ביסט נאָר דאָ אינ שטוב, איז מיר וויל ווי די וועלט! מע זאָל אונדז נאָר קיינ אייַנאָרע נישט געבנ!

זי ציטערט פאר אנ אייַנאָרע; מע האָט זי דענ נישט מיט וואָס מעקאנע צו זייַנ! אז זאָרעכ דרימלט אייַנ שאבעס נאָכנ עסנ, גייט זי גאנצ אָפּט שטילערהייט צו אונ בלאָזט אפ אימ; עס איז זומער, דאָס פענצטער איז אָפנ, א קאשע אפ א מייַסע? עמעצ גייט דורכ אונ ווארפט ארייַנ אנ אייַנאָרע, עס דאכט זיכ איר, אז מע מוז זי מעקאנע זייַנ, אז עס איז קיינ שענערער, קיינ באשמעקטערער מענטש אפ דער וועלט נישטאָ! קרוינפּוילנ אויסצופאָרנ!

ווער שמועסט, טראכט זי, ער זאָל נאָך זײַן אָפּגעהיט אין יע-נע זאכן! א ביסל מער אָפּגעהיט!.. נאָר, ווײַטער דאָס אייגענע, ער איז דאָך, ווי די מוטער זאָגט, א מאַנסּפּאַרשוין, ער האָט גאַנצע טאַריאַג מיצוועס... איז ד אָ ס בא אים גאָר קיין יזכעס נישט...

זאָרעך מיינט, אז עס מוז איר פּאָרט עפּעס זײַן, נאָר זי לייקנט שטייף און פיין: „וואָלט ער נאָר אין דער היים געוועזן... שטענדיק אין דער היים"...

ער הערט און שמייכלט; די עמעסע קאַוואָנע פון די רייד פאַר-שטייט ער אָבער ניט; און זי וועט קיינמאָל נישט פאַרמאַסערן די מאַ-מען. ער וועט קיינמאָל נישט וויסן, וואָס זי לײַדט, ווען ער איז נישטאָ...

אצינד אָבער פאלט צו שאבעס... אצינד מעג זאָרעך גיין... זאָל ער גיין דאַווענען... שאבעס האָט זי פאר דער מוטער קיין מוירע נישט; שאבעס זאָגט זי קיין מוסער נישט... שאבעס „איז די מאמע א ווילע מאמע"!

— מיריאָם-לעב, — מאכט זי צו איר, אז זאָרעך איז אַרויסגעגאַנ-גען,— הײַנט איז שאבעס, פּוץ דיך אָפּ, טו דיר אָן א קליידל... אז דײַן מאַן וועט נאָכן דאַווענען קומען מיט די מאַלאָכים אין שטוב אַרײַן, זאָלסטו אים אקעגן לויפן מיט אַלעם גוטן, פאר דעם וועסטו זוכע זײַן...

— ...א גראָבן קוש פון זאָרעכן — ענדיקט מיריאָם מיט א גע-לעכטער.

דער מוטער געפעלט אפילע נישט דער אויספיר, עס איז דאָך אָבער שאבעס, שאבעס-לעב, און זי וועט קיין בייז וואָרט נישט ריידן. זי נעמט זיך צום טײַטשכומעש, טוט אָן א פּאָר גרויסע ברילן און לייענט.

מיריאָם הערט זיך אײַן. אָפּט הערט זי מיטן גאַנצן האַרצן. טייל מײַסעס געפעלן איר זייער. זי צעלאכט זיך, אז עס קלינגט ווי א זיל-

בערנ גלעקל, ווענ דאָס יזנגל אווראָהאָמ, וואָס האָט צעהאקט דעמ אלטנ טערעכס שטיינערנע געטער, זאָגט דעמ אלטנ: אז דאָס האָט דער גרעסטער פונ זיי געכאפט דעמ האמער אונ צעהאקט אלע קלײנע; דאָס הארצ ציטערט איר פאר שרעק, יזצחאָק זאָל נישט דערקענענ, אז דאָס „מאָלצײַט" דערלאנגט אימ יאנקעוו, נישט אײסעוו; טרערנ קומענ איר אינ די אויגנ ארײַנ, ווענ יאנקעוו טרעפט זיכ מיט ראָכלענ בא דעמ ברונעמ; לאָווענעכ איז זי א סוינע אפנ לעבנ, פארוואָס ער האָט יאנקעוונ גענארט. ווענ עמעצ, לעמאָשל, נארט אזוי אָפּ זאָרעכנ... ברר! עס ווערט איר קאלט אינ אלע אייוורימ. פאר דאָס, שפּעטער, אז יאנקעוו קריגט ביידע: אי לייענ אי ראָכלענ, ווערט זי רוזקער; זי ווייסט דאָכ, אז עס איז געווענ פארנ כיירעמ דערארביינע גײרשוימ...

הײַנט גייט די סעדרע טרומע; מע ברענגט דאָס אונ יענצ צומ מישקנ... דאָס אינטערעסירט זי ווייניקער... זי איז מיד אונ שלעפעריק.

דאָס קעפל צעוויגט זיכ, די ברעמענ פאלנ צו, זי דרימלט אײַנ... א גוטער, כײנעוודיקער שמייכל באווײַזט זיכ איר אפנ בלאסנ פּאָנעמ... עס הייבט זיכ אָנ צו רויטלענ... נאָר עס וועקט זי דער מוטערס שטימע:

— מיריאָמ!

— וואָס, מאמעשי, איכ הער...

— נישט דאָס מײנ איכ...

— וואָס דענ, מאמעשי?

— לויט מײַנ רעכענונג איז הײַנט... פארשטייסט, טאָכטערשי, איז הײַנט די צײַט...

— נאָכ נישט, מאמעשי!

— גיב נאָר גוט אכטונג, טאָכטער!

מיריאָמ דרימלט ווײַטער אײַנ; די זעלבע זילבערנע שיסל מיט די זילבערנע לעפל, אונ די מוטער וועקט זי ווײַטער.

— זיכער — נאָך נישט?

לײדער איז שוין געװען „שוין"...

— א שאָד! — מאַכט סערל. — א פאַרשטערטער שאַבעס.

זי זיפצט אָפּ און פאַרטיפט זיך צוריק אין טײַטשכומעש... װײַטער נעסײַמ, שיסל, לעפל... מיריאָם דרימלט װײַטער אײַן, נאָר דאָס פּאָ-נעם רױטלט זיך נישט, קײן שמײכל צירט נישט די פײַנע ליפּן...

אין דער צײַט האָט זאָרעך אָפּגעדאַװנט, און כאַפּט זיך שטילער-הײט אַרױס פון בעסמעדרעש, עס זאָל אים קײנער נישט פאַרהאַלטן. ער לױפט איבער דער גאַס...

אַז ער קומט צו דער טיר, שטעלט ער זיך אָפּ. ער הערט זיך אײַן, װאָס אין שטוב טוט זיך... די שװיגער לײענט... מיריאָם זיצט אװאַדע און הערט, שטאַרק פאַרנומען װי געװײנלעך. ער װיל זי איבעראַשן.

שטיל עפנט ער די טיר... די שװיגער הערט נישט, מיריאָם שלאָפט.

מיט אײן שפּרונג איז ער בא איר און ער קושט זי באַם „גוט-שאַבעס!"...

— פּױשע בעעלױהײ יִסראָעל! — גיט סערל א געשרײ.

עס האָט לאַנג געדױערט, אײדער מע האָט די פאַרציטערטע מיריאָם דערמינטערט.

עס איז געװען א פאַרשטערטער שאַבעס.

*1892*



# א קאס פונ א יידענע



אָס קליינע שטיבל איז פארכוישעכט, ווי אינ אים דער דאלעס, אפ וועלכנ עס וויינענ אלע פיר ווענט... אינעם אָפּגעריסענעם סופיט שטעקט א האקנ — א יאָסעם נאָכ א געוועזענעם הענגלײַכטער. דער גרויסער, אָפּגעשיילטער אויוונ איז „ארומגעגארטלט בא די לענדנ’’ מיט א גראָבנ זאק, שטייט איבערגעבויגנ אינ א זײַט, אונ קוקט אריבער צו זײַנ פינצטערנ שאָכנ — צום ליידיקנ שווארצנ קוימענ, אפ וועלכנ עס ליגט אנ איבערגעדרייטער טאָפּ מיט אנ אָנגעברענטנ ראנד, אונ אינ א זײַט, אנ „אָלעוואשאָלעמ’’, א צעבראָכענער לעפל. דער בלעכענער גיבער האָט געהאט אנ ערלעכנ טויט: ער איז געפאלנ אינ דער מילכאָמע מיט אויסגעדארטער, אײַנגעשפּארטער, נעכטיקער קאשע!

דאָס שטיבל איז איבערגעפילט מיט קיילים; עס שטייט א הימלבעט, פארהאנגענ מיט צעריסענע פאָרהענגלעכ... דורכ די לעכער קוקט

אַרום דאָס בעטגעוואַנט, אַן ציכעלעכ, מיט רויטע פאַרפעדערטע אויגן. עס שטייט א וויגל, פון וועלכנ עס שײַנט אַרויס א גרויס געלבלעכ קעפּל פון א שלאָפנדיק קינד... עס שטייט א קאַסטן, באַשלאָגנ מיט בלעכ, מיט אַן אָפענעם הענגשלאָס,— עס מוז שוינ דאָרט קיינ גרויס אַשירעס נישט זײַנ,— עס שטייט נאָכ א טיש מיט דרײַ בענקלעכ; דאָס הילצערנע מעבל איז אַמאָל רויט געפאַרבט געווענ, הײַנט איז עס טונקל ברודיק... רעכנט נאָכ צו: א שאַפ, א פּאָמיעס-שאַפ, א פּאַס וואַסער, א קאָטשובע מיט א לאָפּעטע, וועט איר פאַרשטיינ, אַז מ'קענ שוינ אינ שטיבל פון דאַלעד אַל דאַלעד קיינ שפּילקע נישט אַרײַנוואַרפנ...

אונ דאָכ זײַנענ דאָ: אַן ע ר אונ א ז י.

זי — א ייִדענע אינ די מיטעלע יאָרנ — זיצט אַפנ קאַסטנ, וואָס פילט אויס דעמ אָרט צווישנ הימל-בעט אונ דער וויג.

זי האָט רעכטס דאָס אײנציקע, קליינע, פאַרגרינטע פענצטער; לינקס — דעמ טיש. זי אַרבעט א זאָק, שאָקלט צו דאָס וויגל מיטנ פוס אונ הערט זיכ אײַנ, ווי ע ר לערנט באַמ טיש. אונ ער לערנט מיט א זינגענדיק-וואָלאַכיש-וויינענדיק קאָל. ער לערנט אונ באַוועגט זיכ אומרויִק, אָפּגעריסנ אונ נערוועז. טייל ווערטער שלינגט ער, טייל ציט ער, טייל כאַפּט ער, טייל היפּערט ער איבער; טייל אַקצענטירט ער אונ דריקט אויס מיט ליבשאַפט, טייל שיט ער גלײַכגילטיק אַרויס, ווי אַרבעס פון א זאַק; דערבײַ רוט ער נישט א רעגע: דאָ כאַפּט ער אַרויס פון קעשענע אַן אַמאָל רויט אונ גאַנצ געוועזענע פאַטשיילע, ווישט זיכ די נאָז, דעמ שווייס פון פּאָנעמ אונ שטערנ, באַלד לאָזט ער זי אַראָפּ אַפנ שויס אונ כאַפּט זיכ קרײַזלענ די פּייעס, צופּנ דאָס שפּיציקע, ערטערווײַז קוימ גרויִלעכע, בערדל... אָט באַהאַלט ער אַן אויסגעצופּטע האָר אינ סייפער אַרײַנ אונ הייבט זיכ אָנ פּאַטשנ אַפ דער קני, די הענט דערפילנ דערווײַל די פאַטשיילע, כאַפּנ זי אונ וואַרפנ א

שפּיץ אין מויל אַרײַן; ער בײַסט, וואַרפט איבער איין פוס אפן צווייטן און טוישט אַלע מינוט די פיס.

בא דער גאַנצער צײַט קנייטשט זיך אים זײַן בלאַסער שטערן אין דער לענג און אין דער ברייט. עס קנייטשט זיך אויס א קאַמעץ אי-בער דער נאָז. די לאַנגע ברעמען ווערן, אונטער דער איבערגעלייגטער הויט פון שטערן, קימאַט פאַרלוירן. דערווײַל גיט אים, דאַכט זיך, עפּעס א שטאָך אין דער ברוסט; כאַפּט ער און דערלאַנגט זיך מיט דער רעכטער האַנט אפ דער לינקער זײַט אן „אַלבעט"... ראַפּטום פאַר-לייגט ער דעם קאָפּ לינקס, דריקט צו מיט א פינגער די לינקע זײַט נאָז, מאַכט מיט דער רעכטער זײַט א קינסטלעכע פאָנטאַנע, וואַרפט איבער דעם קאָפּ רעכטס, די פאָנטאַנע שפּריצט פון דער לינקער זײַט נאָז!.. אינמיטן כאַפּט ער א שמעק-טאַבאַק, צעהוידערט זיך בעסער, דאָס קאָל קלינגט, דאָס בענקל קנאַקט, עס רודערט דער טיש!

דאָס קינד וועקט זיך נישט; עס איז געוווינט צו דער מוזיק.

און זי, דאָס יונגערהייט אײַנגעשרומפּענע ווײַב, זיצט און שעפּט נאַכעס פון מאַן. זי לאָזט פון אים קיין אויג נישט אַראָפּ; איר אויער פאַרלירט קיין איינציקן טאָן פון זײַן מויל... אמאָל זיפצט זי: ער זאָל אזוי, טראַכט זי, טויגן צו ד ע ר וועלט ווי צו י ע נ ע ר, וואָלט איר דאָ אויך ווויל און ליכטיק געווען... דאָ אויך...

— „מאַ! — טרייסט זי זיך — ווער שמועסט פון א קאָווער! נישט יעדער איז זוכע צו ביידע טישן".

זי הערט זיך אײַן... איר אײַנגעשרומפּן פּאָנעם ענדערט זיך, דאָס אויך וואָס אמאָל; זי איז אויך נערוועז:

ערשט איז דערוף אויסגעגאָסן געווען א ווילדע האַנאָע; אזויפיל נאַכעס האָט זי פון זײַן טוירע געשעפּט... דערמאָנט זי זיך, אז הײַנט איז דאָך שוין דאָנערשטיק, אז עס איז דאָך קיין דרײַער אפ שאַבעס נישטאָ, און דאָס גאַניידן-ליכט אפן פּאָנעם ווערט וואָס אמאָל טונ-

קעלער און טונקעלער, ביז דער שמייכל פארשווינדט פון גאנצן פּאָ-נעם... דערנאָך וואַרפט זי אַ בליק דורכן פארגרינטן פענצטער, קוקט אַף דער זון: עס מוז שוין זיין שפּעט און עס איז נאָך אין שטוב קיין לעפל וואַרעמס וואַסער נישטאָ, — און די שפּיזלעך בלייבן איר שטיין אין דער האַנט, אַ טונקעלער שאָטן האָט שוין דאָס פּאָנעם באַדעקט. זי וואַרפט אַן אויג אַפן קינד: עס שלאָפט שוין אומרויק, עס וועט זיך באַלד אופכאַפּן, עס איז פאַרן קראַנקן קינד קיין טראָפּן מילך נישטאָ — און פון שאָטן איז שוין אַ וואָלקן געוואָרן, די שפּיזלעך הייבן אָן אין דער האַנט צו ציטערן, צו וואַרפן זיך...

און אַז זי דערמאָנט זיך נאָך, אַז, אויסער דעם, גייט צו פּייסעך... אַז די אוירינגלעך מיט די בענטשליכטער זיינען פאַרזעצט, דער קאַסטן — לער, דער ענגליכטער — פאַרקויפט, הייבן אָן די שפּיז-לעך גאָר מערדעריש טאַנצן, דער וואָלקן אַפן פּאָנעם ווערט טונקל-בלוי, אָנגעלאָדן... אין די קליינע, גרויע אויגן, וואָס מע זעט קוים אַרויס פון אונטערן טיכל אַפן קאָפּ, באַווייזן זיך — בליצן!

ער זיצט נאָך אַלץ און לערנט: ער באַמערקט נישט, אַז עס מאַכט זיך אַ געוויטער, אַז עס ווערט אַלעמאָל געפערלעכער... אַז זי לאָזט אַרויס דעם זאָק מיט די שפּיזלעך פון דער האַנט און הייבט אָן קנאַקן די אויסגעדאַרטע פינגער, אַז זי קנייטשט איין דעם שטערן פאַר ווייטעק, איין אויג ווערט צוגעמאַכט און דאָס צווייטע קוקט אַף אים מע-סער-שפּיציק, אַפן מאַן, דעם לאַמדן, אַז עס וואָלט אים, ווען ער זאָל עס זען, קיל געוואָרן אין אַלע אייווערים; דאָך ער זעט נישט, ווי אירע בלויע ליפּן ציטערן, ווי די גאָמבע ציטערט, ווי עס קלאַפּט איר אַ צאָן אָן אַ צאָן... ווי זי האַלט זיך איין מיט אַלע קויכעס, נישט אויסצו-ברעכן... ווי דער דונער רייסט זיך און רייסט, און עס דאַרף נאָר אַ קלייניקייט, ער זאָל אַרויס פון מויל.

דאָס קלייניקייט האָט זיך געטראָפן:

ער לערנט און זאָגט „שמע מיניה — — — תלת...“ און טײַטשט זיך אויס בענימעס: „איז דאָך פונדאַנען געדרונגען...“ ער וויל זאָגן: הרײַ — נאָר דאָס וואָרט „געדרונגען“ איז שוין געווען גענוג... אָן דעם וואָרט האָט זיך אָנגעכאַפּט דאָס פאַרביטערטע האַרץ, דאָס איז געוועזן דער פונקט צום פּולווער!

איר שטאַרקער ווילן פּלאַצט. דאָס אומגליקלעכע וואָרט האָט גע-עפנט אַלע פאַרהאַמערטע טויערן, אופגעהאַקט אַלע ריגלען... אויסער זיך איז זי צוגעשפּרונגען צום מאַן מיט פּיאַנע אין מויל, מיט נעגל אין פּאַנעם אַרײַן.

— געדרונגען, זאָגסטו, געדרונגען? אוי! אַ דרינגעניש זאָל אַפּ דיר קומען, ריבוינעשעלוילעם! — האָט זי אויסגעשרײַען מיט אַ הײ-זעריק קאָל פאַר קאַס. — אַ דרינגעניש, ריבוינעשעלוילעם! יאָ! יאָ! — האָט זי ווײַטער מיט אַ שלאַנגען-קאָל געסיטשעט: פאַר פּייסעך... דאָ-נערשטיק... ס'קינד קראַנק... קיין טראָפּן מילך! האַ!

עס פאַרפעלט איר אָטעם, די אײַנגעפאַלענע ברוסט שלאָגט פּאַ-ליעס, פון די אויגן יאָגן בליצן.

ער בלײַבט ווי פאַרשטיינערט. בלייך איז ער אופגעשפּרונגען פון בענקל, אָן אָטעם פאַר שרעק, און האָט זיך הינטערווײַלעכס געריקט צו דער טיר.

זיי שטייען איינס קעגן אַנדערן און קוקן זיך אָן: ער מיט גלע-זערנע אויגן פאַר שרעק, זי — מיט ברענענדיקע — פאַר קאַס... ער באַמערקט דאָך באַלד, אַז זי האָט פאַר קאַס קיין שליטע נישט, נישט איבער דער צונג, נישט איבער די הענט, די אויגן ווערן אים אַלעמאָל קלענער; ער כאַפּט אָן עק פאַטשיילע אין מויל אַרײַן, רוקט זיך נאָך אַ ביסל אָפּ, אָטעמט טיפער אָפּ און מורמלט:

— הער, דו, אישע... ווייסטו, וואָס איז ביטל-טוירע, נישט לאָזן דײַן מאַן לערנען, האַ? אַלץ פּאַרנאָסע, האַ? און ווער גיט דעם פּיי-

געלע! אלצ נישט גליבנ אינ גאָט! אלצ יעיצערהאָרע, אלצ נאָר די וועלט... נארישע אישע... מארשאס! נישט לאָזנ לערנענ א מאנ... דער־פאר קומט גענעמ...

אז זי ענטפערט נישט, ווערט ער שטארקער בא זיכ! איר פּאָנעמ ווערט בלייכער אונ בלייכער, זי ציטערט אלעמאָל מער, אונ וואָס מער זי ציטערט אונ ווערט בלייכער — פעסטער אונ ראשער ווערט זײַנ קאָל:

— גענעמ! פײַער! הענגענ אפ דער צונג! ארבע מיסעס בעסדנ!

זי שווײַגט, דאָס פּאָנעמ אירס איז שוינ ווי א קרײַד.

ער פילט, אז ער טוט נישט גלײַכ, אז ער דארפ זי נישט אזוי קרענ־קענ, אז ער רעדט נישט ערלעכ; נאָר אײַנהאלטנ קענ ער זיכ שוינ נישט. אלעס שלעכטע, וואָס ער האָט ביז אהער אינ זיכ געהאט, שיט זיכ אימ ארויס, ער קענ עס נישט אײַנהאלטנ.

— ווייסט וואָס טײַטש? — גייט זײַנ קאָל איבער ווי אינ א בייזנ דונער: סקילע — דאָס הייסט: ווארפנ אינ גרוב ארײַנ אונ פארשיטנ מיט שטיינער! סריפע, — פירט ער ווײַטער אונ וווּנדערט זיכ אליינ אפ זײַנ האָזע, — סריפע, דאָס הייסט: ארײַנגיסנ אינ די געדערימ א לעפל הייס-קאָכנדיק-זידנדיק בלײַ! הערעג איז בסיף... דאָס הייסט: מע האקט אָפ דעמ קאָפ מיט א שווערד... אָט אזוי! — אונ ער מאכט א באוועגונג מיט דער האנט ארומ האלדז. הײַנט — חנק... ווערגנ... הערסט — ווערגנ! פארשטייסט — ביטל-טוירע! אלצ פאר ביטל-טוירע!

דאָס הארצ טוט אימ שוינ ווי פאר ראכמאָנעס אפ זײַנ קאָרבנ, נאָר עס איז אימ דאָס ערשטע מאָל, ער זאָל אזוי גויווער זײַנ... עס פארשיקערט אימ! אזא נארישע יידענע! ער האָט ביז אהער גאָר נישט געוווּסט, אז מע קענ זי אזוי איבערשרעקנ.

— אָט דאָס איז ביטל-טוירע! — שרײַט ער ענדלעך אויס. ער האקט דאָך אָפּ, זי קען דאָך צו-זיך קומען און כאַפּן אַ בעזעם! ער שפּרינגט צוריק צו צום טיש, פאַרמאַכט די געמאָרע און לויפט אַרויס...

— אין בעסמעדרעש אַרײַן גיי איך! — שרײַט ער איר צו, שוין מיט אַ ווייכערער שטימע, און פאַרמאַכט נאָך זיך די טיר.

דאָס געשריי מיטן קלאַפּ פון דער טיר האָט אויפגעוועקט דאָס קרענקלעכע קינד. עס הייבט לאַנגזאַם אויף די שווערע ברעמען, דאָס וועקסן-געל פּנעם פאַרקרימט זיך, און עס הייבט אָן צו פּיפּן אונטערן געשוואָלענעם כעזל. נאָר זי שטייט אַלץ אויף איר אָרט, אויסער זיך, ווי פאַרשטיינערט, און הערט נישט דעם קינדס קאָל.

— האַ! — רײַסט זיך איר ענדלעך אַ הייזעריק קאָל פון דער פאַר-ענגטער ברוסט אַרויס,— אַזוי — נישט ד י וועלט, נישט י ע נ ע וועלט... הענגען — זאָגט ער, ווערגן — זאָגט ער, הייסע סמאָלע, בלײַ — זאָגט ער! ביטל-טוירע!

— גאָרנישט... מ י ר גאָרנישט... — העשעט איר אין צעריסענעם האַרץ: דאָ הונגער... אָן אַ קלייד... אָן בעטשלײַכטער... אַלץ נישט... דאָס קינד הונגעריק... קיין טראָפּן מילך... און דאָרט — הענגען... הענגען אויף דער צונג... ביטל-טוירע — זאָגט ער.

— הענגען... כאַ! כאַ! — רײַסט זיך ראַפּטום אויס איר פאַר-צווייפלט קאָל... — הענגען, יאָ, נאָר דאָ! דאָ — באַלד! אַלציינס! נאָך וואָס וואַרטן?

דאָס קינד הייבט אָן העכער צו וויינען, נאָר זי הערט אַלץ נישט.

— אַ שטריק! אַ שטריק! — שרײַט זי אויסער זיך, און זוכט מיט פאַרבלאָנדזשעטע אויגן אַ שטריק אין אַלע ווינקעלעך.

— אַ שטריק ווו נעמט מען? זאָל ער שוין מײַן געביין דאָ נישט טרעפן! לאָמיך כאָטש ד אָ ס געניעס פּאָטער ווערן! זאָל ער וויסן! זאָל



ער זײַנ א מאמע! זאָל ער! א קאפּאָרע בינ איכ! א מאלכאמאָוועס! אנ עק! אנ עק זאָל זײַנ! א שטריק!

אונ דאָס לעצטע וואָרט רײַסט זיכ איר פונ האלדז ארויס, ווי א רופ אפ הילפ בא א סרייפע.

זי דערמאָנט זיכ, אז עס ליגט ערגעצ א שטריק... יאָ, אונטערנ אויוונ... מע האָט געזאָלט אפנ ווינטער דעמ אויוונ איבערבינדנ, זי מוז נאָכ דאָרט ליגנ...

זי לויפט צו אונ געפינט די שטריק: א פרייד — זי האָט געפונענ דעמ אויצער! זי ווארפט אנ אויג אפנ סופיט — דער האקנ זיצט... זי דארפ נאָר אפנ טיש ארופ.

זי שפרינגט ארופ —

נאָר פונ דער הייכ דערזעט זי, אז דאָס דערשראָקענע, פארכאלעשטע קינד איז אופגעזעצט, עס בייגט זיכ איבערנ וויגל; עס וויל ארויס! אָט, אָט, פאלט עס ארויס...

— מאמע! — האָט דאָס קינד קוימ אויסגעריסנ פונ שוואכנ העלדזל.

עס כאפט זי אָנ א נייַער קאס.

זי ווארפט אוועק די שטריק, שפרינגט אראָפ פונ טיש, לויפט צו צומ קינד, אונ ווארפט אימ דאָס קעפל אפנ קישנ צוריק, שרייַענדיק:

— מאמזער! אפילע הענגענ לאָזט עס מיכ נישט! אפילע נישט הענגענ בעשאָלעמ! עס וויל שוינ צײנ... צײנ וויל עס... אָ! סאמ וועסטו צײנ פונ דער ברוסט! סאמ!

— נא, פרעסער, נא! — שרייַט זי אויס אינ איינ אָטעמ, אונ שטופט דעמ קינד די אויסגעדארטע ברוסט אינ מויל ארייַנ:

— נא, צי, בייַס!..

*1893*

# דאָס שטרײַמל



ײַן בין איך אַ קירזשנער, נאָר דעריקער — אַ שטרײַמל־מאַכער. עמעס איז, אַז דאָסראָוו פּאַרנאָסע האָב איך פֿון פֿויערשע סיערמיענגעס און טרעגער־פּעלצלעך.

עס פֿאַלט אויך אַמאָל אַרײַן לייב מילנער מיטן שאָפּן־פּעלץ...

עמעס איז, אַז אַ שטרײַמל טרעפֿט זיך זעלטן, זייער זעלטן: דען — ווער טראָגט הײַנט אַ שטרײַמל? אַ ראָוו! און אַ שטרײַמל לעבט אים שטענדיק איבער...

אויך איז עמעס, אַז ווען עס טרעפֿט זיך שוין אַ שטרײַמל, מאַך איך עס ערשט אומזיסט, אָדער האַלב אומזיסט. לעכאָלאָפּאָכעם — לייג איך מײַן אַרבעט צו. דאָס אַלעס בין איך מוידע, און דאָך בין איך דעריקער אַ שטרײַמל־מאַכער, ווײַל אַ שטרײַמל האָב איך ליב צו מאַכן!

אז עס קומט מיר אין די הענט אריין, איז „אכריי בלויסי" — פיל איך ערשט, וואָס איך בין און וואָס איך קאָן!

פון וואָס דען — זאָגט אליין — זאָל איך האנאָע האָבן?

איך פלעג אמאָל נאכעס האָבן פון פויערשע סיערמיענגעס...

ערשטנס, פארוואָס נישט?

צווייטנס, האָב איך מיר געטראכט: „דאָס פויערל גיט אונדז ברויט, ער ארבעט זומער אזוי שווער און ביטער, און איך קאָן אים נישט שיצן פאר דער זון, וועל איך כאָטש ווינטער, ווען ער רוט, אים אָפּ-היטן פון קעלט!"

און, דריטנס, האָב איך געהאט א פיין לידעלע דערצו!

א יונגערמאן בין איך געווען, א קאָל האָב איך געהאט ווי א גלאָק, און איך פלעג נייען און זינגען:

שטעכ, נאָדל, שטעכ,
א לעדער, ווי א בלעכ,
א פוטער, ווי א בארשט!
ס'מאכט זיך א סיערמיענגע פיין,
ס'וועט דעם פויערל ווארעם זיין...
מיריאָם-לעב, מיך דארשט!

און אזוי ווייטער! נאָך עטלעכע סטראָפן... און דאָס גאנצע לידל, פארשטייט זיך, איז נאָר געמאכט געוואָרן פארן „מיימער-האמוס-גערס" וועגן, עס זאָל אויסקומען דער — „מיריאָם-לעב, מיך דארשט!"

ווייל איר מוזט וויסן, אז די היינטיקע אישע-צנוע מאראס מיריאָם-דוואָשע איז דעמלט נאָך קיין גאבעטע נישט געווען; זי האָט מיך נישט גערופן, ווי היינט, „בערל קאָלבאס", נאָר „בערעלע", און איך פלעג זי רופן „מיריאָם-לעב!" עס איז, באאווינוויסיינו-האראבים, גע-

ווען א גרוים ליבשאפט צווישן אונדז, און קוים האט זי דערהערט דעם „מײַמער-האמוסגער“ — אז מיך דאַרשט, האט זי מיר באלד דערלאנגט א ביסל ווײַנשל-שנאפּס! שנאפּס האט א גרויסע פּולע אפּן קויעב-האדאם, און איך פלעג זי טאקע טאַכ-קעדיי-דיבער אָנכאפּן באם קלייד, דערלאנגען א ברענענדיקן קוש אין די רויטע קירשן ארײַן... און דאָפּלט דערפרישט, נעמען זיך צוריק צו דער סיערמיענגע!

הײַנט — אוים קירשן!

א י ך היים „בערל קאַלבאס“, ז י „מיריאַם-דוואַשע“...

אויך ביך איך געוואָר געוואָרן, אז ערד איז דאָ וויניק, פּויערים — א סאך... מע זאָגט: צופיל... אז די „איבעריקע“ פּויערים לײַדן הונ-גער; אז אפילע פון זעקס מאָרג ערד קאָן מען אויך נישט לעבן, אז ווינטער, דעריבער, רוט דאָס פּויערל נישט.

עס גייט ערשט א „זוואָזקע!“

א שיינע רו האט ער עס ווינטער! גאנצע טעג און נעכט פּירט ער ווייץ אין לייבלס מיל ארײַן!

וואָס קלערט איר? איך קאָן א סאך נאכעס האָבן, אז מײַן סיער-מיענגע, מײַן פּראצע, ווערט א גאנצן ווינטער אויסגעוויקט, נאָכ-קריכנדיק א פּאָר פּעגירעשע פערד, וואָס שלעפּן לייבל מילנערס טווּע פאר 13 גראָשן פּער זאק, פאר פינף מײַל וועגס!

פּיש! און וואָס האָב איך פאר א נאכעס פון א טרעגער-פּעלצל?

א גאנצן ווינטער טראָגט עס זעק מיט מעל אין לייבל מילנערס מיל ארײַן און א גאנצן זומער ליגט עס פּאַרזעצט אין שענק פאר כײַ גראָשן.

עלעל-צײַט, אז מע ברענגט עס מיר אופּצוריכטן, ווער איך נאָך שיקער פון רייעב פון שלעכטן בראָנפן!

און אז לייבל מילנערס שאַפּן-פּעלץ, ביכווידוי אוּוועאצמוי, פאלט מיר אין די הענט ארײַן, ווי מיינט איר, האָב איך נאכעס דערפון?

עס איז טאקע א שאָפּן־פּעלץ, עס איז טאקע א קאָוועד, מע האָט טאקע דערפאר דערעבערעצ אינ שטעטל; נאָר מיר קומט דערפונ קיינ גוטס נישט ארויס.

איכ האָב א מיעסע טעווע געקריגנ: איבער וואָס איכ זע, האָב איכ ליב צו קלערנ: פונוואנענ עס קומט? פארוואָס עס איז אזוי? צי קאָנ נישט אנדערש זיינ? אונ אזוי ווי איכ קריג לייבל מילנערס פּעלץ אינ דער האנט אריינ, הייב איכ אָנ צו קלערנ:

ריבוינעשעלוילעמ! נאָכ וואָס האָסטו באשאפנ אזויפיל מינימ פּעלצנ? פארוואָס האָט איינער א שאָפּנ־פּעלץ, דער צווייטער א טרעגער־פּעלצל אונ דער דריטער א סיערמיענגע אונ א פערטער גאָרנישט?

אונ קוימ הייב איכ אָנ קלערנ, פארטראכט איכ מיכ, די נאָדל בלייבט שטיינ, אונ האָזשע־צנוע מאָראס מיריאַמ טיכיע ווארפט מיר, וואָס עס קומט איר אונטער דער האנט, אינ קאָפּ אריינ...

זי וויל גלייכ מיט אלע, אז „בערל קאָלבאס" זאָל ווייניקער קלערנ אונ מער ארבעטנ...

נאָר וואָס זאָל איכ טאָנ, אז איכ מוז קלערנ! אז איכ ווייס פּאָרט, אז לייבל מילנער לאָזט זיכ נישט פריער איבערשטערייכנ דעמ שאָפּנ־פּעלץ, ביז ער רייסט נישט אָפּ א גראָשנ פונ זאק דער סיער־מיענגע, אונ דעמ אייגענעמ גראָשנ פער פוד דעמ פּעלצל...

נו, זאָל איכ פונ ד ע מ נאכעס האָבנ?

אכ, איכ האָב שיר נישט פארגעסנ!

א וואָכ פאר סליכעס האָט זיכ מיר שיר נישט געמאכט א נייע מאָדנע ארבעט... וואָס ווייבער קאָנענ! עס קומט ארייִנ פריידל די גאַ־בעטע מיט שרעקלעכ גרויסע האנטשו אפ די הענט — איכ קוק מיכ צו, עס איז א פּאָר פּויערשע שטיוול — איכ האָב געמיינט, אז איכ פּלאצ פאר געלעכטער.

6*

— גוט-מאָרגנ! — מאַכט זי צו מיר מיט איר זיס-אָפּגעריסנ קעלכל. — גוט-מאָרגנ, בערעלע!

זי איז מײַנ װײַבס כאַווערטע, אונ איז זיכ נויהעג, פּונקט ווי די גאַנצע שטאָט, אונ רופט מיכ שטענדיק „בערל קאָלבאַס"; הײַנט: בע-רעלע! אונ אַזוי זיס, אײַנגעמאַכטס דערפונ צו פּרעגלענ! פאַרשטיי איכ שוינ, אַז זי דאַרפ עפּעס צו מיר...

איכ קלער, אַז זי האָט די פּויערשע שטיוול פונ אַ וואָגנ אַראָפּ-געצויגנ (עס איז דאָכ נישט ערגער פאַר קלײנגעלט פונ צדאָקע-פּושקע) אונ וויל באַ מיר די סכוירע באַהאַלטנ! — פרעג איכ זי שטרענג:

— וואָס ווילט איר?

— באַלד מיטנ „יִרגאָזנ", — ענטפּערט זי נאָכ זיסער, האָניק רינט איר פונ אַלטנ מויל אַרויס, — באַלד „וואָס ווילט איר?" אונ ווו איז דער „גוט-יאָר"!

— זאָל זײַנ „גוט-יאָר", נאָר אַנ עק.

— וואָס אײַלסטו דיכ, בערעלע, — שמייכלט זי נאָכ זיסער, — אָט בינ איכ געקומענ דיכ פרעגנ, אויב דו האָסט נישט עטלעכע שטיקלעכ פּוטער.

— אונ וואָס איז, אַז כ'האָב?

— וואָלט איכ דיר אָנגעשלאָגנ אַנ אײַסעק, — מאַכט זי.

— נו? אַרויס דערמיט! רעדט!

— דו זאָלסט זײַנ אַ גוטער, „בערעלע", וואָלסטו מיר אויסגעבעט אָט די שטיוול מיט שטיקלעכ פּוטער! איכ וואָלט געהאַט אינ וואָס צו גיינ צו סליכעס, אונ דו וואָלסט דיר גאָר וואָלוול אַ מיצווע געקויפּט! איר פאַרשטייט אַ מיסכער? אַ „וואָלוועלע מיצווע!"

— איר ווייסט דאָכ, — זאָג איכ איר, — אַז בערל קאָלבאַס איז נישט קיינ באַל-אָסקנ אַפ מיצוועס?

— נאָר וואָס? פונ אַנ אָרעמער יִדענע וועסטו געלט נעמענ?

— נו, נישט קיינ געלט! איכ וועל אײַכ עס טאָנ פאר גאָר א קלײ-ניקײַט! א י כ וועל אײַכ אויסבעטנ די שטיוול, אונ א י ר וועט נאָר מיר דערצײלנ אײַערע כאטאס-נעורים...

ווילֹ זי נישט, האָב איכ זי אָפּגעשיקט צו אנ אײַנבינדער!

בעט איכ נישט קיינ שטיוול אויס! עס איז מיר אזוי אויכ נימעס-אומאָעס פארנ לעבנ! איר לאכט? אונ דאָכ, אז איכ האָב נישט קיינ שטרײַמל, איז מיר אלעס נימעס-אומאָעס! וואָרעמ וואָס? אפּ וואָס אר-בעט איכ? אלצ דעמ שטיק כוימער אָנצולייגנ! אונ מיט וואָס? מיט ברויט אונ מיט קארטאָפל, ברויט אָנ קארטאָפל אונ גאנצ אָפּט נאָכ מיט קארטאָפל אָנ ברויט! קעדײַ?

גלייבט מיר, אז א מענטש ארבעט פופציק יאָר אונ עסט פופציק יאָר טאָג-טעגלעכ קארטאָפל, מוז אימ נימעס-אומאָעס ווערנ דאָס לעבנ! מוז אימ דאָכ אמאָל אײַנפאלנ — זיכ, אָדער לייבל מילנער, א מײַסע צו טאָנ! אונ אויב איכ עס ווײַטער רוזק מײַנע קארטאָפל אונ ארבעט ווײַטער, האָב איכ עס נאָר דעמ שטרײַמל צו פארדאנקענ!

אז איכ קריג א שטרײַמל אינ דער האנט ארײַנ, ווערט מיר אופּ-געפרישט דאָס בלוט אינ די אָדערנ, ווייס איכ, נאָכ וואָס איכ לעב!

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

מאכנדיק דאָס שטרײַמל, פיל איכ, אז איכ האלט א פויגל אינ דער האנט, אונ אָט וועל איכ זי עפענענ, וועט דער פויגל ארופפליִענ הויכ, הויכ, קוימ מיטנ אויג צו דערזענ!

אונ איכ וועל שטיינ אונ קוקנ אונ קוועלנ: דאָס איז מײַנ פויגל, א י כ האָב׳נ געמאכט, איכ האָב׳נ ארופגעשלאָגנ אינ דער הייכ!

אינ שטאָט, באָרעכאשעמ, האָב איכ קיינ דייע נישט, צו קיינ אסי-פע רופט מענ מיכ נישט, אליינ גיינ, בינ איכ קיינ שנײַדער נישט, איכ קומ נישט קימאט ארוימ אינ גאס ארײַנ! איכ האָב קיינ שטאָט נישט נישט אינ שול, נישט אינ בעסמעדרעש, נישט בא א מיניענ!

איך האָב אפ גאָרנישט, איך ערגעץ ניט צו שאַפן... אין דער היים איז מאַראַס מיריאָם די רײַטערקע! איידער איך פּרוּוו עפּעס דאָס מויל צו רייִדן א וואָרט, באַהאָגלט זי מיך שוין מיט קלאָלעס! זי ווייסט שוין, וואָס איך וויל זאָגן, וואָס „בערל קאַלבאַס" מיינט, און עס קאָכט!

נו, וואָס בין איך? א גאָרנישט, און דאָך, לאָז איך אמאָל ארויס א שטרײַמל אפ קאָהאָל — בייגט זיך קאָהאָל אין דרײַען!

איך זיץ אין דער היים און שווײַג, און מײַן שטרײַמל שאָקלט זיך אויבנאָן אפ א כאַסענע, אפ א ברים, אפ א סודאס-מיצווע... עס הוידעט זיך איבערן גאַנצן אוילעם בא דער קאַלפע, בא א דינטויריע!

און אז איך דערמאָן מיך אין דער גדולע, וואַקסט מיר טאַקע דאָס האַרץ...

* * *

קעגניבער מיר וווינט א שמוקלער... איך בין אים אָסער נישט מעקאַנע!

זאָל זײַנער אַן עפּאָלעט, אָדער א שליפע, זאָגן אפ איינ אָקס „טרייף!" און אפן צווייטן „קאָשער!" אדעראַבע, לאָמיר זען! און אז מײַן שטרײַמל זאָגט אפ פיר אָקסן דורכאַנאַנד: „טרייפע!" ווערט דער קאַצעוו אויסגעריסן, די העקער-יונגען באַהאַלטן די ציין אין בײַטל, דאָס גאַנצע שטעטל האָט נײַע „נײַן טעג", א גאַנצע סאָטניע קאַזאַקן קריגט פאַר זעקס גראָשן א פונט פלייש, און פאַרפאַלן! עס רעדט קיינער נישט א וואָרט!

אָט דאָס הייסט א גווירע!

איך געדענק דען נישט?! פאַראַיאָרן איז געווען א פּעגירע אפ שאָף.

עפּעס, זאָגט מען, מאַכן די שעפּעלעך א ווינע מאָדנע האַקאָפּעס, ביז זיי פאַרדרייען די קעפּלעך און פאַלן אנידער טויט! איך בין נישט געוועזן דערבײַ; „האַקאָפּעס" איז „האַקאָפּעס", נאָר מינאַסטאַמ האָט שוין יענקל קאַצעוו געהאַט וואָלוול שאָפן-פלייש!

דער וועטערינאר איז געקומען און געזאָגט: טרייף! מע הערט אים ווי די קאַץ!

ער האָט אַראָפּגעבראַכט פירערליי עפּאָלעטן, אַ פּאָר שליפּעס! מע האָט זיי אַלע אָװעקגעגאַנװעט דאָס פלייש פון אונטער די הענט, און נאָך אַפן דריטן טאָג האָט דאָס גאַנצע שטעטל געהאַט וואָלוול קאַשער פלייש אָפּ וועטשערע!

באַ מײַן שטרײַמל גאַנװעט מען נישט! עס דאַרף קיין שליפּעס, קיין עפּאָלעטן נישט, ער אַליין רירט זיך אויב נישט פון אָרט! און קאָלזמאַן מײַן שטרײַמל זאָגט נישט: עס! עפנט זיך אין שטעטל קיין מויל נישט אויף!

איר מיינט עפּשער, אַז די גוורע שטעקט אין דעם, וואָס איז אונטערן שטרײַמל? אָסער כאַזער!

איר ווייסט עפּשער נישט, וואָס דערונטער איז?

איך, באַרעבאַשעם, וויים!

די ברײַע איז, באַרעבאַשעם, פרײַער אין נאָך אַ קלענער שטעטל אַ מעלאַמעד געוועזן, און מײַן טאַטע, אָלעוואַשאָלעם, איידער ער האָט געזען, אַז עס וועט שוין פון מיר קיין לײַט נישט זײַן, האָט ער מיך אַהין געשיקט צו דער ברײַע לערנען! עס איז געוועזן, ראַכמאָנעליצלאַן, אַ שלימאַזל, וואָס די וועלט פאַרמאָגט עס נישט! אַ זעלטענער מעלאַמעד!

די באַלעבאַטים האָבן געזען, אַז ער קען זיך נישט אָפּ קיין „צוראַם־מאַטבייע", האָבן זיי אים באַלד אָפּגעריסן אַ העלפט סכירעס, און די צווייטע העלפט געצאָלט מיט אָפּגעריבענע צווייערם פאַר דרײַערם, אָדער מיט בלעכענע פערציקערם; די רעבעצן האָט געזען, אַז זי וועט מיט אים מיט גוטן נישט אַרויס, פלעגט זי אים טאָגטעגלעך דאָס בערדל אויסצופּן!

און איר האָט איר נישט וואָס פאַריבל צו האָבן!

ערשטנס, האָט געפעלט פאַרנאָסע; צווייטנס, האָט א ייִדענע ליב צו צופן; דריטנס, האָט ער שוין אַזא בערדל געהאַט, וואָס האָט זיך געבעטן, קימאַט געבאַלעשט, מע זאָל עס צופן! עס האָט אַזוי באַשײַמפּערלעך געבעטן, אַז מיר, טאַלמידימ, האָבן זיך אויך נישט געקאָנט אײַנהאַלטן, און אַלעמאָל האָט זיך אַן אַנדערער געמוזט אַראָפּלאָזן אונטערן טיש, צוכאַפּן זיך צום רעבנס בערדל און אויסרײַסן א האָר!

נו, זאָגט אַליין! קאָן איין אַזא ברִיָע שטעקן א גוורע?

עפשער מיינט איר, ער איז מיט דער צײַט אַנדערש געוואָרן?

אָסער כאַזער! עס איז אין אים קיין שום ענדערונג נישט געשען! די אייגענע קליינע, פאַרלאָשענע, מיט אייטער פאַרגאָסענע, באַטלאָנישע, שטענדיק דערשראָקענע אויגן!..

עמעס, פאַר דאַבקעס איז אים דאָס ערשטע ווײַב געשטאָרבן, נו, וואָס איז? מײַ נאַפקעמינע? צופּט אים דאָס צווייטע דאָס בערדל! וויבאַלד עס בעט זיך, עס כאַלעשט, מע זאָל עס צופּן, אַז מע קאָן עס נישט אָפּזאָגן! און איך אַליין, ווען איך זע עס, קומט מיר אויך דאָס וואַסער אין מויל אַרײַן, א צופּ צו טאָן!

נאָר, וואָס דען איז געשען? נישט מער נאָר, וואָס איך האָב אים א שטרײַמל געמאַכט!..

איך בין מוידע-אומיסוואַדע, אַז נישט מײַן אייצע איז עס געוועזן! מיר וואָלט עס גאָרנישט אײַנגעפאַלן!

קאָהאָל האָט באַשטעלט און איך האָב געמאַכט; נאָר קוים איז דאָס אייגענע קאָהאָל געוואָר געוואָרן, אַז דאָס שטרײַמל, וואָס זיי האָבן בא מיר באַשטעלט, וואָס איך אָרעמער „בערל קאָלבאַס“ האָב געמאַכט, קומט צו פאָרן און איז שוין א וויאָרסט הינטער דער שטאָט, איז עס אַרויסגעלאָפן מיט א סימכע, מיט א גדולע! קינד-און-קייט איז אַרויס-

געלאָפנ, קראנקע זײַנענ פונ די בעטנ ארויס! מע האָט אויסגעשפאנט די פערד, אונ גאנצ קאָהאָל האָט זיכ אפ איינמאָל געוואָלט אײַנשפאנענ אונ שלעפנ מײַנ שטרײַמל; גאָט ווייסט, וואָס פאר א מאכלויקעס עס וואָלט דערפונ ארויס! וואָס פאר א פעטש, וואָס פאר א מעסירעס... ווענ נישט וואָס א כאָכעמ האָט אנ אייצע געגעבנ: מע זאָל מאכנ א ליציטאציע!

אונ לייבל מילנער האָט געגעבנ כײַ מאָל כײַ זעהוווימ, אונ ער איז געווענ דאָס ערשטע פערד!

נו, שטעקט נישט א גוורע אינ מײַנ שטרײַמל?

* * *

מײַנ אישע-צנוע רופט מיכ (אכוצ בערל קאָלבאס) נאָכ באלטײַוועניק, אזעסמעכוצעפניק, ניוולפעניק, קאָלבויניק אונ וואָס דאָס וואסער ברענגט איר אינ מויל ארײַנ...

עס איז עמעס, א מענטש איז קיינ כאזער נישט! איכ האָב האנאָע פונ א גלײַכווערטל; איכ האָב אמאָל ליב לייבל מילנער, א י נ די אויגנ אונ ה י נ ט ע ר די אויגנ, ארײַנצוזעצנ א שפילקע.

אויכ, — וואָס וועל איכ דאָ לייקענענ? — די דינסטמיידלעכ, וואָס נעמענ וואסער קעגניבער אינ הויפ באמ פלומפ, זײַנענ, כאסוועשאָלעמ, קיינ קויהאנימ אונ דוכענענ נישט, — האָב איכ ליב א קוק צו טאָנ...

נאָר, גלייבט מיר, אז נישט ד אָ ס דערהאלט מיכ באמ לעבנ!

מיכ דערהאלט באמ לעבנ איינ זאכ: איכ ווייס, אז איכ לאָז איינ מאָל אינ א יויוול ארויס אנ אווידעזאָרעלע אפ קאָהאָל, אונ דער גאנצער אוילעמ בוקט זיכ צו איר, צו מײַנ „מאאסיי יאָדײַ“!

איכ ווייס, אז ווענ מײַנ אישע-צנוע ווארפט מיר די שלימלעב איבערנ טיש, אז דאָס האָט איר מײַנ שטרײַמל אזוי געהייסנ! מיכ הערט זי ווי די קאצ, אָבער מײַנ שטרײַמל מ ו ז זי פאָלגנ!

ווענ זי קומט אהיימ ערעוו שאבעס וועיאָמטעוו פונ יאטקע אָנ פלייש און שילט דעמ קאצעוו — ווייס איכ, אז דער קאצעוו איז א מאקע שולדיק, אז מײַנ שטרײַמל לאָזט זי הײַנט קיינ קוגל נישט מאכנ!

איכ ווייס, אז ווענ זי נעמט נאָכ גאָר א גוטנ טאָפּ און ווארפט אימ ארויס אינ גאס ארײַנ, אז דאָס האָט נישט זי, נאָר מײַנ שטרײַמל דעמ טאָפּ ארויסגעוואָרפנ! אז ווענ זי נעמט און קנײַפּט אויס פונ ראָשטשינע א שטיק טייג און ווארפט עס אינ פײַער ארײַנ, און הייבט אופ די הענט און פארגלאָצט די אויגנ צומ באלקנ, ווייס איכ גאנצ גוט, אז דער באלקנ הייבט דערפונ גאָר נישט אָנ צו וויסנ, — אז דאָס האָט גאָר מײַנ שטרײַמל דאָס שטיקל טייג פארברענט!

* * *

און דערבײַ ווייס איכ, אז מײַנ אישע-צנוע איז נישט קיינ באס-יעכידע בא קאָהאָל, און קאָהאָל איז נישט קיינ בעניאָכיד בא גאָט; אז קאָהאָל האָט א סאכ אזוינע נאָשימ-צידקאָניעס, און גאָט, באָרוכ-הו, האָט א סאכ, א סאכ אזוינע קאָהאָלס, און אז מײַנ שטרײַמל האָט איבער אלע מיליאָנענ מיליאסנ נאָשימ-צידקאָניעס צו שאפנ!

מיליאָנענ שליסל ווערנ געוואָרפנ, מיליאָנענ ווײַבער מאכנ נישט קיינ קוגל, מיליאָנענ טעפּ פּלאצנ אפ די שטיינער אינ גאס, און פונ דעמ כאלע-נעמענ וואָלט איכ מיכ אונטערגענומענ מעפארנעס צו זײַנ א פאָלק עוויוינימ!

און ווער טוט דאָס אלעס? אלצ מאאסיי יאָדײַ! אלצ מײַנ שטרײַמל!

* * *

ווײַטער דער שמוקלער! אָט זיצט ער קעגניבער דעמ פענצטער; זײַנ פּאָנעמ גלאנצט, גלײַכ מע וואָלט עס מיט שמאלצ באשמירט.

וואָס גלאנצט עס? וואָס פינקלענ אימ די לויפנדיקע אייגעלעכ?

ער האָט אָנגעדרייט א פּאָר גאָלדענע שליפעס!

ערשטנס, ווייסט מיר, וואָס גאָלד און וואָס מישורא איז! און צווייטנס, ווייס איך, אז א פּאָר שליפעס מוזן צען מאָל מער זעלנער האָבן הינטער זיך אלס לייבלס שאָפּן-פּעלץ — סיערמיענגעס און טרעגער-פּעלצלעך! און היינט זאָל פּרוּוון די גרעסטע גאָלדענע שליפע ארויסגעבן א פּריקאז: „צען אָקסן זאָלסטו קוילען און א האַלבן קאָכן!"; „קרענק זאָלסטו קיינען, פּיורעליי געפּעס האָבן און די מילץ עסן אף דער לינקער זייט טעלער!"; „פון יעדן ביסן זאָלסטו וואַרפן א שטיק איין פייער צי אין וואסער אריין!" אָדער: „יעדער כאָסן מוז מיר פרייער ווייזן זיין קאַלע, און יעדע קאַלע איר כאָסן!"; „מיט מיר — אַלעס, אפילע צעזעצטערהייט, אָן מיר — נישט א לעק".

די גרעסטע גענעראַלסקע שליפע וועט גאָר די פאנטאזיע, די האָזע דערציו נישט האָבן! און ווען יאָ, וואָלט זי געמוזט פארזייען מיט נייע זעלנער די גאנצע מעדינע: בא יעדן בעט אונדערשטעלן כאָטש א פּאָר קאָזאַקן, איינער זאָל היטן דעם צווייטן, און ביידע — דאָס בעט!

און וויפל וואָלט דערביי נאָך גנייוועס געשען, וויפל קאָנטראַבאַנ-דע! וויפל וואָלט מען אָפּגענארט! ריבוינעשעלוילעם, ווי פּאַרמאָנט מען דאָס!

און מיין שטריימל טוט דאָס אַלעס, און שטיל און פיין, אָן נאַ-הייקעס, אָן קאָזאַקן!

איך זיץ מיר גאַנץ שטיל אין שטוב און ווייס, אז אָן מיין שטריימלס דערלויבעניש וועט זיך קיין מוישעלע צו קיין באַנעלע נישט צורירן, קיין אויג נישט וואַרפן!

באַסוועשאָלעם!

און פאַרקערט, אז מיין שטריימל הענגט אָן אזא מוישעלען אָדער א באַנעלען א לונג-און-לעבער אף דער נאָז, איז — צום טויט! קענסטו

פון איר נישט אנדערש פּאָטער ווערן סײַדן מיטן לעבן צוזאַמען! און ווילסטו אזוי לאַנג נישט ווארטן, מוזטו קומען בעטן, כאַלעשן פאַרן אייגענעם שטרײַמל: שטרײַמעלע, ראַטעווע! שטרײַמעלע, עפן מיר אויף די קייטן! לאָז מיך אַרויס פון טפיסע!

* * *

אין עק גאַס איז דאָ א שענק.

זײַט מײַן אישע-צנוע איז א גאַבעטע געוואָרן און גיסט מיר אַפּ ווײַנשל קיין שנאַפּס נישט אויף, כאַפּ איך מיך דאָרט אַמאָל אַרײַן, דאָס האַרץ צו דערכאַפּן! ביפראַט אין א טאָגעס... אַלקאָלפּאָנעם בין איך דאָך נישט מעכויעוו צו פאַסטן; עס איז דאָך פּאָרט מײַן אייגן שטרײַמל.

דעם שענקער קען איך שוין פון לאַנג... ער לעבט אויך נישט פון מיצוועס און מײַסים-טויווים... נאָר נישט אין דעם בין איך אַצינד אויסן...

צוויי טעכטער האָט ער געהאַט! צוויי שוועסטער פון איין טאַטע-מאַמע! וואָס זאָג איך, א צווילינג! ווי איך בין א ייִד.

עס איז דען מעגלעך געוועזן איינע פון דער צווייטער צו אונטער-שיידן? און א ביינעוודיקער צווילינג, א בראָכע צו מאַכן!

פּענעמלעך — ווי סימכעסטוירע-עפּלעך פון א פּאַן אַראָפּ! באַ-שמעקט — ווי פּסאָמים-שקעטעלעך; אויסגעוואַקסן ווי לולאָווים, און צוויי פּאָר אויגן, זאָל גאָט שוימער-אומאַצל זײַן! אז איינע וואַרפט א בליק, דאַכט זיך — א בריליאַנט האָט געבליצט; און אָרנטלעכע קינדער! אין שענק, און דאָך ווײַט פון שענק!

אין אָרנקוידעש אליין וואָלט מען זיי נישט בעסער און ערלעכער דערצויגן!

* * *

אין שענק געבוירן און דאָס זײַנען מאַלקעס געוועזן! עס האָט קיין איינציקער שיקער פאַר זיי קיין שלעכט וואָרט נישט גערעדט... קיין סטראַזשניק, קיין אַקציזניק! עס זאָל געוועזן דער גרעסטער מאַן אַרײַנקומען, וואָלט ער אויך, דאַכט זיך, די האָר נישט געהאַט אײַנער אַ קניפּ צו געבן אין בעקל — נישט מיט די הענט, נישט מיטן אויג, נישט אפילו אין געדאַנק! איך האָב שיר, שיר נישט געזאָגט: אַז אין זיי שטעקט מער גוורה, ווי אין מײַן שטרײַמל! און איך וואָלט אַ גראָבן טאָעס געהאַט!

דאָס שטרײַמל, האָט זיך אויסגעוויזן, איז שטאַרקער, טויזנט מאָל שטאַרקער פאַר זיי!

* * *

אַ צווילינג! איינע אָן דער אַנדערער האָט זיך נישט געוויזן. אַז איינער האָט עפּעס ווײ געטאָן, האָט די צווייטע דעם אייגענעם שמערץ געפילט... און דאָך — ווי געשווינד האָבן זיך זייערע וועגן צעשיידט...

דאָס אייגענע געטאָן, קוים עטוואָס אַנדערש, און דאָך!..

ביידע האָבן זיך פּלוצלינג פאַרענדערט: טייל מאָל זײַנען זיי פריילעכער, טייל מאָל טרויעריקער און פאַרטראַכטער געוועזן ווי פריער! — איך קען אײַך נישט אויסמאָלן, וואָס מיט זיי איז געשען, די רעכטע ווערטער ליגן מיר אויף דער צונג, נאָר איך קען זיי נישט אַראָפּשאַרן... אַ מענטש האָט נישט געלערנט... נאָר אין זיי איז עפּעס טיפער, פעסטער און צוגלײַב טרויעריקער און זיסער געוואָרן...

און מע האָט געוווסט, ווער עס איז שולדיק דערינען: מע האָט געטײַט מיט די פינגער אויף צוויי מוישעלעך, וואָס האָבן ביידע כאַנעלעך נאָך שענער, נאָך בעסער, נאָך כיינעוודיקער, נאָך עפּעס העכער געמאַכט!..

עט, עפּעס האָב איך אַן אַנדער לאָשן באַקומען, עס פּאַסט גאָרנישט פֿאַר אַ קירזשנער! אַ טרער האָט זיך מיר אין די אויגן פֿאַרדרייט: נישט פֿאַר מײַנע יאָרן.

מײַן אישע-צנוע וועט ווײַטער זאָגן: באַלטײַוועניק.

איך וועל אײַך שוין לאַנג נישט ברײַען:

ביידע שוועסטער האָבן דאָס אייגענע געטאָן, קעהאַוואיע דאָס אייגענע, נישט אומזיסט זײַנען זיי דאָך אַ צווילינג געווען!

ביידע האָבן מוישעלעך באַקומען, און ביידע האָבן געמוזט אין אַ קורצער צײַט אַרום אַרײַנזעצן קלינעס אין די קליידעלעך!

שעמט אײַך נישט, דער סיידער-אוילעם איז אַזוי: גאָטס ווילן איז עס, וואָס איז די בושע?

און דאָך ווי אַנדערש איז בײַ יעדערער געשען!

איינע שוועסטער האָט געטראָגן פֿראַנק און פֿרײַ: פֿאַר גאָט אין שול, פֿאַר לײַט אין גאַס, פֿאַרן סטראַזשניק, אַקציזניק און אַלע געסט אין שענק!

די אייגענע שוועסטער האָט זיך דערנאָך אין דער ווײַט פֿון די שיקורים, אין אַ שטילע שטוב, אין אַ וואַרעמע שטוב, אין אַ ווײַס בעט אַרײַנגעלייגט.

מע האָט די פֿענצטער פֿאַרהאַנגען, די גאַס מיט שטרוי אויסגעלייגט, עס איז אַ באָבע געקומען; מע האָט נאָך אַ דאָקטער געשיקט... דערנאָך איז אַ סימכע געווען... און ווי הייסט אַ סימכע!

און עס האָט אָנגעהויבן וואַקסן אַ נײַ קליין מוישעלע — לעטוירע, לעכופּע אולעמײַסים טויווים, און אַז זי האָט געזען, ווי גוט עס איז, שיט זי שוין יאָר בײַ יאָר קליינע מוישעלעך און איז אַ באַלעבאָסטע אַד האַיויִם האַזע...

אָבער די צווייטע האָט געטראָגן בעסאָד סוידעס, ווייען געקריגן אין אַ קעלער, דאָס קינד האָט אָפּגענומען אַ שוואַרצע קאַץ...

איר קליין מוישעלע ליגט שוין לאנג ערגעץ אונטער א צוים, מער וועלן שוין קיין מוישעלעך בא איר נישט זײַן! און איינע גאָט ווייסט, ווו זי אליין איז אהינגעקומען — זי איז אוועק!

מע זאָגט, אז זי דינט ערגעץ אַף דער ווײַטער וועלט, אז זי לעקט אָפּ פון פרעמדע טעלער... אנדערע זאָגן, אז זי לעבט שוין נישט מער...

א שלעכטן סאָף געהאט!

און דער גאנצער כילעק איז געווען, וואָס דאָס ערשטע איז גע-שען אפן שול-הויף, אפן אלטן בערגל מיסט, אונטער א ברודיק שטיק וואָלן צײַג מיט באזילבערטע אויסיעס... נאָר מ י ט ן שטרײַמל, און דאָס צווייטע איז געשען ערגעץ אין א זינגענדיקן וואלד אף פרישן גראָז מיט פרישע בלומען, אונטער גאָטס בלויען הימל, אויסגעזייט מיט זײַנע שטערן, נאָר אָ נ ע ם שטרײַמל.

עס העלפן נישט קיין שמעקנדיקע בלומען, קיין זינגענדיקער וואלד, נישט גאָטס הימל, נישט זײַנע שטערן, נישט גאָט אליין!

נישט אין זיי אלע שטעקט די גווורע; אין שטרײַמל שטעקט זי! נישט אין פּאַנאָנעס, נישט אין שליפעס, נישט אין טויזנט מאָל שע-נערע באַנעלעך, נאָר אלץ אין שטרײַמל, אין דעם שטרײַמל, וואָס איך, „בערל קאָלבאָס“, מאַך.

און דאָס נאָר דערהאלט מיך באַם נארישן לעבן פון קארטאָפל.

*1893*

## מעקובאָלים



ין די שלעכטע צײַטן פאַלט אַפּילו טוירע — די בעסטע סכוירע — אויך.

פון דער לאַשטשיװער יעשיװע איז מער נישט גע־בליבן נאָר דער ראָשיעשיװע — רעב יעקל, מיט איינ־ציקן טאַלמיד.

דער ראָשיעשיװע איז אַן אַלטער דאַרער ייִד, מיט אַ לאַנגער צע־שױבערטער באָרד, מיט אַלטע, אױסגעלאָשענע אױגן; לעמעך, זײַן געליבטער טאַלמיד, איז אַ יונגערמאַן, אױך אַ דאַרער, אַ הױכער, אַ בלאַסער, מיט שװאַרצע געקרײַזלטע פּייעס, ברענענדיקע, שװאַרצע, אונטערגעשלאָגענע אױגן, פאַרברענטע ליפּן און אַ ציטעריקן שפּיציקן גאָרגל; בײדע — מיט „אופגעכראַשעטע" הערצער, אָן העמדער, בײ־דע אין לאַכעס: דער ראָשיעשיװע שלעפּט קוים נאָך אַ פּאָר פּױערישע

שטיוול, דעם טאַלמיד אָן זאָקן פאַלן די שוסטער־שיך אַראָפּ פון די פיס.

דאָס איז געבליבן פון דער בארימטער יעשיווע!

דאָס פאַראָרעמטע שטעטל האָט אַלע מאָל ווייניקער געשיקט עסן, געגעבן טעג; זיינען זיך די אָרעמע באָבערים צעקראָכן! רעב יעקל אָבער וויל שוין דאָ שטאַרבן, און זיין טאַלמיד — לייגן אים די שערב־לעך אָפּ די אויגן.

און זיי ביידע ליידן אויך אַמאָל הונגער. פון ווייניק עסן קומט ווייניק שלאָפן, פון גאַנצע נעכט ניט שלאָפן און ניט עסן — אַ ביי־שעק צו קאַבאָלע!

מימאָנעפשעך, דאַרף מען אויף זיין גאַנצע נעכט און הונגערן גאַנצע טעג — לאָז מען כאָטש דערפון אַ נוצן האָבן, זאָל כאָטש זיין: טאַנייסים מיט סיגופים, זאָלן זיך כאָטש עפענען אַלע טויערן פון דער וועלט מיט סוידעס, רוכעס און מאַלאָכים!

און זיי לערנען שוין קאַבאָלע אַ צייט!

צינד זיצן זיי באַם לאַנגן טיש, איינע אַליין. באַ יעדן איז צינד נאָך מיטיק — באַ זיי איז נאָך פאַר פרישטיק. זיי זיינען דאָך געוווינט דערצו — דער ראָשיעשיווע פאַרגלייסט די אויגן און רעדט; דער טאַלמיד זיצט אונטערגעשפּאַרט אַף ביידע הענט מיטן קאָפּ און הערט.

— אין דעם זיינען דאָ — זאָגט דער ראָשיעשיווע — אַ סאַך בכי־נעס: איינער קאָן אַ שטיקל, איינער אַ האַלבן, איינער אַ גאַנצן ניגן. דער רעבע, זיכרוינוי־ליוורויכע, האָט געקענט אַ גאַנצן ניגן, אַפילע מיט אַ צושפּיל! — איך (האָט ער צוגעגעבן טרויעריק) האָב קוים די זכיע צו אַ פּיצעלע, אָט אַזוי גרויס...

ער האָט אָפּגעמאָסטן אַ פּיצל פון דאַרן פינגער און האָט ווייטער געצויגן:

— עס איז פאַראַנענ א ניגנ, וואָס מוז האָבנ ווערטער: דאָס איז גאָר א נידעריקע בכינע... עס איז פאַראַנענ א העכערע בכינע: א ניגנ, וואָס זינגט זיכ אַליינ, גאָר אָנ ווערטער — א ריינער ניגנ! נאָר דער ניגנ דאַרפ נאָכ האָבנ א קאָל... אונ ליפּנ, דורכ וועלכע דאָס גייט אַרויס! אונ ליפּנ — פאַרשטייסטו — זיינענ דאָכ גאַשמיִעס! אונ דאָס קאָל אפילע, עס איז אָנ איידעלער גאַשמיִעס, גאַשמיִעס איז עס!

לאָז זיינ, אַז דאָס קאָל שטייט אפ דער גרענעצ צווישנ רוכניִעס אונ גאַשמיִעס!

נאָר סייוויסיי, דער ניגנ, וואָס הערט זיכ מיט א קאָל, וואָס הענגט אָפּ פונ די ליפּנ, איז נאָכ נישט ריינ, נאָכ נישט אינגאַנצנ ריינ... נאָכ נישט קיינ עמעסער רוכניִעס!..

דער עמעסער ניגנ אָבער זינגט זיכ גאָר אָנ א קאָל... עס זינגט זיכ אינעווייניק, אינ האַרצ, אינ די געדערימ!

אָט דאָס איז דער סאָד פונ דאָוויד האַמעלעכס ווערטער: „כל עצ-מותי תאמרנה...“ איבעמ מאַרכ פונ די ביינער דאַרפ זינגענ, דאָרט דאַרפ זיינ דער ניגנ — דער העכסטער שוואַכ פאַר גאָט, באָרוכ-הו! דאָס איז נישט דער ניגנ פונ א באָסער־וועדאָמ, דאָס איז קיינ אויס-געטראַכטער ניגנ! דאָס איז שוינ א כיילעק פונ ניגנ, מיט וועלכנ גאָט האָט די וועלט באַשאַפנ; פונ דער נעשאָמע, וואָס ער האָט אַריינגעגאָסנ אינ איר...

אונ אַזוי זינגט די פּאַמאַליע-שעל-מײַלע! אַזוי האָט געזונגענ דער „ייִד“, זיכרוינו-ליווראָכע!

דעמ לימעד האָט איבערגעהאַקט א צעשויבערטער יונג מיט א שטריק אַרומ די לענדנ — א טרעגער. ער איז אַריינגעקומענ אינ בעס-מעדרעש, אַנידערגעשטעלט א שיסל גריצ מיט א שטיקל ברויט אפנ טיש נעבנ ראָשיעשיווע אונ מיט א גראָב קאָל געזאָגט: „רעב טעוול

שיקט דעמ ראַשיעשיווע עסנ!" און האָט זיך איבערגעדרייט, און, ארויסגייענדיק, צוגעגעבנ: „שפּעטער וועל איך קומענ נאָך דער שיסל!"

ארויס, דורך דעמ גראָבנ טרעגער-קאָל, פונ דער געטלעכער הארמאָניע, האָט זיך דער ראַשיעשיווע שווער אופגעהויבנ און איז, נאָכשלעפּנדיק די גרויסע שטיוול, צוגעגאנגענ צומ קיער זיך וואשנ.

גייענדיק, האָט ער ווײַטער געפּעדעט, נאָר מיט ווייניקער היסלאָוועס, און דער טאַלמיד האָט אימ פונ זײַנ אָרט נאָכגעקוקט מיט די אופגעשפּיצטע אויערנ און ברענענדיקע פארכאַלעמטע אויגנ.

— נאָר — זאָגט ווײַטער ר' יעקל מיט א טרויעריקער שטימע — איך האָב אפילע די זכיע נישט מאסיג צו זײַנ, אינ וואָס פאר א בכינע דאָס איז! אינ וועלכנ שאאַר דאָס קומט! זעסטו, — גיט ער שוינ צו מיט א שמייכל, — די סיגופים מיט די צייערופים, וואָס מע דארפ דערצו, די ווייס איך, און איך וועל זיי דיר נאָך עפּשער הײַנט איבערגעבנ!

דעמ טאַלמיד קריכנ שיר די אויגנ אויס; ער האַלט אָפּנ דאָס מויל צו כאַפּנ יעדעס וואָרט; נאָר דער רעבע האַקט אָפּ, ער וואשט זיך, ווישט זיך די הענט, זאָגט „שאו ידיכם", גייט צוריק צומ טיש און מאכט מיט ציטעריקע ליפּנ די „האַמויצע"...

מיט ציטעריקע דאַרע הענט הייבט ער אונטער די שיסל. די פּאַרע פאַרדעקט אימ מיט א ווארעמענ דונסט דאָס ביייניקע פּאָנעמ; דערנאָך שטעלט ער זי צוריק, נעמט דעמ לעפל אינ דער רעכטער האַנט און ווארעמט די לינקע האַנט אינ ראַנד פונ שיסל. דערבײַ צעקוועטשט ער מיט דער צונג אָנ די גאָלע דזשיאָנסלעס די רעשט „מויצע" מיט זאַלצ.

אָנגעווארעמט דאָס פּאָנעמ מיט די הענט, קנייטשט ער שטארק אײַנ דעמ שטערנ, ציט צוזאמענ די בלאָנע-בלויע דאַרע ליפּנ און הייבט אָנ בלאָזנ!

בא דער גאנצער צײַט האָט פונ אימ דער טאַלמיד קיינ אויג נישט אראָפּגעלאָזט. אונ בעשאס דעמ רעבנס ציטערדיק מויל איז אקעגנגע-לאָפנ דעמ ערשטנ לעפל גריצ, האָט אימ עפּעס אָנגעכאַפּט באמ הארצ; ער האָט זיכ פארשטעלט דאָס פּאָנעמ מיט בײדע הענט אונ האָט זיכ אינגאנצנ אײַנגעצויגנ.

אינ א פּאָר מינוט ארומ איז ארײַנגעקומענ נאָכ א יונג מיט נאָכ א שיסל גריצ מיט ברויט:

„רעב יאָסעפ שיקט דעמ טאַלמיד אָנבײַסנ!“

נאָר דער טאַלמיד האָט נישט אוועקגענומענ די הענט פונ פּאָנעמ.

דער ראָשישיווע האָט אוועקגעלייגט דעמ לעפל אונ איז צוגעגאנ-גענ צומ טאַלמיד. א ווײַלע האָט ער מיט שטאָלצער ליבע אפ אימ געקוקט, דערנאָכ האָט ער אײַנגעהילט די האנט אינ דער פּאָלע אונ אָנגערירט אימ דעמ אקסל.

— מע האָט דיר געבראַנגט עסנ, — וועקט ער אימ מיט א פרײַנט-לעכ קאָל. טרויעריק אונ לאנגזאמ האָט דער טאַלמיד אוועקגענומענ די הענט פונ פּאָנעמ. אונ דאָס פּאָנעמ איז נאָכ בלאסער געווענ, אונ די אונטערגעשלאָגענע אויגנ האָבנ נאָכ ווילדער געברענט.

— איכ ווייס, רעבע! — ענטפערט ער. — נאָר איכ וועל נישט עסנ הײַנט!

— דער פערטער טאָניעס? — האָט דער ראָשישיווע געפרעגט פארוווּנדערט. — אונ אָנ מיר? — גיט ער צו מיט א פּרעטענזיע.

— עס איז אנ אנדער טאָנעס, — ענטפערט דער טאַלמיד, — עס איז א טאָנעס-טשוווע.

— וואָס רעדסטו? דו — אונ א טאָנעס-טשוווע?

— יאָ, רעבע! א טאָנעס-טשוווע... א רעגע פריִער, ווענ איר האָט אָנגעהויבנ עסנ, האָב איכ געהאט א הירהור... אויווער צו זײַנ אפ לוי כאכמויד!



אינ דער זעלבער נאכט, גאנצ שפעט, האָט דער טאלמיד געוועקט דעמ רעבנ. זיי זײַנענ ביידע געשלאָפנ, זיכ קעגניבער, אפ בענק אינ קלויז.

— רעבע! רעבע! — האָט ער גערופנ מיט א שוואכ קאָל.

— וואָס איז? — האָט זיכ דער ראָשיעשיווע אופגעכאפט דער־שראָקנ.

— איכ בינ ציטנד געווענ אינ דער הויכער מאדרייגע...

— וויאזוי? — פרעגט דער ראָשיעשיווע נאָכ א ביסל פארשלאָפנ.

— עס האָט אינ מיר געזונגענ!

דער ראָשיעשיווע האָט זיכ אופגעזעצט:

— וויאזוי, וויאזוי?

— איך ווייס אליין נישט, רעבע, — האָט דער טאַלמיד מיט נאָך א שוואכערן קאָל געענטפערט, — איך האָב נישט געקאָנט שלאָפן, האָב איך מיך פארטיפט אין אַיער שמועס... איך האָב געוואָלט דאפקע קענען דעם ניגן... און איך האָב פאר גרויס צאר, וואָס איך קען נישט דעם ניגן, אָנגעהויבן וויינען... עס האָט אין מיר אלץ געוויינט; אלע אייוורים האָבן געוויינט פארן ריבוינעשעלוילעם!

דערבײַ האָב איך געמאכט די ציירופים, וואָס איר האָט מיר איבערגעגעבן... א וואונדערלעכע זאך: נישט מיטן מויל, נאָר עפּעס אינווייניק... פון זיך אליין! ראַפּטום איז מיר ליכטיק געוואָרן... איך האָב געהאלטן צו די אויגן, און עס איז מיר געווען ליכטיק, זייער ליכטיק, זייער שטארק ליכטיק!..

— אָט! — בייגט זיך צו דער ראָשיעשיווע.

— דערנאָך איז מיר געוואָרן פון דעם ליכט אזוי גוט, אזוי לײַכט... עס האָט זיך מיר געדאכט, אז איך וועג גאָרנישט, אז מײַן גוף האָט די וואָג פארלאָרן, אז איך קען פליִען...

— אָט! אָט!

— דערנאָך בין איך געוואָרן לוסטיק, לעבעדיק, לאכנדיק... דאָס פּנים האָט זיך מיר נישט גערירט, די ליפּן אויך נישט, און איך האָב דאָך געלאכט... און אזוי גוט, אזוי הארציק, אזוי נאכעסדיק געלאכט!

— אָט! אָט! אָט! — מיטויך סימכאָ!

— דערנאָך האָט עפּעס אין מיר געברומט, ווי אן אָנהייב פון א ניגן געברומט.

דער ראָשיעשיווע איז אראָפּגעשפּרונגען פון זײַן באנק און איז מיטאמאָל געווען בײַם טאלמיד:

— נו, נו.

— דערנאָך האָב איך געהערט, ווי עס האָט אין מיר אָנגעהויבן זינגען!

— וואָס האָסטו געפילט? וואָס? וואָס? זאָג!

— איך האָב געפילט, אז אלע כושים זיינען מיר פארשטאָפּט און פארמאכט און עפּעס אינווייניק זינגט... און אזוי ווי מע דארף — גאָר אָן ווערטער, אָט אזוי...

— וויאזוי? וויאזוי?!

— ניין, איך קאָן נישט... פריער האָב איך געוווסט... דערנאָך איז פונעם זינגען געוואָרן... געוואָרן...

— וואָס איז געוואָרן — וואָס?..

— א מין שפּילן... גלייך, לעהאוודל, איך וואָלט אינווייניק אין מיר א פידל געהאַט, אָדער גלייך יוינע קלעזמער זאָל אין מיר זיצן און שפּילן זמירעס, ווי באַם רעבן צו טיש! נאָר עס האָט געשפּילט נאָך בעסער, נאָך אײדעלער, מיט נאָך מער רוכניעס! און אלץ אָן א קאָל, אָן א שום קאָל — סאַמע רוכניעס!..

— וויל איז דיר! וויל איז דיר! וויל איז דיר!

— צינד איז אלץ אוועק! — מאכט טרויעריק דער טאַלמיד. — עס האָבן זיך מיר צוריק געעפנט די כושים, און איך בין אזוי מיד, אזוי מיד, א-זוי מי-ד!.. אז איך...

— רעבע! — האָט ער ראַפּטום א געשריי געטאָן, זיך אָנכאַפּנדיק באַם האַרצן, — רעבע! זאָגט מיט מיר ווידע! מע איז געקומען נאָך מיר! — עס האָט דאָרט אין פאַמאַליע-שעל-מיילע א זינגערל פארפעלט! א מאַ-לעך מיט ווייסע פליגל!.. רעבע! רעבע! שמאַ יִסראָעל! שמאַאַא... יִיס...

דאָס גאַנצע שטעטל, ווי איין מענטש, האָט זיך געווונטשן אזא טויט, נאָר פארן ראָשיעשיווע איז נאָך ווייניק.

— נאָך א פּאָר טאַנייסים, — קרעכצט ער, — וואָלט ער שוין געשטאָרבן „בינשיקאָ“!

*1894*



## באָנציע שווײַג



אָ, אַפ דער וועלט, האָט באָנציע שווײַגס טויט גאָר קיינ אײַנדרוק נישט געמאַכט! פרעגט עמעצנ בעכיירעמ: ווער באָנציע איז געוועזנ, ווי אַזוי ער האָט גע-לעבט, אַפ וואָס ער איז געשטאָרבנ! צי האָט אינ'מ דאָס האַרצ געפּלאַצט, צי די קויכעס זײַנענ אימ אויסגעגאַנ-גענ, צי דער מאַרכ-ביינ האָט זיכ איבערגעבראָכנ אונטער א שווערער לאַסט... ווער ווייסט? עפּשער איז ער גאָר פאַר הונגער געשטאָרבנ!

א פערד אינ טראַמוויַי זאָל פאַלנ, וואָלט מענ זיכ מער אינטערע-סירט. עס וואָלטנ צײַטונגענ געשריבנ, הונדערטער מענטשנ וואָלטנ פונ אַלע גאַסנ געלאָפנ אונ די נעווײלע באַקוקט; באַטראַכט אַפילע דאָס אָרט, ווו די מאַפּאָלע איז געוועזנ...

נאָר דאָס פערד אינ טראַמוויַי וואָלט אויכ די זכיע נישט געהאַט, עס זאָל זײַנ אַזויפיל פערד ווי מענטשנ — טויזנט מיליאָנ!



באָנציע האָט שטיל געלעבט און איז שטיל געשטאָרבנ; ווי א שאָטנ איז ער דורכ — דורכ אונדזער וועלט!

אפ באָנציעס בריס האָט מענ קיינ וווּנ נישט געטרונקענ, עס האָבנ קיינ קויסעס געקלונגענ! צו בארמיצווע האָט ער קיינ קלינגענדיקע דראָשע נישט געזאָגט... געלעבט האָט ער ווי א גרוי קליינ קערנדל זאמד באמ ברעג פונ יאמ, צווישנ מיליאָנענ זײַנעם גלײַכנ; און אז דער ווינט האָט'נ אופגעהויבנ און אפ דער אנדערער זײַט יאמ אריבערגעיאָגט, האָט עס קיינער נישט באמערקט!

באמ לעבנ האָט די נאסע בלאָטע קיינ צייכנ פונ זײַנ פוס נישט באהאלטנ; נאָכנ טויט — האָט דער ווינט דאָס קליינע ברעטל פונ

זײַן קײװער אומגעװאָרפֿן; דעם קאַברענס װײַב האָט עס געפֿונען װײַט פֿון קײװער און דערבײַ אַ טעפּל קאַרטאָפֿל אָפּגעקאָכט... עס איז דרײַ טעג נאָך באָנציעס טױט, פֿרעגט דעם קאַברענ בעבײַרעם, װוּ ער האָט׳ן געלײגט!

װאָלט באָנציע אַ מאַצײװע געהאַט, װאָלט עפּשער איבער הונ-דערט יאָר אַן אַלטערטום-פֿאָרשער זי געפֿונען, און דער נאָמען „באָנ-ציע שװײַג" װאָלט נאָך אַמאָל איבערגעקלונגען אין אונדזער לופֿט.

אַ שאָטן! זײַן פֿאָטאָגראַפֿיע איז נישט געבליבן בײַ קײנעם אין מױעך, בײַ קײנעם אין האַרץ; עס איז פֿון אים קײן זײכער נישט געבליבן!

„קײן קינד, קײן רינד"; עלנט געלעבט — עלנט געשטאָרבן!

װען נישט דאָס מענטשלעכע גערודער, װאָלט עפּשער עמעצער אַמאָל דערהערט, װי באָנציעס מאַרך-בײן האָט אונטער דער לאַסט געקנאַקט; װאָלט די װעלט מער צײַט געהאַט, װאָלט עמעצער עפּשער אַמאָל באַמערקט, אַז באָנציע (אױך אַ מענטש) האָט לעבעדיקערהײט צװײ אױסגעלאָשענע אױגן און שרעקלעך אײַנגעפֿאַלענע באַקן; אַז אַפּילע װען ער האָט גאָר שױן קײן לאַסט נישט אױף די פּלײצעס, איז אים אױך דער קאָפּ צו דער ערד געבױגן, גלײַך ער װאָלט לעבעדי-קערהײט זײַן קײװער געזוכט! װאָלטן אַזױ װײניק מענטשן, װי פֿערד אין טראַמװײַ, געװען, װאָלט עפּשער אַמאָל עמעצער געפֿרעגט: װוּ איז באָנציע אַהינגעקומען?!

װען מע האָט באָנציען אין שפּיטאָל אַרײַנגעפֿירט, איז זײַן װינקל אין סוטערינע נישט לײדיק געבליבן — עס האָבן דערױף צען זײַנס גלײַכן געװאַרט, און צװישן זיך דעם װינקל „אין-פּלוס" ליציטירט; װען מע האָט׳ן פֿון שפּיטאָל-בעט אין טױטן-שטיבל אַרײַנגעטראָגן, האָבן אױפֿן בעט צװאַנציק אָרעמע קראַנקע געװאַרט... װען ער איז אַרױס פֿון טױטן-שטיבל — האָט מען צװאַנציק האַרוגים פֿון אונטער

אונ אײַנגעפאלנ הויז געברענגט — וועך ווייסט, ווי לאנג ער וועט רוִק ווינענ אינ קייווער? ווער ווייסט, וויפל עס וואַרטנ שוינ אפ דעמ שטיקל פלאצ...

שטיל געבוירנ, שטיל געלעבט, שטיל געשטאָרבנ אונ נאָכ שטי-לער באגראָבנ.

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

נאָר נישט אזוי איז געוועזנ אפ יענער וועלט! דאָרטנ האָט באָנציעס טויט א גרויסנ אײַנדרוק געמאכט!

דער גרויסער שויפער פונ מאָשיעכס צײַטנ האָט געקלונגענ אינ אלע זיבנ הימלענ: באָנציע שווײַג איז ניפטער געוואָרנ! די גרעסטע מאלאָכימ מיט די ברייטסטע פליגל זײַנענ געפלויגנ אונ איי-נער האָט דעמ אנדערנ איבערגעגעבנ: באָנציע איז „ניסבאקעש גע-וואָרנ בעיעשיווע שעל מײַלע!‟ אינ גאנײדנ איז א ראש, א סימכע, א גערודער: „באָנציע שווײַג! א שפאס, באָנציע שווײַג!!!‟

יונגע מאלאָכימלעכ מיט בריליאנטענע אייגעלעכ, גאָלדענע דראָט-ארבעטענע פליגעלעכ אונ זילבערנע פאנטאָפעלעכ זײַנענ באָנציענ אנטקעגנ געפלויגנ מיט סימכע! דאָס גערויש פונ די פליגל, דאָס קלאפנ פונ די פאנטאָפעלעכ אונ דאָס פריילעכע לאכנ פונ די יונגע, פרישע, רויזיקע מײַלעכלעכ האָט פארפולט אלע הימלענ אונ איז צו-געקומענ ביז צומ קיסיי האקאָוועד, אונ גאָט אליינ האָט אויכ שוינ געוווּסט, אז באָנציע שווײַג קומט!

אווראָמ אָווינו האָט זיכ אינ טויער פונ הימל געשטעלט, די רעכטע האנט אויסגעשטרעקט צומ ברייטנ „שאָלעמ-אליי‌כעמ‟, אונ א זיסער שמייכל שײַנט אזוי העל אפ זײַנ אלטנ פאָנעמ!

וואָס רעדלט אזוי אינ הימל?

דאָס האָבנ צוויי מאלאָכימ אינ גאנײדנ ארײַנ פאר באָנציעס וועגנ א גינגאָלדענע פאָטערשטול אפ רעדלעכ געפירט!

וואָס האָט אזוי העל געבליצט?

דאָס האָט מען דורכגעפירט א גאָלדענע קרוין מיט די טײַערסטע שטיינער געזעצט! אלצ פאר באָנציען!

— נאָך פאָרן פּסק פון בעסדן שעל מײַלע? — פרעגן די צאַדי-קים פארוואונדערט און נישט גאָר אָן קינע.

— אָ! — ענטפערן די מאַלאָכים. — דאָס וועט זײַן א פּראָסטע פּוסטע פאָרמע! קעגן באָנציעס שווײַג וועט אפילע דער קאַטייגער קיין וואָרט אין מויל נישט געפינען! די „דיעלע״ וועט דויערן פינף מינוט!

— איר שפּילט זיך מיט באָנציעס שווײַג?

אז די מאלאָכימלעך האָבן באָנציען געכאַפּט אין דער לופט און אָפּגעשפּילט אים א זעמער; אז אווראָם אָווינו האָט אים ווי אַן אלטן קאַמראַד די האַנט געשאָקלט; אז ער האָט געהערט, אז זײַן שטול איז גרייט אין גאניידן; אז אף זײַן קאָפּ וואַרט א קרוין; אז אין בעסדן שעל מײַלע וועט מען איבער אים קיין וואָרט נישט ריידן — האָט באָנציע, גלײַך ווי אף יענער-וועלט, געשוויגן פאר שרעק! עס איז אים דאָס הארץ אנטגאַנגען! ער איז זיכער, אז דאָס מוז זײַן א כאָלעם, אָדער א פּראָסטער טאָעס!

ער איז צו ביידע געווױנט! נישט איין מאָל האָט אים אף יענער-וועלט געכאָלעמט, אז ער קלײַבט געלט אף דער פּאָדלאָגע, גאנצע אויצרעס ליגן... און אופגעכאַפּט האָט ער זיך נאָך א גרעסערער קאַפּצן, ווי נעכטן... נישט איין מאָל האָט אים עמעץ בעטאָעס צוגעשמייכלט, א גוט וואָרט געזאָגט און איבערגעדרייט זיך און אויסגעשפּיגן...

— מײַן מאזל — טראַכט ער — איז שוין אזוי!

און ער האָט מוירע די אויגן אופצוהייבן, דער כאָלעם זאָל נישט פארשווינדן; ער זאָל זיך נישט אופכאַפּן ערגעץ אין א הייל צווישן

שלאַנגען און עגדעשן! ער האָט מוירע פון מויל אַ קלאַנג אַרויסצו-לאָזן, מיט אַ גליד אַ ריר צו טאָן — מע זאָל אים נישט דערקענען און אוועקשליידערן אַף קאַפּעקאָל...

ער ציטערט און הערט נישט די מאַלאָכימס קאָמפּלימענטן, זעט נישט זייער טאַנצן אַרום אים, ער ענטפערט נישט אַוראָם אָווינו אַפן האַרצלעכן „שאָלעמ-אַליכעם", און — געפירט צום בעסדן שעל מײַלע — זאָגט ער אים קיין „גוט-מאָרגן" נישט...

אויסער זיך איז ער פאַר שרעק!

און זײַן שרעק איז נאָך גרעסער געוואָרן, אַז ער האָט, נישט ווילנ-דיק, דערזען די פּאָדלאָגע פון בעסדן שעל מײַלע. סאַמע אַלעבאַסטער מיט בריליאַנטן! „אַף אַזאַ פּאָדלאָגע שטייען מײַנע פיס!" — ער ווערט אינגאַנצן פאַרשטאַרט! „ווער ווייסט, וועלכן גוויר, וועלכן ראָוו, וועלכן צאַדיק מע מיינט... ער וועט קומען — וועט זײַן מײַן פינצטע-רער סאָף!"

פאַר שרעק האָט ער אפילע נישט געהערט, ווי דער פּרעזעס האָט בעפייערעש אויסגערופן: „די דיעלע פון באָנציע שוויַיג!" און, דער-לאַנגענדיק דעם מיילעץ-יוישער די אַקטן, געזאָגט: „לעז, נאָר בע-קיצער!"

מיט באָנציען דרייט זיך דער גאַנצער סאַלאָן. עס רוישט אים אין די אויערן. אינעם גערויש הערט ער דאָך אַלעמאָל שאַרפער און שאַרפער דעם מאַלעכ-מיילעצס זים קאָל, ווי אַ פידל:

— זײַן נאָמען — הערט ער — האָט אים געפּאַסט ווי צו אַ שלאַנק לײַב אַ קלייד פון אַן אַרטיסטס אַ שנײַדערס האַנט.

— וואָס רעדט ער? — פרעגט זיך באָנציע, און ער הערט, ווי אַן אומגעדולד קאָל האַקט אים איבער און זאָגט:

— נאָר אָן מעשאָלים!

— ער האָט זיך קיינמאָל — הייבט ווײַטער אָן דער מיילעץ-יוי-

שער — אפ קיינעם נישט געקלאָגט, נישט אפ גאָט, נישט אפ לײַט; אין זײַן אויג האָט קיינמאָל נישט אופגעפלאַמט קיין פונק פון האַס, ער האָט עם קיינמאָל נישט אופגעהויבן מיט א פּרעטענזיע צום הימל.

באָנציע פארשטייט ווײַטער נישט א וואָרט, און דאָס הארטע קאָל שלאָגט ווײַטער איבער:

— אָן רעטאָריק!

— אזעוו האָט נישט אויסגעהאלטן. ער איז אומגליקלעכער געוועזן — — —

— פאקטן, טרוקענע פאקטן! — רופט נאָך אומגעדולדיקער דער פּרעזעס.

— צו אכט טאָג האָט מען אים מאָל געוועזן —

— נאָר אָן ר ע א ל י ז ם!

— א מויעל א פושער האָט דאָס בלוט נישט פארהאלטן —

— ווײַטער!

— ער האָט אלץ געשוויגן (פירט ווײַטער דער מיילּיץ-יוישער), אפילע ווען די מוטער איז אים געשטאָרבן און ער האָט צו דרײַצן יאָר א שטיפמאמע באקומען... א שטיפמאמע א שלאַנג, א מארשאס...

— מיינט מען דאָך עפּשער פאָרט מיך? — טראכט באָנציע.

— אָן אינסינואציעס אפ דריטע פּערזאָנען, — בייזערט זיך דער פּרעזעס.

— זי פלעגט אים קארגן דעם ביסן... אייערנעכטיק פארשימלט ברויט... האָר-פלאקס פאר פלייש... און זי האָט קאווע מיט סמעטענע געטרונקען —

— צו דער זאך! — שרײַט דער פּרעזעס.

— זי האָט אים פאר דאָס קיין נעגל נישט געקארגט און זײַן ברוינ און בלוי לײַב פלעגט ארויסקוקן דורך אלע לעכער פון זײַנע פארשימלט-צעריסענע קליידער... ווינטער אין די גרעסטע פרעסט

האָט ער איר באַרוועס אפּן הויף האַלץ געהאַקט, און די הענט זײַנען צו יונג און צו שוואַך געווען, די קלעצלעך צו דיק, די האַק צו שטומפּיק... נישט איין מאָל האָט ער זיך די האַנט פֿון די געלענקען אויסגעריסן, נישט איין מאָל האָט ער זיך די פֿיס אָפּגעפֿרוירן, נאָר געשוויגן האָט ער, אַפֿילו זיך פֿאַרן פֿאָטער —

— פֿאַרן שיקער! — לאַכט אַרײַן דער קאַטייגער, און באַנציען ווערט קאַלט אין אַלע איבֿרים —

— נישט געקלאָגט, — ענדיקט דער מיליץ-יוישער דעם זאַץ.

— און שטענדיק עלנט, — פֿירט ער ווײַטער, — קיין כאַווער, קיין טאַלמעטוירע, קיין כיידער... קיין גאַנץ בעגעד... קיין פֿרײַע מינוט —

— פֿאַקטן — רופֿט ווײַטער דער פּרעזעס.

— ער האָט געשוויגן אַפֿילו שפּעטער, ווען דער פֿאָטער האָט'ן שיקערערהייט אַמאָל אָנגעכאַפּט בײַ די האָר און אינמיטן אַ שנייענדיקער ווינטער-נאַכט אַרויסגעוואָרפֿן פֿון שטוב! ער האָט זיך שטיל אופֿגעהויבן פֿון שניי און איז אַנטלאָפֿן, ווו די אויגן האָבן אים געטראָגן...

אפּן גאַנצן וועג האָט ער געשוויגן... באַם גרעסטן הונגער האָט ער נאָר מיט די אויגן געבעטלט!

ערשט אין אַ שווינדלדיקער, נאַסער פֿרילינג-נאַכט איז ער אין אַ גרויסע שטאָט אַרײַנגעקומען; ער איז אַרײַן, ווי אַ טראָפּן אין אַ יאַם, און דאָך האָט ער די אייגענע נאַכט אין אַרעסט פֿאַרבראַכט... ער האָט געשוויגן, נישט געפֿרעגט פֿאַר וואָס, פֿאַר ווען? ער איז אַרויס און די שווערסטע אַרבעט געזוכט! נאָר ער האָט געשוויגן!

שווערער פֿאַר דער אַרבעט איז געווען זי צו געפֿינען — ער האָט געשוויגן!

באָדנדיק זיך אין קאַלטן שווייס, צוזאַמענגעדריקט אונטער דער שווערסטער לאַסט באַם גרעסטן קראַמפּ אין ליידיקן מאָגן — האָט ער געשוויגן!

באשפריצט פון פרעמדער בלאָטע, באשפיגן פון פרעמדע מײַלער, געיאָגט פון טראָטוארן מיט דער שוועדסטער לאסט אראָפּ אין גאסן צווישן דראָשקעס, קארעטן און טראמוויַיען, קוקנדיק יעדע מינוט דעם טויט אין די אויגן אריַין — האָט ער געשוויגן!

ער האָט קיינמאָל נישט איבערגערעכנט, וויפל פוד לאסט עס קומט אויס אפּ א גראָשן, וויפל מאָל ער איז געפאלן בא יעדן גאנג פאר א דריַיער, וויפל מאָל ער האָט שיר נישט די נעשאָמע אויסגעשפּיגן, מאָנענדיק זיַין פארדינסט; ער האָט נישט גערעכנט, נישט זיַין, נישט יענעמס מאזל, נאָר געשוויגן!

זיַין אייגן פארדינסט האָט ער אויך נישט הויך געמאָנט! ווי א בעטלער האָט ער זיך בא דער טיר געשטעלט, און אין די אויגן האָט זיך א הינטישע באקאָשע געמאָלט! „קום שפּעטער‟ — און ער איז פארשוווּנדן שטיל, ווי א שאָטן, קעדיי שפּעטער נאָך שטילער אויסצובעטלען זיַין פארדינסט!

ער האָט אפילע געשוויגן, ווען מע פלעגט אים אָפּריַיסן פון זיַין פארדינסט אָדער אריַינוואַרפן א פאלשע מאטבייע!..

ער האָט אלץ געשוויגן...

— מיינט מען דאָך טאקע מיך! — טרייסט זיך באָנציע.

— איינמאָל — פירט וויַיטער דער מיילעך־יווישער נאָך א טרונק־וואסער — איז אין זיַין לעבן אן ענדערונג געשען... עס איז דורכגעפלויגן א קאָטש אפּ גומענע רעדער מיט צעפלאָשעטע פערד... דער שמיַיסער איז שוין לאנג פונוויַיטנס געלעגן מיט א צעשפּאָלטענעם קאָפּ אפּן ברוק... פון די דערשראָקענע פערדס מיַילער שפּריצט דער שוים, פון אונטער די פּאָדקאָוועס יאָגן זיך פונקען, די אויגן בלי־

שטשען ווי ברענענדיקע שטורקאַצן אין אַ פינצטערער נאַכט — און אין קאַטש זיצט נישט טויט נישט לעבעדיק אַ מענטש!

און באָנציע האָט די פערד פאַרהאַלטן!

און דער געראַטעוועטער איז געווען אַ ייִד אַ באַלצדאָקע און האָט באָנציען די טויווע נישט פאַרגעסן!

ער האָט אים דעם געהאַרגעטנס בייטש איבערגעגעבן; באָנציע איז אַ שמייסער געוואָרן! נאָך מער — ער האָט אים כאַסענע געמאַכט, נאָך מער — ער האָט אים אַפילע מיט אַ קינד פאַרזאָרגט —

און באָנציע האָט אַ ל צ געשוויגן!

— מיך מיינט מען, מיך! — באַפּעסטיקט זיך באָנציע אין דער דייע און האָט דאָך נישט די האָזע אַן אויג צו וואַרפן אַפן בעסדן שעל מייַלע...

ער הערט זיך ווייַטער אייַן צום מאַלעך-מייליץ:

— ער האָט געשוויגן אַפילע, ווען זיַין באַלטויווע האָט אינקורצן באַנקראָטירט און אים זיַין לוין נישט באַצאָלט...

ער האָט געשוויגן אַפילע, ווען דאָס ווייַב איז פון אים אַנטלאָפן און איבערגעלאָזט אים אַ קינד פון דער ברוסט...

ער האָט געשוויגן אַפילע מיט פופצן יאָר שפּעטער, ווען דאָס קינד איז אויפגעוואַקסן און געגנוג שטאַרק געווען — באָנציען אַרויסצוּוואַרפן פון שטוב...

— מיך מיינט מען, מיך! — פרייט זיך באָנציע.

— ער האָט אַפילע געשוויגן, — הייבט אָן ווייכער און טרויעריקער דער מאַלעך-מייליץ, — ווען דער אייגענער באַלטויווע האָט זיך מיט אַלע אויסגעגלייַכט, נאָר אים קיין גראָשן סכירעס נישט צוריקגעגעבן — און אַפילע דעמאָלט, ווען ער איז באָנציען (ווייַטער פאַ-

רנדיק אפ א קאַטש מיט גומענע רעדער און פערד (ווי לייבן) איבער-געפאָרן...

ער האָט אַלץ געשוויגן! ער האָט אפילע דער פּאָליציי נישט גע-זאָגט, ווער עס האָט אים צורעכט געמאַכט...

ער האָט געשוויגן אפילע אין שפּיטאָל, ווו מע מעג שוין ש ר יי ע ן!

ער האָט געשוויגן אפילע, ווען דער דאָקטער האָט אָן פופצן קאָפּע-קעס נישט געוואָלט צוגיין צו זיין בעט, און דער וועכטער אָן פינף קאָפּעקעס — טוישן אים די וועש!

ער האָט געשוויגן באַם גויסעסן — ער האָט געשוויגן באַם שטאַרבן...

קיין וואָרט קעגן גאָט, קיין וואָרט קעגן לייט!

— דיקסי!

באָנציע הייבט אָן וויטער צו ציטערן אפן גאַנצן לייב. ער ווייסט, אז נאָכן מיילע-יווישער גייט דער קאַטייגער! ווער ווייסט, וואָס ד ע ר וועט זאָגן! באָנציע אליין האָט זיין לעבן נישט געדענקט. נאָך אפ יע-נער-וועלט האָט ער יעדע מינוט די פריערדיקע פאַרגעסן... דער מאַ-לעכ-מיילע האָט אים אַלץ דערמאָנט... ווער ווייסט, וואָס דער קאַטיי-גער וועט אים דערמאָנען!

— ראַבויסיי, — הייבט אָן א שאַרפ-שטעכנדיק-בריענדיק קאָל — נאָר ער האַקט אָפּ —

— ראַבויסיי, — הייבט ער נאָכאַמאָל אָן, נאָר ווייכער און האַקט וויטער אָפּ.

ענדלעך הערט זיך, פון דעם אייגענעם האַלדז ארויס, קימאט א ווייך קאָל:

— ראבויסײַ! ע ר האָט געשוויגן! וועל איך אויך שווײַגן!

עס ווערט שטיל — און פון פאַרנט הערט זיך א נײַע ווייכע צי־טערדיקע שטימע:

— באָנציע, מײַן קינד באָנציע!—רופט עס אים ווי א הארפע...— מײַן קינד באָנציע!

אין באָנציען צעוויינט זיך דאָס הארץ... ער וואָלט שוין אצינד די אויגן געעפנט, נאָר זיי זײַנען פארפינצטערט פון טרערן... עס איז אים אזוי זיס־וויינענדיק קיינמאָל נישט געוועזן... „מײַן קינד", „מײַן באָנ־ציע"— זײַט די מוטער איז געשטאָרבן, האָט ער אזא קאָל און אזוינע ווערטער נישט געהערט.

— מײַן קינד! — פירט ווײַטער דער אוו־בעסדן.— דו האָסט אלץ געליטן און געשוויגן! עס איז נישטאָ קיין גאנץ גליד, קיין גאנץביינדל אין דײַן לײַב, אָן א וווּנד, אָן א בלוטיק אָרט, עס איז נישטאָ קיין איין באהאלטן אָרט אין דײַן נעשאָמע, ווו עס זאָל נישט בלוטן... און דו האָסט אלץ געשוויגן...

דאָרט האָט מען זיך נישט פארשטאנען דערויף! דו אליין האָסט גאָר עפשער נישט געוווּסט, אז דו קאָנסט שרײַען, און אז פון דײַן געשריי קענען יעריכוים מויערן ציטערן און אײַנפאלן. דו אליין האָסט פון דײַן פארשלאָפענעם קויעך נישט געוווּסט...

אפ יענער־וועלט האָט מען דײַן שווײַגן נישט באלוינט, נאָר דאָרט איז דער אוילעם־האשעקער, דאָ אפן אוילעם־עמעס וועסטו דײַן לוין באקומען!

דיך וועט דאָס בעסדן שעל מײַלע נישט מישפעטן, דיך וועט עס נית פאסקענען.

דיר וועט עס קיין כיילעק נישט אויס־ און נישט אָפּטיילן: נעם דיר, וואָס דו ווילסט! א ל ע ס איז דײַן!

באָנציע הייבט דאָס ערשטע מאָל די אויגנ אופ! ער ווערט ווי פאר-
בלענדט פונ דער ליכט פונ אלע זײַטנ! אלעס בלאנקט, אלעס בליצט,
פונ אלעס יאָגנ שטראלנ: פונ די ווענט, פונ די קיילימ, פונ די מאלאָ-
כימ, פונ די דאיאָנימ! סאמע ענגלענ!

ער לאָזט די מידע אויגנ אראָפּ!

— טאקע? — פרעגט ער מעסופּעק און פארשעמט.

— זיכער! — ענטפערט פּעסט דער אוו-בעסדנ! — זיכער, זאָג איכ
דיר, אז אלעס איז דײַנס. אלעס אינ הימל געהער צו דיר! וואָרעמ
אלצ, וואָס דאָ בלאנקט און בליצט, איז נאָר אנ אָפּשײַנ פונ דײַנ פאר-
שוויגענער גוטסקײַט; אנ אָפּגלאנצ פונ דײַנ נעשאָמע. דו נעמסט נאָר
בא ד י ר אליינ!

— טאקע? — פרעגט באָנציע נאָכאמאָל, נאָר שוינ מיט א זיכערנ
קאָל.

— טאקע! טאקע! טאקע! — ענטפערט מענ אימ אפּ זיכער פונ
אלע זײַטנ.

—נו, אויב אזוי — שמייכלט באָנציע — וויל איכ טאקע אלע טאָג
אינדערפרי א הייסע בולקע מיט פרישער פּוטער!

דאיאָנימ און מאלאָכימ האָבנ אראָפּגעלאָזט די קעפּ פארשעמט;
דער קאטייגער האָט זיכ צעלאכט.

*1894*

## אין געמויזעכץ



מאָל איז זיך געווען א געמויזעכץ.

עס איז זיך געשטאַנען גאַנץ אפּארט: אָפּגעטיילט פון דער רעשט לאָנקע (ווו בעהיימעס האָבן זיך געפּאַשעט, און יונגע פּאַסטעכער מיט שטיינער געוואָרפן) מיט היכן שאַווער און שאַרף-שפּיציקע דערנער, און אָפּגעזונדערט פון דער לופט — מיט א פּעט בלישטשענדיק גרינ הײַטל, וואָס דער ווינט צערײַסט אמאָל אין א יאָר. — געלעבט אין געמויזעכץ האָבן (ווי דער סיידער-אויעם איז) גאַנץ קליינע ווערעם, וואָס האָבן געגעסן — נאָך קלענערע.

דאָס געמויזעכץ איז — נישט לאַנג, נישט ברייט און אפילו נישט טיף, די ווערעמלעך האָבן עס נאָר דעם פּעטן שליים, די וואַסער-געוויקסן און די פוילע צווײַגלעך צו פאַרדאַנקען, אויב זיי קאָנען דאָס געמויזעכץ נישט דערגרינדן, נישט צושווימען צו א ברעג.

די געמויזעכץ-געאָגראַפיע שלאָפט דעריבער נאָך אין וויג.

פאַר דאָס האָט די געמויזעכץ-געוויזע שוין לאַנג אָפענע אויגן; די פאַנטאַזיע איז אונטערן פינצטערן היטל בא דער גאַנצער מעמשאָלע, און ביידע צוזאַמען שפּינען און וועבן.

און מיט דער צייט האָבן זיי אויסגעשפּונען אַ מעסוירע פון קאַדמוינים, אַן עמעס ווערמיקע טראַדיציע:

„דאָס געמויזעכץ איז דער יאַם-האַגאָדל!"

„אין אים גיסן זיך אַריין אַלע פיר טייכן פון גאַניידן... דער כידעקל ברענגט מיט מיט זיך דאָס גאָלד — דאָס איז דער שליים, אין וועלכן עס שטעקט זייער פּאַרנאָסע, און די רעשט דריי טייכן ברענגען בלומען — דאָס זיינען די וואַסער-געוויקסן, צווישן וועלכע זיי שפּילן זיך אין באַהעלטעניש אין אַ יוימע-דעפּאַגרע, פּערל — אַלע זשאַבעשיסעלעך, און קרעלן — די פאַרפוילטע צווייגלעך..."

„דאָס גרינע היטל, די פאַרפּעצטע יאַרמלקע איבערן געמויזעכץ, איז דער הימל איבערן יאַם-האַגאָדל! אַן עקסטראַ באַזונדער הימל פאַר זייער וועלט".

שטיקלעך אייער-שאָלן, וואָס האָבן זיך דאָרט פאַרבלאָנדזשעט, שפּילן די ראָליע פון שטערן און מיט אַ פאַרפוילטער דיניע האָט מען יוויצע געוועזן פאַר דער זון...

די שטיינער, וואָס פלעגן אַמאָל אַריינפאַלן דורך די פאַסטעכער, זיינען — גאַנץ נאַטירלעך — געווען אבני-אלגביש-שטיינער, וואָס דער הימל וואַרפט זינדיקע לייט אין קאָפּ אַריין. און אַז דער הימל האָט זיך געשפּאָלטן און עטלעכע שטראַלן פון דער עמעסער זון האָבן אָפּגעסאַרפּעט אַ ווערמיקן מויעך, האָט מען געפילט און געגלייבט אין גענעם!

נאָר — ווייל האָט זיך געלעבט אין געמויזעכץ, ווו יעדער איז געווען פון זיך און מיט אַלע צופרידן! ווער עס ווינט אין יאַם-האַגאָדל

איז שוינ בעטעווע א פיש! איינ ווערעמל פלעגט דאָס צווייטע רופנ: שלייענ, העכט! אפּ מאציייוועס פלעגט מענ קריצנ: קראָקאָדיל אונ לי־וויאָסנ! „פלאָטקע" איז געווענ די גרעסטע באַליידיקונג, פאַר „קעלב־קימ" האָט מענ זיכ יאָמקיפּער נישט מויכל געווענ! דערביי האָבנ געבליט: אסטראָנאָמיע, פּאָעזיע אונ פילאָסאָפיע, ווי די רויזנ!

די שטיקלעכ אייער־שאָלנ האָט מענ געציילט ביז מע איז דערגאַנ־גענ, אז מע קענ זיי נ י ש ט איבערציילנ...

ראָמאַנטיקער האָבנ די „פאַמאַליע שעל מעלע" אפּ טויזנטער אוי־פאַנימ באַזונגענ; דערביי פלעגט מענ פּאַטריאָטנ פאַרגלייכנ צו שטערנ, שטערנ צו דאַמענ־אויגנ אונ די דאַמענ אַלייננ צומ הימל, אויב נישט גאָר צומ גענעמ. די פילאָסאָפיע האָט באַזעצט די פרומע גע־שטאָרבענע נעשאָמעס אינ דער פוילער דיניע אַרייננ...

קורצ — עס האָט גאָרנישט געפעלט! דאָס לעבנ האָט געהאַט אַלע פאַרבנ פונ רעגנבויגנ. מיט דער צייט האָט מענ צוגעמאַכט א קאָדעקס מיט הונדערטער פּיירושימ, עס האָבנ זיכ איינגעפירט טויזנטער מינ־האָגימ! אונ אז א ווערעמל האָט זיכ פאַרגלוסט עפּעס א שינוי, איז גענוג געווענ, עס זאָל זיכ דערמאָנענ, וואָס די „וועלט" וועט זאָגנ דערופ,— עס זאָל רויט ווערנ, כאַראָטע קריגנ אונ טשוווע טאָנ!

נאָר... איינמאָל איז א כורבנ געשענ!

עס איז דורכ א סטאַדע באַזיירימ!

שרעקלעכע פיס האָבנ צעטרעטנ דעמ הימל, צעקנעטנ דעמ שליימ, צעריבנ די קרעלנ, צעמאָרשטנ די בלומענ... אונ פונ דער גאַנצער אָפּ־געזונדערטער „וועלט" א טויהו־וואָוויהו געמאַכט!

טייל ווערעמ זיינענ טיפ אונטערנ שליימ געשלאָפנ (אונ ווערעמ שלאָפנ לאַנג) זיינענ זיי טאַקע ניצל געוואָרנ... אז זיי זיינענ צוריק אַרופ, איז שוינ דער הימל צוריק צוזאַמענגעשוומענ, זיכ צוריק צו־נויפגעקלעפּט... נאָר — גאַנצע הויפנ דערדריקטע, דערשטיקטע אונ

צעטרעטענע ווערעם זײַנען געלעגן אָן קווורע און טויטערהייט איידעם געזאָגט אפן כורבן!

— וואָס איז דאָ געשען? — פרעגן די פעפער דערשראָקן און זוכן א לעבעדיקע ברי̇ע, וואָס זאָל זיי קענען דערקלערן די סיבע פון דער שרעקלעכער מאגייפע. נאָר נישט לײַכט איז צו געפינען א לעבעדיקע ברי̇ע! ווערעם נישט לײַכט איז איבערצולעבן א הימל! ווער עס איז נישט צעטרעטן געוואָרן, איז געשטאָרבן פאר שרעק; ווער עס איז נישט געשטאָרבן פאר שרעק, איז געשטאָרבן פאר ווייטעק; די רעשט האָבן זיך אליין דאָס לעבן גענומען... אָן הימל, איז אָן לעבן!

איינער איז אפילע יאָ געבליבן לעבן, נאָר, קוים האָט ער זיי דערציילט, אז דער הימל, וואָס זיי זעען אצינד, איז גאָר א נײַער פון דער נאָדל, אז יענעם הימל האָבן כײַעס צעטרעטן; אז ער האָט זיי געזאָגט, אז א ווערמיקער הימל לעבט נישט אייביק... אז אייביק, קען זײַן, לעבט נאָר דער אלגעמיינער הימל, — האָט מען באלד דערקענט, אז ער איז אראָפ פון זינען.

מע האָט אים, מיט גרויס ראכמאָנעס, געקאָוועט און אין דולהויז ארײַנגעשיקט.

*1894*



# כאסענע געהאט



יכ געדענק מיכ נאָכ פונ דער צײַט, ווענ איכ האָב אינ צייכנ געשפּילט אונ זומער-צײַט אפנ הויפ פונ לײמ כאלעם געבאקנ; ווינטער בינ איכ א גאנצנ טאָג געזעסנ אינ שטוב אונ געוויגט א קליינ ברודערל, וואָס איז געבוירנ געוואָרנ קראנק אונ האָט געקרענקט ביז צומ זיבעטנ יאָר, ווענ עס איז געשטאָרבנ אפ אנ אונטערגאנג.

זומער, קאָלזמאנ די זונ האָט געשײַנט, איז דאָס אומגליקלעכע באשעפעניש געזעסנ אפנ הויפ, געוואָרעמט זיכ אפ דער זונ אונ געקוקט, ווי איכ שפּיל אינ צייכנ.

ווינטער איז עס פונ וויג נישט ארויס, אונ איכ האָב אימ מײַסעס דערציילט אונ לידלעכ געזונגענ. די רעשט ברידער זײַנענ אלע אינ ביידער געווענ.

די מאמע איז שטענדיק געוועזנ פארנומענ, עפשער צענ פּארנאָסעס האָט זי געהאט, די אָרעמע מאמע: א פּשעקופּקע געוועזנ, לעקעב גע-באקנ, אפּ בריסנ אונ כאסענעס געגאנגענ... טוקערנ געוועזנ, קוואָרטיר-מעסטערנ, זאָגערנ, אונ אזוי אנ אײַנקויפערנ פאר באלעבאטישע הײַזער.

דער טאטע איז פאר דרײַ רובל א וואָכ געווענ א שרײַבער בא רעב זײַנוול טערקעלבוימ אינ וואלד.— אונ דעמלט זײַנענ נאָכ די גוטע צײַטנ געוועזנ: די מעלאמדימ — באצאָלט, דירע-געלט — קימאט צו דער צײַט, קיינ טרוקנ ברויט אינ מויל ארײַנ האָט נישט געפעלט.

טיילמאָל האָט די מאמע אפּ וועטשערע א קולישע געמאכט. דעמלט איז שוינ א גאנצער יאָמטעוו געוועזנ. דאָכ האָט עס זעלטנ פּאסירט.

די מאמע פלעגט מערסטנטיילס אהיימ קומענ שפּעט, מיד; גאנצ אָפּגעפּט פארוויינט אונ פארביטערט. זי קלאָגט זיכ, אז עס ווערנ איר בא די באלעבאָסטעס כויוועס פארפאלנ; אז מע הייסט איר אויסלייגנ, דערנאָכ — קומענ מאָרגנ אונ איבערמאָרגנ... דערווײַל ווערנ נײַע קנייעס געמאכט, אונ צומ סאָפּ, אז עס קומט צומ כעזשבנ, געדענקט נישט די באלעבאָסטע, צי זי האָט נישט באצאָלט פארנ אייערנעכטיקנ האלב-קווארטירל פּוטער... מע „שטעלט עס דערווײַל אוועק”, מע מוז פרעגנ דעמ מאנ, וואָס איז דערבײַ געוועזנ: ער האָט אנ אײַזערנעמ זיקאָרנ, וועט אוואדע געדענקענ, וויאזוי דער כעזשבנ איז געוועזנ. צומאָרגנס ווײַזט זיכ אויס, אז דער מאנ איז אהיימ געקומענ צו שפּעט פונ בעסמעדרעש אונ זי האָט אימ פארגעסנ צו פרעגנ; דעמ דריטנ טאָג דערציילט זי מיט א נאכעס, אז זי האָט געפרעגט דעמ מאנ, נאָר ער האָט זיכ אפּ איר געבייזערט, וואָס זי פארדרייט אימ דעמ קאָפּ: „ער האָט מער נישט וואָס צו טאָנ, נאָר אויסצוהערנ ווײַבערשע כעזשבוי-נעס!” אונ עס בלײַבט, אז זי וועט זיכ אליינ דערמאָנענ.

דערנאָך הייבט זיך איר אָן ראַכטן, קימאַט אַפּ זיכער, אַז זי האָט דאָס האַלב-קוואַרטירל פּוטער פאַרעבנט; שפּעטער וואָלט זי מויערן דערוף געשטעלט. און אַז די אָרעמע מאַמע דערמאָנט נאָכאַמאָל וועגן קוואַרטירל פּוטער, הייסט זי שוין אַ כצופּע, מאַכט זי אַ בילבל, וויל זי אויסנאַרן אַ האַלבן גילדן... איז מען זי מאַסרע, אַז אויב זי וועט נאָכאַמאָל אַ פּיפּס טאָן וועגן דער פּוטער, זאָל זי זיך מער אין די אויגן נישט ווײַזן!

די מאַמע, וואָס איז אַמאָל אַ „גוויר־ישע טאָכטער“ געווען און וואָלט, ווען נישט דער פּאָרעצ, וואָס האָט איר צוגענומען דעם נאַדן, אליין אַ באַלעבאָסטע געווען, האָט עס נישט געקאָנט לײַכט איבער־טראָגן; זי פלעגט טיילמאָל אהיים קומען מיט געשוואָלענע אויגן, געוואָרפן זיך מיט אַ געוויין אַפן בעט און אַזוי אָפּליגן אַ גרויסע ווײַלע און וויינען, און ביטערלעך וויינען, ביז זי האָט זיך אויסגעוויינט דאָס ביטערע האַרצ, און איז אופגעשטאַנען און אָפּגעקאָכט אונדז אַ ביסל קליסקעלעך מיט באָבערלעך.

טיילמאָל האָט זי אויסגעלאָזט דעם קאַס צו אונדז; אייגנטלעך, דעריקער צו מיר: דעם קראַנקן בערל האָט זי קיינמאָל גאָרנישט גע־זאָגט, די ברידער פון כיידער אויך גאַנצ זעלטן — זיי פלעגן נעבעך אהיים קומען אַזוי אויך מיט ברוינע-בלויע, אויסגעקניפּטע באַקן און אונטערגעשלאָגענע אויגן; פאַר דאָס האָב א י כ גאַנצ אָפט געלייזט אַן אומזיסטן רים בא די האָר אָדער אַזוי אַ מאַטנאַס-יאַד.

„דו ביסט נישט קראַנק געווען דערווײַל אָנצולייגן אַ פּײַער, צו־שטעלן אַ טעפּל וואַסער“ — און דאָך, אַז איך האָב עס אַמאָל געטאָן, איז נאָך ערגער געווען: „זע נאָר מײַן באַלעבאָסטע! גאָרנישט, אַ פּײַער לייגט זי אָן, דאָס האָלצ זאָל זיך דערווײַל אומזיסט און אומ־נישט אויסברענען. עס אַרט זי עפּעס מײַן פּראַצע? — בעדאַלעס מאַכט זי מיך!“...

טייל מאָל האָט דער טאַטע געלייזט אונטער די אויגן; די מאַמע זעצט זיך אַנידער אויפֿן בעט מיטן פּנים צום פֿענצטער, און, אַרומקוקנדיק אין דער לופֿט אַרײַן, קרעכצן: „עס אַרט אים עפּעס? ער זיצט זיך דאָרט אין וואַלד, ווי אַ גראַף, שמעקט פֿרישע לופֿט, ליגט זיך אויפֿן גראָז, פֿרעסט זויערמילך, עפּשער נאָך סמעטענע, איך ווייס? און דאָ דאַרן מיר די קישקעס!”...

בײַ דעם אַלעם איז דעמאָלט גוט געווען. מע האָט קיין הונגער נישט געליטן, און נאָך אַ וואָך מיט פֿאַרשיידענע קליינע צאָרעס איז געקומען אַ פֿריילעכער, אַלקאָלפּאָנעם, אַ רויִקער שאַבעס. דער טאַטע פֿלעגט אויף אַהיים קומען, און די מאַמע פֿלעגט זיך אַרומדרייען אין אַלע ווינקעלעך און בעסאָד־סוידעס שמייכלען.

אויף פֿלעגט פּרנסה פֿאַרנאַכט, פֿאַר ליכט בענטשן, די מאַמע מיך קושן אין קאָפּ אַרײַן... איך האָב געוווּסט, וואָס דאָס באַטײַט! ווײַרעם, אַז עס האָט געטראָפֿן, און דער טאַטע איז נישט אַהיים געקומען אויף שאַבעס, בין איך אַ „מאַכשייפֿע” געווען! האָט מיר די מאַמע מיטן קעמל האַלב האָר אויסגעריסן און דערצו נאָך עטלעכע זעץ דערלאַנגט אין די פּלייצעס. איך האָב נישט געוויינט; מײַן קינדיש האַרץ האָט געפֿילט, אַז דאָס מיינט די מאַמע נישט מיך, נאָר איר טרויעריק מאַזל!

דערנאָך האָט זיך דער וואַלד אויסגעהאַקט, דער טאַטע איז אין דער היים געבליבן און עס האָט אָנגעהויבן פֿעלן אין מויל אַרײַן. געפֿעלט, אייגנטלעך, האָט נאָר דעם טאַטן, דער מאַמען און מיר; די רעשט קינדער האָבן ווייניק וואָס געוווּסט דערפֿון; דאָס קראַנקע ברודערל האָט גאָרנישט געדאַרפֿט, עס האָט געזופּט אַמאָל אַ ביסל גריץ, אויב מע האָט אים דערלאַנגט, און אַלץ איינעם געקוקט אויפֿן בעליק... די אַנדערע, נעבעך, „גייען אין ביידער אַרײַן, זיי מוזן דאָך האָבן אַ לעפֿל נעקעכץ”... נאָר איך בין גאַנץ אויף הונגעריק געווען.

דער טאַטע מיט דער מאַמען האָבן שטענדיק דערמאָנט די אַמאָ־ליקע צײַט מיט טרערן אין די אויגן; איך — פּאַרקערט! איך האָב מיך אין דער שלעכטער צײַט בעסער געפֿילט. זײַט עס האָט געפֿעלט ברויט אין שטוב, האָט מיך די מאַמע טאָפּלט ליב באַקומען; באַם קעמען האָט זי מיר קיין האָר נישט געריסן, אין די דאַרע ביינער אַרײַן נישט געבוכעט; דער טאַטע פֿלעגט מיר באַם וואַרעמען גלעטן איבערן קאָפּ און פֿאַרשפּילן מיך, איך זאָל נישט זען, ווי מע פֿאַרטיילט מיך; און איך בין נאָך באַ מיר גרויס געוועזן, אַז ווען מע דאַרף פֿאַסטן, פֿאַסט איך גלײַך מיטן טאַטן און מיט דער מאַמען, אַז איך בין שוין אַ גרויסע מויד!

אין דער צײַט איז דאָס קראַנקע ברודערל געשטאָרבן.

געשען איז עס אַזוי: איינמאָל האָט זיך די מאַמע אויפֿגעכאַפּט און געזאָגט איבערן בעט צום טאַטן: „ווייסט, בערעלען איז אַוואַדע בע־סער, ער איז אַ גאַנצע נאַכט געשלאָפֿן, קיין איינציק מאָל נישט גע־וועקט".

איך האָב עס דערהערט — איך האָב שטענדיק אַ לײַכטן שלאָף געהאַט — און בין מיט אַ פֿרייד אַראָפּגעשפּרונגען פֿון געלעגער אָפּן קאַסטן און צוגעלאָפֿן זען מײַן „איינציק ברודערל" (אַזוי האָב איך עס גערופֿן, אַזוי ליב האָב איך עס געהאַט). איך האָב געכאַפּט צו דערזען אָפּן פֿאַרמעטענעם פּענעמל אַ שמייכל, וואָס פֿלעגט זיך באַ־ווײַזן אַמאָל אין אַ יאָר... נאָר איך האָב אַ טויט פּאָנעם געפֿונען.

עס איז געוואָרן אַ שיווע...

דערנאָך איז דער טאַטע נישט געזונט געוואָרן, און דער רויפֿע האָט אָנגעהויבן צו גיין אין שטוב אַרײַן...

קאָלזמאַן עס איז געוועזן ווי־עס־איז צו צאָלן פֿלעגט אַרײַנגיין דער אַלטער רויפֿע אַליין; דערנאָך, אַז דאָס גאַנצע בעטגעוואַנט מיטן הענגלײַכטער, מיטן טאַטנס ספֿאָרים־שאַנק, וואָס די מאַמע האָט אַ צײַט

נישט געלאָזט רירנ, זײַנענ ארײַנ אינ רעפּועס, האָט דער רויפע אָנגעהויבנ שיקנ דעמ „יונג“.

דער יונג איז דער מאמענ שרעקלעכ נישט געפעלנ: עס שפּראָצנ אימ עפּעס שפּיציקע „וואָנצעלעכ“, גייט אָנגעטאָנ ווי א גוי, אונ דערצו וואַרפט ער אַלע מאָל ארײַנ עטלעכע ווערטער פּויליש.

א י כ האָב פאר׳נ מוירע געהאט, אדהײַעמ ווײס איכ נישט פארוואָס. נאָר ווענ ער האָט געדארפט קומענ, פלעג איכ ארויסלויפנ אפנ הויף אונ איבערווארטנ ביז ער וועט אוועקגיינ.

איינמאָל איז א שאָכנ קראנק געוואָרנ, אויכ אנ אָרעמאנ, אונ אויכ, אפּאָנעמ, נאָכ אַלע קיילימ אינ שטוב. אונ דער יונג (אדהײַעמ ווײס איכ נישט, וויאַזוי ער האָט געהייסנ) איז פונ אונדזער שטוב אריבערגעגאנגענ צומ שאָכנ. דורכגייענדיק דעמ הויף, האָט ער מיכ געטראָפנ זיצנ אפנ קלאָץ.

איכ האָב אראָפּגעלאָזט די אויגנ. דערפילנדיק, אז ער קומט צו מיר נעענטער, איז מיר קאַלט געוואָרנ אינ די קנעכל אונ דאָס הארצ האָט מיר אָנגעהויבנ שטארקער צו שלאָגנ.

ער איז צוגעקומענ, האָט מיכ אָנגענומענ בא דער גאָמבע, אופגעהויבנ מיר דעמ קאָפּ אונ געזאָגט, דאפקע אפ פּראָסט יידיש:

— „א שיינע מויד, ווי דו ביסט, דארפ נישט זײַנ צעשויבערט, דארפ זיכ אויכ פאר קיינ באָכער נישט שעמענ!“

ער האָט מיכ אָפּגעלאָזט, אונ איכ בינ ארײַנגעלאָפנ צוריק אינ שטוב. איכ האָב געפילט, אז דאָס גאנצע בלוט שלאָגט מיר אַלצ אינײַנעמ אינ פּאָנעמ ארײַנ. איכ האָב מיכ פארוקט אינ טונקלסטנ ווינקל הינטערנ אויוונ, מיקלוימערשט, אויסציילנ די ברודיקע וועש... דאָס איז געווענ מיטוואָכ.

פרײַטיק האָב איכ דאָס ערשטע מאָל דער מאמענ אַליינ דערמאָנט, אז מע דארפ מיר אויסוואשנ דעמ קאָפּ, אז איכ בינ צעשויבערט.

— א קלאָג איז צו מיר! — האָט די מאמע פארבראָכן די הענט.— איך האָב זי דאָך דרײַ וואָכן נישט געקעמט!

פלוצלינג ווערט זי בייז:

— מאכשייפע! — האָט זי אויסגעשריגן.— אזא גרויסע, בייז־דערוואקסענע מויד קאָן זיך אליין נישט צוואָגן! אן אנדערע אף דײַן אָרט וואָלט נאָך די אנדערע קינדער געוואשן!

— סאָרעלע, שרײַ נישט! — בעט זיך דער טאטע; נאָר דער מאַמעס קאס ווערט שטארקער און שטארקער:

— מאכשייפע, הערסט! ש ו י נ זאָלסטו דיך צוואָגן! הערסט — די אויסע רעגע! הערסט!

און דאָ האָב איך מוירע צוצוגיין צום קוימען, ווי דאָס הייסע וואַסער איז געשטאנען, ווײַל, דורכגייענדיק דורך דער מאמען, וואָלט איך געלייזט א בוך. געראטעוועט האָט מיך, ווי געוויינלעך, דער טאטע.

— סאָרעלע,— האָט ער געקרעכצט,— שרײַ נישט, מיר טוט דער קאָפּ אזוי וויי!..

דאָס איז גענוג געווען. דער מאמעס קאס איז ווי מיט דער האנט אוועקגענומען געוואָרן... איך בין פרײַ דורכגעגאנגען די שטוב און צוגעקומען צום טאָפּ וואסער.

איך צוואָג מיך אומגעלומפּערט און זע, ווי די מאמע גייט צו צום טאטן און ווײַזט אף מיר מיט א שווערן זיפץ:

— ריבוינעשעלוילעם, עס וואקסט נעבעך ווי אף הייוון,— מאכט זי שטיל צום טאטן, נאָר מײַן אויער כאַפּט יעדעס וואָרט,— שיין ווי א גאָלד... און וואָס?

דער טאטע האָט געענטפערט מיט נאָך א טיפערן זיפץ.

דער רויפע האָט נישט איין מאָל פארזיכערט, אז דעם טאטן איז גאָרנישט. דאָס אגמעסנעפעש נאָר האָט זיך אים געלייגט אף דער לעבער, דעריבער איז זי אופגעשוואָלן און דריקט צו דאָס הארץ; מער

נישט! דעריקער זאָל ער מילך טרינקען, קיין אגמעסנעפעש זיך-נישט צולאָזן, גיין אין גאס אריין... ריידן, שמועסן, זוכן זיך אן אייסעק... דער טאטע האָט אָבער געזאָגט, אז די פיס ווילן אים נישט טראָגן. פארוואָס, בין איך ערשט שפּעטער געוואָר געוואָרן.

איינמאָל, זומער פארטאָג, האָט מיך אופגעוועקט א שמועס צווישן טאטע-מאמע:

— ביסטו דיך אין וואלד, נעבעך, אָנגעגאנגען,— מאכט די מאמע.

— א שיינע דאָס איז,— ענטפערט דער טאטע,— אין וואלד האָט מען אפ צוואנציק ערטער געהאקט אפ איין מאָל. פארשטייסט, דער וואלד איז דעם פּאָרעצס, די פּויערים האָבן אָבער סערוויטוטן: זיי קומט די צווייגן, וואָס פאלן אראָפּ און וואלגערן זיך אין וואלד, ווי אויך דאָס האָלץ פון דיביימער, וואָס א דונער צעשלאָגט... נו, אז מע האקט אוים דעם וואלד, האָבן זיי דאָך העזעק דעם סערוויטוט; מוזן זיי זיך קויפן האָלץ צום בויען און צום הייצן. האָבן זיי, פארשטייט זיך, געוואָלט לייגן אן ארעסט, אראָפּברענגען דעם קאָמיסאר; זיי האָבן זיך אָבער צו שפּעט מעיאשעוו געווען. רעב זיינוועלע האָט נאָר דערזען, אז זיי קראצן זיך אין די קעפּ, האָט ער שוין געגעבן א באפעל, מע זאָל אנידערשטעלן נאָך פערציק העקער! עס איז געוואָרן א גענעם, עפשער אפ צוואנציק ערטער האָט מען געהאקט. און זיין מוז מען או-מעטום... וואָס קלערסטו? די פיס פלעגן מיר געשוואָלן ווערן ווי די באָרקעס...

— ווי א מענטש זינדיקט! — קרעכצט די מאמע.— איך האָב גע-מיינט, אז דו האָסט דאָרט גאָרנישט וואָס צו טאָן...

— אוואדע! — שמייכלט טרויעריק דער טאטע.— נאָר פון גרויען טאָג ביז שפּעטער נאכט אפ די פיס!

— און אלץ פאר דריי רובל א וואָך? — בייזערט זיך די מאמע.

— ער האָט מיר צוגעזאָגט צו דערלייגן; דערווײַל, ווייסטו דאָך, איז אים די טראַטווע אונטערגעגאַנגען... האָט ער געזאָגט, אַז ער איז בעדיל-האַדאַל געוואָרן...

— און דו גלייבסט?

— עס קאָן זײַן...

— שטענדיק — בייזערט זיך די מאַמע — ווערט ער בעדיל-האַדאַל און דאָס פאַרמעגן וואַקסט און וואַקסט.

— אַז גאָט העלפט,— זיפצט דער טאַטע.

עס איז שטיל א ווײַלע.

— ווייסט נישט, וואָס מאַכט ער? — פרעגט דער טאַטע, וואָס איז שוין קימאַט א יאָר נישט אַרויס פון שטוב.

— וואָס זאָל ער מאַכן? ער האַנדלט מיט פלאַקס, מיט אייער; א שענק האָט ער...

— און זי וואָס מאַכט?

— זי, נעבעך, קראַנק...

— א שאָד, א גוטער מענטש.

— א בריליאַנט! די איינציקע באַלעבאָסטע, וואָס „מאַכט נישט אַנײַנ" א גראָשן; זי וואָלט אפילו געצאָלט צו דער צײַט, נאָר זי האָט בא אים ווייניק וואָס צו שאַפן...

— דאַכט זיך,— מאַכט דער טאַטע.— דאָס דריטע ווײַב.

— אוואַדע! — באַשטעטיקט די מאַמע.

— זעסט, סאָרע,— מאַכט דער טאַטע,— דאַכט זיך שוין — א ייִד א גוויר... האָט ער קיין מאָל נישט צו ווײַבער... יעדערער האָט זײַן פעקל.

— און אַזא יונג בלוט! — האָט צוגעגעבן די מאַמע.— אינגאַנצן צוועלעבע און צוואַנציק יאָר.

— נו, גיי ווייס! ער איז א וו א ד ע  א זיבציקער און — אַזוי שטאַרק.

— און אַן אַ ברילן..

— און זײַן גאַנג; די פּאַדלאַגע ציטערט!

— און איך, זעסטו, ליג אין בעט.

עס האָט מיך דורכגענומען באַ די לעצטע ווערטער.

— גאָט וועט העלפֿן, — טרייסט די מאַמע.

— נאָר זי, זי... — קרעכצט ווײַטער דער טאַטע און וואַרפֿט אַ בליק צו מיר אַפֿן קאַסטן. — זי וואַקסט, קיין אײַנאָרע, ווי אויף הייוון... פֿאַרנט... האָסט געזען?..

— אַ שײַנע דאָס איז!

— און אַ פּאַנעם... שײַנט ווי די זון...

עס איז ווײַטער שטיל געוואָרן אַ ווײַלע.

— ווייסט, סאָרעלע, — מאַכט ווײַטער דער טאַטע, — מען איז נישט יוצא פֿאַר גאָט.

— מיט וואָס?

— מיט איר! ווי אַלט ביסטו געווען צו דער כאַסענע?

— ייִנגער פֿאַר איר!

— נו?..

— נו... וואָס?

אין דער אייגענער מינוט האָט מען צוויי קלעפּ געטאָן אין לאָדן.

די מאַמע איז אַראָפּגעשפּרונגען פֿון בעט. אין איין רעגע האָט זי אָפּגעריסן דאָס שטריקל, אויף וועלכן דער לאָדן האָט זיך געהאַלטן, און אופֿגעפּראַלט דאָס פֿענצטער, וואָס האָט שוין לאַנג קיין באַשלעג נישט געהאַט.

— וואָס איז? — האָט זי אַרויסגעשריגן אין גאַס אַרײַן.

— ריווקע זײַנוועלעס איז ניפֿטער געוואָרן.

די מאמע איז צוריקגעשפּרונגען פון פענצטער.

— באָרוך דאיאַן עמעס! — האָט דער טאַטע אַרויסגעזאָגט... — שטאַרבן איז גאָרנישט...

— באָרוך דאיאַן עמעס, — מאַכט די מאַמע, — ערשט פון איר גערעדט!

דעמאָלט האָב איך געהאַט אַ וואונדערלעכע אומרויִקע צײַט. איך ווייס אַלײן נישט, וואָס מיט מיר איז געווען.

טייל מאָל בין איך גאַנצע נעכט נישט געשלאָפן. די שלייפן האָבן מיר ווי האַמער געקלאַפּט, און דאָס האַרץ האָט גענאָגט, גלײַך עס וואָלט זיך געשראָקן פאַר עפּעס, אָדער שרעקלעך נאָך עפּעס געבענקט; טייל מאָל איז מיר ווײַטער אַזוי וואַרעם און ווייך געווען אויפן האַרצן, אַז איך האָב געוואָלט אַלץ אַרומנעמען און קושן און האַלדזן.

נאָר וועמען? די ברידערלעך האָבן זיך נישט געלאָזט; דער פינף-יאָריקער יויכענען האָט אויך געקאָפּעט און געשריגן, אַז ער וויל זיך נישט שפּילן מיט אַ מיידל. די מאַמע, אויסער דעם, וואָס איך האָב פאַר איר מוירע געהאַט, איז שטענדיק בייז און פאַריאָגט... דער טאַ-טע — נאָך קראַנקער.

בעמעשעך אַ קורצער צײַט איז ער אײַנגאַנצן גרוי געוואָרן ווי אַ טויב, דאָס פּאָנעם איז אײַנגעשרומפּן געוואָרן ווי אַ פּאַרמעט, און די אויגן האָבן אַרויסגעקוקט אַזוי אומבאַהאָלפן און מיט אַזאַ שטום גע-בעט, אַז עס איז געווען גענוג, איך זאָל עס דערזען און אַרויסלויפן פון שטוב מיט אַ געוויין.

דעמאָלט דערמאָן איך מיך אָן מײַן בערעלען... אים וואָלט איך געקאָנט אַלץ דערציילן, קושן און האַלדזן... ליגט ער דאָרט אין דער קאַלטער ערד, און עס כאַפּט מיך אָן אַ ביטערלעכער געוויין...

די טרערן, אייגנטלעך, פלעגן זיך מיר באוויַיזן גאנץ אָפט אָן א טאם.

טיילמאָל קוק איך פון פענצטער ארויס אפן הויף און זע, ווי די לעוואָנע שווימט און שווימט צו אַלעמאָל נעענטער צו דעם אויסגע־וויַיסטן צוים, וואָס איז קעגן אונדזער פענצטער, און קאָן דעם צוים נישט אריבערשווימען.

און איך באקום פלוצלינג ראכמאָנעס אף דער לעוואָנע, עס הייבט מיך אָן קלעמען באם הארצן און די אויגן גיסן און גיסן...

טיילמאָל, וויַיטער, פלעג איך ארומגיין מאט. איך פלעג מיך ארום־וואקלען אָן קויעך מיט א בלאס פּאָנעם און אונטערגעשלאָגענע אויגן; אין די אויערן רוישט, דער קאָפּ איז שווער און עס דאכט זיך מיר, אז עס איז מיר אזוי נישט גוט אף דער וועלט, אזוי נישט גוט, אז עס וואָלט אמבעסטן געווען צו שטארבן.

דעמלט וויַיטער האָב איך בערעלען שטארק מעקאנע געווען... ער ליגט זיך דאָרט אזוי רויִק...

גאנץ אָפט אויך, האָט זיך מיר געכאָלעמט, אז איך שטארב, אז איך ליג אין קייווער, אָדער אז איך פלי ארום אין הימל אין איין העמד מיט צעלאָזטע האָר און קוק אראָפּ און זע, וואָס אף דער וועלט טוט זיך.

פּונקט דעמלט האָב איך פארלוירן די אלע כאווערטעס, מיט וועל־כע איך האָב אמאָל אין צייכן געשפּילט, און האָב שוין קיין אנדערע נישט באקומען. איינע איז שוין ארויסגעגאנגען שאבעס מיט אן אט־לאסענע יופּע און א קייט און א זייגער; עס האָט שוין געזאָלט זיַין איר כאסענע. אנדערע זיַינען „קאלע־מיידלעך" געוואָרן. שאדכאָנים און מעכוטאָנים „האקן אָפּ די טירן". און מע האָט זיי געקעמט, גע־וואשן, געקליידט, בעשאס ווען איך בין נאָך ארומגעגאנגען באָרוועס, אין אן אלטע בעזינע, קורצע ספּאָדניצע, אין אן אויסגעבליאקעוועטן ציצענעם סטאניק, וואָס האָט אף מיר אפן סאמעראָדנע פראָנט אין

עטלעכע ערטער געפּלאַצט, און איך האָב אים צוגעלאַטעט מיט אַן אַנדער קאָליר ציץ... די קאַלע־מיידלעך האָבן מ י ך געמיידט, און מיט די יינגערע קינדער האָב א י ך מיך געשעמט צו כאַוועדן; אויך האָבן מיך שוין די צייכן נישט געוויילט. באַטאָג פלעג איך מיך דעריבער נישט אַרויסווייזן אין גאַס אַרויין. די מאַמע, ווייטער, האָט מיך אין ערגעץ נישט געשיקט, און אַפילע אַז איך האָב אַמאָל געוואָלט גיין אַ גאַנג, נישט געלאָזט. פאַר דאָס פלעג איך מיך אָפּט אַרויסכאַפּן פאַרנאַכט און אַרומגיין הינטערן הויז באַ די שפּייכלער, אָדער זעצן זיך נישט ווייט פון טייך.

זומער פלעג איך אַזוי זיצן ביז שפּעט אין דער נאַכט אַריין.

אין אָנהייב פלעגט אַמאָל די מאַמע צו מיר אַרויסגיין; צוגעגאַנגען איז זי קיינמאָל נישט, נאָר אין טויער זיך געשטעלט, אומגעקוקט זיך און אַוועקגעגאַנגען,— איך פלעג קימאַט הערן ווי זי זיפצט, קוקנדיק אַפּ מיר פון ווייטן.

מיט דער צייט האָט דאָס אויך אופגעהערט.

איך פלעג מיר אָפּזיצן איינע אַליין שאָעןלאַנג און אַיינהערן זיך, ווי עס רוישט דאָס קליינע טייכל, ווי עס שפּרינגען די פרעש פון גראָז אין טייך אַריין, אָדער נאָכיאָגן ערגעץ אַ לייכטן וואָלקן אין הימל...

איך פלעג אַמאָל האַלב אַיינשלאָפן מיט אָפענע אויגן.

איינמאָל האָב איך דערהערט פון ווייטנס אַ טרויעריק לידל. דאָס קאָל איז געווען יונג און פריש, און עס האָט זיך מיר מיט אַ טרויער אויסגעגאָסן אינעם גאַנצן לייב; עס איז געווען אַ יידיש לידל.

דאָס זינגט דער „רויפע־יונג“,— טראַכט איך,— אַנדערע וואָלטן זמירעס, נישט קיין לידלעך, געזונגען.

איך טראַכט אויך, אַז מע מוז אַריין אין שטוב און אַזוינע לידלעך נישט הערן און מיטן רויפע־יונג זיך נישט טרעפן. נאָר אופגעהויבן

האָב איך מיך נישט; איך בין עפּעס ווי פאַרכאַלעמט געוועזן, מאַט, און בין געבליבן זיצן אפן אָרט, כאָטש דאָס הארץ איז אומרויִק געוועזן.

דאָס לידל קומט צו אַלץ נעענטער און נעענטער, עס גייט פון יענער זייט טײַך איבער דער בריק.

איך הער שוין טריט אפן זאמד, איך וויל ווײַטער אנטלויפן, נאָר די פיס פאָלגן נישט און איך זיץ ווײַטער.

ענדלעך איז ער צוגעקומען צום אָרט, וווּ איך בין געזעסן.

— דו ביסט עס, לייע?

איך ענטפער נישט.

אין די אויערן רוישט מיר נאָך שטארקער, די שלייפן שלאָגן נאָך האסטיקער און עס דאכט זיך מיר, אז איך האָב קיינמאָל אזא גוט און זיס קאָל נישט געהערט.

ער מאכט זיך ווייניק דערפון, וואָס איך ענטפער אים נישט. ער זעצט זיך נעבן מיר אפן קלאָץ און קוקט מיר גלײַך אין פּאָנעם אַרײַן.

זײַן בליק האָב איך נישט געזען, ווײַל איך האָב די אויגן נישט אופגעהויבן, דאָך געפילט האָב איך, ווי עס האָט מיר געברענט דאָס פּאָנעם.

— ביסט א שיינע מויד, לייע, — מאכט ער צו מיר, — א שאָד!

עס האָט מיך אָנגעכאַפּט א שרעקלעך געוויין און איך בין אנטלאָפן.

דעם צווייטן אָוונט בין איך שוין נישט ארויסגעגאנגען, דעם דריטן אויך נישט. נאָך דעם פערטן, פרײַטיקצונאכטס, איז מיר שוין אזוי שווער געוועזן אפן הארץ, אז איך האָב געמוזט ארויסגיין; עס האָט זיך מיר געדאכט, אז איך וועל דערשטיקט ווערן אין שטוב. ער האָט אפּ מיר, אפּאָנעם, אין שאָטן, הינטער א הויז-ווינקל, געוואַרט. ווײַל קוים האָב איך מיך געזעצט אפּ מײַן אָרט, איז ער מיר ווי אויסגעוואקסן פון אונטער דער ערד.



— אנטלויף נישט פאר מיר, לייע! — האָט ער זיך מיט א ווייך, הארציק קאָל געבעטן. — גלייב מיר, איך וועל דיר קיין שלעכטס נישט טאָן.

זיין ערנסט, ווייך קאָל האָט מיך בארויקט.

ער האָט אָנגעהויבן צו זינגען א שטיל טרויעריק לידל, און מיר זיינען וויטער געקומען די טרערן אין די אויגן אריין. איך האָב מיך נישט געקאָנט איינהאלטן, און האָב אָנגעהויבן שטיל צו וויינען.

— וואָס וויינסטו, לייע, — האָט ער אָפּ און פרעגט, אָנעמענדיק מיך בא דער האנט.

— דו זינגסט אזוי טרויעריק — האָב איך אים געענטפערט און ארויסגעצויגן די האנט פון זיינע.

— איכ בינ א יאָסעמ, — מאכט ער, — עלנט... אינ דער פרעמד.

עס האָט עמעצ זיכ באוויזנ פונ גאס אונ מיר זײַנענ זיכ צעלאָפנ.

דאָס לידל האָב איכ מיכ אויסגעלערנט אונ פלעג עס זינגענ שטי-לערהייט יעדע נאכט אפנ געלעגער; דערמיט בינ איכ אײַנגעשלאָפנ, דערמיט בינ איכ אופגעשטאנענ. דאָכ גאנצ אָפט האָב איכ כאראָמע גע-האט אונ געוויינט, וואָס איכ האָב מיכ באקאנט מיט א „רויפע-יונג“, וואָס קליידט זיכ דײַטש אונ גאָלט זיכ דאָס בערדל. וואָלט ער זיכ אזוי געטראָגנ, ווי דער אלטער רויפע, וואָלט ער כאָטש א פרומער ייִד גע-ווענ... איכ האָב געוווּסט, אז ווענ דער טאטע ווערט עס געוואָר, שטארבט ער, כאסוועשאָלעמ, פאר אגמעסנעפעש; די מאמע וואָלט זיכ א מײַסע געטאָנ! דער סאָד איז מיר געלעגנ ווי א שטיינ אפנ הארצ.

איכ גיי צו צומ טאטנס בעט דערלאנגענ אימ עפעס, אָדער די מאמע קומט ארײַנ פונ גאס, אונ איכ דערמאָנ מיכ אָנ מײַנ זינד, הייבנ אונטער מיר אָנ הענט אונ פיס ציטערנ, אונ דאָס פּאָנעמ פארלירט דעמ לעצטנ טראָפנ בלוט, אונ דאָכ האָב איכ אימ יעדנ טאָג צוגעזאָגט, אז איכ וועל מאָרגנ אויכ ארויסקומענ; אונ איכ האָב נישט געהאט, פאר-וואָס פאר אימ צו אנטלויפנ. ער האָט מיכ שוינ אפילע בא דער האנט נישט אָנגענומענ, מער נישט געזאָגט, אז איכ בינ א שיינע מויד. ער האָט מיט מיר נאָר גערעדט, געלערנט מיכ לידלעכ... איינמאָל נאָר האָט ער מיר א שטיקל באָקסער געבראכט.

— עס, לייע!

איכ וויל נישט נעמענ.

— פארוואָס? — פרעגט ער טרויעריק. — פארוואָס ווילסטו בא מיר נישט נעמענ?

איכ האָב מיכ ארויסגעכאפט, אז איכ וואָלט בעסער געגעסנ א שטיקל ברויט.

ווי לאַנג אונדזער זיצן צוזאַמען און זינגען האָט געדויערט, ווייס איך נישט. נאָר איינמאָל איז ער געקומען טרויעריקער ווי שטענדיק, איך האָב עס באַלד אין זײַן פּנים דערקענט, און האָב׳ן געפֿרעגט, וואָס איז אים.

— איך מוז אוועקפֿאָרן.

— וווּהין? — פֿרעג איך אַן אַ קאָל.

— צו דער סוב-רעוויזיע.

איך האָב אים אָנגעכאַפּט בײַ דער האַנט.

— צו די זעלנער וועסטו גיין?

— ניין, — האָט ער מיר געענטפֿערט און דריקט מיר די האַנט. — איך בין אַ שוואַכער... איך לײַד אויפֿן האַרץ, קיין זעלנער וועל איך נישט זײַן, נאָר שטעלן מוז איך מיך...

— וועסט צוריק קומען?

— אַוודאי...

מיר שווײַגן אַ ווײַלע.

— עס וועט נאָר דויערן, — מאַכט ער, — אַ פּאָר וואָכן...

איך שווײַג, און ער קוקט אויף מיר מיט אַ געבעט.

— וועסט בענקען נאָך מיר?

— יאָ... — האָב איך אַליין קוים געהערט מײַן טשוווע.

מיר שווײַגן ווײַטער אַ ווײַלע.

— לאָמיר זיך געזעגענען.

מײַן האַנט איז נאָך געלעגן אין זײַנע.

— פֿאָר געזונט! — האָב איך אים געזאָגט מיט אַ פֿאַרציטערטן קאָל.

ער האָט זיך איבערגעבויגן, מיר אַ קוש געטאָן און איז פֿאַרשוווּנדן געוואָרן.

איך בין לאַנג געשטאַנען ווי שיכּור.

— לייע! — האָב איך דערהערט דער מאַמעס קאָל, נאָר דאָס אַלטע, ווייכע, קימאַט זינגענדיקע קאָל, נאָך פון דער צײַט, ווען דער טאַטע איז געזונט געווען.

— לייעשי!

אַזוי האָט מען מיך שוין לאַנג נישט גערופן. איך האָב נאָכאַמאָל אַ ציטער געטאָן און בין מיט די נאָך ברענענדיקע ליפּן אַרײַנגעלאָפן אין שטוב. נאָר איך האָב די שטוב נישט דערקענט. אויפן טיש זײַנען געשטאַנען צוויי פּרעמדע לײַכטער מיט ברענענדיקע ליכט, עס איז געשטאַנען בראָנפן מיט לעקעך — דער טאַטע איז געזעסן אויף אַ שטול, אָנגעלענט אויף אַ קישן, אויפן פּנים האָט עפּעס ווי געשמייכלט פון יעדן רונצל אַרויס.— עס זײַנען געשטאַנען נאָך בענקלעך בײַם טיש, אויך פּרעמדע... עס זײַנען דאָ פּרעמדע מענטשן געווען — נאָר די מאַמע כאַפּט מיך אַרום און קושט און האַלדזט מיך:

— מאַזלטאָוו, טאָכטער, טאָכטערשי, לייעשי, מאַזלטאָוו!

איך פאַרשטיי נישט, וואָס מע מיינט, נאָר דאָס האַרץ שרעקט זיך און קלאַפּט, און קלאַפּט אַזוי מוירעדיק! אַז די מאַמע האָט מיך אַרויסגעלאָזט פון די אָרעמס, האָט מיך דער טאַטע צוגערופן. איך האָב קיין קויעך נישט געהאַט צו שטיין און האָב מיך אַראָפּגעלאָזט פאַר אים אויף די קניִען און אָנגעשפּאַרט דעם קאָפּ אויף זײַנע שויס. ער גלעט מיר דעם קאָפּ, קרײַזלט מיר די האָר:

— וועסט שוין, קינד מײַנס, ניט לײַדן קיין הונגער, קיין נויט; וועסט שוין, קינד מײַנס, נישט אַרומגיין נאַקעט און באָרוועס... וועסט זײַן אַ נגידטע... דו וועסט זײַן רײַך... דו וועסט פאַר דײַנע ברידערלעך מעלאַמעד-געלט צאָלן... מע וועט זיי שוין פון די באַדאָרים נישט אַרויסוואַרפן... דו וועסט אונדז אויך העלפן... איך וועל געזונט ווערן...

— און ווייסט, ווער דער כאָסן איז? — פרעגט די מאמע מיט א פרייד. — טאקע רעב זײַנוול! טאקע ר׳ זײַנוול. ער האָט אליין א שאדכנ געשיקט...

איכ ווייס נישט, וואָס מיט מיר איז געשעןנ, נאָר אופגעכאפּט האָב איכ מיכ אפּנ געלעגער אינמיטנ טאָג.

— געלויבט איז גאָט! — האָט די מאמע אויסגעשריגנ.

— געלויבט איז זײַנ ליבער נאָמענ! — האָט דער טאטע געזאָגט.

און מע האָט מיכ ווײַטער געהאלדזט און געקושט. נאָכ מער — מע האָט מיר אײַנגעמאכטס דערלאנגט!.. עפּשער וויל איכ וואסער מיט זאפט? עפּשער א ביסל ווײַנ?

איכ האָב צוריק די אויגנ פארמאכט און געקװײַכט מיט א שטיקנדיק געוויינ.

— וויל, וויל, — פרייט זיכ די מאמע, — זאָל זי זיכ אָפּוויינענ. מײַנ אָרעמ קינד! מיר זײַנענ זיכ אליינ שולדיק, אפּאמאָל אזא נאכעס דערציילט! אזוי פּלוצלינג! עס קאָנ אנ אָדער פּלאצנ, באסוועשאָלעמ! נאָר אצינד געלויבט איז גאָט! ווײַנ דיר אָפּ דאָס הארצ, זאָלנ אלע צאָ-רעס אוועקשווימענ מיט די טרערנ און א נײַ לעבנ זאָל זיכ אָנהייבנ, א נײַ לעבנ...

דער מענטש האָט צוויי מאלאָכימ — א גוטנ און שלעכטנ מאלעכ, און איכ בינ זיכער געווענ, אז דער גוטער מאלעכ הייסט מיכ אינעמ רויפּע-יונג פארגעסנ, עסנ ר׳ זײַנוועלעס אײַנגעמאכטס, טרינקענ זײַנ זאפט מיט וואסער און קליידנ זיכ אפּ זײַנ כעזשבנ, בעשאס ווענ דער שלעכטער מאלעכ האָט מיר אײַנגערעדט, איכ זאָל איינמאָל פאר אלע-מאָל זאָגנ דעמ טאטנ און דער מאמענ, אז איכ וויל נישט, בעיינ אויפּנ נישט.

רעב-זײַנוועלען האָב איך נאָך נישט געקענט, איך האָב'ן עפּשער אַ מאָל געזען נאָר — אָדער פאַרגעסן, אָדער באַלד נישט געוווּסט, וועמען איך זע... נאָר הינטער די אויגן האָב איך אים פּײַנט געהאַט.

באַלד די צווייטע נאַכט האָט זיך מיר געכאָלעמט, אַז איך שטיי אונטער דער כופּה.

דער כאָסן איז רעב זײַנוועלע און מע פירט מיך זיבן מאָל אַרום אים, נאָר די פיס זײַנען מיר פאַרשטאַרט און די אונטערפירערקעס טראָגן מיך אין דער הייך...

דערנאָך האָט מען מיך אַהיים געפירט.

די מאַמע האָט אקעגן געטאַנצט מיט אַ קוילעטש, און עס גייט שוין די גאָלדענע יויך.

איך האָב מוירע די אויגן אופצוהייבן. איך בין זיכער, אַז איך וועל דערזען אַ בלינדן, אָן אַן אויג, און אַ לאַנגע, אַ שרעקלעכע לאַנגע נאָז... עס קומט מיר אַ קאַלטער שווייס אָפּן לײַב — נאָר פּלוצלינג רוימט ער מיר אײַן אין אויער:

— לייעשי, אַ שיינע מויד ביסטו!

און דאָס קאָל איז גאָרנישט פון קיין אַלטן מאַן — עס איז יע-נעמס קאָל... איך עפן אַ ביסל די אויגן — עס איז יענעמס פּאָנעם...

— טס! — רוימט ער מיר אײַן. — זאָג נישט אויס. איך האָב רעב זײַנוועלען פאַרנאַרט און וואַלד אַרײַן, אַרײַנגעלייגט אין אַ זאַק, צוגע-בונדן אַ שטיין און אַרײַנגעוואָרפן אין טײַך (אַזאַ מײַסע האָט מיר אַמאָל די מאַמע דערציילט) און בין איך דאָ אָפּ זײַן אָרט!

איך האָב מיך אופגעכאַפּט פאַרציטערט.

דורך אַ שפּאַרע פון לאָדן האָט אַרײַנגעשלאָגן אַ בלאַסע שײַן פון דער לעוואָנע און האָט באַלײַכט די גאַנצע שטוב. איך באַמערק ערשט, אַז אינמיטן באַלקן הענגט צוריק דער הענגלײַכטער, טאַטע-מאַמע שלאָפן אָפּ בעטגעוואַנט. — דער טאַטע שמייכלט פון שלאָף, די מאַמע

אָטעמט רויק... און דער גוטער מאַלעך זאָגט מיר: אַז דו וועסט זײַן גוט און פֿרום, וועט דער טאַטע געזונט ווערן, די מאַמע וועט אויף דער עלטער ניט אַרבעטן אַזוי שווער און ביטער, און פֿון דײַנע ברידער־לעך וועלן אַרויסקומען לאָמדים, ראַבאָנים, געוויִנים; גרויסע, גרויסע ייִדן, מע וועט פֿאַר זיי צאָלן מעלאַמעד־געלט.

— נאָר קושן — זאָגט דער שלעכטער מאַלעך — וועט דיך רעב זײַנוועלע... ער וועט זיך צו דיר צורירן מיט די פֿײַכטע וואָנצן... ער וועט דיך אַרומנעמען מיט די ביינערדיקע הענט... אויך וועט ער דיך פֿײַניקן, ווי יענע ווײַבער, און וועט דיך יונגערהייט יאָגן אין קייווער אַרײַן; און ער וועט קומען צו פֿאָרן און וועט אַגמעסנעפֿעש האָבן, דיך קיין לידלעך שוין ניט לערנען, וועסט שוין מיט אים אָוונט אויף אָוונט ניט זיצן... דו וועסט זיצן מיט רעב זײַנוועלען...

— ניין! הימל און ערד זאָל צוזאַמענקומען! צערײַסן די טנאָים! איך בין שוין ניט געשלאָפֿן ביז אינדערפֿרי...

די ערשטע האָט זיך אופֿגעכאַפּט די מאַמע; איך וויל מיט איר ריידן, נאָר איך בין געוויינט אין אַלע געפֿאַרן זיך ווענדן צום טאַטנס הילף.

אָט וועקט זיך שוין דער טאַטע.

— ווייסט, סאָרעלע, — זײַנע זײַנע ערשטע ווערטער, — איך פֿיל מיך גאַר, גאָר גוט; וועסט זען, איך וועל הײַנט נאָך גיין אין גאַס אַרײַן.

— געלויבט איז זײַן ליבער נאָמען; אַלץ אין אונדזער טאָכטערס מאַזל, אַלץ אונדזער טאָכטערס, דער צאַדייקעס זכוס.

— און דער רויפֿע איז טאַקע גערעכט, די מילך שמעקט מיר זייער וווּל...

זיי שווײַגן, און דער גוטער מאַלעך זאָגט מיר נאָכאַמאָל:

— אַז דו וועסט גוט און פֿרום זײַן, וועט דער טאַטע ווערן גע־זונט; וועט אָבער פֿון דײַנע ליפּן אַרויס אַ זינדיק וואָרט — פֿאַלט ער אַוועק און שטאַרבט.

— הערסטו, סאָרעלע, — מאַכט ווײַטער דער טאַטע, — הער שוין אויף צו זײַן אַ פּשעקופּקע...

— וואָס רעדסטו?

— וואָס דו הערסט! — איך וויל הײַנט נאָך זײַן בײַ רעב זײַנוועלען... ער וועט מיך צונעמען צו אַ געשעפט, אָדער באָרגן עטלעכע רובל, וועלן מיר זיך מאַכן אַ געוועלבל, איך וועל שטיין אַ ביסל, דו אַ ביסל — דערנאָך וועל איך אָנהייבן האַנדלען מיט טוווּע...

— האַלעווײַ זאָל גאָט געבן!

— אַוואַדע וועט גאָט געבן! אַז דו וועסט הײַנט נעמען אָפּ כאַסענע-קליידער, זאָלסטו דיר אויך נעמען... כאָטש אָפּ צוויי קליידער, און פאַרוואָס נישט? ער האָט געהייסן נעמען, וואָס מע דאַרף; דו וועסט דאָך נישט זײַן אָפּן אופֿרופֿן אין דײַנע בעגאָדים.

— גיי שוין, גיי! — ענטפֿערט די מאַמע. — דעריקער מוז מען די קינדער עפּעס מאַכן — רוון גייט באָרוועס, ער האָט זיך יענע וואָך אַ האַלץ אַרײַנגענומען, לאָמט ער נאָך... אויך גייט צו ווינטער, מע דאַרף לײַבלעך און העמדלעך, וואַטאָווע קאַפּאָטקעלעך.

— נעמ, נעמ...

— הערסט, — מאַכט דער גוטער מאַלעך, — אַז דו וועסט ריידן אַ שלעכט וואָרט, וועט די מאַמע דײַנע קיין קלייד נישט האָבן, און דו ווייסט, אַז דאָס אַלטע פֿאַלט איר אַראָפּ פֿון לײַב; דײַנע ברידערלעך וועלן ווינטער-צײַט אין די גרעסטע פרעסט לויפֿן אין ביידער אַרײַן באָרוועס און זומער וועלן זיי זיך אַרײַנעמען העלצער אין די פֿיס...

— איך זאָג דיר דעם עמעס, — מאַכט די מאַמע, — מע וואָלט געדאַרפֿט אַלץ אויסריידן „בעראָכל ביטכאָ האַקטאַנאָ“, וואָרעם ז יי ע ר אַ גוטער מענטש איז ער נישט... מע דאַרף אָפּריידן, וויפֿל ער וועט איר פֿאַרשרײַבן — וואָרעם יאָרשים וועט זײַן ווי האַלץ... ווען אַפּילע

נישט קיין אקט — זאָל ער באַטש געבן א ביירעם-קוויטל, וואָרעם טאקע, ווי לאנג קאָן אזוינער לעבן? נאָך א יאָר, נאָך א יאָר...

— בא ווילטיק, — זיפצט דער טאטע, — לעבט מען לאנג.

— לאנג! פארגעס נישט — זיבעציק יאָר... טיילמאָל ווערט אים עפּעס ווי טויט אונטער די אויערן...

און דער שלעכטער מאלעך זאָגט: אז דו וועסט שווייגן, וועסטו גיין אונטער דער כופּע מיט א טויטן, מיט א מעס וועסטו לעבן... מע וועט דיך לייגן-פירן מיט א בארמינען...

די מאמע זיפצט.

— אלץ איז בא גאָט אין די הענט — מאכט דער טאטע.

די מאמע זיפצט ווייטער, און דער טאטע זאָגט:

— און וואָס קאָן מען טאָן... מע האָט געקאָנט בעסער מאכן? אוואדע, ווען איך בין געזונט, ווען איך פארדין, ווען עס איז כאָטש דאָ טרוקן ברויט אין שטוב...

ער האָט אָפּגעהאקט; מיר האָט זיך געדאכט, אז עפּעס וויינט דעם טאטן אין האַרץ.

— וואָלט זי כאָטש יינגער געווען מיט א פּאָר יאָר, וואָלט איך דאָס לעצטע געטאָן... ווייס איך? עפּשער אף דער לאָטעריע געשטעלט...

און איך האָב געשוויגן.

מיין זיבעציקיאָריקער כאָסן האָט געגעבן אף כאָסענע-קליידער, עטלעכע הונדערט גילדן דעם טאטן און מיר א טויספעס-קסובע אף הונדערט און פופציק גילדן...

מענטשן האָבן געזאָגט: א ווילער שידעך!

איך האָב באוווּרטעס באקומען; די מיט דער סאַמעטענע יופּע און גאָלדענעם קייט-און-זייגער פלעגט בא מיר זיין צוויי-דריי מאָל אין

טאָג. זי איז געווען גליקלעך ווי די וועלט, וואָס איך האָב זי דערלאַנגט, וואָס מיר האָבן כאַסענע אין איין כוידעש! איך האָב געהאַט נאָך כאַווערטעס, נאָר זי האָט זיך צוגעקלעפּט צו מיר. „יענע זײַנען דאָך „סמאַרקאַטע מיידלעך"; ווער ווייסט, ווי לאַנג עס וועט נאָך באַ זיי דויערן!"

ריוועקע האָט כאַסענע פון דער פרעמד, נאָר עסן קעסט וועט זי פריִער אין דער היים, צוויי צי דרײַ יאָר. איבער דער גאַנצער צײַט וועלן מיר זיך האַלטן צוזאַמען; זי וועט אַרײַנלויפן צו מ י ר אַף ציקאָריע, איך צו א י ר אַף ציקאָריע, אָדער שאַבעס נאָכן שלאָף אַף ביילעק-יויך.

— און אַז איך וועל ווערן אַ קינפּעטאָרן — מאַכט איינמאָל ריוועקע און דאָס פּאָנעם שטראַלט איר — וועסטו זיצן באַ מיר — יאָ?

איך שווײַג.

— ווײַ! — מאַכט ריוועקע. — וואָס טרויערסטו אַזוי? עס טרעפט זיך צו זיבעציק יאָר אויך...

— גיי שוין, גיי! — טרייסט זי מיך ווײַטער.— אַז גאָט וויל, שיסט אַ בעזעם! און ווען נישט — ווי לאַנג, מיינסטו, וועט עס דויערן? אַ מענטש לעבט דאָך נישט אייביק! אַזאַ יאָר אַף מיר, וואָס פאַר אַ יונגע אַלמאָנע דו וועסט זײַן! די פינגער צו לעקן!

ריוועקע ווינטשט רעב זײַנוועלען נישט קיין שלעכטס:

— ער איז אַפילע אַ קעלעוו שעבעקלאָווים! יענץ ווײַב האָט ער געפּײַניקט... נאָר יענץ ווײַב איז אַ קראַנקע געווען, און דו ביסט געזונט ווי אַ נוס... דיך וועט ער גוט באַהאַנדלען, נאָך ווי הייסט גוט!

ע ר איז צוריקגעקומען!

דעם טאַטן איז טאַקע בעסער, נאָר עס האָט זיך אים פאַרגלוסט אַ ביסל טרוקענע באַנקעס — אַזוי האָט ער מוירע געהאַט אַרויסצו-

גיין. ער פילט, אז פון ליגן, און דערנאָך זיצן אַלץ אייניינעם האָט זיך אים דאָס בלוט פאַרזאַמלט אַפּ איין אָרט, מע דאַרף עס צעשלאָגן! — אַ ביסל אויך ברעכן אים די פּלייצעס און אַפּ דעם איז טרוקענע באַנקעס אַ רעפּוּע בעדוקע.

איך האָב אָנגעהויבן ציטערן ווי אין אַ פיבער: מיט טרוקענע באַנקעס קומט דער „יונג", נישט דער רויפע אַליין.

— וועסט אַרײַנרופן דעם רויפע? — פרעגט מיך דער טאַטע.

— וואָס רעדסטו? — פאַלט אים די מאַמע אין די רייד. — אַ קאַלע-מיידל...

זי איז אַליין געגאַנגען.

— וואָס ביסטו אַזוי בלאַס געוואָרן? — פרעגט מיך דער טאַטע דערשראָקן.

— גאָרנישט.

— שוין עטלעכע טעג... — פאָרשט דער טאַטע.

— עס דאַכט זיך דיר, טאַטע.

— די מאַמע זאָגט אויך...

— ע!!

— הײַנט — וויל מיך דער טאַטע דערפרייען — וועט מען דיר שוין מעסטן די כאַסענע-קליידער.

איך שווײַג.

— דו פרייסט זיך גאָרנישט? — פרעגט דער טאַטע.

— פאַרוואָס זאָל איך מיך נישט פרייען?

— דו ווייסט דאָך אפילו גאָרנישט, וואָס מע מאַכט דיר.

— מע האָט דאָך מיר אַ מאָס גענומען!

דערווײַל איז אָנגעקומען די מאַמע מיטן רויפע אַליין.

עס איז מיר גרינגער געוואָרנ אפנ האַרצ; נאָר אינײנוועגס האָט אינ מיר עפּעס געקלאָגט: דו וועסט אימ עפּשער שױנ מער נישט זענ...

— אוי, אַ וועלט, — קומט אַרײַנ דער רויפע, סאָפּענדיק אונ קרעכצנדיק, — רעב זײַנוועלע האָט כאַסענע מיט אַ יונגער מויד, אונ לייזערל דעמ גאַבעס ווערט אַ פּאָרעש — אַנטלאָפנ פונ ווײַב!

— לייזערל? — שרײַט אויס די מאַמע פאַרוווּנדערט.

— ווי איר הערט! הײַנט גיי איכ אַרומ צו זעכציק יאָר פונ אינ-דערפרי ביז נאַכט אפ די פיס, אונ מײַנ יונג לייגט זיכ אינ בעט אַרײַנ...

איכ הייב אָנ ווײַטער צו ציטערנ.

— האַלט נישט אַזאַ גוי! — באַמערקט די מאַמע.

— אַ גוי? — מאַכט דער רויפע. — ווי הייסט אַ גוי?

— וואָס טויג מיר די מײַסעס, — האַקט איבער אומגעדולדיק דער טאַטע, — טוט בעסער אײַערס.

מײַנ טאַטע איז בעטעווע געווענ אַ גוטער; עס האָט זיכ מיר שטענדיק געדאַכט, אז ער קאָנ קיינ פליג אפ דער וואַנט נישט רירנ, אונ דאָכ האָט אינ זײַנע רייד געשטעקט אַזויפיל ביזאָיענ פאַרנ רויפע.

אַלס קראַנקער אינ בעט פלעגט ער גליקלעכ זײַנ, אז עמעצ איז אַרײַנגעגאַנגענ אונ באַלאַקעט מיט אימ; נאָר מיטנ רויפע האָט ער קיינמאָל נישט געקאָנט ריידנ אַ וואָרט. ער האָט אימ שטענדיק איבער-געהאַקט אינמיטנ אונ געהייסנ, ער זאָל זײַנס טאָנ. נאָר אַצינד האָב איכ עס דאָס ערשטע מאָל אַזוי שטאַרק דערפילט; עס האָט מיר אָנגע-הויבנ דאָס האַרצ וויי צו טאָנ... וואָרעמ, ווי אַזוי וואָלט ער נאָכ יע-נעמ באַליידיקט, יענעמ, וואָס ליגט נעבעכ קראַנק!..

פאַרוואָס איז ער קראַנק?

געזאָגט האָט ער, אז ער האָט אַ האַרצ-פעלער.

וואָס דאָס איז, האָב איכ ריכטיק נישט געוווּסט; מינאַסטאַמ איז

עס אזוינס, וואָס לייגט אמאָל אינ בעט ארײַנ, אונ דאָכ, — האָט מיר דאָס הארצ געזאָגט, — אז איכ מוז אויכ האָבנ א שטיקל שולד דערבײַ.

באנאכט האָב איכ אינ שלאָפ געוויינט; די מאמע האָט מיכ אופגע-וועקט אונ געזעצט זיכ בא מיר אפנ בעט.

— שא, קינד מײַנס! — האָט זי מיר געזאָגט. — לאָמיר דעם טאטנ נישט וועקנ; — אונ אונדזער שמועס איז געווענ פונ מויל אפ אויער.

די מאמע, האָב איכ באמערקט, איז שטארק צערודערט: זי קוקט אפ מיר פאַרשנדיק, זי וויל עפּעס בא מיר דערגיינ, אונ איכ האָב מיכ באשלאָסנ איר גאָרנישט צו זאָגנ, אלקאָלפּאָנעמ נישט ווענ דער טאטע שלאָפט.

— קינד מײַנס, וואָס האָסטו געוויינט?

— איכ ווייס נישט, מאמע.

— פילסט דיכ געזונט?

— יאָ, מאמעשי, נאָר מיילמאָל טוט מיר דער קאָפּ וויי.

זי איז געזעסנ האלב אָנגעשפּארט אפנ בעט, אונ איכ האָב צוגע-רוקט דעמ קאָפּ אונ אָנגעלענט אפ איר הארצ.

— מאמע, — פרעג איכ, — וואָס קלאפּט בא דיר דאָס הארצ?

— פאר מוירע, טאָכטערשי.

— דו האָסט אויכ מוירע באנאכט?

— באנאכט אונ באטאָג, איכ האָב שטענדיק מוירע.

— וואָס האָסטו מוירע?..

— איכ האָב מוירע פאר דיר...

— פאר מיר?

די מאמע ענטפערט נישט, נאָר איכ פיל, אז עס פאלט מיר אירס א טרער אפנ פּאָנעמ, א ווארעמע טרער.

— דו וויינסט, מאמעשי?

די טרערן פאלן אַפּטער און אָפּטער.

„איך וועל נישט זאָגן“, באַפעסטיק איך מיך אין דער דייע.

אין א ווײַלע ארום פרעגט מיך פּלוצלינג די מאמע:

— צי האָט דיר נישט ריווקע עפּעס אָנדערציילט?

— וועגן וואָס, מאמע?

— וועגן דײַן באָסן.

— פונוואנען קען זי מײַן באָסן?..

— זי זאָל אים קענען, וואָלט זי נישט גערעדט; נאָר אזוי, ווי איך שטאָט... ווייסט נישט, פאר קינע... א ייִד א גוויר, האָט קויעך צו נעמען אפ דער עלטער א בסולע. ר ע ד ט מען אוואדע... ווייס איך? צי האָט מען דיר נישט געזאָגט, אז דאָס לעצטע ווײַב זײַנס איז געשטאָרבן, ווײַל ער האָט זי געפּײַניקט?

איך זאָג איר גאנץ קאלטבלוטיק, אז איך האָב עפּעס געהערט דערפון, נאָר פון וועמען, ווייס איך נישט.

— אוואדע פון ריווקען — דאָס מויל זאָל איר הינטן שטיין — בייזערט זיך די מאמע.

— פון וואָס דען — פרעג איך — איז זי אזוי פּלוצלינג געשטאָרבן?

— פון וואָס? א הארצ-פעלער האָט זי געהאט...

— נו, וואָס? אז מע האָט א הארצ-פעלער, שטארבט מען?

— אוואדע...

מיר האָט עפּעס ווי געקנאַקט אין מויעך...

. . . . . . . . . . . . . . . . .

איך בין געוואָרן א „זײַדן קינד“ — מע האָט מיך אין אלע הײַזער געלויבט; די טאטע-מאמע האָבן עס גאָר נישט געקאָנט פארשטיין; דער שנײַדער אוואדע נישט. איך האָב מיר גאָרנישט אויסגעבאָטן:

וואָס די מאַמע האָט געוואָלט, האָט זי געמאַכט, וואָס פאַר אַ מאַטעריע, וואָס פאַר אַ שניט, וואָס פאַר אַ קליידער... אַלץ, וואָס זי האָט נאָר אַליינ געוואָלט.

ריווקע פלעגט אַרײַנקומענ אונ קנײַפּנ זיך אינ די באַקנ: „ווער פאַרלאָזט זיך אינ מאָדע־זאַכנ אַפּ אַ מאַמענ — אַ ייִדענע פונ דער אַלטער וועלט?! וועסט שאַבעס נישט קאָנענ זיך ווײַזנ נישט אינ שול, נישט אינ גאַס, אינ ערגעצ נישט!“

— דו קוילעסט זיך! — האָט זי געענדיקט.

מיר איז אײַנגעפאַלנ, אַז איך בינ שוינ לאַנג געקוילעט. אונ איך האָב רויִק געוואַרט אַפּ שאַבעס נאָכמיטאָג, ווענ מע האָט געזאָלט פאַרבעטנ דעם כאָסנ אַפּ קידעש...

דערנאָך וועט זײַנ אַנ אויפרופנ, דערנאָך אַ כאַסענע.

דעם טאַטנ איז ווירקלעך בעסער. ער גייט טײלמאָל אַרומ אינ גאַס אַרײַנ. ער הייבט אָנ געוואָר צו ווערנ וועגנ טוווע. ריידנ, ווי ער האָט געקלערט, דעם כאָסנ וועגנ אַ האַלוואָע, האַלט ער נאָך פאַר צו פרי. ער רעכנט שאַבעס נאָכמיטאָג צו פאַרבעטנ אים נאָך אַפּ שאַלעשסודעס אונ נאָך שאַלעשסודעס אַרײַנצוװאַרפנ עטלעכע ווערטער.

אַז עס איז שוינ אַזוי גוט, איז צײַט אָפּצושיקנ דעם רויפע; מע האָט אַפילע הײַנט קרעדיט, ער מאָנט נישט, שיקט שוינ נישט דעם יונג, קומט אַליינ, נאָר עס איז צײַט, זאָל זײַנ אַנ עק. וויפל מע האָט אָפּגעשיקט, ווייס איך נישט, נאָר דער שאָליעך איז געוועזנ אוורעמל, וואָס האָט געזאָלט, דורכגייענדיק אינ כיידער אַרײַנ, דערלאַנגענ די עטלעכע גילדנ.

שפּעטער דאָך איז פּלוצלינג אַרײַנגעקומענ דער י ו נ ג ...

— וואָס? וויניק געשיקט? — באַגעגנט אים דער טאַטע.

— ניינ, רעב יעהודע, איך בינ געקומענ זיך געזעגענענ.

— מיט מיר? — פרעגט דער טאַטע פאַרוווּנדערט.

אזוי ווי ער איז אַרײַנגעקומען, בין איך אַנידערגעפאַלן אויפן ערשטן בענקל, וואָס איז געשטאַנען נעבן מיר; נאָר בײַ די ווערטער האָב איך מיך פלוצלינג אויפגעשטעלט און אין קאָפּ האָט אויפגעבליצט אַ געדאַנק, אַז איך דאַרף אים שיצן, נישט לאָזן באַליידיקן; עס איז דאָך נישט געקומען דערצו.

— איך פלעג דאָ אַרײַנקומען,— האָט ער געמאַכט מיט זײַן ווייכ, זיס און טרויעריק קאָל, וואָס האָט זיך געגאָסן אין האַרץ אַרײַן ווי אַ בוימל,— אַצינד פאָר איך אַוועק, אויף שטענדיק... האָב איך געמיינט...

— נו, יאָ, אַדרעבא,— מאַכט שוין געלאַסענער דער טאַטע, — זעצט זיך, יונגערמאַן, עס איז אפילו שיין פון דײַן זײַט, אַז דו געדענקסט אַ באַלעבאָס... אַדרעבע...

— טאָכטערשי,— מאַכט ער צו מיר,— מע דאַרף אים עפּעס געבן.

ער האָט זיך אויפגעשטעלט בלאַס, מיט ציטעריקע ליפּן און פײַער־דיקע אויגן. נאָר אין דער רעגע האָט זיך אים דאָס פּנים צוריק מאָ־רעשכווירעדיק געענדערט.

— ניין, רעב יעהודע, איך דאַרף נישט, איך דאַנק אײַך — זײַט געזונט!

ער האָט די הענט נישט אויסגעצויגן צו קיינעם, און אויף מיר קוים אַ בליק געוואָרפן.

אין דעם בליק האָט דאָך געשטעקט אַ פאָרוואורף. עס האָט זיך מיר געדאַכט, אַז ער באַשולדיקט מיך, אַז ער וועט מיר נישט מויכל זײַן, — וו אָ ס, האָב איך רעכט אַליין נישט געוווּסט.

און איך בין ווײַטער אין כאַלאָשעס געבליבן.

— שוין דאָס דריטע מאָל,— הער איך,— זאָגט די מאַמע צום טאַטן.

„עס מאַכט נישט אויס, אין די יאָרן טרעפט זיך עס... נאָר, כאָס־

וועשאָלעם, ווערט רעב זײַנוועלע געוואָר, שיקט ער אָפּ די שנאָזים!..
ער האָט שוין געגוג געהאט יענע כוילאָנים..."

קיין כוילאָנים בין איך דאָך נישט געווען.

אין כאַלאָשעס בין איך אינגאַנצן נאָך איינציק מאָל געפֿאַלן:
בײַ דער גאָלדענער יויך, אַז איך האָב „רעב זײַנוועלען" דאָס ערשטע
מאָל רעכט דערזען...

נישט מער.

אפילע נעכטן, ווען דער רויפע, וואָס שנײַדט מײַן „רעב זײַנוועלען" אוים אַלע כוידעש די נעגל, וואָס וואַקסן אים אין די פינגער
אַרײַן, האָט מיך, אַרויסגייענדיק, געפֿרעגט, צי איך געדענק זײַן יונג,
און דערציילט, אַז ער איז געשטאָרבן אין וואַרשעווער שפּיטאָל, —
בין איך נישט געפאַלן כאַלאָשעס, איך האָב קוים אַ טרער געלאָזט.
איך האָב אַליין נישט געוווּסט פון איר, נאָר דעם רויפע איז זי, די
טרער, געפעלן.

— איר זײַט אַ גוטע — האָט ער געזאָגט, און דעמלט האָב איך
זי ערשט דערפילט אף דער באַק.

מער נישט!

איך בין אַ געזונטע; איך לעב שוין פינף יאָר מיט רעב זײַנ-
וועלען...

ווײַאזוי — וועל איך עפשער אַן אַנדערשמאָל דערציילן.

*1895*



# דעם רעבנס ציבעק



לע, נישט דאפקע אלטע יידן, געדענקען נאָך, ווי בא סאָרע-ריוווקען האָט אמאָל געפעלט נישט דאפקע קינדער, נאָר אפילע ברויט, ראכמאָנעליצלאָנ! פּאָשעט-פּאָשעט — ברויט!

כאָים-באָרעכ אליינ, דער מאנ אירעער, איז שטענדיק געווען א גרויסער כאָסיד, טאקע פונ דער האסכאָלע אָנ, ווײַט דער שווער זײַנער (אָלעוואשאָלעם — אנ ערלעכער ייד געווענ!) האָט אימ ארויפגעבראכט פונ הינטער לובלינ.

מע האָט באלד געזען, אז עס איז א קיילע, א בראָכע פונ זײַנ ליבנ נאָמענ, אז עס איז אזוינס, וואָס, אויב עס ברענגט נישט מאָשיעכנ, צאפט עס, ווייניקסטנס, מאשקע פונ דער וואנט!

ער האָט שוינ אזא צורע געהאט.

אינ די טיפע, אונטערגעשלאָגענע אויגנ האָט שטענדיק געציטערט א מינ באהאלטנ שײַנדל, גלײַכ עמעצ דרייט זיכ דאָרט ארומ מיט א ליכט אינ דער פינצטערער שטוב!

א בלאס פּאָנעמ, נאָר בא וואָס עס איז האָט עס אופגעבליט ווי א רויז, אזא דינ הײַטל האָט עס געהאט.

בא די שלייפנ האָט שטענדיק זיכ עפּעס געוואָרפנ, געקלאפּט.

אונ מיט א פּאָשעטנ יוזעפּאָווער גארטל האָט זיכ די ברוֹע צענ מאָל ארומגענומענ, עפשער מער!

פארשטייט זיכ אליינ, אז פונ פּאָשעט לערנענ איז נישט געוועג וואָס צו ריידנ. אזוינס גייט ט י פ ע ר אונ ט י פ ע ר: זויהאר, אייצ-כאַיִמ... וואָס איר ווילט נאָר אליינ!

מיטנ רעבנ, זאָל לעבנ, פלעגט ער אָפּזיצנ שאָענלאנג, אונ זיי האָבנ צווישנ זיכ אפילע קיינ וואָרט נישט גערעדט, נאָר אלצ אפּנ אויג, מיטנ ווונק! נו, רעדט מיט אזוינעמ מיקויעכ פארנאָסע!

פארוואָס האָט'נ דער בעסמעדרעש גערופנ „כאַיִמ-באָרעכ סאָרע-ריווקעס", אָדער בעקיצער: „סאָרע-ריווקעס מאנ"? פארוואָס האָט מענ אָנגעהאנגענ אלע „שאריי-בינאָ" אָנ טאָפּ ארבעמ מיטנ ביסל הייווג, מיט וועלכע סאָרע-ריווקע האָט געהאנדלט? איז טאקע נישט צומ פארשטיינ.

זי אליינ, סאָרע-ריווקע, האָט געהאט ווילדע אגמעסנעפעש דערפונ.

עס איז טאקע — האָט זי געפילט — א קאָווערע, וואָס ער הייסט אפּ איר נאָמענ, נאָר — זי האָט אָבער אויכ געוווסט, אז אזויערנאָכ קומט זי אָפּ מיטנ ביסל נאכעס אפּ ד ע ר וועלט!

זי פלעגט גאנצ אָפט, קימאט א פאָר מאָל אינ דער וואָכ, קומענ אינ בעסמעדרעש ארײַנ מיטנ טאָפּ ארבעס.

„כאַיִמ-באָרעכ!" — שרײַענ די יעשיווועבאָכערימ. — „דײַנ שפּײַ-זערנ גייט!"

כאַזמ-באָרעכ, זעט אויס, האָט נאָכ געפילט איר גאַנג אַפּ די טרעפּ: ער האָט שוינ לאַנג פאַרשטעקט די צורע אינעמ זויהאַר; איבערנ שטענ-דער ציטערט נאָר דאָס פּעטע, פאַרפּעדערטע שפּיצל פונ דער יאַרמלקע. נאָר אפילע אַפּ דעמ שפּיצל קוקט זי אויכ נישט; זי קוקט ביכלאַל נישט אינ זײַנ זײַט אַרײַנ, זי וויל נישט זענ, ווי די שכינע רוט אי-בער זײַנ לערנענ, זאָלנ זיכ אירע אויגנ נישט פאַשענ אַפּ דער-וועלט. אַלץ — טראַכט זי — דאָרט! דאָרט, אַפּ יענער-וועלט! אינ האַרצ פילט זי דאָכ א וואַרעמקײַט, א נאַכעס.

פונ בעסמעדרעש גייט זי אַרויס ווי אופּגעוואַקסענער, גרעסער, מיט א העלערנ, פרײַערנ בליק! עס איז גאָרנישט צו דערקענענ, אַז זי איז שוינ א ווײַבל פונ עטלעכע אונ צוואַנציק יאָר! — אָנ א קנייטש אַפּנ שטערנ, מיט א גערויטלט ביינעוודיק פּענעמל, גלײַכ זי איז ערשט פונ אונטער דער כופּע אַרויס!

אונ פונ דעמ טאַקע, אַז זי דערמאָנט זיכ — האָט זי אַגמעס-נעפעש.

עס וועט איר, — טרויערט זי אינ האַרצ, — גאָרנישט בלײַבנ אַפּ יענער-וועלט. זי וועט אַרופּקומענ ווי אַנ אָפּגעפליקטע גאַנדז, אָנ א זכום אַפּנ לײַב... אונ וואָס טוט זי דענ? זי דרייט זיכ אַרומ מיטנ טאָפּ אַרבעס אינ גאַס, צעטראָגט, פונ איינ דאָנערשטיק צומ צווייטנ, הייזונ אינ עטלעכע הײַזער! וואָס האָט ער פונ איר?

קאָלזמאַנ דער פּאָטער, אָלעוואַשאָלעמ, האָט נאָכ געלעבט אונ דאָס רעדל האָט זיכ געדרייט, איז געווענ א דירע אונ צו עסנ, אונ צו טרינקענ, טאַקע — קעיאַד-האַמעלעכ. הײַנט? אַפּ אַלע סאָנע-צױענ געזאָגט!

דער נאַדנ איז ערגעצ פאַרפאַלנ געוואָרנ, דאָס הײַזל — פאַר-קויפט!

אײַנדערפרי — פיש-גריצ — קאַרטאָפל מיט וואַסער!

באנאכט — א ייַכל מיט א נעבעכדיקן בייגל!
אָט דאָס איז זײַן אוילעמהאַזע!
שוין זיבן יאָר, האָט זי אים אפילע קיין קאַפּאָטע נישט גע-מאַכט.
פון פּייסעך צו פּייסעך — א היטל, א פּאָר שטיוול, נישט מער!
מישאַבעס לעשאַבעס גיט זי אים אָרוים א העמד; מישטיינסגע-זאָגט — א העמד! שפּינוועבס!
זי טראָגט שוין א בריל דורך די העמדער: צערע און צערע און גאָרנישט...
„ריבוינעשעלוילעם", טראַכט זי, אַז מע וועט נעמען אָפּ יענער-וועלט איין אָס פון זײַנע טוירע אָפּ א יי ן וואָגשאָל, און אָפּ דער צווייטער וועט מען אַרופלייגן אַלע מײַנע ייַכלעך מיט פיש-גריצן, מיט מײַנע אויגן צוזאַמען... וואָס וועט איבערוועגן?
זי ווייסט אפילע, אַז וואָס עס איז פאַרקניפּט אָפּ דער-וועלט, איז פאַרבונדן אָפּ יענער אויך! אַז נישט אַזוי געשווינד טיילט מען דאָרט אָפּ א מאַן פון א ווײַב! און ער וועט דען לאָזן? אַזא ברילִיאַנט ווי ער איז? זי זעט דען ניט, ווי ער וויל דאַפקע, זי זאָל אויך טויעם זײַן באַם עסן... עס איז דאָך נאַריש, — ער וועט דאָך נישט ריידן, נאָר מיט די אויגן ווינקט ער; און מאַכט זי זיך נישט ווִיסנדיק, ברומט ער, ווי אינמיטן שמוינעעסרע... ניין! לאָזן וועט ער נישט — ער וועט נישט באַשטיין, ער זאָל זיצן אָפּ דער פּאָטערשטול צווישן צאַדיקים און אָוועס, און זי זאָל זיך ערגעץ אַרומוואַלגערן אין אוילעם-האַטוי-הו, אין ווִיסטע וועלדער...
וואָס העלפט עס אָבער? ערשטנס, וועט איר גלאַט זײַן א כאַרפּע די אויגן אופצוהייבן צווישן די אימאָעס: די בושע וועט זי פאַר-ברענען!

צווייטנס, האָט זי קיין קינדער נישט... און — „יאָרן צוען, יאָרן פליען".

זיבן יאָר ווינען זיי שוין, נאָך דריי באַשריגענע יאָר און — א געט!

זי וועט אים דען ריידן דאָס אנדערע וואָרט?

אַן אנדערע וועט זיין פוסבענקעלע אין גאַניידן זיין, און זי וועט זיך, גאָט ווייסט, מיט וואָס-עס-איז פאַר א שנײַדער פינצטערן ערגעץ אין גענעם...

וואָס? עס קומט איר מער?

נישט איין מאָל קומט איר א שנײַדער אָדער א שוסטער צו חלעם, און זי כאַפּט זיך אויף מיט א יעלאָלע.

ער וועקט זיך אויף דערשראָקן.

באַנאַכט אין דער פינצטער רעדט ער אַמאָל; ער פרעגט: וואָס איז?

נאָר זי ענטפערט: גאָרנישט!

זי וויינט, בעט גאָט, עס זאָל איר אַרײַן א בראָכע אין די אַרבעס אָדער אין די הייוון.

און ער איז טאַקע געוועזן א בריליאַנט!

א נאַרישע יידענע, טראַכט ער, אין וואָס איר גייט דאָ! פונדעסטוועגן, קלערט ער, דאַרף מען עפּעס צו טאָן דערינען! עפּשער וועט זי גיכער אַמאָל עפּעס נעמען אין מויל אַרײַן, פאַרגינען זיך!

ער האָט געזוכט אין די ספרים און געזוכט, נאָר אָפּט מאַכט זיך, אַז וואָס מע זוכט, געפינט מען דאַפקע נישט! אַזוינע זאַכן קומען בעהעסעב-האַדאַאַס, אומגעריכט!

טײלמאָל, דאַכט זיך אים, אַז ער איז שוין אָפּ א דערעך, איז אים, מײַסע סאָטן, עפּעס מעוואַלבל, און ער מוז אָנהייבן זוכן אָפּדאָסנײַ!

ער האָט זיכ מעיאשעוו געוועזנ צו מאכנ דערפונ א שמועס מיט אים, זאָל לעבנ!

עס איז אָבער שווער געגאנגענ.

איינמאָל האָט דער רעבע נישט געהערט, פֿארטראָגנ געוועזנ; דאָס צווייטע מאָל האָט ער געשאָקלט מיטנ קאָפּ, נישט אהינ אונ נישט אהער; דאָס דריטע מאָל האָט ער געענטפערט:

— המ! אוואדע וואָלט א יוישער געוועזנ! — דערווײַל איז אָבער עמעצ ארײַנגעקומענ אונ האָט איבערגעהאקט.

נאָכאמאָל איז ער עקסטרע געפֿאָרנ אונ געפרעגט: נו?

— נו! נו! — האָט דער רעבע געענטפערט, אונ גאָרנישט.

איינמאָל אָבער זיצט כאזימ-באָרעכ באמ רעבנ, ערעוו-שאבעס, אונ גיט א זיפצ.

— קיינ שטייגער, — בייזערט זיכ דער רעבע, — מײַנס א כאָסיד זיפצט נישט. וואָרעמ טאקע, וואָס?

— די הייוונ! — ענטפערט כאזימ-באָרעכ.

— מע האָט שוינ אינ קאָל טפוצעס יִסראָעל כאלעס געבאקנ, — ענטפערט דער רעבע! — פרײַטיק נאָכ צוועלפנ רעדט מענ נישט פונ קיינ הייוונ!

שאבעסצונאכטס האָט שוינ כאזימ-באָרעכ ארויסגערעדט בעפיירעש:

— רעבע, — מאכט ער, — עפשער וואָלט איר זיכ מאכנייעס געוועזנ אינ דער זאכ?

דער רעבע ווערט ווײַטער בייז:

— אונ דו! — מאכט ער — ביסט כוילע? פאר דײַנ טפֿילע איז דער הימל, כאסוועשאָלעמ, פארמאכט?

כאזימ-באָרעכ האָט בעפיירעש געהערט „כאסוועשאָלעמ“ אונ עס איז אימ אראָפּ א שטיינ פונ הארצ. פונדעסטוועגנ איז ווײַטער אוועק א פּאָר כאדאָשימ אונ גאָרנישט...

אפ ראָשעשאָנע איז ער ווײַטער געקומען.

מאָצע-יאָמטעוו גיט אים דער רעבע פּלוצלינג א קלאַפּ אין די פּליי-צעס ביפניי קאָהאָל וועיידע און פרעגט:

— כאַזם-באָרעכ, וואָס פעלט דיר?

ער ווערט פארשעמט און ענטפערט: „גאָרנישט!"

— שעקער! — מאכט דער רעבע. — דיר פעלט עפּעס.

— וואָס? — פרעגט כאַזם-באָרעכ פארציטערט, און אפ דער צונג איז אים שוין געלעגן: די „בראָכע אין הייוון און ארבעס".

דער רעבע לאָזט אים אָבער נישט קומען צום וואָרט און ציילט אים אָפּ ווערטער ווי פּערל:

— דיר, כאַזם-באָרעכ, פעלט א ליולקע-ציבעק!

דער אוילעם איז ניוהעל-ווענישטוימעם געוואָרן.

— דו רייכערסט, — מאכט דער רעבע, — פון א פּיפּקעלע, ווי א באלעגאָלע!

כאַזם-באָרעכן איז ארוים דאָס פּיפּקעלע פון מויל, ער האָט קוים ארויסגעשטאמלט:

— איכ וועל זאָגן סאָרע-ריווקען.

— זאָג, זאָג, — מאכט דער רעבע, — זאָל זי דיר קויפן א גרויסע ליולקע-ציבעק... נעם דיר מיט מײַן יאָמטעוודיקע פאר א מאָס; קע-הויוואָיאָ זאָל זי זײַן.

און ער האָט אים איבערגעגעבן זײַן ליולקע-ציבעק.

און דאָס איז עס געוועזן אינגאנצן!

נאָכ איידער ער איז אהיים געקומען, האָט מען שוין אין שטעטל געוווּסט, אז כאַזם-באָרעכ פירט דעם רעבנס יאָמטעוודיקע ליולקע-ציבעק...

— נאָכ וואָס, נאָכ ווען? — האָט מען געפרעגט אין אלע געסלעכ, אין אלע הײַזלעכ.

— נאָך וואָס? — האָבן געצאַפּלט אַלע ייִדישע נעשאָמעס. — נאָך וואָס? און מע האָט זיך אַליין געענטפערט: מינאַסטאַמ אַפּ קינדער!

כאַזמ-באַרעב, דאַכט זיך, לײַדט נאָך אַפּ דעמ, וואָס אַלע לאָמדימ לײַדן, מינאַסטאַמ וועט דער רויך פונ רעבנס יאָמטעוודיקער ליולקע אַפּ דעמ אויך האָבן אַ פּועלע! אהא! נאָך עפּעס: סאָרע-ריווקע לײַדט אַפּ די אויגן! צו צוויי און צוואַנציק יאָר טראָגט זי אַ בריל; דער רעבע האָט עס אַוואַדע אינ זינ געהאַט, אַ קלײניקײַט—כאַזמ-באַרעבס ווײַב!

און גלאַט: צו וואָס העלפּט נ י ש ט אַזאַ ציבעק, און נאָך אַ יאָמטעוודיקער ציבעק?!

און נאָך איידער כאַזמ-באַרעב איז אַראָפּ פונ דער פור, האָבן אימ שוינ הונדערט מענטשן געבעטן, ער זאָל באָרגן דעמ ציבעק: אַפּ אַ כווידעש, אַ וואָך, אַ טאָג, אַ שאָ, אַ מינוט, אַ רעגע...

מע וויל אימ אָפּגילטן!

און ער האָט אַלע געענטפערט:

— איך וויים? פרעגט סאָרע-ריווקען.

אַ נעוווע איז אימ אַרויס פונ מויל...

סאָרע-ריווקע האָט אַ וויל געשעפּט...

כײַ גדוילימ פאַר אַ צי פונ ליולקע-ציבעק! כײַ גדוילימ, נישט אַ גראָשן ווייניקער!

און דער ציבעק העלפּט!

און מע צאָלט, און סאָרע-ריווקע האָט שוינ אירס אַ הײַזל, אַ שיינ געוועלבל, אַ סאַך הייווג אינ געוועלבל, אַ סאַך אַנדערע סכוירעס.

זי אַליינ איז פולער געוואָרן, געזינטער, אויסגעגלײַכט! זי האָט דעמ מאַנ שוינ נײַע וועש געמאַכט, די ברילן אַוועקגעלייגט...

פאַר עטלעכע וואָכנ איז מענ געקומענ נאָכנ ציבעק פונ פאַרעצ ווענג! מע האָט אַנידערגעלייגט דרײַ זילבערנע רובל, ווי דענ!

— אונ קינדער? ווילט איר וויסנ.

— אַוואַדע! שוינ דרײַ צי פיר... ער איז אויכ אַ גאַנצער מענטש געוואָרנ...

אונ אינ בעסמעדרעש איז אַ שטענדיקער פילפל.

טייל זאָגנ, אַז סאַרע-ריווקע וויל נישט אונ וועט נישט אָפּ-געבנ דעמ רעבנ דעמ ציבעק!

אַנדערע זאָגנ, אַז זי האָט אימ שוינ לאַנג אָפּגעגעבנ! אונ דאָס איז אַנ אַנדערער...

ער אַלײנ, באַזמ-באַרעכ, שווײַגט.

אולעמײַ נאַפּקעמינע! אַבי ער העלפּט!

*1895*



# די פרומע קאצ



רײַ זינגפייגעלעכ זײַנענ געווען אינ איינ שטוב, אונ אלע דרײַ, איינס נאָכנ צווייטנ — האָט די קאצ צורעכט געמאכט...

עס איז קיינ איינפאכע קאצ נישט געווען, נאָר אנ עמעס, עמעס פרומע נעשאָמע, וואָס האָט נישט אומזיסט געטראָגנ די ווײַסע גוט-יידישע יופּע אונ געהאט אייגעלעכ, אינ וועלכע דער הימל האָט זיכ געשפּיגלט...

עס איז א פרומע קאצ, א טווילע-קאצ געווענ! צענ מאָל אינ טאָג האָט זי זיכ געוואשנ... אונ געגעסנ האָט זי שטיל, ערגעצ אינ א זײַט, אינ א ווינקעלע...

א גאנצנ טאָג האָט זי געכאפּט וואָס-עס-איז מילכיקס, אונ ערשט, אז די נאכט איז צוגעפאלנ, האָט זי געגעסנ פלייש, קאָשער מויזנפלייש...

און נישט געאײַלט זיך צו דער אכילע, ווי א גראָבע זאַך. נישט געכאַפּט און געשלונגען, ווי פּרעסער טוען; נאָר בענימעס, שפּילנ־דיק... זאָל דאָס מײַזל לעבן נאָך א רגע, נאָך א רגע... זאָל עס א ביסל ארומטאנצן, אָפּציטערן, ווידע זאָגן — א פרומע קאַץ כאַפּט נישט...

אז מע האָט אין שטוב אַרײַן דעם ערשטן זינגפויגל געבראַכט, האָט זי אַפּ אים באַלד ראַכמאָנעס באַקומען; עס האָט זי באַם האַרצן אָנגעכאַפּט.

— אַזאַ שיינס, — זיפצט זי, — אַזאַ קליינס, אַזאַ מעכײַעדיק פייגעלע זאָל קיין אוילעמהאַבע נישט האָבן!

— און עס קען קיין אוילעמהאַבע נישט האָבן! — איז זיכער די קאַץ:

ערשטנס, וואַשט זיך עס דײַטשעריש, מיטן גאַנצן לײַב אין שיסעלע וואַסער...

צווייטנס, אז מע האָט עס אײַנגעזעצט אין שטײַג, איז עס שוין א בײַע־ראַע, כאָטש א יונג, זים און פון זײַן זינגפייגעלע... האַלט עס שוין מער פון דינאַמיט, ווי פון שולכן־אָרעך!

הײַנט דאָס זינגען אַליין! דאָס אויסגעלאַסענע זינגען, דאָס צו־פּײַפן און דאָס קוקן גלײַך אָן שום דערעכערעץ אין הימל אַרײַן! דאָס רײַסן זיך אַרויס פון שטײַג צו דער זינדיקער וועלט, צו דער פרײַער לופט, צום אָפענעם פענצטער...

צי איז נאָך אַמאָל א קאַץ אין א שטײַג געזעסן? צי האָט נאָך אַמאָל א פרומע קאַץ אַזוי געפּיפן, אַזוי זימרי־בען־סאַלודיק געפיפן?

— און א שאָד! — ווײנט דאָס פרומע האַרץ אין דער פרומער קאַץ. — עס איז דאָך א לעבעדיקע זאַך, א טײַערע נעשאָמע, א פונק פון דער הייכ!

דער קאַץ קומען טרערן אין די אויגן:

— און דאָס גאַנצע אומגליק איז, וואָס דער זינדיקער גוף איז אַזוי

שיינ, דער אוילעמהאזע דעריבער — אזוי לוסטיק, דער יעיצערהאָרע אזוי שטארק...

ווי קענ אזא קליינ זיס פייגעלע זיכ אקעגנשטעלנ דעמ שרעקלעכנ גרויסנ יעיצערהאָרע?

אונ וואָס מער עס לעבט, מער זינדיקט עס, גרעסער ווערט זײַנ די שטראָף...

הא!

אונ א הייליק פײַער האָט זיכ אָנגעצונדנ אינ דער קאצ, דאָס פײַער פונ פינכאָס בענ עלאָזאָר בענ אַרנ האקויהענ... אונ זי איז ארופגע-שפרונגענ אפנ טיש, ווו די שטײַג מיטנ זינגפייגעלע איז געשטאנענ, אונ —

עס פליִענ שוינ פעדערנ אינ צימער...

מע האָט די קאצ געשלאָגנ... די שלעג נעמט זי אָנ פאר ליב... זי האָט פרומ אָפגעקרעכצט, אָפגעמיאוטשעט א יאָמערלעכנ אלכעט...

מער ווערט זי שוינ נישט זינדיקנ...

די קלוגע קאצ פארשטייט, פארוואָס מע האָט זי געשלאָגנ... מער וועט זי אפ קיינ שלעג נישט פארדינענ...

— מע האָט זי געשלאָגנ — פארשטייט די קאצ — דערפאר, ווײַל זי האָט פארפעדערט די שטוב; ווײַל אפנ ווײַסנ געשטיקטנ טישטעכ זײַנענ געבליבנ פלעקנ פונ בלוט...

אזא פסאק מוז מענ מעקײַעמ זײַנ גוט, שטיל אונ פרומ, עס זאָל קיינ פעדער נישט פליִענ, קיינ טראָפנ בלוט נישט פאלנ...

אונ — אז מע האָט דעמ צווייטנ זינגפויגל געקויפט אונ אינ שטוב געלאָזט, האָט זי אימ שוינ שטיל אונ פײַנ דערוואָרגנ אונ מיט די פע-דערנ צוזאמענ אײַנגעשלונגענ...

מע האָט די קאַץ געשמיסן...

אַצינד האָט ערשט די קאַץ פאַרשטאַנען, אַז נישט וועגן פעדערן גייט עס, נישט וועגן פלעקן פון בלוט אויפן טישטעך...

דער סאָד איז, אַז מע טאָר נישט טייטן! אַז מע דאַרף ליב האָבן, מוחל זײַן... אַז נישט מיט אַרבע-מיסעס-בעסדן פאַרבעסערט מען די זינדיקע וועלט!

מע דאַרף מאַכזיר-לעמוטעוו זײַן, מוסער זאָגן, צום האַרץ ריידן!

אַ קאַנאַריק אַ באַלטשוווע קען קומען צו אַזאַ מאַדרייגע, צו וועלכער די פרימסטע קאַץ וועט נישט דערגרייכן!

און די קאַץ דערפילט, ווי עס וואַקסט אין איר דאָס האַרץ פאַר פרייד! אויס אַלטע, שלעכטע און האַרטע צײַטן! אויס בלוט פאַרגיסן! ראַכמאָנעס, ראַכמאָנעס, און נאָכאַמאָל ראַכמאָנעס...

און מיט ראַכמאָנעס איז זי צוגעגאַנגען צום דריטן קאַנאַריק!

— שרעק דיך נישט, — מאַכט זי מיט דער ווייכסטער שטימע, וואָס איז אַמאָל אַרויס פון אַ קאַציקן האַלדז, — זינדיק ביסטו, נאָר איך וועל דיר קיין שלעכטס נישט טאָן, ווײַל איך האָב ראַכמאָנעס אויף דיר!

איך וועל דיר אַפילע די שטײַג נישט עפענען, איך וועל דיך אַפילע נישט אָנרירן!

דו שווײַגסט? — זייער גוט! אַיידער פרעכע לידער צו זינגען, איז גלײַכער שווײַגן!

דו צאַפּלסט? — נאָך בעסער! צאַפּל, צאַפּל, מײַן קינד, נאָר נישט פאַר מיר — פאַרן בוירע-אוילעם צאַפּל, פאַר זײַן ליבן נאָמען!

האַלעווײַ זאָלסטו שוין אַזוי בלײַבן — שטיל, ריין און צאַפּלדיק...

איך וועל דיר העלפן צאַפּלען! פון מײַן פרומער נעשאָמע וועל

איכ הויכנ אפ דיר שטילקײט, זיסקײט און פרומקײט... מיט מײנ הויכ זאָל ארײנ עמונע אינ דײנ לײב, יִיראס-שאָמאַיִמ אינ דײנע ביינדעלעכ, טשוווע אונ כאַראָטע אינ דײנ הערצעלע!

און די קאצ פילט ערשט, ווי גוט עס איז מויכל צו זײנ, ווי א פרייד עס איז יענעמ ארײנצובלאָזנ מיטנ הויכ פרומקײט און ערלעכקײט...

און עס וואקסט דאָס פרימסטע הארצ אינ דער פרימסטער ווײסער קאַצ.

נאָר דער קאנאריק קענ אינ דער קאצנ-לופט נישט אָטעמענ —
עס האָט אימ דערשטיקט!



# וועבער-ליבע

(דערציילונג אין בריוו)

## ערשטער בריוו



ײַערער קינפטיקער שוואָגער!

דו פרעגסט, ווי מיר גייט? מינאסטאָמ, ווי א ראָשע אפ יענער-וועלט. פאר שוסטער — שרײַבסטו — זײַנענ שלעכטע צײַטנ געקומענ? מיר, וועבער, האָבנ שוינ לאנג אופגעהערט אפ גוטע צו האָפנ. מענטשנ זאָגנ, אז עס איז א „היינ-טישע'' צײַט. שטעל דיר פאָר, אז אלטע, גוטע וועבער פארדינענ פיר-פינפ רובל א וואָכ, געוויינלעכע אונ יונגע, ווי איכ, מעגנ זיכ באנוגע-נענ מיט דרײַ-פיר אונ אפ די דרײַ-פיר רובל מוז מענ שווער ארבעטנ,

מוז מען זיצן בא דעם שטול פון זיבן אינדערפרי ביז צען באנאכט, ארבעטן פופצן-זעכצן שעה אין טאג; און צו דעם מוז מען שוין גליק האבן, ווייל נאר גליקלעכע ווערן האבן באשטענדיקע ארבעט; מאסן גייען ארום מיט פארכאלעשטע פנעמער און ליידיקע הענט!

אזוי, ברודער! אלטע לייט דערציילן, אז אמאל פלעגן זיין פיל יאכסאנים, וואס האבן נישט געוואלט ארבעטן; היינט ווערט די שווער-סטע ארבעט געזוכט, געשפּירט, געבעטלט און קוים אויסגעבעטלט! און אז מע האט זי שוין, ציטערט מען ערשט, מע זאל זי, גאט באהיט, נישט פארלירן: צי פריער גאט און דערנאך דער ברויטגעבער זאלן, כאלילע, נישט אפשטיין; זיי זאלן שיטן מיט ארבעט, מיט ארבעט ביז צום טויט! ביז צום דערשטיקן! ווארעם טאמער פארפעלט אר-בעט? טאמער ווערט מען קראנק און די שיצן פאלן פון די ציטעריקע הענט ארויס?

און וואס וועט זיין אף דער עלטער? אף דער גרויער, שוואכער עלטער וואס וועט זיין?

און אז מע זעט ארום זיך אזויפיל קראנקע, אזויפיל אויסגעמא-טערטע, אלטע ווערער, איז קיין וואונדער נישט, אז מע קאן אן קרענק און שוואכע עלטער קיין רעגע נישט פארגעסן; און ווירקלעך — בא פופצן-זעכצן שעה ארבעט א טאג, באם אריינעטעמען קליי און פאר-ביקן שטויב פון גארן, באם איבערקומען מיט א ברויט און א הערינג א טאג און א מאגערן געקעכץ באנאכט, מוז א קרענק זיין אן אפ-טער גאסט, קאן מען אף קיין געזונטע עלטער נישט רעכענען! דערצו האבן נאך א טייל ווייבער און קינדער. פארשטייסט? נישט אליין טרינקט מען זיך, — מיט א בינטל אפן האלדז!

דו זאלסט זען, ווי א באוויינטער און א באקינדלטער ווערער קומט אהיים פון דער ארבעט, ווי ער ווארפט א קורצן, דערשראקענעם בליק אפן אויסגעמוטשעטן ווייב, אף די קינדערלעך, „הויט און ביין“, וואס

וואקסן אופ ערגער ווי אין א וואלד; דו זאָלסט זען, ווי געשווינד ער שלינגט איין דאָס קארגע מאָגערע געקעכץ, ווי האסטיק ער ווארפט זיך אין בעט אריין!

שלאָפן וויל ער, איינשלאָפן, ווייניקסטנס די אויגן פארמאכן, ער זאָל די צאָרעס, דעם יאָמער נישט צוזען!

נאָר וואָס העלפט עס? פון בייזן לעבן ווערן בייזע כאלוימעס... עס כאָלעמט זיך, אז דאָס ווייב איז קראנק, און עס איז איר נישטאָ מיט וואָס צו העלפן... אז איין קינד האָט דעם צווייטן א פינגער אָפּגע־ריסן באם געשלעג איבער א ביסן ברויט און אז איינמיטן איז אריין דער ווירט פון הויז און טופּעט מיט די פיס: דירעגעלט, אז נים ווארפט ער דאָס גאנצע געזינדל ארויס אינמיטן ווינטער אפן שניי.

און אז מע כאַפּט זיך אוף איינדערפרי, פאלט נאָר אזוי געשווינד נישט איין די אויגן צו עפענען: אזוי גוט און פיין גיסט זיך דאָס לעבן מיט די כאלוימעס צוזאמען.

אז עס קומען זיך אלטע וועבער צוזאמען, רעדט מען פון גוטע צייטן; נאָר נישט פון די, וואָס וועלן אָדער זאָלן קומען: אין דעם גלייבט שוין קיינער נישט! נאָר פון אמאָליקע גוטע צייטן, ווען דער וועבער האָט געארבעט אפ זיך אליין, מיט זיין אייגענעם גארן, אפ זיין אייגענעם שטול און האָט זיך אליין זיין ארבעט פארקויפט... א וועבער פלעגט פארדינען פופצן־צוואנציק רובל א וואָך, ער איז געווען א באלעבאָס פאר זיך, א מענטש א פרייער, מיט א דייע אפילע אין שטאָט־זאכן. מע זאָגט, אז עס איז אמאָל א וועבער־דאָזאָרצע געווען! היינט איז א וועבער א פּראָסטער ארבעטער, דער גארן איז נישט זיין, די אויסגעארבעטע סכוירע גיט ער אוועק! ער ווייסט נישט, וויפל עס קאָסט דער גארן און וויפל ער באקומט פאר זיין ארבעט, נישט זיין דייגע, ער נעמט פארן „שטערן"; און זיבן־אכט קאָפּעקעס א „שטערן" הייסט שוין א ראיעלער פּרייז!



יאָ! איך פאַרגעס גאָר, אַז איך רייד מיט אַ שוסטער, וואָס ווייסט נישט, וואָס אַ שטערן איז; שטעל דיר פאָר, אַז דו וווינסט אין אַ גרויסער שטאָט, אַרבעטסט נישט אַף דיינע באַלעבאַטים, דו אַליין קויפסט קיין לעדער נישט, נעמסט קיינעם קיין מאָס נישט און טראָגסט קיינעם די שטיוול נישט! דו קענסט נאָר איין סויכער, וואָס גיט דיר די סכוירע אויסצואַרבעטן און נעמט בײַ דיר צו די אַרבעט, צאָלט דיר פאַר אַזויפיל פּאָר שטיוול אַזויפיל און אַזויפיל.

אַט דאָס, פאַרשטייסטו, איז אַ „שטערנ“, אַרבעטסט אַגולנע פאַרנ סויכער. דעמ פאַרדינסט נעמט דער סויכער צו און דיר גיט ער וואסער אפ קאשע. וואָרעמ אַנדערע האָבנ דאָס אויכ נישט און דערווײַל רעדט מענ נאָכ פונ אַ מאַשינ, וואָס וועט אַרבעטנ שטיוול אָנ שוסטערישע הענט... גוט? אזוי, אשטייגער, לעבט זיכ בא אונדז! זיבנ־אַכט קאָפּע־קעס פאַר אַ שטערנ איז אַ פּרײַז מעשוגע צו ווערנ. נאָר וואָס מאַכט מיריאָמ־לעב? צי האָט זי נאָכ ליב צו שטיקנ נאָזטיכלעכ פאַר פרעמדע נעז? צי אַרבעט זי נאָכ זינגענדיק? צי הילכט נאָכ די שטוב מיט איר זילבערנעמ קאָל? צי זײַנענ נאָכ אירע אויגנ אזוי פריש, אזוי קינדע־ריש־ריינ, אזוי הימל־בלוי? זיי רויטלענ זיכ נאָכ נישט? און דו, וואָס ביסטו? צי רעכנסטו נישט, אַז בעשאַס דער מילכאָמע צווישנ גריכנלאַנד מיטנ טערק לוינט זיכ אַרײַנצוגאַנווענענ קיינ פּאַלעסטינע אפ קיווּורע־ וועס? און עפשער האָסטו האַרצ צו גיינ קיינ אַרגענטינע און מילכאָמע האַלטנ מיטנ היישעריק? וואָרעמ דאָ, ברודער, איז ביטער ווי גאַל!

און עפשער האַלטסטו זיכ נאָכ אינעמ אַלטנ, גוטנ, פרומענ „אַלשיכ“ און זעסט טויזנט און איינ נאַכט אפנ יידישנ אויפנ? שרײַב! איכ רעכנ, אַז מיריאָמ־לעב מעג צושרײַבנ... הער, אַז מיריאָמ־לעב כאַ־לעמט זיכ מיר אַמאָל מיט רויטע אויגנ, גיי איכ אינ פאַבריק אַרײַנ מיט געבײַלטע פויסטנ... נאָר דאָס פאַרשטייסטו נישט...

דײַנ טרײַער קינפּטיקער שוואָגער...

## צווייטער בריוו

אז דו האָסט מיכ עטלעכע מאָל אינ איינ בריוו געפרעגט, ווי עס גייט מיר, האָב איכ דײַנ מיינ געלעזנ צווישנ די שורעס, צווישנ די ווערטער, און האָב פאַרשטאַנענ, אַז מײַנ געטרײַער, קינפטיקער שוואָ־

גער פרעגט: אקלאל, ווען שטעלט מען א כופּע? און אז איך האָב דיר געשיקט א בינטל ווּעבערישע צאָרעס, האָסטו דיך אפילע אָנגעהויבן צו שטויסן. אז דאָס הייסט: דערוויַיל נישט!

אַן איַיזערנעם מויעב האָסטו, קינעטיקער שוואָגער מיַינער; אין דיַין איַיזערנעם קוגל-טאָפּ מוז מען ארײַנשלאָגן מיט א האמער, אניט פארשטייסטו נישט!

נאָר, אז דו האָסט שוין ארויסגעלייגט אלץ, ווי א הערינג אפן טע-לער, מוז איך דיר שוין געבן א קלאָרע, אויסגעטײַטשטע טשוווע.

איך קען נישט, איך טאָר נישט כאַסענע האָבן!

דו פרעגסט, צי האָב איך נישט אין דער פרעמדער פארגעסן, וואָס איך האָב אין דער היים געזאָגט, צי האָט מען מיך נישט פארטוישט אפּ אַן אנדערן, אלקאָלפאָנעם דאָס הארץ פארביטן? אָדער צי איז עס נישט, ווי מע זאָגט: אויס די אויגן — אויסן הארץ?.. איך האָפּ, ניין, איך גלייב, אז מיריאָם-לעב האָט דעם בריוו נישט געזען, זי וואָלט אזוינע שפּילעס נישט געפרעגט, זי ווייסט, אז אונדזערע הערצער זיַי-נען צוזאמענגעבונדן אפּ אייביק, אפּ לעבן און טויט!

איַי, ברודער, ברודער! כאַסענע האָבן וויל איך, ווי א מענטש וויל גליקלעך זײַן. ווי א מענטש וויל באפריַיט ווערן פון בענקשאפט, פון הארצווייטעק, פון קאָפּברעכעניש. איך וויל, נאָר מאלע וואָס א ווע-בער וויל?

אונדזערע ברויטגעבערס א זון מיט א טאָכטער האָבן געוואָלט, האָבן זיי כאַסענע געהאט, און עס איז א פריילעכע כאַסענע געוועזן; מע האָט אפילע אונדז, וועבער, נישט פארגעסן; מע האָט אונדז בראָנפן געשטעלט, און אז איך האָב געזאָגט, אז איך טרינק נישט, האָט אפּ מיר דער מיַיסטער געקוקט פון א זיַיט און האָט זיך אוואַדע א קניפּל אין נאָזטיכל געמאכט!..

און דער וועג פון דער היים אין שול ארײַן איז געווען אויסגעלייגט

מיט דיוואַנען, אַ קאַפּעליע האָט געשפּילט, האָט מען אין הימל געהערט, די לעוואָנען מיט די שטערן האָבן געטאַנצט! די העכסטע פאַבריקן זײַנען שטום געוואָרן, פאַרהילכט, פאַרשעמט! פון מאַנצ-זאַלן האָט זיך ליכט געגאָסן, די גאַנצע גאַס האָט זיך אין ליכט געבאָדן! ליכט האָט זיך געגאָסן, ווי ווײַן, און ווײַן, ווי וואַסער! נעכטן איז געווען די האָכצײַט, הײַנט איז דאָס יונגע פּאָרפאָלק געפאָרן מאַכן אַ לוסט-רײַזע.

זיי האָבן געוואָלט, האָבן זיי כאַסענע געהאַט. מיינסט עפּשער, זיי האָבן זיך נייטיק געברויכט? עס האָט איינס אָן צווייטן לעבן נישט געקאָנט? גאָט באַהיט! ער האָט עטלעכע באַקאַנטע מיידלעך אין זײַן פאַבריק, און אַ טאָג פאַר דער כאַסענע האָט ער זיי אַ מאָלצײַט געמאַכט, און האָט יעדערער אַ מאַטאָנע געלאָזט, זי זאָל אָן אים נישט פאַרגעסן, ביז ער וועט צוריק קומען... און עס איז אַ לוסטיקע מאָלצײַט געווען, לוסטיקער, ווי די האָכצײַט אַליין, מע האָט נאָך בעסערן ווײַן געטרונקען!

צווישן די מיידלעך איז אויך אַ ווײַבל געווען, אַ ווערבערס אַ ווײַב... איך קען אים — אַ שיקער איז ער! נאָר גיי ווייס, צי שיקערט ער, ווײַל זי פירט זיך אַזוי, צי פירט זי זיך אַזוי, ווײַל ער שיקערט, צי פירן זיי זיך ביידע אַזוי, ווײַל דאָ איז דער אַלשיך אויס דער מאָדע אַרויס, און שאַבעס גייט אוילעם שפּאַצירן... נאָר לוסטיק איז געווען!

די קאַלע, ווײַטער, איז אויך קיין צנוע נישט! אַמאָל פלעגט זײַן אַ מיידל ווי אַ שפּיגל און ברודיק ווערן פון אַ הויב, הײַנט זײַנען די מאַמזעלן, ווי די זיפּן, ווער ווייסט, וואָס עס איז שוין אַדורכגעדרונגען!.. איך ווייס נאָר, אַז אַ כוידעש פלעגט זי זיך קושן מיטן בוכהאַלטער און אַ כוידעש מיטן פּראָקורענט; שפּאַצירן פלעגט זי גיין און פאָרן מיט ביידע צוזאַמען...

און דאָך האָבן זיי געהייראַט, און אַצינד מאַכן זיי אַ לוסט-רײַזע; און איך מיט מיריאַם-לעב קאָנען צוזאַמען קיין לעבן נישט פירן.

כאָטש מיר דאַרפֿן איינס דאָס צווייטע ווי ברויט, ווי וואַסער, ווי לופֿט... כאָטש אונדזערע גדאַנקען זײַנען דורכגעפֿלאָכטן, כאָטש זי איז מיר אינעם פֿלייש און אין די אָדערן אַרײַנגעוואַקסן, מוז זי דאָך זיצן בײַ דיר און בלאָנדזשען זיך די אויגן איבער שטיקערײַ, און איך מוז דאָ זיצן איינער אַליין און וועבן, און וועבן, בעשאַס אין מוחע ברענט און די גאַל גיסט זיך אויס אין אַלע גלידער! און צוזאַמענקומען קאָנען מיר זיך נישט!

דו וואָלסט זען, ווי אַ באַוויבטער, באַקינדלטער וועבער זעט אויס. איך רייד שוין ניט פֿון דער היים, נאָר אין פֿאַבריק ווי ער זעט אויס, ווי ער בייגט זיך און נייגט זיך פֿאַרן ברויטגעבער מיט זײַנע „מענטשן", ווי ער קריכט זיי אונטער די פֿיס, ווי ער ציטערט פֿאַר זייער הויך, ווי ער בעטלט קוים אויס אַ גינסטיקן בליק... ברררר! אַ קעלט גייט מיר דורך די ביינער, אַז איך זע עס! ניין! אַף דעם וועל איך קיינמאָל נישט באַשטיין! זאָל מיך אַנטשלינגען אייביקע פֿינצטערניש אָן אַ שטראַל פֿון גליק, אָן טרייסט, אָן האָפֿענונג; הונגער וועל איך לײַדן, ווי אַ נאַקעטער וואָרעם אַף נאַסער ערד, אונטער אַ וויינענדיקן הימל זאָל איך ליגן, און דאָס נישט! — און וועט נישט בעסער זײַן, איז פֿאַרפֿאַלן! זאָל מיך מיריאַם־לעב פֿאַרגעסן, אויב זי קאָן, פֿאַרלייקענען, אויב זי וויל, אַניט זאָל זי לײַדן גלײַך מיט מיר, כאָטש יעדער באַזונדער! אַף דער ערד מוז אַמאָל גליק וואַקסן, די ערד דאַרף עפּשער אונדזערע טרערן, אונדזער בלוט דערצו, מיר וועלן עס געבן — זאָל אַמאָל און פֿאַר אַנדערע וואַקסן!

איך ענדיק נישט דעם בריוו. פּלוצלינג איז ליכטיק געוואָרן אין מײַן האַלב פֿינצטערן ווינקל. איך קוק מיך אום — דאָס פֿענצטערל פֿלאַמט — עס ברענט ערגעץ — עפּשער אין פֿאַבריק?..

דײַנ...

# דריטער בריוו

דו פרעגסט, פאַרוואָס עס איז אַזוי שלעכט? פאַרוואָס עס ווערט אַלעמאָל ערגער? עס איז אַן איינפאַכע זאַך: לייג צו דײַנע לאַנגע אויערן: ווער שטעלט דעם פרײַז פון דעם וועבערס אַרבעט? דער וועבער מיט זײַנע ברויטגעבער! דער וועבער וויל ווי ס'איז מענטשלעך לעבן, און דעריבער — ווי מעגלעך טײַערער פאַרקויפן זײַן אַרבעט; זײַן ברויטגעבער, ווידער, וויל וואָס מער פאַרדינען און דעריבער וואָס ווייניקער צאָלן פאַר דער אַרבעט. איז דאָ אַ סאַך אַרבעט און ווייניק וועבער, מוז דער פאַבריקאַנט צאָלן, וויפל דער וועבער וויל; איז אָבער דאָ אַ סאַך וועבער און ווייניק אַרבעט, איז, פאַרקערט, מוז דער וועבער נעמען, וויפל דער ברויטגעבער גיט אים; און וועבער ווערט טאָג־טעגלעך מער, די צאָל וואַקסט ווי אַף הייוון... די כאָכמע ווייסן שוין די קינדער אין דער וויג, נאָר דו ביסט דאָך אַ שוסטער, און אַן אַלשיך־שוסטער, קאָן זײַן, דו ווייסט עס נישט.

די קאָנקורענץ צווישן די וועבער וואַקסט פון טאָג צו טאָג. עס קאָנקורירן איינער מיטן צווייטן. יונגע, וואָס קאָנען מער און לענגער אַרבעטן, שפּאַרן אַרויס די אַלטע, וואָס האָבן שוין צו דער קאַטאָרגע קיין קרעפטן נישט; קאַוואַלירן, וואָס קענען זיך באַנוגענען מיט אַ קליינעם פאַרדינסט, יאָגן אַוועק די באַווײַבטע און באַקינדלטע, וואָס דאַרפן מער; דערנאָך קומען לערנייִנגלעך און פאַרטרײַבן די וועבער! און דער לוין ווערט געוואָרפן און פאַלט פון טאָג אַף טאָג... הײַנט הערט זיך נאָך, אַז נײַע יונגע באַלעצדאָקעס וועלן עפענען וועבער־שולן, וואָס וועלן אַרויסוואַרפן יאָר־יערלעך נײַע וועבער!

עס איז ווייניק, וואָס איז שלעכט, דאָס שלעכטע מוז נאָך זײַן אַזוי איינפאַך, אַזוי ריכטיק, אַזוי גלאַט, פעסט און קײַלעכדיק, ווי אַ רינג אַרום האַלדז!..

און עס וועט קומען א צײַט, ווען זיבן וועבער וועלן אָנכאַפּן אײַן ברויטגעבער און בעטן זיך: גיב ארבעט, גיב, האַלב אומזיסט, זאָל זײַן אומזיסט, נאָר פאַרנומען זאָלן מיר זײַן און פאַרגעסן, אַז אונדזערע ווײַבער בעטן און די קינדער העלפן צו...

דו גלייבסט נישט? דו מיינסט, אַז אַלץ האָט א גרענעץ און קאָן ווײַטער נישט גיין? איך גלייב, ארבעט איז אויך א מין שיקרעס, זי פאַרהילכט, פאַרטויבט! זי פאַרשלאָגט דעם קאָפּ מיט די געהירן און מע פאַרגעסט אָן זיך, אָן דער וועלט; עס איז אויך א מין בראָנפן.

דערפאַר איז אָבער הײַנט א פרײַע וועלט! קיינער טאָר מיך נישט נייטן, איך זאָל ארבעטן; איך בין קיינעמס פּאַדאַנע נישט! איך אַרבעט, ווען איך וויל, וואָס איך וויל — א פרײַער פויגל בין איך; נאָר ווער עס וויל, שיסט מיך, פליקט מיך אָפּ און לייגט מיך אין טאָפּ אַרײַן. איך וואָלט געוועזן א פרײַער מענטש, איך זאָל קיין מאָגן נישט האָבן, ער זאָל נישט מאָנען: עסן און עסן! איך זאָל נישט דאַרפן טרינקען, וווינען, איך זאָל ארבעטן אַפ איבעריקע אָנגענעמע זאַכן! אָ, דעמאָלט וואָלט איך אַנדערש געשאַצט מײַן ארבעט! אָבער הײַנט?

איך וויל נעמען א סאַך, דער ברויטגעבער וויל געבן ווייניק; מיר ביידע זײַנען פרײַ, און דאָך קאָן ער זיך אָן מיר באַגיין, און איך אָן אים נישט.

הײַנט הער איך אויף צו ארבעטן, מאָרגן וואַרפט מען מיך אַפ צוויי שפּענער פון דירע אַרויס; איבערמאָרגן קריג איך מאָגן-קרעמפּ פאַר הונגער; נאָך א טאָג און איך שטיי שוין פונדערווײַטן און קוק מיט ברענענדיקע אויגן אַפ דער זיצערנס ברויט און קען מיך בעיין אויפּן ניט אָוועקרײַסן פון אָרט; דאָס ברויט איז א מאַגנעט; מיט נעגל בין איך צוגעשלאָגן צום אָרט...

איכ האָב עס נאָכ אַליינ נישט געפרווט, נאָר אַזוי קוקנ אפ א ברויט, אזוינע אויגנ האָב איכ שוינ געזענ! אזוינע אויגנ האָבנ נאָר וועלפ אינ די וועלדער!

נו, דערפונ וועל איכ דיר אנ אנדערשמאָל דערציילנ... עס איז שפעט,— אונ מיר ברעכט דער קאָפ ווי א שאַרבנ.

דיינ...

## פערטער בריוו

א שיינעמ דאנק פאַר דײַנ טרייסט; בעסער געזאָגט: פאַר דײַנ גוטנ ווילנ מיכ צו טרייסטנ, וואָרעמ וואָס ביסטו שולדיק, אז אפילע אינ קאָפ פונ אָרעמסטנ שוסטער שלאָגט זיכ אָפ די וועלט א סאַכ בע- סער ווי זי איז?

אז איכ וועל איבערזעצנ דײַנ שוסטער-געדאנק אפ מײַנ וועבער- שפראַכ, וועט עס הייסנ, אז גוטע אונ שלעכטע צײַטנ בײַטנ זיכ, ווי זומער אונ ווינטער; אז אויב הײַנט איז דאָ ווייניק אַרבעט אונ א סאַכ לײדיקע הענט, וועט אַמאָל דער זאַפּאַס אויספאַרקויפט ווערנ אונ עס וועט זײַנ פאַרקערט: אַרבעט אינ די מאַסנ אונ ווייניק וועבער! אונ דעמלט וועט זײַנ א גאַנײדנ אפ דער וועלט! מע וועט אונדז זוכנ מיט ליכט אינ די גאַסנ, אינ אז מע וועט אונדז, וועבער, געפינענ, וועט מענ זאָגנ: שנײַד אונדז אָפ די קעשענע, נאָר אַרבעטנ קומ! בעט דיר אויס דאָס טעלערל פונ הימל, נאָר נעמ די שיצנ אינ דער האַנט אַרײַנ! מע וועט צאָלנ פאַרנ „שטערנ״ מיעדייע וויפל, אונ וועבער וועלנ אומגיינ אינ גאָלד...

אונ דעמלט וועל איכ דיר נאָר א פיפס געבנ, וועסטו קומענ מיט מיריאַמ-לעב צו לויפנ, פאָרנדיק, אָדער רײַטנדיק, אונ מע וועט שטעלנ א כופע צו מאַזל, צו בראָכע, צו גליק...

אוי, אלטער, אלטער נאַר! אַ שײנעם זײפנבלאָז האָסטו עס אופגעבלאָזן! הער אַ מײַסע, וואָס מע דערציילט! עס האָט זיך אַמאָל אַ מעכאשעפ אַפּ אַ שטעטל פאַרלײגט און געוואָלט עס יאָגן און פּלאָגן. עס איז אָבער אַ פרום שטעטל געוועזן, פול מיט הײליקײַט, און ער האָט דערופ קײן גרוים שליטע נישט געהאַט; האָט ער זיך מעיאַשעוו געווען און האָט זיך פאַר אַ פּאַקנטערעגער פאַרשטעלט און אָנגעהויבן אַלע הײליקײַטן אויסצוקויפן און ער איז אַ רײַכער סויכער געווען: מיט גאָלד געצאָלט האָט ער! עס איז געקומען צו אַ רענדל פאַר אַ בינטל ציצעס, אַ רענדל פאַר אַ טילימל, פאַר אַ שמירעלע, נאָר ברענגט! די סכוירע מיקלוימערשט שיקט ער קײן אַמעריקע, עס האָט זיך אַ נײַער פּלאַץ געעפנט אַפּ יִדישקײַט...

און דער אוילעם האָט געגלייבט און אָנגעהויבן טראָגן פון די שטיבער אַרויס; פריִער האָבן זיך געלאַקעמעט געמײנע לײַט, לאַסט- און וואַסער-טרעגער, דערנאָך באַלמעלאָכעס, דערנאָך באַלעבאַטים, עס איז געקומען די צײַט אַפּ שאַמאָסים, כאַזאָנים, דאַיאָנים און שאָכטים... קײן אײנציקער האָט נישט אויסגעהאַלטן... דער ראָוו אַפּילע נישט, ער האָט אויך אויסגעלײדיקט די שטוב; פאַר געלט ווערט מען אַנדערע סכוירע באַקומען...

און אַז מע האָט אַלץ אויספאַרקויפט, האָט דער מעכאַשעפ שליטע באַקומען און אָנגעהויבן פּלאָגן דאָס שטעטל מיט שלאַפקײַטן און אַלערלײ קרענק...

און עס איז זיך נישטאָ מיט וואָס צו ראַטעווען, קײן מעזוזע באַ דער טיר, קײן שמירעלע אין פענצטער; קײן יִדיש וואָרט אין שטוב!

עס איז נישט געווען פון וואָס אַן אײַנאָרע אָפּצושפּרעכן, פון וואָס אַ פײַרעק מישנײַעס צו לערנען, אַ יעהי-ראָצן צו זאָגן... און אַז מע האָט געוואָלט נאָך אַנדערע ספאָרים שיקן און מע האָט געעפנט די

קאסטנס מיט גאָלד, זײַנענ אפנ אָרט פונ רענדלעכ, נישט פאר אונדז געדאכט, שארבנס געלעגנ...

און אזוי איז מיט אונדז אויכ אמאָל געשענ!

געשענ איז עס פאר א פּאָר יאָר, נאָכ איידער איכ בינ אהער געקו־מענ. פּלוצלינג איז א גליקלעכע, א ברילִיאנטענע צײַט אפּ וועבער גע־קומענ, עס האָט סכוירע פארפעלט!

מע האָט ארבעט געברויכט, ארבעט, וואָס מער ארבעט; וואָס מער וועבער, וואָס מער הענט! דער פאבריקאנט דער קישעפּמאכער האָט גאָלד געצאָלט, די ארבעט איז אינ גאָלד געגאנגענ... און עס האָט א גייענדיק יאָר געדויערט! נאָר אז דאָס יאָר איז אריבער, איז געבליבנ קרענק מיט שארבנס!

אונדזערע לײַט האָבנ קיינ סייכל נישט געהאט מיט דער גוטער צײַט זיכ צו באנוצנ און הייבנ דעמ פּרײַז; אלע צוזאמענ וואָלטנ עס עפּשער געטאָנ, נאָר צעוואָרפענערהייט האָט יעדערער באזונדער גע־וואָלט נאָר אויסרײַסנ וואָס מער ארבעט פאר זיכ, וואָס מער אײַנצו־שלינגענ פארדינסט! און דער וועבער האָט זיכ צוגעכאפּט צו דער אר־בעט ווי צו א הייסנ פלאָדנ; און עס איז געוואָרנ א כאפּערײַ, א גע־שלעגערײַ איבער דער ארבעט; מע האָט ארבעט גענומענ מיט גוואלד, מיט געוויינ, מיט געשריי און מיט קלאָלעס! דער פאבריקאנט האָט זיכ פאר פרייד די הענט געריבנ, מיט די פעטע אויגנ געבליפּעט, קו־קנדיק, ווי דער אוילעם האָט געארבעט, צומ טויט געארבעט, נישט פּופּצנ-זעכצנ, נאָר צוואנציק-צוויי און צוואנציק שאָ א טאָג האָט מענ געוועבט! קראנקע זײַנענ פונ די בעטנ ארויס, די שוואכסטע האָבנ גוואָרעס באוויזנ! מע האָט געארבעט און געלט גענומענ, מע האָט אלע קרעפטנ, מע האָט די לעצטע קויכעס פארקויפט! פאר געלט וועט מענ נײַע קויכעס באקומענ! און אומגעגעסנ, אומגעשלאָפנ האָט מענ גע־שווינד געמאכט סכוירעס און אויסגעארבעט!

און אז מע האָט שוין אויסגעאַרבעט דעם זאַפּאַס, האָט מען זיך שוין אויסגעאַרבעט די קויכעס, דאָס געזונט מיטן לעבן...

און אַז מען איז קראַנק געוואָרן, איז אויך דאָס געלט פאַרשוווּנדן געוואָרן, און קיין נײַע אַרבעט איז שוין נישט געווען... און מע האָט שוין נישט געהאַט מיט וואָס זיך צו ראַטעווען פון דער נויט...

אַזוי איז געשען, און זאָל מאָרגן נאָכאַמאָל קומען די צײַט, וועט דאָס זעלבע געשען! קאָלזמאַן די וועבער קאָנקורירן איינער מיט דעם צווייטן, קאָן אַנדערש נישט זײַן; מוז יעדערער כאַפּן וואָס מער אַר-בעט, מוז יעדערער וואָס מער שטונדן זיצן בײַ דעם שטול, און וואָס מער מיר כאַפּן, און וואָס לענגער מיר אַרבעטן, ווייניקער ווערט אַר-בעט, ווייניקער ברויכט מען וועבער. גרעסער ווערט די קאָנקורענץ, פאַלט אַלץ נידעריקער דער פּרײַז! ווײַטער אַ פּוסטע זאַך — אַ רינג אַרום האַלדז!

דערצו קומען נאָך די לוינקעטניקעס! נאָר וועגן דעם אין מײַנע ווײַטערדיקע בריוו.

דײַן...

## פינפטער בריוו

דו ווייסט נישט, וואָס דער „לוינקעטניק" איז? איך וועל עס דיר קורץ און שאַרף פאַרטײַטשן; איך האָב פאַרגעסן, אַז איך רייד מיט אַ שוסטער, נישט מיט אַ וועבער.

דער „לוינקעטניק", ברודער, איז נישט קיין פאַבריקאַנט, נישט קיין וועבער, נישט ער אַרבעט אַליין, נישט ער האָט קיין אייגענע צו פאַרגעבן; ער איז נאָר אַ מיטלמענטש — ער נעמט אָן אַרבעט בײַם פאַבריקאַנט און גיט עס אַוועק אַרבעטער; דאָס הייסט: ער שטייט אין דער מיט צווישן פאַבריקאַנטן און וועבער, און ווי עס פּליט אַ קאַרגער

ביסנ פונ פאבריקאנטס האנט צומ וועבערס מויל — כאפט ער עס אינ דער לופט, בייסט אפ א האלבנ כיילעק... טיילמאל שלינגט ער אימ איינ אינגאנצנ, אונ ווערט נישט דערשטיקט...

אונ דער לוינקעטניק נעמט אנ ארבעט נישט פאר פארטיקע וועבער, נאר פאר לערניונגענ, וואס ארבעטנ אונטער זיינ אופזענ... זיי לערנענ זיכ בא אימ אונ ארבעטנ אומזיסט; טיילמאל צאלנ זיי נאכ צו; ערשט נאכ א געווויסער, געוויג לאנגער צייט הייבט ער אנ צאלנ, נאר ביסלעכווייז אונ ביליק. דער לוינקעטניק האט דעריבער צוויי גוטע מיילעס: ערשטנס, שיקט ער יאר-יערלעכ ארויס א נייע פארטיע וועבער — קאפצאנימ, וואס ווארפנ דעמ פרייז, אבי ארבעט צו באקומענ; אונ צווייטנס, ווארפט ער אלייג דעמ פרייז, ווייל ער ארבעט מיט פרעמדע, אומזיסטע, אדער, ווייניקסטנס, מיט ביליקע הענט אונ קאנ באשטיינ גאנצ ביליק צו ארבעטנ. נאטירלעכ, מוז דער וועבער נאכגיינ, אונ דער פרייז פאלט וואס א מאל נידעריקער.

עפשער שלעכטע מיילעס? קומט זיי נישט דערפאר די-וועלט אונ יענע-וועלט?

וועגנ יענער-וועלט ווייס איכ, נאטירלעכ, ווייניק וואס צו זאגנ; איכ האב שוינ לאנג פונ דארט דורכ גוטע אונ פרומע לייט קיינ יעדיעה נישט געהאט; נאר די-וועלט האבנ זיי. נאטירלעכ, לעבט דער פאבריקאנט שענער אונ בעסער, נאר דעמ לוינקעטניקס וייב טראגט אויכ פערל אפנ האלדז אונ בענטשט שאבעס-ליכט אינ א פאר גרויסע זילבערנע לייכטער.

נאר מיריאמ-לעב וועט ווייטער זאגנ, אז איכ בינ אלעמאל געוועזנ א גוטער, אונ היינט בינ איכ א שלעכטער געווארנ; אז אמאל פלעג איכ נישט קוקנ יענעמ אינ טאפ ארייג, אונ היינט שטעכט מיכ דער האבער, אונ האב אפ אלצ גרויסע אויגנ...

מיריאמ-לעב, עס איז אזוי, אונ עס איז נישט אזוי!

עמעס, אז איך בין אַמאָל בעסער געוועזן... עס איז געווען דעמלט, ווען מײַן פֿאָטער, אָלעוואַשאָלעם, האָט געלעבט און איך בין אין דער היים געוועזן... עמעס, איך האָב קיין מוטער נישט געהאַט, און דער פֿאָטער האָט אַ גאַנצן טאָג מיט שיצן געוואָרפֿן... נאָר צו עסן און טרינקען האָב איך געהאַט און אויך וווּ דעם קאָפּ אַנידערצולייגן...



אויב איך האָב קינדווײַז צופֿיל צײַט געהאַט און צו ווייניק באַווײַרים, און האָב גענוג צײַט געהאַט, זיצנדיק אַליין, זיך אַרומצוקוקן און אַלץ באַטראַכטן, האָט עס מיר דאָך ווייניק געשאַט... דער געדאַנק האָט זיך פֿריִער אויפֿגעוועקט, נאָר גאָר אינגאַנצן אויסגעפּלאָנטערן פֿון קרענצל איז נישט פֿאַר מײַנע קויכעס! איך האָב אַ סאַך געקלערט און ווייניק וואָס פֿאַרשטאַנען... שפּעטער האָב איך מיך, שפּילנדיק, באַם טאַטן

ווערעבו געלערנט, און די מעלאָכע איז מיר געפעלן... זי האָט מיר אויסגעוויזן ווי א קונץ, א פיין מײַסטערשטיק; אנדערש איז מיר נישט אײַנגעפאלן.

א טאטן האָב איך געהאט, ווי איר ווייסט, א בלאסן, א דארן, מיט טריבע ארומגעליאמעוועטע אויגן און שארפבייניקע באקן. נו, וואָס איז? גאָט, באָרוך-הו, האָט די וועלט באשאפן און אפ איר פארשיי־דענע מענטשן געמאכט — טייל פעטע, טייל מאָגערע, טייל לאנגע, טייל קורצע, און יעדן אן אנדער פּאָנעם און אנדערע אויגן געגעבן... אבי איך האָב ליב דעם טאטן און דער טאטע האָט מיך ליב! און איך האָב צו גאָט קיין טײַנע נישט געהאט. ווארעם צײַט איך האָב דעם טאטן געדענקט, האָט ער אזוי אויסגעזען, און עס איז מיר גארנישט אײַנגעפאלן, אז ער איז אמאָל א געזונטער, פרישער יונגערמאן גע־וועזן, מיט ליכטיקע, ברענענדיקע אויגן, וואָס זײַנען מײַן מאמען מיידלווײַז אזוי געפעלן געוועזן. געוווּסט האָב איך, אז איך האָב א מוטער געהאט, און עס האָט מיר ווי געכאָלעמט, אז אין שטוב פלעגט זיך אמאָל ארומדרייען אן אלבאַסטער-ווײַס ווײַבל, מיט שווארצע ברע־מען און בלויע טיפע, נאָר ברענענדיקע אויגן. נאָר געזאָגט האָט מען מיר, אז גאָט, באָרוך-הו, האָט זי צו זיך גענומען, זי איז אים מינאס־טאמ געפעלן געוואָרן... ווער האָט מיר געזאָגט, אז זי איז אוועקגע־גאנגען פון דער וועלט, ווײַל זי האָט געברויכט ווײַן און פלייש צום געזונט און די ביידע זאכן זײַנען נישט פאר אָרעמעלײַט? מע האָט עס מיר פארשוויגן, פּונקט ווי מע האָט פאר מיר געהאלטן בעסאָד, אז די ווערעבו זויגט אוים דעם מארך פון די ביינער און האָט מיר דעם פאָטער בלאס, דאר און בלינד געמאכט...

מײַן פאָטער האָט נאָך אפ אסטמא געליטן... צי האָב איך געוווּסט, אז דאָס קומט פון שטויב פון גארן? דער אייגענער גאָט, וואָס האָט

מיר א דארנ פאָטער געגעבנ, האָט אימ טריבע אויגנ געמאכט אונ נאָכ אסטמא געשיקט,— פארוואָס? א פראגע עס איז! איכ האָב א מעלאמעד געהאט, טוירע געלערנט אונ געוווסט, אז אפילע מאלאָכימ זינדיקנ, ביפראט א באָסערוועדאָמ, ביפראט א וועבער... אונ גאָט שטראָפט, מע זאָל אָפּקומענ אפ דער-וועלט!

אז איכ פלעג מיכ אופכאפּנ באנאכט אונ זענ, ווי דער פאָטער הרעמלט, קימאט זיצנדיק אפנ קישנ, אונ האָט א שרעקלעכ שווערנ אָטעמ, פלעג איכ מיכ באגיסנ מיט פרומע קינדיש-הייסע טרערנ, אונ בעטנ גאָט, אז אויב מײַנ פאָטער האָט קעגנ אימ געזינדיקט, זאָל ער בעסער מיכ שטראָפנ! אונ אז איכ האָב נישט געפויעלט, האָט עס מיכ ווייניק געוווּנדערט, וואָרעמ וואָס פאר א זכוס האָט אזא וועבער-קינד געקאָנט האָבנ בא אזא גרויסנ שרעקלעכנ גאָט, ער זאָל הערנ מײַנ געבעט?!

נאָר אָפט פלעג איכ מיכ אופכאפּנ, אונ דער פאָטער איז נאָכ געזעסנ בא דעמ שטול... טיילמאָל האָט שוינ דער מאָרגנ געגרויט אונ מיט דינע שטראלנ זיכ ארײַנגעגאנוועט דורכנ לאָכ פונ לאָדנ. „טאטע", פלעג איכ זיכ בעטנ, „לייג שוינ אוועק די ארבעט, קומ שוינ שלאָפנ",— קוימ וואָס ער דערהערט אונ ענטפערט מיר: „באלד, באלד, קינד מײַנס!", אונ רירט זיכ ניט פונ אָרט, „איכ וועל נאָכ ענדיקנ — זאָגט ער — דעמ שטערנ". אונ איכ בינ אײַנגעשלאָפנ מיט דעמ געדאנק, אז דער טאטע איז אמאָל אנ אײַנגעשפארטער אונ וויל דאפקע ארבעטנ, כאָטש עס טוענ אימ די אויגנ וויי! ווינטער-צײַט פלעגט מיר טיילמאָל קאלט זײַנ אליינ אינ בעט אונ עס פלעגט מיר ביטער ווערנ אפנ הארצנ, טראכטנדיק, אז דער פאָטער האָט ליבער זײַנ שטערנ, ווי מיכ, כאָטש דער שטערנ וואָלט איבערנאכט ניט געפרוירנ געוואָרנ, אונ איכ ציטער פונ קעלט!

אלצ האָט מיר מײַנ מעלאמעד געזאָגט אונ פארטײַטשט, נאָר נישט דאָס, אז מײַנ טאטע האָט זײַנ שטערנ פײַנט סינאס-מאָוועס, אז

נישט ער וויל דעם שטערן ענדיקן, נאָר איך זאָל מאָרגן צו פרישטיק א בייגל האָבן; אז נישט ער וויל דאפקע ארבעטן באנאכט, כאָטש ער האָט שוואכע אויגן, נאָר ווײַל ער מוז ארבעטן באנאכט! פונקט אזוי ווי עס האָט מיר קיינמאָל קיינער ניט געזאָגט, אז פון גארן-שטויב קריגט מען אסטמא...

הײַנט ווייס איך עס, און דעריבער קאָן איך אזוי גוט נישט זײַן! הײַנט ווייס איך, אז די שלעכטע אומבארעמהארציקע וועלט האָט צו מײַן פאָטער געזאָגט: דו ארבעט א סאך, א סאך, צאָלן וועט מען דיר ווייניק, און פארנאָסע בעט בא גאָט! דו ארבעט א סאך, מאך א מאסע שטערן אי באנאכט, אי באטאָג, און בא גאָט בעט א רעפוע אף די אויגן! אכצן שאָ אין טאָג זיץ אין שטוב איבער דעם שטול געבויגן, שלינג אײַן פארביקן, פארסאמטן שטויב, און וועסטו אסטמא באקו-מען, האָסטו א ריינע פרעטענזיע צו גאָט! וואָס שאט עס דיר, אז מיר וועלן דערווײַל דײַן ארבעט טראָגן און פון א טייל פון איר רײַך ווערן? און אצינד רעדט זי אזוי צו מיר!

דער פאָטער מײַנער האָט געגלייבט און שטיל און פרום געליטן; און עפשער האָט ער שטילערהייט געוווּסט און נאָך טויזנט מאָל גע-ליטן מער פאר מיר? ווער ווייסט? מיט קינדער רעדט מען נישט פון אזעלכע זאכן!

צי האָט מײַן מעלאמעד געוווּסט, ווען ער האָט געדינגט? צי איז אים גאָר אײַנגעפאלן, אז ער בינדט מײַן נעשאָמע מיט פרומען, נאָר פעסטן שפינוועבס און ווארפט זי ארויס פאר די הינט? פונוואנען האָט ער געזאָלט וויסן? ער אליין איז אויך א וועבער געווען, ער אליין האָט אויך באלעבאטים געדינט; מײַן פאָטער איז געשטאָרבן אף אסטמא, און ער אף א לונגען-פעלער!

נו, איז א וואונדער, אז, געגנאָרט פון אלע זײַטן, האָב איך געלעבט א גוטן טאָג און בין א גוטער געוועזן?

ווער שמועסט, שפּעטער, אַז איך האָב אַ געווים פֿריילעך מיידל דערקענט און פֿלעג מיט איר יעדן אָוונט זיך טרעפֿן אין הויז אונטערן טויער? עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ נײַ וווּנדערלעך לעבן, זיסע לעוואָנענעכט און נאָך זיסערע כאַלוימעס... גאָט מײַן איינציקער! ווי גליקלעך בין איך געווען! און ווי גליקלעך האָב איך מיך געפֿילט באַם ראָש-כוידעש בענטשן, ווען דער כאַזן האָט געזונגען „עם כל ישׂראל אחיהם”— אַלע ייִדן זײַנען ברידער! אַ קאַטאָוועס, אַ מענטש האָט אַ זיבן-אַכט מיליאָן ברידער און שוועסטער, און מיריאָם איז איינע פֿון זיי! איך האָב מיך געפֿילט אַזוי גרויס, אַזוי שטאַרק, אַזוי שטאָלץ! ערשט שפּעטער בין איך געוואָר געוואָרן, אַז דאָס מאָל קאָן מיך אויסרײַסן פֿון דער היים און מיך פֿאַרוואַרפֿן, ווי אַ פֿוילן עפּל, ערגעץ אַרײַן אין דער פֿרעמד, ווו דאָס האַרץ וועט פֿאַרגיין פֿאַר בענקשאַפֿט, און זי וועט בלײַבן דאָרט און שטריקן און וויינען באַזונדער; ערשט שפּעטער בין איך געוואָר געוואָרן, אַז מאָריץ פֿיינבאַך, מײַן ברויטגעבער, איז מיר גאָר קיין ברודער נישט, אַז ער האָט מער ראַכמאָנעס אַף זײַן פֿערד, ווי אַף מיר! נאָר דעמלט האָב איך גאָר דאָס אויך נישט געוווּסט, און בין אַזוי פֿרײַ מיט אַ שמייכל אַפֿן יונגן פּאָנעם, מיט פֿאַרכאָלעמטע אויגן און אויסגעשפּרייטע הענט, אַנטקעגן געגאַנגען דער וועלט...

הײַנט ווייס איך עס, הײַנט ווייס איך צופֿיל... נאָר צי בין איך עמעצן מעקאַנע? צי וויל איך דען דעם לווינקעטניקס זילבערנע לײַכטער? אָדער מײַן ברויטגעבערס בײַטל מיט געלט? ניין! כ'וויל עס נישט, מיר כאָלעמט זיך אַ ריינע אופֿגעראַמטע שטוב; צוויי בעטן הילצערנע, זאָל זײַן צו איינציקע קישן, נאָר ווײַסע, שניי-ווײַסע ציכן! אַ ברויט אין ווײַסן הילצערנעם אַלמער; אַ האַלב פֿונט פֿלייש צו מיטיק אַף אַ פּערזאָן, און וועט גאָט אַ קינד געבן, זאָל דערפֿאַר אין דער מוטערס ברוסט זײַן מילך, פֿרישע מילך, נישט גאַל, נישט סאַם! אָנ-

טאָג וויל איך מיך אָרעם, נאָר ריין, זאָל זײַן געלאַטעט, נאָר נישט צעריסן! און וואָס נאָך וויל איך? אַז מײַן ווײַב און מײַנע קינדערס מו־טער זאָל זײַן די, וואָס איך וויס, צו וועלכער ס׳ציט מיך מיט גאַנצן לעבן, מיט דער גאַנצער נעשאָמע! אָט אַזוי ווייניק וויל איך, נאָר דאָס ווייניקע קאָן איך נישט געשען, ווײַל איך מוז אַנדערע שפּײַזן און אַליין הונגעריק זײַן! איך בין קיינעם נישט מעקאַנע, דאָך פאַרדריסט מיך, פאַרוואָס בין איך נאָר אַ רינע, וואָס לאָזט דורך דאָס וואַסער, און אַליין טרינקט זי נישט.

דײַנ...

## זעקסטער בריוו

דו שרײַבסט, אַז איך זינדיק, אַז איך פאַרלאַנג צופיל, כאָטש עס האָט מיר קיינער דערפון קיין קאָנטראַקט ניט געגעבן. מיריאָם־לעב זאָגט, אַז מע קען לעבן מיט גאָרנישט, אָדער קימאַט מיט גאָרנישט. אַז אויב מע האָט זיך ליב, עסט מען „וואָס עס איז״ אָדער „באַדײַ וואָס״... איך אַליין האָב אויך אַמאָל אַזוי געמיינט; איך האָב מיך אָבער צוגעקוקט צום לעבן פון מײַנע כאַוויירים; איך האָב עפּעס אַנ־דערש געזען! איך האָב שרעקלעכע זאַכן געזען!

אַז איך האָב די ערשטע צוויי רובל אַ וואָך באַקומען, האָב איך אַ געשריי געטאָן און דערמיט אונטערגעשפּרונגען פאַר פרייד! מײַן ער־שטער געדאַנק איז געווען אײַך אַ דעפּעשע צו געבן, גרייט זאָלט איר זײַן! טעלעגראַפירט דאָך האָב איך נישט, עס איז מיר פּלוצלינג אַ שאָד געווען דאָס געלט! נישט מײַנס, נאָר מיריאָם־לעבס געלט איז מיר אַ שאָד געווען! עס איז שוין איר געלט געווען! איך וועל בעסער שרײַבן, און איך האָב באַנאַכט געשריבן, נאָר צומאָרגנס דעם בריוו נישט אָוועקגעשיקט.

אינ אָוונט בינ איכ צו מײַנעמ א באקאנטנ וועבער געגאנגענ; איכ האָב געוווסט, אז ער איז ערשט דרײַ יאָר נאָכ דער כאסענע, אונ איכ האָב געוווסט, אז עס איז א ליבע געוועזנ, אונ מיר האָט זיכ געגלוסט, עס האָט מיכ געצויגנ צו זענ כאָטש איינ אָוונט, איינ סצענע פונ א גליקלעכ, היימיש לעבנ, אפ וועלכנ איכ האָב אזוי געהאָפט! דערווײַל דורכ א שפּארע ארײַנקוקנ אונ זענ, ווי עס פירט זיכ אינ גאניידנ. אונ איכ האָב געזענ!..

איכ האָב געזענ צוויי קראנקע קינדער; איינס האָט דיפטעריט בא-קומענ אונ דאָס צווייטע האָט זיכ זאראזשעט... זי איז געזעסנ באמ טיש געבויגנ איבער א ניי-מאשינ, אונ ער, דער פארליבטער מאנ, איז ארומגעגאנגענ אופ אונ אָפּ, בייז אונ ווארפנדיק מיט די הענט! אז ער איז נעענטער צו מיר צוגעגאנגענ, האָב איכ בא אימ געזענ טרערנ אינ די אויגנ; נאָר די טרערנ זײַנענ מיר עפּעס נישט געפעלנ, אונ פונ מויל האָב איכ א רייעכ פונ בראָנפנ דערפילט... איכ האָב מיכ געשווינד צוריקגעצויגנ, נאָר געשלאָפנ יענע נאכט בינ איכ שוינ נישט...

איכ בינ געלעגנ מיט א פערענע אויבנ אונ האָב באשײַמפערלעכ אונ אָנ אופהער געזענ דאָס בילד, ווי זי זיצט איבערגעבויגנ אפ דער מאשינ; איכ האָב איר פּאָנעמ נישט געזענ, נאָר זיכער געפילט, אז עס איז דערשראָקנ, פארציטערט אונ בלאס. אונ פונ די אויגנ פאלנ גרויסע, גרויסע טרערנ ווי די ארבעס... אונ די פּלייצע פלאטערט אונ ציטערט... אונ עס האָט זיכ אלצ געדאכט, אז אָט גייט ער צו אונ דערלאנגט איר מיט דער פויסט אינ פּלייצע ארײַנ... אויב נישט הײַנט, וועט ער עס מאָרגנ טאָנ... ער וועט שוינ קיינ איינציק מאָל ניט אהיימ קומענ ניכטער...

איכ האָב געזענ דערנאָכ נאָכ אנדערע זאכנ. מע טײַט מיט די פינ-גער אפ עלטערנ, וואָס האנדלענ מיט פלייש — פונ אייגענע טעכ-

טער... איך האָב געזען קינדער, וואָס ווארפן ארויס די עלטערן, ווען זיי הערן אוף שוין פאַרדינען...

אוי, איר קאָנט עס גאָר נישט פאַרשטיין! נישט נאָר לײַוונט און וואָלנצײַג וועבן מיר, מיר וועבן אויס גאָר פונקט נײַע מינהאָגים, נײַע מידעס פון דער נאָדל! אויך וועבן מיר אויס טאַכריכים פאַר דער אַל-טער, גוטער און פרומער וועלט, און מע וועט זי אין זיי באַגראָבן... און עס וועט אופשטיין א נײַע, פוילע, דורך און דורך פאַרפוילטע וועלט, און ווער עס וועט נאָך האָבן א ריינערע נעשאָמע, וועט פון איר אַנטלויפן, ווו עס וואַקסט אפילע קיין פעפער נישט!..

ד נײַ נ...

## אכטער בריוו*

מאַזלטאָוו! ענדלעך האָסטו דיך געריִרט פון אָרט! הונגער און נויט האָבן אַף דיר נישט געווירקט, נאָר די וועלט, האָסטו מוירע, זאָל נישט אונטערגיין, די ריינקײַט און פרומקײַט זאָל נישט פאַרלוירן ווערן!

און אַף א האַמצאָע ביסטו געפאַלן: קווידעמקאָל, שרײַבסטו, דאַרף מען די לווינקעטניקעס אונטערברענגען!

דו האָסט אפילע קיין אַמעריקע נישט אַנטדעקט, אפילע קיין פול-ווער ניט געפונען. ווײַל דאָס האָט מען שוין פאַר דיר געטאָן. דײַן לידל זינגען שוין די פייגל אַף די דעכער! נאָר א נאַגראַדע ביסטו ווערט. און איך וועל דיר דערפאַר דערציילן די מײַסע פון די פאָר אויגן, וואָס האָבן אַזוי פײַערדיק אַף א פרעמד ברויט געקוקט!..

---

* דער זיבעטער בריוו איז ערגעץ פאַרלוירן געגאַנגען.

אמאָל, און דאפקע ערשט ניט לאנג, איז געווענ א וועבער, גראָד א גוטער וועבער, נאָר, ווי מע פלעגט זאָגנ, נישט מער קיינ קלוגער, אָדער דער קאָפּ זײַנער איז נישט אפ זײַנ אָרט געשטאנענ, אָדער עס האָט דאָרט אינווייניק עפּעס געפעלט. נאָר דערפאר האָט ער געהאט א ברייט אויסגעוואקסנ הארצ, ווו אויסער זײַנ אייגענעמ פּאָרטרעט איז נאָכ געהאנגענ דאָס בילד פונ אלע וועברישע צאָרעס, און ווײַל עס איז זייער גרויס געווען, האָט עס קימאט זײַנ אייגענעמ פּאָרטרעט פארשטעלט, און דעריבער האָט ער אָפּט זיכ אליינ נישט געזענ! ער אליינ האָט גענוג פארדינט — די צײַטנ זײַנענ נאָכ עטוואָס בעסער געוועזנ, ער האָט זאָגאר א געליבט מיידל געהאט און נאָרוואָס געוואָלט כאסענע האָבנ, נאָר א געדאנק האָט זיכ אימ ארײַנגעשלאָגנ אינ מויעכ און דער געדאנק האָט אימ צורעכט געמאכט. ער האָט זיכ אײַנגערעדט, אז אויב יעדער איינציקער וועבער איז, באזונדער גענומענ, א שוואכ, ווייכ ריטל, וואָס דער ערגסטער לוינקעטניק דרייט זיכ ארומ, אויב ער וויל, ארומ פינגער, וואָלטנ אלע צוזאמענ געקאָנט זײַנ א שרעקלעכ שטארקער בעזעמ אויסצוקערנ און ארויסצוווארפנ מיטנ מיסט נאָכ עפּעס בעסערס, ווי א לוינקעטניק איז. נאָר מיט וואָס בינדט מענ דעמ בעזעמ?

און א שלעכטע נאטור האָט ער געהאט, שטענדיק אָפּנ צו האלטנ דאָס מויל, און וואָס פאר א גרינער פויגל עס איז אימ געבוירנ געוואָרנ אינ דער קליינער נעסט פונ קאָפּ, פלעגט ער באלד ארויספליִענ פראנק-און-פרײַ אפ דער פרישער וועלט... עלטערע מענטשנ האָבנ אימ געווארנט, ער זאָל ניט זײַנ קאָהאָלס פארזאָרגער, ווײַל קאָהאָל צאָלט מיט שטיינער פאר ברויט; דאָס געליבטע מיידל האָט אימ געהאלדזט, געקושט און געוויינט, ער זאָל זיכ ניט מיִעס מאכנ דאָס מויל מיט א בעזעמ, נאָר ער האָט זיכ געהאלטנ בא זײַנעמ, אז מע דארפ בינדנ א בעזעמ!

און גערעדט דערפון האָט ער ווארעם, מיט הארץ, מיט בלוט, די וועבער האָבן ווייניק פארשטאנען, נאָר גוט געפילט, און פלעגן מאכן ארום אים רעדלעך, און אז ער האָט גערעדט, האָבן טייל געזיפצט און טייל געשאָלטן. נאָר פון דעם איז ער ניט צופרידן געווען. ער פלעגט זאָגן, אז פאר טויזנט זיפצן וועט דער בעקער קיין איינציק ברויט ניט געבן. און פון א מיליאָן קלאָלעס וועט זיך באם לוינקעטניק אין מויל קיין איינציקער צאָן נישט קריצן... נאָר וואָס דען ווילסטו, לעבן מיינס? א בעזעם וויל ער מאכן, נאָר א בעזעם...

און עס האָט זיך אָנגעהויבן צו בינדן א בעזעם! דער אוילעם האָט זיך צוזאמענגענומען און געשווירן, מער בא קיין לוינקעטניק קיין ארבעט נישט אָנצונעמען! די, וואָס ארבעטן שוין, זאָלן אוועקגיין!.. און באלד איז געפאלן געלט, מע זאָל אופהאלטן די, וואָס גייען אוועק, ביז זיי וועלן דירעקט פון פאבריק קיין ארבעט נישט באקומען! איז עס געוואָרן א ראש אין די גרויסע וועלטן; דערשראָקן און פארציטערט זיינען ארומגעלאָפן לוינקעטניקעס, שטיל און ווי ווייט מעגלעך איידל האָבן אפילע פאבריקאנטן גערעדט! און די וועבער האָבן זיך געפרייט, הא! עס שטעקט דאָך א קראפט אין אָרעמעלייט, מע דארף זיי נאָר וועקן, וועלן זיי וועלטן איבערקערן! א געדולע, א פרייד!..

עס איז א פיינער, פארביקער זייפנבלאָז געוועזן, נאָר ער האָט צו געשווינד געפלאצט! ערשטנס, זיינען געוועזן עטלעכע שלעכטע וועבער, וואָס האָבן קיינמאָל קיין ארבעט נישט געהאט, האָבן זיי זיך באלד ארייַנגעשלייכט צו די לוינקעטניקעס און אָנגעהויבן צו ארבעטן!.. אנדערע האָבן זיך דערשראָקן און געשווינד צוריק זייערע ערטער פארכאפט; די רעשט האָט עס דערזען און אליין געמוזט זיך מאטיר-ניידער זיין און נאָך איבערבעטן דעם לוינקעטניק: „זיי אונדז מויכל, עס איז גאָר נישט אונדזער הויט, כאָטש זי ליגט אפ אונדזער

לײַב. שיכּר, וויפל דו ווילסט!" און דאָס לעבעדיקע וואַסער איז צוריק אין דער קאָרעטע אַרײַן, צוריק דאָס אַלטע לעבן!

נאָר אַ נײַעס איז געשען: דעם מענטש מיטן האַרץ האָט מען פון פאַבריק אַרויסגעוואָרפן, און ער האָט שוין אין ערגעץ קיין אַרבעט נישט באַקומען. די געליבטע קאַלע האָט נאַטירלעך צעריסן די טנאָים... די וועבער האָבן געשוויגן: מע וועט דאָך פאַר איין מענטש וועגן נישט אַוועקוואַרפן די פּאַרנאָסע!

געשען איז עס נאָך איידער איך בין געקומען, נאָר איך האָב נאָך די זכיה געהאַט צו זען, ווי דער מענטש מיטן ברייטן האַרץ האָט גע-קוקט אויף אַ לעבל ברויט בײַ דער זיצערן אויפן טיש.

ד ע נ...

## נײַנטער בריוו

איך האָב גאָר נישט געוווּסט, אַז מײַן מיריאַם-לעב האָט אַזאַ דייע בײַ גאָט! — קוים האָט זי אין לעצטן בריוו געווונטשן מיך כאָטש נאָכאַמאָל צו זען, פאָר איך שוין אַהיים!

עס פעלט נאָך אַפילו אויף הויצאָעס, נאָר איך האָב נאָך עטלעכע איבעריקע זאַכן צו פאַרקויפן... דאָס בעט מיטן קישן און קאָלדרע, מיטן שעניק אַפילו האָב איך שוין פאַרהאַנדלט; איך האָב אָבער נאָך אַן איבעריקן ראָק און צוויי-דרײַ איבעריקע העמדער...

אויף הויצאָעס וועט גענוג זײַן, אַניט וועל איך צושפּרײַזן צופוס.

און פאָרן אַהיים פאָר איך דורך גאָר אַ פּאָשעטע זאַך: איך האָב אַ נאַרישן פעלער געמאַכט און מוז אַהיים פאָרן.

די מײַסע איז אַזוי געווען: צײַט איך האָב די וועלפישע אויגן גע-זען, האָב איך מיר געטראַכט: בעסער אַ לויט סייכל, איידער אַ פונט האַרץ! בעסער באַנאַכט אָפּן צו לאָזן די טיר, איידער באַטאָג דאָס

מויל. ציינ נוצנ צום עסנ, נאָר נאָכ מער די צונג איינצובייסנ, אויב זי וויל זיכ אנ איבעריק מאָל איבערדרייענ. דער מענטש איז טאקע געקרוינט אונ געהויבנ איבער אלע בייעס מיט די רייד, נאָר „גוט-מאָרגנ — גוט-יאָר" איז גענוג געערדט אונ וואָס איבעריק — שאט! אונ נאָכ אזוינע גוטע אונ קלוגע זאכנ האָב איכ מיר געטראכט אונ איינגעקארבט, אבי איכ זאָל קיינמאָל, אזוי ווי יענער מיטנ ברייטנ הארצ אונ אָפענעמ מויל, אפ א זיצערנס ברויט ניט ברויכנ צו קוקנ...

פונ אזא קוקנ — האָב איכ געטראכט — קומט קיינ גוטס נישט ארויס, אפנ בעסטנ פאל קומט מענ דערצו, אז מע כאפט א ברויטל.

אונ וואָס וואָלט מיינ פרומער מעלאמעד געזאָגט? ער וואָלט זיכ באלד געשטעלט פארנ בעסדנ-שעל-מיילע אונ איידעמס געזאָגט, אז ער אליינ האָט מיכ געלערנט: „לוי סיגנויוו! ריר נישט קיינ פרעמדס!"

וואָרעמ, ווי דו ווייסט, איז מיינ פרומער מעלאמעד א קורצזיכטי-קער געוועזנ אונ קוימ וואָס ווייטער פאר זיינ אייגענע נאָז נישט גע-זענ... אז דאָס ווייב פלעגט אימ אנידערלייגנ א ברויטל אפנ טיש, האָט ער געזענ ברויט, מער נישט ווי ברויט. ווער ברויט, וואָס ברויט? ווי קומט עס צו אימ? פונוואנענ נעמט זיכ ברויט? ווער האָט געזייט, ווער געשניטנ, ווער געמאָלנ, ווער געבאקנ? וועמעס שוויים שטעקט דערינענ, וועמעס בלוט? דאָס האָט ער קיינמאָל נישט געזענ... פונ הימל אראָפּ, צי פונ אונטער דער ערד ארויס, וואָלט ער געשריענ: גאנעוו! אונ אפ מיר וואָלט דאָס היטל געברענט!

נאָר וואָס קומט ארויס, אז דער מענטש דענקט אונ די צאָרעס (אייגענע צי פרעמדע) לענקענ! אז ווי ענג עס איז נישט בא איינעמ אינ הארצנ, פאלט דאָכ אמאָל ארייַנ א נארישקייט; איידער דו קוקסט זיכ אומ, האָסטו עס אָפּגעטאָנ אונ פארפאלנ. כאָטש קנייפּ דיר אויס

די באקן. מײַן געוועזענער ברויטגעבער זאָגט, אַז ער האָט זיך אַף מיר נישט גערעכנט; איך אַליין וואָלט עס אויך נישט געגלייבט! און דאָך מוז עס עמעס זײַן, וועהאָרײַע: איך פאָר אהיים!

נאָר צו דער זאך! עס איז דאָ אמאָל געוועזן א גרויסע ווערבערשע בעוורע מיטן נאָמען „פויאַליי-צעדעק”. אָט א יידישע בעוורע, אַף וועלכע אַלע האָבן דורך די פינגער געקוקט, ווײַל מע האָט דאָרט נישט מער ווי געדאַוונט און שאבעס אַלשיך געלערנט... צי האָבן שוין די אַלטע ווערבער געפילט, אַז זיי מוזן דאַוונען באַזונדער, בעטן אַף עפּעס אַנדערש, איידער זייערע ברויטגעבער? ווער ווייסט?! נאָר מיט דער צײַט איז דער דאַוונען קימאַט פון דער מאָדע אַרויס, און אַפן אָרט פון אַלשיך הערן שפּאַצירט דער אוילעם הינטער דער שטאָט און באַ-מיט זיך אויסצועטעמען דעם שטויב פון גאַרן, וואָס מע האָט אָנגע-נומען א גאַנצע וואָך... מיט דער צײַט האָבן אויסער עטלעכע, גאַנץ אַלטע ווערבער, מיט די אַלטע טאַלייסים און זילבערנע אַטאָרעס — א זייכער פון די אַמאָליקע גוטע צײַטן, — אַלע אָן דער בעוורע פאַר-געסן... נאָר לעצטנס, אַז מע האָט מיטאַמאָל געוואָרפן דעם פרײַז, האָט עס דעם אוילעם אונטערגעטראָגן; עס איז געוואָרן א ראַש, א מעהומע. וואָס טוט מען? וואָס נעמט מען פאָר? און פלוצלינג האָט מען זיך דערמאָנט, אַז עס איז א בעוורע פאַראַנען, אַז עס איז דאָ אַן אָרט, וווּ זיך צוזאַמענצוגיין און א וואָרט צו ריידן! און דער אוי-לעם האָט זיך געלאָזט אין „פויאַליי-צעדעק” אַרײַן, און האָט מיך גע-שלעפּט... די מאַסע איז ווי א פּעך, זיך נישט אָפּצורײַסן!

צי האָסטו אמאָל געזען, ווי פונקען פליִען איבער א שמידערײַ? מיליאָנען פונקען, און זיי וועלן נישט אָנצינדן קיין איינציקע שטרוי אַפן דאַך! נעם זיי אָבער צוזאַמען, וועלן זיי א וועלט פאַרברענען! דאָס אייגענע איז א בעוורע! קוים איז זיך דער אוילעם צוזאַמענגעקו-

מענ, האָט געבערענט! עס האָבנ טויבע געהערט, שטומע גערעדט, לאָמע זײַנענ אויפ אונ אַפּ געלאָפנ, פּאַראַליזירטע האָבנ נאָר פּאַטשנ געוואָלט, נאָר פּאַטשנ... אַנדערע האָבנ געשריִענ, אַז קאָלזמאַנ מע וועט נישט געפינענ צוויי־דרײַ ברויטגעבערישע בײַכער צעשניטנ אינמיטנ מאַרק, וועלנ די צאָרעס קיינ ענדע נישט נעמענ.

איכ האָב פײַנט פּאַטשנ, פונ צעשניטענע בײַכער קאָנ איכ בעטעווע נישט הערנ, אונ איכ וויל זיכ אַרויסגאַנווענענ פונ אוילעמ מיט די שאַרפע צונגענ, נאָר שטומפּיקע קעפּ; לײַדער, האָט מענ מיכ באַמערקט, אונ עס איז פּלוצלינג אַ געשריי געוואָרנ: ער אַנטלויפט. מאַסערנ גייט ער! מאַסערנ! אונ די ווערטער זײַנענ גענוג געווענ, איכ וויל צוריקגיינ, אַרופשפּרינגענ אַפּנ ערשטנ טיש אונ אָנהייבנ רײַדנ, גלײַכ מיר וואָלט אויכ עפּעס געפעלט אינ קאָפּ אונ דאָס האַרצ וואָלט זיכ מיר אויכ צעוואַקסנ אינ דער לענג אונ אינ דער ברייט...

זאָל איכ אײַכ איבערגעבנ מײַנע נאַרישע רייד? נאָב וואָס? איכ האָב נאָר געוואָלט, די וועבער זאָלנ זייער אייגנ געשעפט פאַרשטיינ, זיי זאָלנ אײַנזענ, אַז, ערשטנס, מוז מענ זיכ פעסט צוזאַמענ האַלטנ, אַז די „פּויאַליי־צעדעק“ דאַרפנ אויפגעפרישט אונ געשטאַרקט ווערנ, אַז מע מוז זאַמלענ געלט — געלט פאַר קראַנקע, געלט פאַר אַלטע אָנ קויעכ, געלט פאַר וועבער אָנ אַרבעט, געלט פאַר אַלע אַפּ דער שלעכטער צײַט, ווענ עס לוינט זיכ נישט צו אַרבעטנ... אונ דעריקער איז, אַז קיינמאָל דאַרפנ וועבער צווישנ זיכ נישט קאָנקורירנ, נישט מיטנ פּרײַז, נישט מיט פאַרלענגערנ די צײַט פונ דער אַרבעט... איכ האָב זיי דערציילט, אַז ערגעצ אַנדערש אַרבעט מענ נאָר צוועלפ, אינ אויסלאַנד צענ שאָ, אַפּ אַ טייל ערטער נאָר אַכט. איכ האָב זיי געזאָגט, אַז אַ מענטש איז קיינ פערד נישט אונ אַז פערד אַרבעטנ דאָכ ווייניקער פאַרנ פוילסטנ וועבער... אונ נאָב אַזוינע זאַכנ, וואָס אַ מענטש

מיט סייכל האלט בא זיך און רעדט נישט ארויס. דו וועסט עפשער אנדערש זאָגן, מיריאַם־לעב? דו האָסט דאָך שטענדיק ליב געהאט מיך אָפּצושפּארן, צו זאָגן פארקערט, נאָר דערפון וועלן מיר שוין ריידן אין דער היים! דערווײַל האָט מיר געשאט.

די גאנצע צײַט, וואָס דו האָסט פון מיר קיין בריוו ניט דערהאלטן, בין איך געזעסן, און גאָט ווייסט פאר וואָס? ערשט ווען מען איז אָפּ זיכער געוואָר געוואָרן דערנאָך, אז איך האָב אָפּגעהאלטן פון פאטשן און בײַכער שנײַדן, האָט מען מיך אָפּגעלאָזט, נאָר געהייסן ארויס־פאָרן אפ א פּאָר יאָר פון שטאָט... א וועבער, זאָגן זיי, דארף זיצן און ארבעטן, ניט שפּרינגען אפ טישן און ריידן...

שלעכט, נאָר צוויי זאכן טרייסטן מיך! ערשטנס, איך האָב א זאָ־מען געוואָרפן און איך בין זיכער, אז ער וועט וואקסן; פונדערווײַטנס זע איך שוין, ווי ער וואקסט! און ער וואקסט ווי עס באדארף צו זײַן: אין דער טונקל, שטיל און באשיידן, עס דארף קיין האָן נישט קרייען! און צווייטנס, וואָס מיריאַם־לעבס ווונטש וועט דערפילט ווערן און מיר וועלן זיך זען... גיך און באלד זען... גרייט נאָר א ביסל זאלץ, אנגעצורנדיגן מיר די פּלייצעס, מע האָט זיי מיר א ביסל צע־האקט...

דײַנ...

# איינציקער בריוו פון שוסטער צום וועבער

איך שרײַב געשווינד און אין איין ציטערניש. האָב גאָט אין הארץ, פאָר ווו דו ווילסט, נאָר קום נישט אהער, איך האָב קוים, קוים געפּויעלט בא דער שוועסטער, זי זאָל לאָזן איינעם ארײַנגיין, א פּנײַ־נעם באלמעלאָכע, אן אלמענ... די אָרעמע מיריאַם האָט זיך גענוג די

הענט געבראָכנ, אונ די אויגנ אויסגעוויינט, איידער זי איז באשטא-
נענ, אצינד וועסטו קומענ אונ די גאנצע זאכ וועט צערודערט ווערנ!
אונ זאָג אליינ, כאסענע האָבנ ווילסטו ניט אונ, ווי דער עמעס איז,
אצינד קענסטו נישט, נאָכ וואָס זאָלסטו איר שטערנ אינ וועג? דו
אליינ פארדינסט וויניק, איכ — אָסער אויב איכ בינ בעקויעכ זי אויס-
צוהאלטנ, איכ האָב מיינע אייגענע גענוג. אויב דו ביסט אנ ערלעכער
מאנ, פאָר ערגעצ אנדערש אוועק... געדענק אָנ גאָט! —

*1897*



# האָ:שאָ מאָראס כאנע

(א פעקל בריוו)

## א

צווײ בריוו, וואָס כאנע האָט באקומענ פונ איר ברודער מענאכעמ-מענדל, אונ איינ בריוו פונ איר שוועגערנ כאווע-גיטל, בעסאכאקל דרײַ בריוו

### ערשטער בריוו



אכאמ וועהאשאָלעמ לאאכויסי האצנוא מאָראס כאנע טיכיע.

דײַנ בריוו האָב איכ דערהאלטנ. וואָס קלערסטו, איכ האָב גענוג טרערנ פארגאָסנ אונ א גאנצע נאכט געזיפצט אונ געקרעכצט. וואָס קומט מיר אָבער ארויס, גאָט אינ הימל איז מײַנ איידעס, אז איכ בינ דיר נישט אימשטאנד צו העלפנ. אונ וואָס דו

שרײַבסט װעגן דער יערושע, מוז איך דיר, ליבע שװעסטער, זאָגן, אַז דאָס איז גאָר קײן װערטער נישט! נאָכן ייִדישן דאַס האָסטו קײן שום טײַנע-אומײַנע אָפּ דער יערושע; פֿרעג דײַן מאַן, ער איז דאָך אַ ייִד אַ לאַמדן, װעט ער דיר אױך זאָגן דאָס אײגענע. און דו דאַרפֿסט גאָרנישט פֿרעגן דעם מאַן, ער זאָל דיר ערשט זאָגן; אַזאַ אישע-קשײרע, װי דו, עפֿנט אױף דאָס טײַטש-כומעש און זעט, אַז צלאָפֿכאָדס טעכטער האָבן באַקומען יערושע נאָר װײַל עס זײַנען קײן באָנים-זכאָרים נישט געװען. אָבער קוים זײַנען דאָ באָנים-זכאָרים, באַקומען די טעכטער קײן יערושע נישט. און קײן שטאַר-כאָצי-זאָכער האָסטו נישט. אײַ, װאָס דו זאָגסט, אַז דער טאַטע, אָלעװאַשאָלעם, האָט דיר דעם גאַנצן נאַדן נישט געסילעקט, איז אַװאַדע קײן טײַנע נישט, װאָ־רעם, צוריק געשמועסט, װער קריגט דעם גאַנצן נאַדן? מיר האָט מען, װײסטו, אױך אָפּגעריסן, און איך האָב, כאָלילע, קײן טײַנע נישט צו קײנעם, — און ביכלאַל, איז דער סײכל מעכײַעװ, אַז אױב דער טאַטע, אָלעװאַשאָלעם, האָט נישט געהאַלטן זײַן היסכײַװעס, האָט דאָס צװײטע צאַד אױך אַזױ געטאָן, און מען איז דערױף באַשטאַנען; די צדאָדים האָבן אײנער דעם צװײטן מױכל געװען, װי בײַ אונדז ייִדן דער מינהעג איז. און איך האָב נישט געװאָלט שטעלן אָפּ מײַן דײע, און איבערגעשמועסט די זאַך מיט אונדזער ראָװ און מיט די דאַיאָנים, און אַלע זאָגן פּע-עכאָד, אַז עס איז אַזױ.

און בענעגײע צו דער טײַנע, װאָס דו שרײַבסט, אַז דו האָסט נאָר אַ האַלב יאָר געגעסן קעסט, נישט אַ גאַנץ יאָר, — פֿון דעם װײס איך שױן גאָרנישט! לױ פּאָקאַדני אַבאָ — דערפֿון האָט מיר דער טאַטע, אָלעװאַשאָלעם, נישט געזאָגט. און װײסן װײסטו, אַז איך בין דעמאָלט געװען אַ פּאָרעש, בין געזעסן בײַ דער גאַנצער צײַט באַם רעבן, זאָל לעבן, און געלערנט... און כאַװע-גיטל מײַנע דערצײלט, אַז עס איז אַזױ געװעזן: עס איז געװאָרן אַ שטיקל מאַכלױקעס צװישן אײַך װעגן

דער מאמעס, אַלעהאַשאָלעם, שטאָט אין דער וויַבערשער שול, אונ איר האָט איַך ארומגעריסנ בא די קעפּ, אונ דער טאטע, אַלעוואַשאָלעם, האָט דערפונ גרוים צאר געהאט אונ גרוים אגמעסנעפּעש; אונ איינמאָל, שאבעסצונאכטס, האָסטו געכאַפּט דאָס פּעקל מיטנ מאנ אונ ביסט מיט'נ אוועק אינ זיַנ שטעטל אריַנ,— אויב אזוי, ווער איז איַך שולדיק? אפּ וועמענ שריַיסטו? ווער האָט איַך געהייסנ אנטלויפנ? אז מע דארפ עסנ קעסט, עסט מענ...

נאָר — איך מיינ נישט, כאסוועשאָלעם, דיר אָנצוטאָנ אגמעסנעפּעש. איך וויל דיר נאָר אויסוויַיזנ, ווי וויַיט אומגערעכט דו ביסט; אָבער יאָ גערעכט, נישט גערעכט, מע דארפ זיך פירנ ליפנים-מעשו-ראס-האדינ, ביפראט קעגנ אנ אייגענע שוועסטער, נאָר וואָס העלפט עס? וויל יאָ, וויל נישט, אז מע קאָנ נישט! דארפסט ווויסנ, שוועסטערלעב, אז דער פאָטער אונדזערער, זיכרוינוי-ליוורָאָכע, האָט פאר דער פּטירע געמאכט א צאוואָע, ער האָט אוועקגעגעבנ דאָס גרויסע שאס דעמ גרויסנ בעסמעדרעש, דאָס קליינע שאס — דעמ קליינעמ בעסמעדרעש, די מישנייעסנ מיט די עסרימ-וועארבאס האָט ער געהייסנ שיקנ אינ שטיבל אריַנ, ווו ער, אַלעוואַשאָלעם, האָט געדאוונט... קוורע-געלט, נישט אויסגערעדט זאָל עס זיַנ, האָט געקאָסט צוויי הונדערט גילדנ, מעיאד-לעיאד האָב איך אויך צעטיילט א פופציק גילדנ, וואָס רייד איך, מער, א סאך מער ווי פופציק גילדנ! דעמ טאטנס, אַלעוואַשאָלעם, מאלבושימ האָב איך אויך צעטיילט אָרעמעליַיט, כוץ דער זיַידענער קאַפּאָטע, וואָס איך האָב, לויט צאוואָע, איבערגעלאָזט פאר מיַינ מוישעלע, שעיכיע, ער זאָל אינ איר גיינ, אינ א מאזלדיקע שאָ, צו דער כופּע, בימהיירע בעיאָמיינו אָמיינ. וואָס דענ בליַיבט בעסאכאקל?

עס בליַיבט נישט מער, נאָר דאָס היַיזל. נו, קיינ שארפאט איז עס נישט ווערט. דער דאך איז, לוי-אלייכעמ, א כוילע-נויפל; אפּ א האָר

הענגט ער. דער וואָיט הייסט אראָפּנעמען די אַלטע פּײַערמויער, און אינגאנצן איז עס בעבעזקאס סאקאָנע.

נישט מער, שוועסטער-לעב, דו מיינסט, איך האָב פּארנאָסע! אז דער טאטע, אָלעוואשאָלעם, איז ניפטער געוואָרן און איך בין אראָפּ פון קעסט, האָב איך פארדונגען די דרײַ שטובן לינקס גרוינעם דעם סויכער, מע רופט אים גרוינעם צאָפּ (דו מוזט אים אוואדע געדענקען און דאָס ווײַב זײַנס — זלאטע). מיט דעם געלט קוועל איך מיך און באצאָל קוים פּאָדימנע און אנדערע פּאָדאטקעס, וואָס וואקסן פון טאָג צו טאָג. שולדיק בין איך בעסאכאקל פאר א יאָר אָנדערהאלבן מיט א שמיצ! דערווײַל טו איך מיר אייצעס, גיב א טרונק בראָנפן, — קום שפּעטער, קום מאָרגן, קענאָהוג, נאָר דער שטריק אפּן האלדז וואקסט, און וואָס דער סאָף דערפון וועט זײַן, ווייסט איין ריבוינע-שעלוילעם.

איך באוווין די דרײַ שטובן רעכטס אינײנעם מיטן אײַנפאָר-הויז און מיט דער שענק; די צײַט דערווײַל איז זייער שלעכט, די דערפער ארום האָבן זיך פארשווירן נישט צו טרינקען קיין בראָנפן. איז נאָך ווייניק, האָט דער פּאָרעצ געעפנט אין די ארומיקע דערפער שפּײַז-געוועלבלעך מיט טיי-הײַזער, — וואָס זאָל איך דיר זאָגן? מע דארף ראכמים! מע קוקט זיך די אויגן אויס, איידער מע דערזעט א פּויער!

און וואָס דו שרײַבסט, אז ווער עס קומט, זאָגט דיר, אז איך האָב שוין פּארנאָסע, — זײַ ווייסן, אז מענטשן האָבן נאָר גרויסע אויגן. איידער מע פארדינט א דרײַער, איז קרױאס יאמסוף. דערווײַל מוז מען ביילע-סאָשען כאסענע מאכן, און איך ווער גרוי און אלט דעריבער. די הויצאָעס זײַנען איין לעשאער, אף כויוו וויל מען נישט געבן, צו די מאלבושים פעלט נאָך א זײַדן אויבערמאלבעש, וועאכריי קיכלוים האקל מוז כאווע-גיטל מײַנע באלד נאָך דער כאסענע פאָרן צו א דאָק-טער. אז שמועל רויפע הייסט שוין פאָרן, פארשטייסטו שוין, ווי עס

האַלט, ראַכמאָנעליצלאַן... איך האָב געפרעגט דעם רעבן, זאָל לעבן, הייסט ער, זאָל לעבן, אויך פאָרן קיין וואַרשע. און דער הוסט ווערט שטאַרקער פון טאָג צו טאָג, — גלייַך מע וואָלט האָלץ געהאַקט!

און דאָס, וואָס דו ווילסט מיך איבערשרעקן, אַז אויב איך וועל דיר נישט באַלד ענטפערן ווי עס געהער צו זייַן, וועסטו שרייַבן צו אונדזער קרויווע אין לובלין און זי וועט גיין צו איר אַדוואָקאַט, מע זאָל מיך איבערגעבן אין גוייִשע הענט אַרייַן, — זײַ וויסן, שוועסטערלעב, אַז דערפאַר האָב איך גאָר קיין פּאַכעד נישט! ערשטנס, פאַרשטיי איך, אַז עס איז גלאַט גערעדט, אַז אַזאַ קאָשערע צנוע, ווי מייַן שוועסטער איז, ווייסט, וואָס אַ בעסדן איז, און וואָס אַ סאָנד, לעהאַווידל, איז... אַזאַ שטוס וועסטו נישט טאָן. אַ ייִדישע טאָכטער טוט נישט אַזוי! און דו זאָלסט אַפילע וועלן, האָסטו דאָך אַ מאַן צו הונדערט און צוואַנציק יאָר, און ער וועט אַזאַ אַוולע נישט דערלאָזן! ער וואָלט זיך שוין נישט געטאָרט ווייַזן באַם רעבן זייַנעם, אַפילע נישט אין שטיבל אַרייַן קומען!

אויסער דעם, ראַט איך דיר, זאָלסט, כאַסוועשאָלעם, נישט אַרויסוואַרפן קיין געלט אַף אַדוואָקאַטן; אַן אַמ לוי האָיאָ זייַנען זיי, די אַדוואָקאַטן, נאָר גיב און גיב, און העירסטו אוף צו געבן, ווייסט ער שוין נישט, ווער דו ביסט.

און דערמאָנען מוז איך דיר נאָך די טאָמאַשאָווער מייַסע, וואָס דער טאַטע, אָלעוואַשאָלעם, פלעגט דערציילן. עפשער האָסטו זי פאַרגעסן, וועל איך דיר נאָכאַמאָל דערציילן. אַמאָל איז דאָרט ניפטער געוואָרן אַ באַלעבאָס; איז די טאָכטער זייַנע, אַ גרושע, געלאָפן צום אַסעסאָר, ער זאָל איר אויסטיילן אַ כיילעק יערושע, ווי עס איז בעדינייהעם. דערווייַל, אַזוי ווי זי איז געשטאַנען און גערעדט מיטן אַסעסאָר, איז באַ איר אין שטוב אַראָפּגעפאַלן אַ קויל פון קוימען... אין דער רעגע האָט זיך אונטערגעצונדן די שטוב, און עס איז איר,

נישט פאר אונדז געדאכט, נישט פאר קיין שום יוד געדאכט, א קינד פארברענט געוואָרן!

און איך ראַט דיר, שוועסטער כאנע, זאָלסט זען כאראַטע האָבן און טשוווע טאָן אף דעם, וואָס דו האָסט געשריבן. אין אדם נתפס על צערו, דאָס הייסט, ווי מענטשן זאָגן — צאָרעס נעמען דעם סייכל צו; נאָר א קיטרוג קאָן, כאסוועשאָלעם, זיין דערפון, און דו דארפסט עפּעס אף זיך נעמען, כאָטש א טאָנעס איבער א טאָג!

איך, פון מיין צאַד, בין דיר מויכל מיטן גאנצן הארצ. און אז דו וועסט קומען, אימירצעשעם, אף מיין טאָכטערס כאסענע, וועט אלצ ווערן אויסגעהיילט, וועסטו זיך מיט אונדז מעסאמייעכ זיין אין א מאזלדיקע שאָ. נאָר זע, לעמאנאשעם, נישט צו דערמאָנען פון פראַ-צעסן, כאסוועשאָלעם!

און דעריקער פארדריסט מיך אף באאלאָכ, ניירוי יאָיר וועזיראַכ, האמופלאָג, וואָס שרייבט גאָרנישט פון זיין געזונט. אויב ער איז אף מיר אין קאַס, זינדיקט ער, און ער דארף דאָס וויסן, אז כל הכועס וכו'. כוצ דעם, האָט זיך ארויסגעלאָזט א קאָל אין אונדזער שטעטל, אז יאָמים-נוירויאָים איז ער נישט געוועזן באַם רעבן און האָט גע-דאוונט גאָר אין בעסמעדרעש. נאָכ זאָגט מען, אז ער וויל אוועקלייגן דאָס לערנען און זיך צו עפּעס צושלאָגן. א נעהענע מעיעגיע קאפּוי, זאָגט ער, וויל ער זיין. וואָס פאר א צאר איך האָב דערפון, קאָנסטו מעשאער זיין. וואָרעם „תורה מה תהיה עליה"? ווער וועט זיצן און לערנען, אז נישט אזוינע טייערע קעפּ ווי ער?!

ער דארף וויסן, אז דער טאטע, אָלעוואשאָלעם, האָט זיך מיט'ן מעשאדעכ געוועזן נישט אף דעם טנאי! און ביפראט היינטיקע צייטן, ווען די אומעס-האָוילעם נעמען זיך צום מיסכער און די אסאָקים פאלן פון טאָג צו טאָג, איז אוואדע א יוישער, נאָשים זאָלן האנדלען, און די מענער זאָלן טאקע יוישייוו וועויסייק באטוירא זיין, און דער רי-

בוינעשעלוילעמ װעט זיכ עפשער טאקע מעראכעמ זײַנ... זאָל ער זיכ בעסער ארויסנעמענ א קסאװ-ראבאָנעס, זאָל ער װערנ שויכעט, מע-לאמעד, — װאָס ער װיל, נאָר נישט קײנ סויכער, כאסװעשאָלעמ... איכ זאָל נאָר װיסנ, אז ער װעט מיר נישט אָפּרײדנ מײַנ קינד פונ מײַנ רעבנ, װאָלט איכ אימ מײַנ מוישעלענ געשיקט אפ לערנענ מיט קעסט!

זע, אז דײַנ מאנ זאָל אװעקלײגנ די נארישקײַטנ, דו מאכ דיר א געװעלבל, א שטעל... אונ זכוס-אָװעס, הענ פונ דײַנ צאד, הענ פונ באאלאָכ נײרוי יאָהיר װעזזראכס צאד, װעט אײַכ בעװאדע בײַשטײַנ.

אונ פאריאָג, ראָט איכ דיר, די מאָרעשכוירע, מיט װעלכער דײַנ בריװ איז אויסגעװײקט, אז עס שנײַדט באמ הארצ, א באָסערװעדאָמ אָנ ביטאָכנ איז ערגער װי א בעהײמע, ראכמאָנעליצלאנ. ער דרײט זיכ ארומ אפ דער װעלט, װי א יאָסעמ אָנ א טאטנ; א גאָט, באָרוכ-הו, אינ הימל האָבנ מיר; פארלאָזנ פארלאָזט ער נישט.

אז דער מענטש פאלט ארײַנ אינ מאָרעשכוירע, איז א סימענ, אז ער האָט, כאסװעשאָלעמ, קײנ עמונע, קײנ ביטאָכנ נישט. אונ דאָס איז נישט װײַט פונ ערגערע זאכנ, ראכמאָנעליצלאנ! װאָס איכ װיל אפילע איבער מײַנ מויל נישט ברענגענ!

גאָמ שרײַב מיר, אכויסי כאנע, װי עס שטײט בא אײַכ מיט אר-בעס? אונדזערע גרויסע סאָכרימ, דו געדענקסט דאָכ זײ, דער לאָמער יויכענענ אונ יוינע סאגינאָער, האָבנ אופגעהויבנ דעמ מעקעכ, אונ דער פּאָרעצ אונדזערער האָט נישט אפ זריע... עפשער װעט זיכ, אי-מירצעשעמ, מאכנ א שטיקל אײסעק... עס איז עפשער מינ-האשאָ-מאימ, איכ זאָל האָבנ צושטײַער צו כאסענע-הויצאָעס. דײַנ טויװע פארלאנג איכ, כאסװעשאָלעמ, נישט אומזיסט; זאָל זיכ נאָר עפּעס מאכנ, שיק איכ אײַכ אפ הויצאָעס, זאָלסט קומענ אימ באאלאָכ הא-

מופלעג, שעיִזכיע, אפ סאָשע-ביילעס, שעטיכיע, כאסענע, איך וועל נאָך פאר דיר א מאטאָנע געבן — דראָששעגעשאנק מיצאד האקאלע!

כאווע-גיטל, שעטיכיע, גריסט דיך גאָר פריינטלעך. אַליין שרייבט זי נישט, ווייל עס איז היינט בא אונדז יאריד; זיינען געקומען צוויי סאָכרים פון די זאמאָשטשער אכלער און ווילן דאפקע געפילטע פיש. די קאלע, שעטיכיע, איז געגאנגען צום שניידער אָנמעסטן א מאל-בוש, און מיך האָט מען דאָ אליין איבערגעלאָזט פאר א שוימער באם קוימען.

און זע, לעמאנאשעם, אכויסי כאנע, נישט צוצולאָזן זיך צום הארץ, אוועקצוטרייבן די מאָרעשכוירע און לעבן מיט ביטאָכן. ווער עס שפּייזט א ווערעמל אפ דער ערד און א פייגעלע אין נעסט, וועט דיך אויך נישט פארלאָזן.

גרים באאלאָכ, וועכולוי,

פון מיר, אָביך
מענאכעם-מענדל.

## צווייטער בריוו

האכאָזמ וועהאשאָלוימ לאאכויסי מאָראס כאנע טיכיע.

איך האָב דיין צווייטן בריוו דערהאלטן. ער איז געווען דורכגע-ווייקט פון טרערן און פול זילזולים קעגן מיר, זוגאָסי כאווע-גיטל, שעטיכיע, און אפילע ביטי האקאלע,ביילע-סאָשע, שעטיכיע, און איך האָב דערפון פיל שפּיכעס-דאָמים געהאט, וואָרעם פארוואָס? אכויסי כאנע, דו זאָגסט, אז איך בין, באסוועשאָלעם, א גאזלען, אז איך האָב דיך געטראָפן, כאסוועשאָלעם, אין וואלד, און איך האָב דיך געהארגעט, כאסוועשאָלעם; אז דורך מיר און זוגאָסי כאווע-גיטל,

שעטיכיע, ביסטו פארוואָגלט געוואָרן פון דער היים, אַז מײַן טאָכ־טער ביילע־סאָשע איז, בא דיר אין די אויגן, אַ בצופע, ווײַל זי מאַכט זיך זײַדענע מאַלבושים... מאַ אוימאַר אומאַ אַדאַבייר, אַז איך מוז הערן און שווײַגן, ווײַל איך ווייס, אַז דיר איז אַזוי שלעכט... אַז נישט דו רעדסט, נאָר דײַן שווער געמיט רעדט...

די זאַך איז אָבער נישט אַזוי. איך בין, כאַסוועשאָלעם, קיין רע־צייעך נישט! און זאָל קומען איינער פון גאַס און זאָגן, אַז די קאַ־פּאָטע, וואָס איך טראָג אַפן לײַב, איז זײַנע, און ער וויל האָבן אַ דינטוירע, רייד איך מיט אים נישט דאָס אַנדערע וואָרט און גיי מיט'ן צום ראָוו. און, אימירצעשעם, אַז דו וועסט קומען אַפּ ביילע־סאָשעס כאַסענע, האָב איך מיט דיר אַ דינטוירע, בעפּיירעש אַ דינטוירע, פון קיין פּעשער האַלט איך נישט!

און זע אַליין! בענעגייע צו די קעסט, וואָס דו האָסט נישט דערעסן, ביסטו דאָך אַליין מוידע אין דײַן בריוו, אַז די סיבע איז געווען אַ מאַכלויקעס צווישן דיר און זוגאָסי, טיכיע. ווער עס האָט אָנגעהויבן, איז נישט מײַן זאַך, איך זע נאָר, אַז באַאלאָך איז, קיין אײַנאָרע, אַ גרויסער גוילעם שהלך אחרי אשתו... איר זײַט, זאָגט מען, אין אַ מאַצע־שאַבעס אַנטלאָפן, לײַטן־געלעכטער אָנגעמאַכט. דער טאַטע, אָלעוואַשאָלעם, האָט געהאַט דערפון גרויס שווירעס־האַלעוו און קיצער־יאָמים (אַזוי האָט ער בעפּיירעש געזאָגט; שכיינים האָבן געהערט!). און דו לייגסט אַלץ אַרופּ אַפּ כאַווע־גיטל, טיכיע, מאַכסט איר גלאַט אַ בילבל!

נאָר! מאי דהוה הוה — דער טאַטע, אָלעוואַשאָלעם, איז שוין אַפּן אוילעם־עמעס! אוים קעסט, אוים טײַנעס! — שרײַ כײַ־וועקײַעם קעגן גאָט, באָרוך־הו.

און זײַ וויסן, אַז ביטי האַקאָלע, ביילע־סאָשע, איז גאָר, כאָלילע, קיין בצופע נישט! זי איז נעבעך גאָרנישט שולדיק! צו די זײַדענע

מאלבושימ נייט מיכ דער מעבוטנ, דער טאקיפ. איינמאָל האָט זי אפילע געוויינט, אז זי שטעלט אונדז בעדאלעס. וואָס זאָל מענ אָבער טאָנ, אז אינ די טנאָימ שטייט בעפיירעש „ביגדיי מעשי וועסאמעט”, אונ ער טרעט נישט אָפּ פונ די טנאָימ. אז נישט, זאָגט ער, איז אויס, צערײַסט ער די טנאָימ! אונ מער פעלט מיר נישט, נאָר ביטי, טיכיע, זאָל, כאסוועשאָלעמ, פארזיצנ!

אונ זײַ וויסנ, אז דער נאדנ איז אויב נאָכ נישט געסילעקט אינגאנצנ בימזומאָנימ. צוגעזאָגט האָב איכ זעקס, געגעבנ דרײַ; אפּ נאָכ שטיי מייעס האָב איכ געמוזט געבנ אנ איקט אפנ הויז. ווייסטו דאָכ, אז דאָס הויז איז אפנ טאטנס, אָלעוואשאָלעמ, נאָמענ, — קאָסט ווײַטער געלט איידער מע קאָנ פארשרײַבנ, וועדײַ לענאָוונ... אפּ דער רעשט האָב איכ געגעבנ א זאָלאָ-וועקסל אפּ סטעמפּל, אולעיעסער טויקעפּ וועויז — נאָכ א כיירעמ-קוויטל. אונ אצינד בינ איכ ערשט אינ דער קלעמ, אז דער ריבוינעשעלוילעמ זאָל זיכ מעראַכעמ זײַנ.

נאָר רייד מיט א ייִדענע! נישט אומזיסט האָבנ אונדזערע כאכאָמימ געזאָגט: נשים דעתן קלות, אונ מענטשנ זאָגנ: לאנגע האָר — מיידלווײַז מײַנ איכ — אונ קורצער סייכל. איכ שרײַב דעריבער באַזונדער לעבאאלאָכ, שעיִכיע; ער איז א מאנצבל א בענטוירע, א מופלעג בעטוירע, אונ ער וועט וויסנ, אז א באָסערוועדאָמ טאָר זיכ נישט ארופלייגנ אפּ אנ אנדערנ באָסערוועדאָמ, וואָרעמ: וכשל עוזר ונפל עזור, — א באָסערוועדאָמ קאָנ קוימ זיכ אליינ דערטראָגנ... א מענטש מוז האָבנ ביטאָכנ.

אונ איכ בינ באָטועכ, אז גאָט וועט דיכ, כאסוועשאָלעמ, נישט פארלאָזנ; ער פארלאָזט נישט קיינ שוואכע פליג! נאָר פונ ריבוינעשעלוילעמ קאָנסטו געהאָלפנ ווערנ, צו אימ זאָלסטו מיספּאלעל זײַנ, אונ איכ, פונ מײַנ צאד, אז איכ וועל, אימירצעשעמ, זײַנ בא אימ,

זאָל לעבן, וועל איך אָנגעבן פונדיינטוועגן א קוויטל מיט א באזונדערן פּידיען: צוויי צי דריי מאָל כיי, און עס מוז פועלן!

און בענעגייע צום ארבעס האָט זיך אויסגעלאָזט א בוידעם. אייידער וואָס, איידער ווען, האָט זיך געוואָרעל דער פאכטער אראָפּגעברענגט פון אייער געגנט עטלעכע פורן ארבעס. פארדינט האָט ער א מאַטמען! ער מאכט שוין כאַסענע א זון און גיט שוין נאַדן... וואָס קלערסטו, אז גאָט וויל, פעלט דיר אפ א מאַרקע, פארשפּעטיקט זיך דיין טשוווע אפ מיין בריוו, און געוואָרעל ווערט דער כאָכעם!

און וואָס דו שרייבסט, אז דאָס קינד דיינס איז נישט בעקאָוו האַבריע, זאָל טאקע דער רופּע-כוילים העלפן; אין סאַקאָנעס-נעפּאָשעס גלייב נישט; נאָר אָן מאָרעשכוירע! איך האָב געטאָן מיינס. איך בין אופגעשטאַנען גאַנצפרי, געגאַנגען אין גרויסן בעסמעדרעש אריין, אריינגעוואָרפן אין מייער באַלהאַנעס, אופגעשריבן אפ דער מיזרעך-וואַנט „לירפוּאָ-שליימאָ" מיט גרויסע אויסיעס. און, אויב עס וועט זיין, אימירצעשעם, א לייזונג, וועל איך נאָך שיקן ליכט אין שול אריין. דעם רעבן, זאָל לעבן, וויל איך אויך מוידיע זיין. און נישט דערמאָנען, אז באַלאָכ איז נישט זיין כאָסיד, און דו ווייסט, אז בא אים, זאָל לעבן, בין איך א בען-באַיס...

פון מיר, אָכיב

מ ע נ א כ ע ם-מ ע נ ד ל.

איקער שאָכאַכטי. מירל-פייגע, דעם דאַיענס טאָכטער, איז, לוי-אלייכעם, געווען מאקשע ליילעד, האָט מען אראָפּגעברענגט א דאָקטער פון טאָמאַשאָוו, און דער מאַן איז טייקעף אוועקגעלאָפן צום רעבן, זאָל לעבן. צי דער דאָקטער האָט קאַליע געמאַכט, צי וואָס, נאָר אז דער מאַן איז געקומען, האָט ער זי שוין געטראָפן אפ דער

מיטע. ער האָט איר געמאכט גאָר א שיינעמ העספעד. אצינד רעדט מען אימ שידוכימ, איכ וועל מיכ אויכ ארײַנלייגנ אינ דער זאכ. עס איז א מיצווע אזא שיינעמ יונגנמאנ א טויווע צו טאָנ. אגעוו, טאָמער באשערט האשעמ־יִסבאָרעכ א רײַכנ שידעכ, וועל איכ נישט צולייגנ.

אָכיכ האנאל.

זוגאָסי כאווע-גיטל, שעטיכיע, לאָזט דיכ גריסנ גאָר פרײַנטלעכ. וועקיינ ביטי האקאלע, שעטיכיע. מיט גאָטס הילפ וועסטו, אימירצעשעמ, די טעג באקומענ א כאסענע-בריוול. עס זאָל אונדז זײַנ צו מאזל אונ צו בראָכע.

מענאכעמ־מענדל האנאל.

גיסאָסי האָאהוואָ האמעיוכעסעס וועהאצנואָ האָישאָ האקשייראָ האלוי הי מאָראס כאנע טיכיע.

ריישים, בינ איכ דיר מוידע, ליבע שוועסטער אונ שוועגערנ, אז מעהאיוימ וועהאָלאָ, אז גאָט וועט שענקענ דאָס לעבנ, וועל איכ אָפּנעמענ דײַנע בריוו, נישט מײַנ באל-בעכי, אונ אשפּע וועל איכ פונ זיי מאכנ! צווייטנס, ליבע שוועגערנ, איז דאָס פונ דײַנ זײַט, צווישנ אונדז גערעדט, א גרויסע כוצפּע, וואָס דו האָסט זיכ אָנ אונדז אָנגעכאפּט, אונ דאפקע פאר א כאסענע, אונ מאכסט אונדז די טעג פינצטער ווי די נעכט, אונ ווילסט נאָכ אָנמאכנ א שווארצ-פינצטער לעבנ צווישנ מאנ אונ ווײַב: דו מוזט, אפּאָנעמ, מיינענ, ליבע שוועגערנ, אז דו ביסט נאָכ באמ שווער, זיכרוינוי-ליווראָכע, אפ קעסט, אז דו ביסט א פארצויגענע באסיעכידע, אָנ שומ דערעכערעצ, אונ אז

מע גיט דיר נישט דעמ טעלערל פונ הימל, ווילסטו אַלעמענ אויס-
שטעכנ די אויגנ, די וועלט אומברענגענ, אונ די קוילעס דײַנע גײענ
אַד לעוו האַשאָמאַיִמ. איכ געדענק נאָכ דײַנ טופּענ מיט די פּיסלעכ,
דײַנ זעצנ מיט די פויסטנ אינ טיש אַרײַנ, בעשאַס ווענ דער טאַמ
דײַנער שטעלט זיכ אינ אַ ווינקל אַרײַנ, שאָקלט מיטנ שאָפּענעמ
קעפּל, אַז די פּײעס וואַרפנ זיכ אימ, ווי די לולאָווימ; דער שווער, זאָל
ער מיר עס דאָרט מויכל זײַנ, זאָגט דאָכ אַוואַדע, אַז די באַסיעכידע
איז גערעכט.

טײַערע שוועגערנ כאַנע! עס איז שוינ צײַט זיכ אופּצוכאַפּנ פונ
שלאָפּ, צו פאַרגעסנ די פּוסטע כאַלוימעס, אונ צו זענ, אַפ וואָס פאַר
אַ וועלט מענ איז. דער שווער, זיכרוינוי-ליווראָכע, איז שוינ לאַנג אַפּנ
אוילעמ-עמעס; נישטאָ קיינ קעסט, אויסגערונענ! אַ באַסיעכידע קאָנ-
סטו נאָר זײַנ בײַ דײַנ אײגענעמ מאַנ, נישט בײַ קיינ אַנדערנ, אונ איכ
ווײַז דיר צוויי מאָל פינפ פינגער!

אונ דעמ בריווטרעגער האָב איכ זאָהייר וועהיזאָהייר אָנגעזאָגט,
ער זאָל דײַנע בריוו אָפּגעבנ מיר צו דער האַנט, נישט מײַנ קאָשער
בעהיימעלע. זײַ וויסנ, ליבע שוועגערנ, אַז די גאַנצע וועלט בלאָזט אַפּ
די נעגל פונ דײַנ שיגאָענ! ווער עס הערט, זאָגט נישט אַנדערש, נאָר
אַ דיבעק, ראַכמאָנעליצלאַנ! סערל די נעגידע האָט מיר בעפּײרעש
געזאָגט, אַז דו ביסט ווערט, מע זאָל דיכ קוירײאַ קעדאָג זײַנ! אונ איכ
קאָנ גאָרנישט פאַרשטײנ, וואָס דו ווילסט האָבנ פונ מיר! נישט איכ,
כאַווע-גיטל, האָב, כאַסוועשאָלעמ, געשריבנ די מוירע; נישט איכ,
כאַווע-גיטל, בינ, כאַסוועשאָלעמ, אַראָפּ מיט דונער אונ בליצנ אַפּנ
באַרג סינײַ אוועקצוגאַזלענ פונ דיר דעמ דינ פונ יערושע; אונ אַז
דער שווער דײַנער, זאָל מיר עס דאָרט מויכל זײַנ, איז געווענ אַזאַ
באַטלענ, ווי דײַנ מאַנ דער טאַמ, אונ מע האָט דיר נישט געגעבנ קיינ
שטאַר-כאָצי-זאָכער, בינ איכ שולדיק? אונ דער ריבוינעשעלוילעמ איז

נישט, כאסוועשאַלעם, אין מײַן רעשוס; די שליסל פון שאַריי־ראַכמים ליגן נישט בא מיר, — עס איז דאָ צו וועמען צו שרײַען! האָסט נישט קיין סידער, קיין מאַכזיירים, קיין טכינעס? דאַוון, בעט ראַכמים! און אויב דאָס קינד דײַנס איז טאַקע כוילע־מעסוקן, איז דאָרט אויך דאָ אַן אָרנקוידעש אײַנצורײַסן, קוואָרים צו מעסטן, און מייער באַלהאַנעס אַפּ צדאָקע פעלט אויך נישט! דו ווייסט אָבער נישט מער, נאָר — כאַווע־גיטל, כאַווע־גיטל און ווידער כאַווע־גיטל! פעלט דיר פּאַרנאָסע, ווער איז שולדיק? כאַווע־גיטל! גיסטו צו איר אויס דײַן ביטער האַרץ; איז דיר קראַנק דאָס קינד, ווער איז שול־דיק? מיסטאָמע כאַווע־גיטל, און פאַרשרײַסט מיר דעם קאָפּ! און איך, איין גאָט אין הימל ווייסט דעם עמעס, בין כוילע־מעסוקן, איך פּאָכע מיט דער נעשאָמע און בא א ליאַדע אַגמעסנעפעש ווער איך מאַמעש אויס מענטש. און אַז מיר כאַפּט אָן דער הוסט, איז טאַקע סאַקאָנעס־נעפאָשעס, מיין איך, אַז עס עקט זיך מײַן וועלט. איך בין, ווי מע זאָגט: א פוס אין שטוב, א פוס אין גרוב. און אַז די דאָק־טוירים וועלן מיך נאָך הייסן פאָרן קיין אויסלאַנד וואַסער טרינקען, בלײַב איך אָן א העמד, כאַסוועשאָלעם; און אַפּ וועמעס הענט לאָז איך איבער די שטוב, די פּאַרנאָסע, די זעקס קינדערלעך, וואָס?

דו ווייסט, דאַכט זיך, אַז אַפּ מיר שטייט דאָס גאַנצע הויז, אַז אַלץ ליגט אַפּ מײַן קאָפּ, אַז ווי אָכיך מענאַכעם־מענדל גיט זיך נאָר א ריר, איז באַלד א שאָדן; ליימענע הענט האָט ער, דאָס שלימאַזל! א מענטש זאָל נישט טויגן נישט צו גאָט, נישט צו לײַט; זאָל נישט אַרײַנטאָן קיין האַנט אין קאַלט וואַסער אַרײַן, גאָרנישט! פעלט מיר נאָך, עס זאָל קומען דער דאָקטער און זאָגן, אַז עס וואַקסט בא מיר די מילץ אין דער ברייט, אַז די סאַקאָנע איז, כאַסוועשאָלעם, זייער גרויס, אַז איך ברויך גרויס ראַכמים! — קומסטו און מאַכסט מיך פאַר א גליקלעכע נעגידע, איך זאָל דיר העלפן.

ליבע שוועגערן, איך זאָג דיר בעפיירעש, אז דו האָסט א הארץ פון א טאַטער, נישט פון א יזדישע מאַכמער; ביסט פּאַשעט א מענטש אָן ראכמאָנעס! שוין צייט, זאָלסט גאָר איינגאנצן אופהערן מיט דיינע ליבהארציקע בריוועלעך! און זע, לעמאנאשעם, צו קומען אַפ דער באסענע, וואָס וועט זיין, אימירצעשעם, גאָר קירצלעך. ווען, ווייס איך נאָך אליין נישט, ווייל איך וויל עס נישט נעמען אַפ מיין אכרייעס. זאָל מענאכעם-מענדל פּאָרן צום צאדיק און אָפּשטעלן אַפ זיין באַ-ראַט, ווען די באסענע זאָל זיין אין א מאזלדיקע שאָ, און איך וועל דיר שוין מוידיע זיין. מאטאָנעס ברענגען דארפסטו נישט. און אז דו וועסט, אימירצעשעם, קומען אים באאלאָכ האמופלעג, שעיזכיע, וועט איר בא מיר זיין פון די געהויבענע געסט, איך וועל אייך זעצן אויבנאָן; און די קאלע בעט אייך אויך זייער און זייער, איר זאָלט קומען אַפ דער באסענע, נאָר איר זאָלט אייך לייטיש פירן, נישט, באַסוועשאָלעם, פארגעסן, ווו איר זייט אַפ דער וועלט, און נישט אָנ-טאָן קיין בארפעס-אובושעס.

גרים באאלאָכ, שעיזכיע, מיטן קינד לירפוע-שליימע.

פון מיר, דיין שוועגערן
באַוועגיטל.

ב

פיר בריוו, וואָס כאַנע האָט באקומען פון מאַן
שמועל-מוישע

## ערשטער בריוו

זוגאָסי האָאהוווּאָ מאָראַס כאַנע טיכיע.

ווען מיין בריוו וועט קומען צו דיר אין דער האנט אריין, וועל איך, באאלאָכ שמועל-מוישע, שוין זיין אין מערבאקים. און איך בעט

באַ דיר סליכע אומבילע אַפ דעמ. איך בינ אוועק פונ דיר נישט מיט מײַנ גוטנ ווילנ. איך האָב שוינ לענגער נישט געקאָנט אויסהאַלטנ; איך האָב געזענ בעכוש, אַז עס איז קאָלו קאָל האַקיצנ, אַז עס איז שוינ די צאָרעס נישט צו דערטראָגנ; דעמ נאַדנ האָבנ מיר אופגעגעסנ, די יערושע האָט דײַנ ברודער, דער גאַזלענ, אײַנגעשלונגענ, ער האָט באַנוצט די צײַט, ווענ די בריוו זײַנענ צווישנ אײַך געגאַנגענ, אונ האָט פאַרשריבנ דאָס הויז אַפנ מעכוטנס נאָמענ, — צושלאָגנ זיך צו אַ שטיקל אײַסעק האָב איך נישט געקאָנט, נישט געהאַט מיט וואָס; איז מיר קײנ אַנדערע אײַצע נישט געבליבנ, נאָר אָדער זיך, כאַסוועשאָלעמ, צו הענגענ, ווי מוישע דער שנײַדער האָט געטאָנ, אָדער אַנטלויפנ קײנ אַמעריקע. — האָב איך אויסגעקליבנ אַמעריקע; זאָל איך כאָטש יענע-וועלט נישט פאַרלירנ, אונ אינ אַמעריקע וועל איך שוינ נישט זײַנ קײנ באַטלענ, קײנ „קלי-יאָקאָר"; איך וועל מיט גאָטס הילפ מיטנ שוויים פונ שטערנ, מיט מײַנע צענ פינגער פאַרדינענ אַפ אַ שטיקל ברויט, ביז האַשעמיִסבאָרעב וועט זיך מעראַכעמ זײַנ אונ וועט אַרײַנשיקנ די בראָכע אינ מײַנע צענ פינגער, אונ עפשער וועט ער גאָר בענטשנ דײַנ מיסכער דאָרט מיט די ציבעלעס אונ וועט אונדז צוריק צוזאַמענפירנ, אָדער מיך צו דיר אָדער דיך צו מיר; אָמײנ, קײנ יעהי ראָצוינ.

אונ איך בעט דיך זייער, ליבע, גוטע כאַנע, זאָלסט דיך נישט אַזוי מעצאַער זײַנ, נישט אַזויפיל וויינענ. דו ווייסט, אַז מײַנ גאַנצער מיינ מיטנ אוועקפאָרנ איז נאָר — פּאַרנאָסע, נאָר דאָס שטיקל ברויט! דו ביסט זוגאָסי כאַנע אונ איך בינ דײַנ מאַנ שמועל-מוישע, אונ ביידע זײַנענ מיר צוגעבונדנ צומ קינד, זאָל לעבנ אונ געזונט זײַנ. ווענ איך וואָלט געהאַט כאָטש אַ שטיקל טרוקנ ברויט, וואָלט איך עס, כאַסוועשאָלעמ, נישט געטאָנ... עפשער וועט זיך דערוואַרעמ האַשעמיִסבאָרעב מעראַכעמ זײַנ אונ אַז דײַנ ברודער, דער גאַזלענ, וועט דערהערנ,

אַז איך האָב דיך, כאַסוועשאַלעם, געלאָזט אַן אַגונע, וועט ער פּאַרט עפּשער ראַכמאָנעס קריגן, דאָס שטיינערנע האַרץ וועט ווייכער ווערן, און ער וועט דיר גיכער עפּשער שיקן עטלעכע רובל אויף פּאַרנאָסע...

וואָס זאָל איך ריידן און וואָס זאָל איך זאָגן, מײַן גאָלדענע כאַנע?! איך מוז דיר זאָגן, אַז די מאַכשאָווע אוועקצופאָרן און דיך איבערצולאָזן מיטן קינד איז מיר שוין אַ סאַך מאָל אַרופגעקומען אויפן זינען. איך האָב שוין לאַנג געזען, אַז איך האָב נישט קיין אַנדערע ברייִרע. טאָג אַזוי נאַכט האָב איך דערינען געקלערט, אי באַם דאַוונען, אי באַם לערנען. איך האָב נאָר געוואַרט, דעם קינד, עס זאָל אים זײַן ליראַפוע-שלײמע, זאָל בעסער ווערן. אַז דעם קינד, זאָל לעבן, איז בעסער געוואָרן, האָב איך דאָך נישט געהאַט דאָס האַרץ דיר צו זאָגן, אַז איך וויל אַוועק, ווו די אויגן וועלן מיך טראָגן... איך האָב מוירע געהאַט, אַז דו וועסט זאָגן, אַז דו ווילסט נישט, און איך וועל נישט קאָנען טאָן קעגן דײַן ראָצן. האָב איך אַלץ אין מיר געהאַלטן, אָפּגעגעסן זיך אין דער שטיל דאָס האַרץ. נאָר אײַערנעכטן, אַז דו האָסט אַהיים געבראַנגט אַ פונט ברויט און צעטיילט פאַר מיר און פאַרן קינד, זאָל געזונט זײַן, און געזאָגט, אַז דו האָסט שוין געגעסן באַם שאָכן, און איך האָב דערקענט אָן דײַן פּאָנעם, וואָס האָט באַקומען אַלערלײַ קאָלירן, — ווײַל דו קאָנסט בעטעווע נישט זאָגן קיין ליגן, — אַז דו נאַרסט מיך, אַז דו האָסט אין דײַן מויל נישט געהאַט, האָב איך בעשאַסמײַסע דערפילט, ווי ווײַט איך זינדיק קעגן דיר! עסנדיק פון ברויט, האָב איך געפילט, אַז איך עס פון דיר דאָס פלייש, כאַסוועשאַלעם; און דערנאָך באַם גלעזל טיי, אַז איך טרינק — אַז איך זויג אויס, כאַסוועשאַלעם, דײַן בלוט. עס האָבן זיך מיר מיטאַמאָל די אויגן געעפנט; איך האָב ערשט דערזען, וואָס פאַר אַ פּוישע-

יִסראָעל איך בין! און אויסזאָגן האָב איך פּאָרט מוירע געהאַט; בין איך אַנטלאָפן אָן דײַן יעדיִע.

בא יעבִיעל דעם מאַלווע האָב איך פאַרזעצט די אייבערשטע קאַפּאָטע מיטן טאַלעס—נאָר, לעמאַנאשעם, דאָס זאָל קיינער נישט וויסן—און האָב געמנומען אַפּ הויצאָעס. אַז עס וועט מיר פעלן, זײַנען אַוּמעטום דאָ ייִדן בניי־ראַכמאָנים און מע וועט מיך, כאָלילע, נישט לאָזן פאַלן אין גאַס. וועל איך אָנקומען צו מאַטנאַס באָסערווערדאָם! און אַ ניידער האָב איך געטאָן, אַז איך וועל, אימירצעשעם, שפּעטער, אַז זײַן ליבער נאָמען וועט זיך מעראַכעם זײַן, און איך וועל וואָס־עס־איז פאַרדינען, וועל איך אַלץ אָפּגעבן אַפּ צדאָקע, מיט רעוואָכים — אימירצעשעם!

דאַרפסט פאַרשטיין, מײַן גאָלדענע כאַנעלע, ווי מיר איז שווער און ביטער דאָס אַוועקפאָרן... אַז אונדזער איינציק טײַער קינד איז געבוירן געוואָרן, איז מיר אַוואַדע אין זינען נישט אַרײַנגעקומען, אַז איך וועל אים מוזן איבערלאָזן, כאָטש אַפּ אַ צײַט, אָן אַ טאַטן...

די נאַכט, וואָס איך בין אַוועק, בין איך אָפּגעשטאַנען אַוואַדע אַ שאָ אַפּן זייגער איבער דײַן בעט; דו ביסט געשלאָפן. בא דער שײַן פון דער לעוואָנע האָב איך ערשט געזען, ווי דו זעסט, נעבעך, אויס! ווי דאָס קינד, נעבעך, איז געל ווי אַ וואַקס... פאַר פּאַכעד און גרויס ראַכמאָנעס האָט מיר דאָס האַרץ געשטיקט; איך האָב שיִר נישט אַרויסגעלאָזט אַ געוויין; אויס מענטש בין איך אַרויס פון שטוב. איך האָב אָנגעקלאַפּט באַם בעקער, געקויפט אַ ברויט, שטילערהייט אַרײַנגעגאַנוועט זיך אין שטוב און דיר איבערגעלאָזט. איך בין ווײַטער געשטאַנען אַ ווײַלע און האָב קוים קויעך געהאַט אָפּצורײַסן די פיס פון דער ערד... וואָס זאָל איך דיר זאָגן, כאַנע, אַ מענטש שפּירט אַמאָל אין איין רעגע יעסורים פון הונדערט יאָר!

באַנעשי קרוין, איך וויים גאַנץ גוט, אַז איך בין אַ גאַזלען, אַ רעציייעך, וואָס איך האָב דיר נישט געלאָזט קיין געט, אַלקאָלפּאָנעם אָפּ אַ טנײַ; אָבער גאָט איך הימל איז מײַנע איידעס, אַז איך האָב דער־צו קיין קויעך נישט געהאַט, קיין האַרץ נישט געהאַט. מיר דאַכט זיך, אַז ווען איך וואָלט דיר איבערגעלאָזט אַ געט, וואָלט איך, באַסוועשאָ־לעם, געשטאָרבן אונטערוועגס פאַר יעסורים; מיר זײַנען דאָך אַ געטרײַער, קאָשערער זיווּעג; האַשעמיִסבאָרעך אַליין האָט אָפּן זיווּעג מאַסקים געווען. און איך בין צו דיר אָנגעבונדן מיטן גאַנצן האַרץ; איין נעשאָמע אין צווײ גופים. און איך וויים נישט, ווי איך וועל לעבן אָן דיר און אָן דעם קינד, זאָל געזונט זײַן, אַפילע איין מינוט. און טאָמער זאָגט דיר עמעצער, אַז איך האָב דיך געלאָזט, באַסוועשאָלעם, אַן אַגונע, גלייב נישט! דען איך, שמועל־מוישע, בין דײַן מאַן, און וואָס איך האָב געטאָן, האָב איך געמוזט טאָן. וואָרעם וואָס טוט נישט אַ מענטש פאַר נויט...

באַנעשי קרוין, ווען איך וואָלט פאַר דיר געקאָנט אופרײַסן מײַן האַרץ, דו זאָלסט זען, וואָס דאָרט טוט זיך, וואָלט מיר עפּשער אַ ביסל גרינגער געוואָרן. — אַצינד, מײַן קאָשערע נעשאָמע, לײַד איך גרויסע צאָרעס! די טרערן גיסן זיך מיר פון די אויגן, אַז איך זע נישט, וואָס איך שרײַב, און דאָס האַרץ קלעמט, און אין מויעך דרייט זיך ווי אַ מיל... און עס קלאַפּט מיר אַ צאָן אָן אַ צאָן, און דער באַלעגאָלע, דער אַמאָרעץ, שטייט איבער מיר און האַקט אין טיש אַרײַן און שרײַט: פאָרן, פאָרן!

ריבוינעשעלוילעם, האָב שוין אַמאָל ראַכמאָנעס אָפּ מיר, אָפּ מײַן ווײַב באַנע, זאָל געזונט זײַן, און אָפּן קינד, איך זאָל נאָך פון אים אַמאָל נאַכעס דערלעבן.

פון מיר, דײַן טרײַער מאַן, וואָס שרײַבט אָפּן וועג אין קרעטשמע,

שמועל־מוישע.

## צווייטער בריוו

אישטי האיעקאָראָ וועהאָאהוווּאָ.

וואָס זאָל איך ריידן, וואָס זאָל איך זאָגן; איך זע בעבוש, אז
מינ-האשאָמאַ:מ האָט מען מיך געהייסן פאָרן. אז דאָס איז געוועזן א
גאָט-זאַך. דאָס האָט ער מיר איינגעגעבן סייכל, איך זאָל אוועק קיין
אמעריקע; אַלץ, וואָס האשעמי:סבאָרעך טוט, לאָזט זיך אויס
צום גוטן.

מיין ליבע כאַנע! בעשאַס איך מאַך צו די אויגן, דאַכט זיך מיר,
אז איך בין אין דער היים, און עס כאָלעמט זיך מיר פון עק וועלט!
וואָרעמ בעעמעס, ווער וואָלט געגלייבט, אז אזא באַטלען, אזא מענטש
אָן א צונג אין מויל, ווי איך, — א מענטש, וואָס קאָן קוים א צוראַם-
מאַטבייע, זאָל פאָרן מיט דער באַן, לאָזן זיך אַפ א שיף איבערן יאַם
און קומען בעשאָלעם קיין אמעריקע! עצבאַ עלויהימ! — גאָטס האַזש-
גאָכע איז עס... זיין ווילן נאָר האָט גויווער געווען, אז איך האָב
געקאָנט איבערלאָזן דיך מיטן קינד, זאָל לעבן. האשעמי:סבאָרעך זאָל
געבן, מיר זאָלן נאָך זוכע זיין אים מעגאַדל צו זיין לעטוירע, לע-
כופע אולעמייסים טויווים!

כאַנעלע קרוינ! איך האָב מיך פרי:ער אָנגעזען גרויס וווּנדער אַפ
דער יאַבאָשע. דאָס איז אָבער גאָרנישט קעגן דעמ, וואָס איך האָב
געזען אַפן יאַם. אַפן יאַמ האָב איך פאַרגעסן אַלץ, וואָס איך האָב
פרי:ער געזען אַפ דער יאַבאָשע, און אַצינד, בא די וווּנדער אין אמע-
ריקע, פאַרגעס איך וויטער דעמ יאַמ!

און אַפ דער שיפ האָב איך, אין דער האסכאָלע, גרויס צאַר און
אגמעסנעפעש געהאַט; טאַקע איינ לעשאער. נאָר דאָס אַלץ איז אויך
געווען לעטויווע, און איך גלייב, אז איך האָב דאָס אַלץ איבערגע-
לעבט אין דיין זכוס און אין זכוס פון אונדזער איינציק קינד!

כאַנעלע, דו מוזט אוודאי געדענקען ליב כאַזן, וואָס איז אַמאָל, מיט עטלעכע יאָר צוריק, געקומען צו אונדז אין שטעטל אַרײַן און האָט בײַ אונדז געדאַוונט יאָמים־נוירויִם. מאַצע־יאַמקיפּער, געדענק איך, האָסטו מיר געזאָגט, אַז צײַט דו לעבסט האָסטו נאָך אַזאַ דאַוונען נישט געהערט. איך געדענק נאָך אַפּילו דאָס לאָשן, ווי דו האָסט מיר געזאָגט: ליב כאַזן צעשרײַט זיך, ווי אַ ליב, און צעוויינט זיך, ווי אַ קינד...

אַף מאָרגן איז געוואָרן עפּעס אַ מאַכלויקעס אין שטעטל. מע האָט ליב כאַזן נישט אין זינען געהאַט, נישט רעכט באַצאָלט; און ער איז, נעבעך, אַרומגעגאַנגען אין די הײַזער... געדענקסט, מיט אַ קליין מיידעלע, גנענדל האָט זי געהייסן. זי האָט נאָכגעזונגען דעם פֿאָטערס ניגונים מיט איר קינדיש קעלכל... אַז זיי זײַנען אַרײַנגעקומען צו אונדז, האָסטו אַף איר גרויס ראַכמאָנעס באַקומען, האָסט זי גענומען צו זיך אַף דער שויס, געקושט אין קאָפּ, האָסט איר עפּעס געשענקט, איך געדענק שוין נישט וואָס, און האָסט זיך נאָך צעוויינט פֿאַר ראַכמאָנעס אַף דער אָרעמער יעסוימע אָן אַ מאַמען... דיך וווּנדערט עפּשער, וואָס איך געדענק אַזוי אַלץ?

זײַ וויסן, כאַנעלע קרוין, אַז איך געדענק אַלע דײַנע זיסע רייד, אַלע דײַנע טנועס, וואָס האָבן טויזנט כיין געהאַט; שטענדיק שטייסטו מיר פֿאַר די אויגן! פֿאַרנדיק אַפּן יאַם, האָט זיך מיר אויך וואָס אַמאָל געדאַכט, אַז דו שטייסט נעבן מיר, דאָס קינד האַלט זיך אָן דײַן פֿאַרטעך, און איך הער דײַן קאָל און דעם קינדס קאָל, און עס קלינגט מיר אין די אויערן מיט אַזאַ זיסקײַט, וואָס איז גאָר נישט צו באַשרײַבן.

און אַצינדערט האָב איך מיך מיט דעם אייגענעם ליב כאַזן אַפּן וועג געטראָפֿן. נישט צו זינדיקן מיט די רייד, איז דער ליב כאַזן גאָר אײַנגאַנצן אַראָפּ פֿון וועג! גאָר, גאָר...

אפ דער שיפ האָט ער נישט שטארק געקוקט, יאָ קאָשער, נישט קאָשער; טרינקען טרינקט ער ווי נישט קיין ייִד... איבער דער גאנצער צײַט האָב איך אים נישט געזען אין טאלעס-און-טפילן... אָדער ער זאָל בענטשן נאָכ עסן... גיין גייט ער ארום גאנצע טעג אָן א היטל... און לוידעי, וואָס ער אליין איז אזוי, פירט ער נאָכ די טאָכטער אין זײַנע דראָכים... די דעמלטיקע גנענדל וועט הײַנט אלט זײַן א יאָר זיבעצן, וואָלסטו זען — א פּאָרטרעט! און ער הייסט זי, זי זאָל זינגען און טאנצן פאר די פּאסאזשירן פון שיפ, און זי זינגט אפ קאמע ווערקאמע לעשוינעס, ראכמאָנעליצלאָן. לײַט הערן און פּאטשן מיט די הענט פאר נאכעס און שרײַען, דאָס גוטע-יאָר ווייסט זיי וואָס! און עס גייט צו אויסגעלאסן און פארשײַט, אז — כאלאָשעס!

צום אלעמערשטן, וואָס זאָל איך לייקענען, האָב איך מיך מיט זיי זייער דערפרייט. פּאָרט, טראכט איך, היימישע מענטשן, איך וועל שוין נישט אומגיין אזוי עלנט, אזוי איינער אליין. האָב איך דערנאָך אָבער געהאט גרויס שיוורעס-האלעוו; איך האָב נישט געקאָנט צוזען זײַן היסנאהאגעס מיט דער טאָכטער. און טיילמאָל האָט מיך געשניטן אין הארצ, ווי א ייִד א באלטפילע, וואָס פלעגט שטיין פארן אָמער, זײַן א שאָליעכ פון קנעסעס-ייִסראָעל פארן ריבוינעשעלוילעמ, רעדט גאָר פּאָשעט ניוולפּע, אז די גאל קערט זיך איבער. און א קאָל האָט ער, איז עס דורכגעברענט פון בראָנפן...

איז דאָכ גוט, נעמען זיי זיך נאָכ צו מיר און ווילן מיך מאכן פאר א לײַט! כוויזעק מאכן זיי פון מיר אפ דער שיפ! מע הערט נישט מער נאָר: באטלען, שויטע... ער צופּט מיר די פּייעס, זי רײַסט די ציצעס פון טאלעסקאָטן, און די גאנצע שיפ האָט מיט מיר צו טאָן!

און וואָס פארדריסט זיי? וואָס איך בין אזוי אָפּגעהיטן פון טארפעס, וואָס איך וויל בעסער פאסטן, איידער עסן פּאס-אקום.

דו ווייסט דאָך, אַז איך האָב מיך פֿײַנט צו קריגן, רוק איך זיך אָפּ אָן אַ זײַט, באַהאַלט מיך אין אַ ווינקעלע און וויין מיר אויס דאָס האַרץ אין דער שטיל...

דער אויפֿלעם געפֿינט מיך אָבער און מאַכט פֿון מיר לײַטן-געלעכ-טער. איך האָב געמיינט, עס איז מײַן עק!

ערשט אַצינד, אין אַמעריקע, זע איך, אַז דאָס אַלץ איז געווען אַ גאָט-זאַך!

אַז דאָס האָט מיר גאָט, מיט זײַן גרויס כּבֿוד, אָנגעגרייט לייב כאַזן מיט דער טאָכטער אין אַמעריקע, ווי ער האָט אָנגעגרייט יוסעפֿן פֿאַר זײַנע ברידער אין מיצראַים.

וואָרעם, וואָס וואָלט איך אָן זיי געטאָן? אַ מענטש אָן לאָשן, אָן אַ מעלאָכע, נישט ווייסנדיק, ווו אַ טיר עפֿנט זיך!

און לייב כאַזן איז דאָ אַ גאַנצער בעל-באַזס. ענגליש רעדט ער ווי אַ וואַסער. טייקעף, אַזוי ווי איך בין נאָר געקומען, האָט ער מיך אַרײַנגעפֿירט אין אַ ציגאַרן-פֿאַבריק, און — איך אַרבעט און פֿאַר-דין שוין!

דערווײַל וווינען מיר אַפֿילו אין איין דירע, וואָרעם, פֿרעג מיך בעסיירעם, וויאַזוי מע גייט דאָ דינגען אַ דירע!

אויך זײַנען זיי — טאַקע גאָטס כּבֿוד — בענעגייע צו מיר גאָר אַנדערש געוואָרן.

גנענדל מאַכט שוין נישט כוויזעק אויס מײַנע באָרד און פּייעס, און האַלט זיך פֿון מיר פֿונווײַטנס, ווי עס פּאַסט פֿאַר אַ ייִדישע טאָכ-טער. זי קאָכט פֿאַר אונדז, און דאָס איז זייער וויכטיק, האַגאַם קיין פֿלייש עס איך נישט, נאָר אייער, און טיי טרינק איך אָן מילך. וואַשן וואַשט זי אויך.

פֿון דעם איז זיך בעעמעס אַ מוסער אַרויסצולערנען, אַז טאַקע, וואָס דער ריבוינעשעלוילעם טוט, טוט ער צום גוטן.

און ווייסט, וויאזוי עס האָט זיך אַלץ איבערגעדרייט צום גוטן? גאָר פּאָשעט: אין ד ײַ נ זכות!

נאָך אַפּ דער שיף, אַז איך האָב געזען, אַז איך וועל עס פון זיי נישט אויסהאַלטן, האָב איך מיר געמאַכט אַ האַרץ און בין צוגעגאַנ-גען צו גנענדלען און געזאָגט איר, אַז איך בין דײַן מאַן. איך האָב זי דערמאָנט דעם נאָכ-יאַמקיפּער, ווען זיי זײַנען בײַ אונדז אין שטוב געווען, וויאזוי דו האָסט זי מעקאַרעוו געווען, גענומען אַפּ דער שויס, און אַזוי ווײַטער...

טייקעפּ-אומיִיאָד איז זי אַנדערש געוואָרן. זי האָט אַפּ מיר ראַכ-מאָנעס געקריגן, די אויגן זײַנען איר מיט טרערן פאַרלאָפּן. זי איז באַלד צוגעלאָפן צום פאָטער און האָט מיט אים איבערגעשמועסט די זאַך, און באַלד איז געוואָרן אַ שאַלעם.

טייקעפּ האָבן זיי געבעטן דעם שיפסקאַפּיטאַן, ער זאָל מיך הייסן בעסער באַהאַנדלען. און אַזוי איז געווען!

איך האָב אָנגעהויבן צו באַקומען ברויט, וויפל מײַן האַרץ האָט געגלוסט, און טיי, וויפל איך האָב געוואָלט. די שיפס-לײַט האָבן מיך אויפגעהערט צו פּײַניקן. איך האָב אָנגעהויבן אָפּצו-עטעמען.

דאַרפסטו פאַרשטיין, וואָס פאַר אַ כאָשעווע די גנענדל איז גע-ווען בײַ די לײַט! און עס איז קיין ווונדער נישט; ערשטנס, איז בײַ זיי דער־יקער אַ יעפּאַסטויאַר; פאַר אַ יעפּאַסטויאַר וואָלטן זיי אײַ יאַם אַרײַן געשפּרונגען; צווייטנס, איז גנענדל זייער אַ גוטע בעטעווע, און האָט ביינ בײַ לײַט, דעם זיבעטן כיין!

אצינד, מײַן גאָלדן ווײַבעלע, וועל איך דיר אָנזאָגן אַ פּסורע-טויווע:

לייב כאַזן זאָגט מיר צו, אַז איך וועל פאַרדינען, לעכאַלאָפּאָכעס, ביז צען דאָלער אַ וואָך.

איך רעכן זיך אזוי צו פירן: א העלפט — פינף דאָלער, וועל איך דיר שיקן, און פינף וועל איך מיר באהאלטן. דערפון וועל איך לעבן, און וועל מיר נאָך אָנזאמלען צו קויפן שאס; מישניעסלעך האָב איך מיטגענומען. עס איז בא מיר געבליבן, איך זאָל יעדע וואָך לערנען, לעכאָלאפּאָכעס, צען בלאט געמאָרע. קיין טאַלעס וועל איך דערוויַיל נישט קויפן, וויַיל איך דאַוון לעסאטע אין לייב כאזנס טאַלעס... וואָרעם לייב כאזן האָט מיטגענומען א טאַלעס!

צו וואָס, אפילע, ווייס איך נישט. וואָרעם דאַוונען, דאַוונט ער נישט א וואָרט!

איך רייד מיר אַיַין, אז דאָס איז אויך מין-האַשאָמאַיִם; מע האָט'ן געהייסן פירן פּארמיַינטוועגן א טאַלעס.

און עפשער רעכנט ער צו דאַוונען דאָ יאָמים-נויראָיִם פארן אָמעד? עס גייט צו יאָמים-נויראָיִם! איך ווייס? אין אַמעריקע איז אַלץ מעגלעך! דאָ איז א פארקערטע וועלט!

און דעריקער — איין דאָלער וועל איך באהאלטן און זאמלען, מיט האַשעמיַיסבאָרעכס הילף, פאר דיר מיטן קינד אפ הויצאָעס, איר זאָלט דאָ ביידע קומען אהער. וואָרעם איך זע בעכוש, אז עס איז האַשעמיַיסבאָרעכס ראָצן, איך זאָל שוין בליַיבן דאָ אין אַמעריקע. און דער ריבוינעשעלוילעם ווייסט בעסער, וואָס עס איז גוט פאר א מענטש.

ווייסט, וואָס איך וועל דיר נאָך זאָגן? אז אַצינד בין איך שוין נישט מער אין קאַס אף דיַין ברודער דעם גאזלען; וויַיטער דאָס איי־גענע: איך זאָג, אז דאָס איז אויך מין-האַשאָמאַיִם! אנדערש קאָן גאָר־נישט מעגלעך זיַין, א מענטש זאָל האָבן אזא גאזלאָניש הארץ קעגן אַן אייגענע שוועסטער.

נאָר דאָס אַלץ האָט מען געפירט, איך זאָל אנטלויפן קיין אַמע־ריקע און דיך אהער נעמען. און אז גאָט וועט מיר העלפן, איך וועל

קומען צו עפּעס געלט, וועל איך אים נאָך, דעם ברודער דײַנעם, אויך באַהילפיק זײַן. ער איז אַ קאַפּצן, זאָג איך דיר! איך זע דאָך: וואָס בײַ אונדז הייסט אַ גוויר, הייסט דאָ, אין אַמעריקע, — אַ שלעפּער!

איך ענדיק דעם בריוו, איך מאַך דאָס מאָל בעקיצער, האַגאַם, איך האָב נאָך אַ סאַך, אַ סאַך צו שרײַבן. ווײַל איך האָב מוירע, לײַב כאַזן מיט גנענדלען זאָלן נישט אַרײַנקומען צו מיר אין שטוב; איך וויל נישט, זיי זאָלן זען, וואָס איך שרײַב דיר. און איך בעט דיך זייער, דו זאָלסט מײַנע בריוו נישט ווײַזן קיין שום בענאָדעם! וואָס דאַרף אַ פרעמדער וויסן, וואָס בײַ אונדז קומט פֿאָר?

און איך האַלדז און קוש דאָס קינד, זאָל לעבן! גיב אים אויך אָפּ מײַן כעזשבן צען טויזנט הייסע קוש, — הערסט?

פֿון מיר, דײַן מאַן

שמואל-מוישע.

## דריטער בריוו

אישטי האָאַהוווּאָ.

איך געדענק, דאָס ערשטע מאָל, אַז יויכענענ שוסטער איז אַוועק פֿון אונדז קיין אַמעריקע, האָט מען אָנגעהויבן שטאַרק וועגן אַמע-ריקע צו שמועסן: וויאַזוי מע פֿירט זיך דאָרט, ווי עס גייט צו.

מע האָט געפֿרעגט, אויב מע גייט דאָרט נישט אָפּן קאָפּ. און עמעס איז, אַז דאָ איז אַ פאַרקערטע וועלט! קיין שום סיידער; בלויז קוילעס מיט גוואַלדן, ווי בײַ אונדז אין קאַצאָווישן מיניען!

שטעל דיר פֿאָר, אַז בײַ אונדז, לעמאָשל, זאָל קומען פּאַלטיִעל דער וואַטנמאַכער און יאָסל דער גאַרבער און זאָגן, אַז דער ראָוו און-דזערער איז נישט קיין לאַמדן; ווייס איך, אַז ער נישט באָקי אין גיטן-אַקדושן; אָדער גאָר, אַז זיי געפֿעלט נישט דער ראָש-האַקאָהאָל!

אקלאל — זיי ווילן אן אנדערן ראָוו, צי אן אנדערן ראָש-האקאָהאָל! נו, וואָלט מען זיך נישט געהאַלטן באַ די זייטן?

און דאָ, אין אַמעריקע, האָבן ארבעטער, ציגארן-שנײַדער, אַזוינע ווי איך, אין אַלעם אַ דייע! — זיי מאַכן מיט באַ דער קאַלפּע, מישן זיך באַ די בווירערים, און טרעפּ, וואָס זיי קלײַבן אויס? — אַ פּרע-זידענט!

און וואָס, מיינסטו, איז אַ פּרעזידענט?

אַ פּרעזידענט איז, נישט מער נישט ווייניקער, ווי אַ ראָש-ווערישן איבער דער גאַנצער מעדינע! און ווי איך האָב דאָ געהערט, איז אַמע-ריקע צען מאָל אַזוי גרויס ווי גאַנצע אייראָפּע! פאַרשטייסטו אַן איי-סעק? הײַנט שטעל דיר פאָר מײַן שרעק, אַז איך זיץ מיר אַזוי נעכטן באַנאַכט אין שטוב, האָב איך זינען די היים, און מיטאמאָל עפנט זיך די טיר און עס קומען אַרײַן צוויי ארבעטער, פּאָשעטע ארבעטער, וואָס שטייען מיט מיר באַ איין מאַשין, און — אַכיינו בניי יִסראָעל! און זיי לייגן מיר פאָר צוויי נעמען, איך געדענק שוין אפילע נישט וואָס פאַר אַ נעמען, און זאָגן מיר, אַז איך בין אויך אַן ארבעטער און מוז זען, מע זאָל אויסקלײַבן אַ פּרעזידענט, וואָס זאָל זײַן גוט פאַר אונ-דזער קלאַס.

און זיי דערציילן מיר, אַז איין פּרעזידענט האַלט פאַר די רײַכע לײַט, און טרעט מיט די פיס די אַלע, וואָס לעבן פון זייערע צען פינ-גער; און דער צווייטער, טאַקע דער, וואָס זיי ווילן אויסקלײַבן, איז גאָר אַ דימענט; ער האַלט שטאָל און אײַזן פאַר ארבעטער, און די גראָבע בײַכער רוידעפט ער מיט אַ שרעקלעכער סינע! און נאָך אַזעל-כע נאַרישקײַטן, וואָס איך האָב שוין גאָרנישט פאַרשטאַנען.

אין האַרץ האָב איך זייער געלאַכט, נאָר פון שאָלעם וועגן, — עס פּאַסט דאָך נישט מעווײַעש צו זײַן קיין מענטשן, — האָב איך זיי געטאָן די טויווע און צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ אַפּ יאָ!

אגעוו, האָב איך טאַקע געוואָלט, זיי זאָלן וואָס גיכער אַרויס פון שטוב, איך זאָל מיך שוין קאָנען זעצן שרייבן צו דיר דעם בריוו. נו, זאָג אַליין, איז דאָס נישט אַ מעשוגאַס?

נאָך זייערע רייד נאָך קומט אויס, אַז עס וועט ווערן פּרעזידענט דער, וואָס זיי ווילן, וועל איך פאַרדינען צען דאָלער, און, באַסוועשאַ-לעם, ווערט אַן אַנדערער פּרעזידענט, וועל איך פאַרדינען נאָר ניין, און עפּשער אַכט!

און לייב כאַזן זאָגט, אַז ער פאַרשטייט די פּאָליטיק! אַז אין דעם שטעקט אַ סייכל! און אַז איך וועל דאָ זיין, זאָגט ער, אַ לענגערע צייט, וועל איך קריגן אַ ידיעה אין פּאָליטיק. מיילע, זאָל זיין אַזוי, שאָקל איך אים אויך צו מיטן קאָפּ. טראַכט איך מיר: ניכנאַס יאַין יאַצאָ שטום — האָט געגומען אַן איבעריקן טראָפּן, רעדט ער פון וועג! האָט ער מיר אָבער געשוווירן, אַז בעשאַס קאַלפּע לעבט ער דערפון און עס בלייבט אים נאָך וועלכער גראָשן אָפּ שפּעטער; פאַרשטיי איך טאַקע נישט, וויאַזוי!

נאָר אַלע נאַרישקייטן אָוועקגעלייגט: נישט אונדזער זאַך! זאָל זיין דער, זאָל זיין יענער פּרעזידענט, פון דעם וועט אונדזער מאַזל נישט אופּשיינען.

די מייסע איז, אַז גאַנץ אָפּט פאַל איך אַריין אין אַ מאָרעשכוירע. און די טרערן קאַפּען מיר פון די אויגן אָפּ די ציגאַרן-בלעטער, וואָס איך שנייד; און באַנאַכט שלאָפט זיך נישט, ווי עס דאַרף צו זיין!

טיילמאָל הייבט מיר אָן קלינגען אין די אויערן! גאַנצע טעג האָב איך קאָפּווייטעק... און צו דעם אַלעם איז קיין בעסערע רעפּוע נישטאָ, נאָר צו נעמען פּאַפּיר, טינט און פעדער און צו שרייבן אַ בריוועלע צו מיין גאָלדענער כאַנע.

מיין טייערע ווייבעלע! איך קאָן פון דיר קיין זאַך נישט האַלטן בעסאָד. איך מוז דיר אַלץ דערציילן: איך לערן נאָך דערוויילן מייש-

נײַעס; קיין שאָס האָב איך נאָך נישט געקויפט! און ווייסטו פאַר-וואָס? ווײַל איך האָב געמוזט מאַכן גאָר אַן אַנדער הויצאָע.

זײַ וויסן, מײַן גאָלדענע כאַנע, אַז אומעטום איז איין וועלט. האָ-גאָם מע שרײַט דאָ אַלץ אײנײנעם: פרײַהײַט, פרײַהײַט, איז דאָס אַלץ ווערט אַ ציבעלע! מע האָט דאָ אויך פײַנט אַ ייִד! דאָ איז מען עפּשער נאָך מער מעוואַזע דעם צעלעם-עלויהים פון אַ ייִד! הינט, וואָס זאָלן אַרומלויפן אין די גאַסן, זאָלן בילן און רײַסן ייִדישע פּאָלעס, איז נישטאָ, אָבער קיין לאָבוסעס פעלן דאָ אויך נישט. קוים דערזעען זיי אַ קאַפּאָטע, ווערט אַ געשריי: „דזשו, דזשו!" אַפּ זייער לאָשן איז עס פּונקט דאָס אייגענע, וואָס בא אונדז „זשיד". און זיי וואַרפן נאָך שטיינער און בלאָטע; בלאָטע פעלט דאָ אויך נישט, באַרעכאַשעם! וואָס האָב איך געזאָלט מאַכן? האָב איך געטאָן דאָס זעלבע, וואָס אַלע ייִדן טוען דאָ. איך האָב אַרונטערגעמאַכט די פּייעס הינטער די אויערן, האָב מיר געקויפט, אַפּ אויסצאָלן ראַטעסווײַז (אַזאַ מינהעג איז דאָ), דײַטשישע בגאָדים — האָסטו אַן עק פון געלט! און אויך דו, כאַנעלע, אַז דו וועסט, אימירצעשעם, קומען, וועסטו דיר אויך מוזן מאַכן אַנדערע קליידער; וואָרעם אַ מינהעג איז מעוואַטל אַ דין. און דאָ איז מען זיך אַזוי נויהעג!

און וואָס דו שרײַבסט, אַז גנענדל געפעלט דיר נישט, פאַרשטיי איך נישט פאַרוואָס? וואָס דו האָסט דאָ צו איר? אויך בין איך נישט מעכויעוו די וועלט מאַכזיר-לעמוטעוו צו זײַן. כוץ דעם, בין איך זי-כער, אַז זי טוט דאָס אַלץ דער ביטערער פּאַרנאָסע צוליב! בעטעווע איז זי אַזאַ קאָשערע נעשאָמע, ווי אַלע ייִדישע טעכטער. אַ גאַנצן טאָג, אַז איך מיט לייב כאַזן זײַנען מיר אין פאַבריק, קאָכט זי און וואַשט און קערט די שטוב. אָוונט-צײַט גייט זי ערשט, צוזאַמען מיטן פאָטער, אין זייערע ערטער, ווו זי זינגט און שפּילט, און טאַנצט פאַרן עולעם. איך זיץ מיר אין דער היים, לערן טוירע און שרײַב צו

דיר. קעגן האלבער נאכט קומען זיי, טרינקען מיר צוזאמען טיי און מע גייט שלאָפן.

און דאָס, וואָס דו שרייבסט, אז דיר דאכט זיך, אז גנענדל האָט דאָס געמוזט צוגאנווענען דעם לעפל, וואָס האָט אונדז דעמלט גע-פעלט, דאָס איז שוין גאָר קיין ווערטער נישט!

גנענדל איז עפשער נישט אזוי פרום אין עמונע-זאכן, אָבער אזוי, א פרעמדנס, כאסוועשאָלעם, וועט זי נישט רירן! און, כאָלילע וועכאָ-לילע, זי זאָל זיך דערפון נישט דערוויסן! זי באהאנדלט מיר מאמעש, ווי אן אייגן קינד; פרעגט מיך אלעמאָל, צי איך ברויך נישט א ווייס העמד, צי וויל איך נישט נאָך א גלאָז טיי!

און בעעמעס איז זי א וויל קינד. אלץ, וואָס זי פארדינט, גיט זי אוועק דעם פאָטער. היינט וואָלסט זען, ווי זי האלט אים בעקאָוועד, האגאם ער איז עס נישט ווערט! כאָטש ער קומט אמאָל אהיים פריי-לעך, גאָר פריילעך און רעדט פאר פייער, פאר וואסער!

אויך האָט מיר לייב כאזן בעפיירעש געזאָגט, אז ער זאמלט איר נאדן, און קומט ער צום ערשטן טויזנטער, זוכט ער איר אויס א כאָסן און פירט זי אונטער דער כופע קעדאס מוישע וועייסראָעל! און זי וועט זיך שוין נישט רייסן דעם האלדז פאר א פרעמדן אוילעם! איך וויים נישט, צי ער מיינט עס ערנסט, נאָר — האלעוויי! זאָל אים גאָט העלפן, ער זאָל עס דערגרייכן; זאָל זי אוועקוואַרפן די מיעסע פארנאָסע.

גנענדל איז אפילע דערביי געוועזן און זי האָט זיך געדרויטלט פאר בושע, ווי עס פאסט פאר אן עמעס יידישע טאָכטער; אפּאָנעם, זי איז אויך מאסקים.

בעט איך דיך דעריבער זייער, מיין ליבע כאנעלע, דו זאָלסט זיך דערווייטערן פון לאָשנהאָרע און רעכילעס. דאָס איז גאָר קיין מינהעג נישט, קיין יוישער נישט; דאָס פאסט פאר קליינשטעטלדיקע ווייבער. און דו, גאָלדענע כאנעשי, דארפסט קומען אין אמעריקע. דאָ זיינען

די ווײַבער גאָר אַנדערש; געזעצטער, ערנסטער און — פֿאַרגומענע מענטשן, ווי די מאַנצבילן.

און, צוריק געשמועסט, איז דײַן שמועל-מוישע קיין שנײַדער נישט, קיין שוסטער נישט, ער זאָל אוועקוואַרפֿן אַ ווײַב פֿאַר אַן אַנדערע װעגן. דו טאָרסט עס גאָרנישט טראַכטן! דאָס איז פֿאַר מיר גלאַט אַ כילעל-האַקאָוועד! און זײַ וויסן, אַז דײַנע רייד שטעכן מיר ווי מיט מעסער; און ליב כאָזן מיט דער טאָכטער זאָלן זיך דאָס דערוויסן, וואָלטן זיי מיך פֿאַרלאָזט. איך וואָלט געבליבן איינער אַליין, ווי אין אַ מידבער, עס וואָלט אַ פֿאַל געוועזן אומצוקומען, וואָרעם דאָס לאָשן קאָן איך נאָך נישט, קוים איינציקע ווערטער, און ווייס נאָך נישט, וווּ אויס און וווּ אײַן.

און אַצינדערט בעט איך דיך, און בעט דיך זייער, מײַן ליבע כאַנע, זאָלסט נעמען דאָס קינד באַם הענטל און זאָלסט מיטן הענטל איבערגיין אױפֿן פּאַפּיר, ער זאָל מיר עפּעס צושרײַבן; לאָמיך פֿון אים זען כאָטש אַ צוראַס אָס! ריבוינעשעלוילעם, וויפֿל מאָל שטעל איך מיך אַוועק אָן אַ זײַט, איינער אַליין אין אַ ווינקעלע, און וויין מיך גאַנץ גוט אויס! און אױף וואָס וויין איך? אױף דעם, וואָס איך בין נישט זוכע צו לערנען מיט מײַן קינד טוירע! האָב איך ווייניק האַרצווייטעק דערפֿון, קומען נאָך די בריוו דײַנע און שיטן מיר זאַלץ אױף די וווּנדן. אָט, הײַנט האָט מיך ליב כאָזן געבעטן, און גנענדל, דאָ הייסט זי סאָפֿיע, האָט אויך צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ, איך זאָל גיין מיט זיי הערן, ווי זי זינגט, און זען, ווי זי טאַנצט, און איך האָב נישט געוואָלט; האָט ליב כאָזן ווײַטער געזאָגט: נאַרישער כאָסיד, זי האָט פֿאַרצויגן מיטן נעזל; נאָר מײַנע דײַגע! איך וועל מיר גיין אין מײַן דערעך און וועל נישט אַראָפּ אױף אַ האָר!

בלײַב געזונט, דו און אונדזער קינד, ווי עס ווינטשט דיר דײַן מאַן

שמועל-מוישע.

15–3350

זע, לעמאנאשעם, די זאך וועגן די קליידער זאָל בלײַבן בעסאָד. עס זאָל דערפון בא אונדז אין שטעטל קיין יעלוד איש נישט וויסן. איך וואָלט מיך געשעמט די אויגן אופצוהייבן.

באלאָך שמועל־מוישע האנאל.

## פערטער בריוו

על אישטי האצנוא מאָראם כאנע טיביע.

אין צען בריוו האָב איך גנענדלם נאָמען נישט געברענגט איבערן מויל. איך האָב אפילע דעם פאָטער אירן, לייב כאזן, נישט דערמאָנט. מיט גרויס מי האָב איך מיר געדונגען אן אנדערע דירע, בא א היגן שויכעט, און האָב זיי שוין קאמע וואָכן נישט געזען. און דו הערסט נאָך אלץ נישט אופ צו שרײַבן גנענדל און גנענדל, און סאָפיע און סאָפיע! און וואָס ווילסטו פון איר? וואָס? איך זאָל אזוי געזונט זײַן, מיר ביידע זאָלן אזוי געזונט זײַן, אויך זאָלן אזוי זויכע זײַן צו זען זיך, צוזאמען מיטן קינד אין פריידן, ווי איך האָב אליין געזען, ווי סאָפיע איז ארײַנגעקומען צום פאָטער אין פאבריק, און עס איז צו איר צוגעגאנגען דער דירעקטאָר אליין, און האָט אָנגעהויבן מיט איר צו ריידן, כיינדלעך צו מאכן; און האגאם איך האָב נישט פאַר־שטאנען, וואָס ער רעדט צ'ן איר, ווייס איך דאָך, אז ער האָט געמיינט נישט קיין מיצוועס און מײַסים־טויווים, און האָט זי נאָך געוואָלט אָנע־מען בא א באק. נו, וואָס קלערסטו? איך בין ניוועהעל־וועלנישטוימעם געוואָרן, אזא פאטש האָט זי אים דערלאנגט איבער דער האנט! און האָסט נאָך געזאָלט זען, מיט וואָס פאר א גײַווע זי האָט זיך פון אים איבערגעדרייט און אוועקגעגאנגען. איך האָב מיך פּאָשעט מעכײַע געוועזן...

זעסטו דאָך בעכוש, אז נאָך אלע זאכן איז גנענדל א קאָשער קינד,
און דו ביסט אַף איר מויצי לאַז בעכינאָם. דו שרײַבסט, אז זי וויל
מיך ארײַנכאַפּן ווי א פיש אין א נעץ ארײַן, און נאָך אזעלכע נאַריש-
קײַטן, — שווערן קאָן איך דיר, יאָמקיפּער בא א סייפער-טוירע, אז
עס איז שעקער. און דאָס דיר צוליב דערווײַטער איך מיך פון איר,
מײַד זי אוים ווי ווײַט מעגלעך איז. טרעפט מען זיך, ענטפער איך
איר אַף הונדערטער ווערטער מיט א שאָקל מיטן קאָפּ. און ווײַטער
דאָס זעלבע: בעעמונאָ שעלי, אז דו ביסט זי כוישעד גאָר אומזיסט;
דו זינדיקסט, באַסוועשאָלעם, פאַר גאָט! נאָר דאָס איז נאָך גאָרנישט.
איך וואָלט עס, ווי אַלעמאָל, פאַרשוויגן, איז אָבער דערפון ארויסגע-
קומען א מײַסע, וואָס — גאָט זאָל שוימער-אומאַצל זײַן! איך וואָלט
בעסער געוואָלט, די ערד זאָל מיך אײַנשלינגען, איידער אזא בושע!

בא דער ארבעט איז מיר איינמאָל, יענע וואָך, נישט גוט גע-
וואָרן; עפּעס האָט מיר אָנגעהויבן צו שווינדלען פאַר די אויגן. איך
האָב אָנגעהויבן כאַלעשן. אז איך בין צו מיר געקומען, בין איך שוין
געלעגן בא מיר אין שטוב אַפן בעט. באַם בעט איז געשטאַנען א דאָק-
טער. געזאָגט האָט ער, אז עס איז א פיבער, — אזוי רופט מען דאָ
קאַדאָכעס. אָפּגעלעגן בין איך א טאָג צען. און איבער דער גאַנצער
צײַט איז לייב כאַזן נישט אָפּגעטראָטן פון מײַן בעט און האָט מיך
געראַטעוועט, ווי אַן אייגן קינד. שפּעטער בין איך געוואָר געוואָרן,
אז ווען איך בין געלעגן אין היץ, פלעגט סאָפיע אויך קומען מיך מע-
וואַקער-כוילע זײַן... און פּונקט דעמלט איז איינמאָל אָנגעקומען דײַנס
א קאַרטל, אין וועלכן דו האָסט אויסגעגאָסן דײַן ביטער האַרץ אַף
דער אומשולדיקער סאָפיע... זיי האָבן אוואַדע און אוואַדע די קאַרטע
געלייענט, וואָרעם איך בין דאָך געלעגן אין דער היץ...

און ווען דו האָסט געשריבן דײַנע מיִעסע רייד, דײַנע זילזולים,
די בילבולים דײַנע, האָבן זיי דאָ פאַר מיר קימאַט דאָס לעבן גע-

שטרעקט... געראפן דאָקטוירים, געבעט און איבערגעבעט, רעפועס דערלאנגט און עטלעכע אייגענע כפייצים פארזעצט, עס זאָל זײַן מיט וואָס צו ראַטעווען, א פּלאַש ווײַן אפילע האָבן זיי מיר געבראכט. איך האָב זי אפילע נישט אָנגערירט מיטן מויל: עמעס נעסעכ! נאָר זייער מיין איז דאָך גוט געווען... אכוץ דעם, פלעגן זיי מיר דרײַ מאָל אין טאָג מעסטן מיט א גלעזערן רערל די היץ, אזוי הייסן דאָ די דאָקטוירים... און ווער האָט מיר דאָס אלץ דערציילט? טאַקע דער שויכעט מיטן ווײַב; זיי האָבן מיר דאָס אלץ דערציילט. ווען נישט לייב כאַזן און סאָפּיע, וואָלסטו שוין הײַנט, כאַסוועשאָלעם, אַן אַל-מאָנע געווען! שרײַבסטו אין דער אייגענער צײַט אזוינע נאַרישע האַוואָלים. פע, א כאַרפּע און א שאַנד! איך ווייס גאָרנישט, ווי דו וועסט קאָנען קומען קיין אמעריקע, ווי דו וועסט גאָר קאָנען זײַן אין אמעריקע!

איך האָף, מײַן ליבע כאַנעלע, אז דו וועסט אַוועקוואַרפן די נאַ-רישקײַטן און פון הײַנט אָן וועסטו מיר שוין דאָס לעבן מיט אזוינע בריוו נישט פאַרביטערן.

אָפּט שלאָף איך נישט באַנאַכט. דאַכט זיך מיר דערמאָלט, אז איך זע בעכוש, ווי דו זיצסט דאָרט באַם טיש און שרײַבסט צו מיר א בריוו. דו שרײַבסט און מעקסט, שרײַבסט און מעקסט, און איך זע דעם בריוו, אָבער פונוואַנען דערקען איך נישט די אויסיעס און איך האָב גרויס צאַר דערפון, וואָס איך קאָן דעם בריוו פונדערוויַטן נישט לייענען, און דו נעמסט די פעדער, לייגסט זי דעם קינד אין הענטל אַרײַן, — אַפּ דער שוים אַרופּ האָסטו עס גענומען, — און פירסט מיט זײַן הענטל!

און דו זעסט, מײַן ליב ווײַב, אז איך שיק דיר וואָכ בא וואָכ פינפ דאָלער; אז איך קום אויס מיט אזוי ווייניק. און אינגאַנצן האָב איך נישט מער, ווי דרײַ העמדער; וואָרעם בעטן סאָפּיען, זי זאָל מיר

קויפן, קאָן איך נישט. און די שויכעטקע איז א ווילדעם און גייט נאָך פון בעט נישט אראָפּ, און מאָרגן וועט זיין, אימירצעשעם, דער ברים מיט מאזל...

יאָ... נישט דאָס אָבער מיינ איך. דעריקער איז — זיי א מענטש פאר זיך און פאר מיר, דיין מאן

שמואל-מוישע.

א צושריפט איך דער זייט איבער דער גאנצער לענג פון בריוו:

די מינוט באקום איך פון דיר ווידער א בריוו. אצינד, מיין כאַ-נעלע, זאָג איך דיר שוין בעפיירעש און ביפרויטרויט, אז דאָס איז א פּאַשעטער שיגאָען, ראכמאָנעליצלאָן! טאקע, ווי מע זאָגט, מויל און אויערן אופצושטעלן, אפ ווונדער צו לויפן! דו שרייבסט, אז דו קאָנסט דיר אויך לאָזן וואקסן צעפּ און ריידן מיט פּריציים, אז דו קאָנסט אויך זינגען און טאנצן — און אז דו וועסט צופוס אוועקגיין צום רעבן און אָפּגעבן א קוויטל, ער זאָל שיקן א מיסע-מעשונע אפ מיר און אפ זיי — — —

וואָס שרייבסטו? וואָס איז עס פאר דיבורים?

ריבוינעשעלוילעם, וואָס איז מיט דיר געוואָרן?

איך קלער און קלער, און וויים שוין נישט, וואָס צו קלערן! איך זאָג דיר מיין אייצע: זאָלסט אוועקוואַרפן דיין לאָשנהאָרע, מיטן רע-כילעס, מיט די קלאָלעס! עס פּאסט נישט פאר דיר! און איך זאָג דיר, בעלי נעדער אובעלי מאסקאָנע, אז בעזים דו וועסט מיר נישט גיב און באלד שרייבן א בריוו, ווי א קאָשער יידיש ווייבל דארף שרייבן, וועל איך דיר פּאָשעט נישט ענטפערן; איך וועל שיקן א שאָ-ליעכ-מעיוכעד נאָכן קינד אָן דיר... הערסט? אז נישט... וועל איך מיך וואַרפן אין יאַם אריין!.. עס איז א פאל, כאסוועשאָלעם, מעשוגע צו ווערן!

דיין מאן, האנאל.

ג

צוויי בריוו, וואָס כאַנע האָט באַקומען פון איר קרויווע פון לובלין און פון איר ברודער

## ערשטער בריוו

יעדידאָסי, שייראַס בסאָרי, האָישאָ האַצנואָ וועהאַכשוווּאָ מאָראָס כאַנע טיכיע.

ליבע כאַנע! דו ביסט געוועזן אַ גאַנצער נאַר און אַ האַלבער נאָווי, אַז דו האָסט מיר געשיקט אַ צווייטן בריוו! וואָרעם דער ערשטער בריוו איז אַרײַנגעפאַלן מײַן זוילעל-וועסויווע אין דער האַנט אַרײַן; ער האָט אים אַרײַנגעלייגט צו זיך אין קעשענע, און, באָרעכאַשעם, פאַרגעסן אָפּצוגעבן! אַזוי איז זײַן שטייגער, אַכוץ פּרעסן און זויפן ליגט אים גאָרנישט אין זינען. נאָר אַז איך האָב באַקומען דעם צווייטן בריוו, איז מיר באַלד אײַנגעפאַלן צו זוכן בא אים אין קעשענע, און אַז מע זוכט, געפינט מען.

כאַנעלע קרוינ! לעזנדיק דײַנע צוויי ביטערע בריוו, האָב איך גע-מיינט, אַז מע שלאָגט מיך מיט אַ האַק אין קאָפּ אַרײַן. פאַר גרויס צאַר האָב איך נישט געוווּסט, ווו איך בין אין דער וועלט. טייקעפּ-אומיִיאַד האָב איך מיך אָבער באַרויִקט. איך האָב מיר אַזוי געטראַכט: לעמאָשל, ווען מײַן מעשוגענער מאַן וואָלט געוואָלט אויקער זײַן קיין אַמעריקע — נו? וואָלט איך דאָך מיר געמאַכט סודעס-פּורים, גע-לאָזט זיך קלעזמער שפּילן!

וואָרעם באַרעכן: די גאַנצע פּאַרנאָסע מײַנע איז, ווי דו ווייסט, פון פּעסל סמאָלע. דאַרף איך, באָרעכאַשעם, נישט זײַן לאַסקע. בע-מיילע קאָן איך גאָר נישט פאַרטראָגן זײַנע טנועס און האַוויִעס, אַז ער קומט צו מיר אין געוועלב אַרײַן.

א יידענע ענטפערט ער נישט, דער כאָסיד! נעמט נישט אויס דער האנט! און זאָגט ער אמאָל א קוינע, א מאנצביל, א מעקעכ, איז עס טאקע אונטערנ קערנ! נעמט ער געלט, נארט מענ אימ ארײַנ פאלשע און אָפּגעריבענע מאטבייעס! טוט ער מיר שוינ די טויווע און נעמט א שטיקל קרײַד אינ האנט ארײַנ און מאכט א כעזשבנ, איז עס א כעזשבנ! זאָל מענ מיר אזוי רעכענענ מײַנע זינד אפ יענער-וועלט, ווי ער בארעכנט מײַנ סכוירע!

און דאָס, וואָס דײַנ מאנ האָט דיר נישט איבערגעלאָזט קיינ געט, איז מיר גאָר קיינ גרויס וווּנדער נישט; וואָרעמ מײַנ מאנ, דער מעשוגענער, לעקט בא מיר נישט קיינ האָניק, וויל מיר אויכ קיינ געט נישט געבנ! און צו וואָס זאָל ער מיר געבנ א געט? עס פעלט אימ עפּעס בא מיר? ער האָט זיכ זײַנ פײַנע דירע; קומט ער אהיימ, איז גרייט א וואַרמעס, דאָס בעט איז געבעט צו דער צײַט, מישאבעס לעשאבעס — א ווײַס קלאָר העמד. פיל מאָל איכ בעט אימ מיט גוטנ, ער זאָל גיינ צו אלדי רוכעס, און ער — גאָרנישט! ער זאָל זיכ עס א ריר טאָנ! און אז איכ שילט אימ אָדער וואַרפ אימ עפּעס אינ קאָפּ ארײַנ, רוקט ער זיכ אָפּ אינ א ווינקל, מאכט א ראכמאָנעס-פּאָנעמ, נעמט נאָכ א מאָל מאַימ אפ די אייניאַימ; און איכ, נאַר, קריג אפ אימ ראכמאָנעס! גיב אימ נאָכ עסנ און טרינקענ, און ער גייט זיכ אוועק!

און וואָס דו שרײַבסט מיר וועגנ דײַנ מישפּעט, זײַ ווּיסנ, שוועסטער כאנע, אז איכ האָב דאָ אנ אדוואָקאט גאָר א מעפורסעמ, וואָרעמ, צו מײַנ בייז מאזל, האָב איכ אלצ איניינעמ ספּראווּעס מיט די קעכנס די כצופעס; הערסטו, כאנעלע, אזעלכע דינסטנ, ווי מיר האָבנ דאָ אינ לובלינ, איז אפ דער וועלט נישטאָ! וואָס זאָל איכ דיר זאָגנ — פּרעסערקעס און זויפערקעס, גאנווענענ מיט די אויגנ, אנטלויפנ נאָכ פארנ קווארטל; און גיבנ מיכ נאָכ אינ סאָנד ארײַנ, איכ זאָל זיי באצאָלנ פאר א קווארטל! און אינ סאָנד איז הײַנטיקע צײַטנ, ראכמאָנעליצ-

לאַנ, קיינ בילעק נישט צווישנ א דינסט אונ א באַלעבאָסטע, אונ איכ מוז שטיינ מיט איר אינ איינ שורע! איכ טאָר אפילע א מויל נישט עפענענ, א וואָרט נישט ריידנ, וואָרעמ באַלד גיט דער סודיא א קלונג מיטנ גלעקל אונ פאַרשרײַבט שטראָפ ביז דרײַ רובל. דעריבער גיי איכ טאַקע נישט אַליינ אינ סאָנד אַרײַנ, אונ האָב מיר אויסגעזוכט א גוטנ אדוואָקאַט, א מויל — שוועבל אונ פעכ, אונ ער פירט מיר שוינ אויס די זאַכ, ווי עס געהער צו זײַנ. ער האָט מיר אַליינ געזאָגט, אַז דער סודיא האָט מיכ שוינ וויפל מאָל געוואָלט אײַנישעוונ פאַר א בילבל, פאַרוואָס איכ רײַס א דינסט באַ די האָר, אָדער אַזוי פאַר א מאַטנעס-יאַד! קאָנ ער אָבער נישט, וואָרעמ דער אדוואָקאַט מײַנער האָט באַ זיכ אַלע סאָנדאָווע ביכער, ווייסט אַלע, אָבער טאַקע אַלע זאַקאָנעס, אונ קלײַבט אויס פאַרמײַנטוועגנ די בעסטע זאַקאָנעס, אונ שטעכט אימ דערמיט די אויגנ אויס, אונ ער בלײַבט זיצנ ווי א גוילעמ — וויל יאָ, וויל נישט, שרײַבנ מוז ער: פאָטער, פאָטער!

אונ טייקעפ-אומיִאַד — אַז איכ האָב דײַנ בריוו באַקומענ אונ האָב דעמ פריִערדיקנ געפונענ באַמ באַטלענ מײַנעמ אינ קעשענע — בינ איכ געלאָפנ צומ אדוואָקאַט, אונ ער האָט מיכ אופגענומענ מיט גרויס קאָוועד, טאַקע באַ זיכ אינ פײַנעמ קאַבינעט, אונ האָט מיכ געבעטנ זיצנ אפ דער פלושענער סאָפע.

איכ האָב אימ דערציילט דײַנ גאַנצ אייסעק, פונ אַלעפ ביז טאָוו, טאַקע ביז אפ דער האָר; אונ ער האָט אַלצדינג געלאַסנ אויסגעהערט, האַגאַמ דאָס פאָרצימער איז געווענ פול אונ פול מיט מענטשנ. ער האָט אויסגעהערט אונ איז זיכ ארומגעגאַנגענ אינ זאַל אופ אונ אָפּ.

דערנאָכ האָט ער אָפּגעזיפצט אונ געזאָגט, אַז לויט די זאַקאָנעס האָט א טאָכטער דעמ אייגענעמ דינ, וואָס א זונ, אונ קריגט א גלײַכ ביילעק יערושע, ווי ער. איז דאָכ, דאַכט זיכ, גוט? איז אָבער פאַראַנ א שלעכטער פונקט, אַז א ווײַב קאָנ נישט מאָנענ אינ סאָנד אָנ דעמ

מאנס יעדיִע. זי איז אין זײַן רעשוס און מוז האָבן זײַן פּלעניפּאָטענ-ציִע...

און אַז איך האָב אים געזאָגט, אַז דו ביסט, לוי-אַליעכעם, אַן אגו-נע, אַז דער מאַן דײַנער האָט דיך אַוועקגעוואָרפן, און דו מעגסט, לויט מײַן סייכל, טאָן אַלץ, וואָס דו ווילסט, האָט ער זיך מיר געשטעלט קעגניבער און געשאָקלט מיטן קאָפּ אין דער ברייט: לוי מיט אַן אַלעף — הייסט עס!

און טייקעף איז ער צוגעגאַנגען צו דער שאַנק, האָט זי געעפנט און אַרויסגענומען אַ בוך נאָך אַ בוך; אַרײַנגעקוקט און אַוועקגעלייגט, אַרײַנגעקוקט און אַוועקגעלייגט, און דורכגעוואָרפן אַזוי קאַמע-ווע-קאַמע ביכער, קליינע און גרויסע און נאָך גרעסערע; איינער איז געווען אַ גראָבער, איך זאָל נישט זינדיקן מיט די רייד, ווי אַ דאָווערעכער, און דאָרט, אָפּאָנעם, האָט ער געפונען, וואָס ער האָט געזוכט, וואָרעם ער האָט געקוקט און געקוקט.

און דערנאָך זאָגט ער מיר, אַז אויב עס וועט פאַרבײַגיין פינף יאָר, זינט דײַן מאַן איז אַנטלאָפן, און דו וועסט ברענגען אַ פּאַפּיר פון וואַיט פון דײַן שטאָט, אַז אין די גאַנצע פינף יאָר האָט זיך דײַן מאַן נישט געוויזן, וועט ער, דער אַדוואָקאַט, אײַנגעבן פאַר דיר אַ פּראָזש-בע אין סאָנד אַרײַן, און דער סאָנד וועט דיר געבן רעשוס צו פּראָצע-סירן אָן דעם מאַן.

אַזוי האָט ער אויסדריקלעך געזאָגט, און איך גיב דיר איבער זײַ-נע דיבורים וואָרט בא וואָרט.

איך האָב אים געגעבן אַ רובל, האָט ער זיך אפילע געקרימט, אָפּאָ-נעם, ווייניק, נאָר גענומען האָט ער; זאָלסטו מיר, כּאַנעשי קרוין, דעם רובל, לעמאַנאַשעם, באַלד אָפּשיקן, וואָרעם די פּאַרנאָסע איז זייער געשלאָגן און סמאָלע איז הײַנט גאָר קיין גאַנגבאַר אַרטיקל נישט...

אַצינד צוריק צו דער זאַך:

עס קומט אויס אַפּ מײַנע רייד! איך זאָג שוין דאָס אַלעמאָל, אַז די טוירע האַקדוישע (זייערע זאַקאָנעס, לעהאַוודל, אַוואַדע!) האָט אונדז איבערגעגעבן אין גאַזלאָנישע הענט אַרײַן. אַ מאַזנצביל, אַ גווילעם, אַ לעיוצלעך, מעג געטן דאָס ווײַב, ווען ער וויל; אַליין, צי דורך אַ שאַ-ליעך; און אַזאַ איישעס-כאַיל, לעמאָשל, ווי איך בין, קאָן נישט פּאָ-טער ווערן פון אַ מאַן אַ באַטלען, בעשום אויפן וועצאַר!

גייען מיר ביידע אַפּ אַ בריס, שטאָפּט מען אים מיט פיש און פלייש, פון אַלעם גוטן, און איך — באַקום מילכיקע ציקאָריע!

זיצט ער אין סוקע, מוז איך אים אַרײַנשיקן דאָס שענסטע און דאָס בעסטע, און פאַר זיך לאָזן די ביינער!

דרײַ וואָכן, נײַן טעג, און אַלע טאַנייסים האָב איך גלײַך מיט אים; סימכעסטוירע איז זײַן!

ע ר גייט צום ראָוו, א י ם גיט מען מעד מיט עפּל! און וואָס וועט זײַן דאָרטן, מישטיינסגעזאָגט, — דער גאַניידן מײַנער? איך וועל זײַן דעם מעשוגענעמס פוסבענקל! ער וועט זיך דאָרט זיצן אַפּ אַ פּאָ-טערשטול, און איך וועל זײַן זײַן פוסבענקל!

דאָ, אַפּ דער-וועלט, איז ער לעכאָלאַפּאָכעס אַ שוואַכער באָסערווע-דאָם, האָט ער פאַר מ י ר מוירע; אָבער וואָס אין גאַניידן וועט זײַן, פרעג מיך בעכיירעם! און זאָגן זאָג איך דיר אויסדריקלעך, זאָל ער מיר דאָרט אַ שטוים טאָן מיטן פוס, ווייסט דער אייבערשטער, וואָס דערפון וועט אַרויסקומען!

און צוריק געשמועסט: וואָס טויג דיר אַ געט? גלייב מיר, אַלע הינט האָבן איין פּאָנעם! אַלע — נישט ווערט אַ דרײַער! ווייסט דאָך — מײַן שוועסטער מיריאָם האָט צען גייענדיקע יאָר געליטן פון איר מאַן, איידער זי האָט פון אים אַרויסגעקריגן אַ געט; דערפאַר האָט זי אים אָוועקגעגעבן דאָס געלט, די מאַלבושים, מיט איין וואָרט — האַקל קאַאשער לאַקל. נו, דאַכט זיך, מאַזל און בראָכע!

האָט זי וויַיטער כאַסענע, טוישט זי שויפּרעס אַף קאַנע-בייגדלעך, אַ נייַער באַטלענ צום קאָרמענ! זי שרייַט וויַיטער אַ געט; ער הערט זי ווי דעמ ראָוו, און זי האָט שוינ נישט מיט וואָס צו באַצאָלנ!

בעקיצער, שוועסטער כאַנע, אונדזער מוטער כאַווע האָט געזינדיקט, און מיר לייַדנ פאַר אירע זינד! און אייביק וועלנ מיר אַזוי לייַדנ! דענ — פאַר אַ מאַנ קאָנ מענ אַפילע אינ קייווער נישט אַנטרינענ. לאַאוואָדימ אולעשיפּכוים האָט מענ אונדז פאַרקויפט, אַפילע אַפ יענער-וועלט אויכ! — אַזוי איז געווענ פאַרצייַטנס, אַזוי איז הייַנט; און לעאָסיד-לאָווי וועט אויכ אַזוי זייַנ, מע מוז לייַדנ! וואָרעמ וואָס זאָל מענ טאָנ, אַז עס איז דעמ ריבוינעשעלוילעמס ראָצנ אַזוי.

דעריבער, שוועסטער כאַנע, האָב ביטאָכנ אַפ גאָט, באָרוכ-הו, פאַרבלייַב געזונט און פאַרגעס דייַנ מאַנ! אינ אַמעריקע איז ער אַוואַדע אַרויס לעטאַרבוס ראָאָ, אַזוי טוענ זיי שוינ שטענדיק, ימאַכ שמאָמ, אַז זיי קומענ קיינ אַמעריקע!

אינ דער האַסכאָלע שרייַבנ זיי צוקער-זיסע בריוולעך, שיקנ געלט; דערנאָכ ווערט עס וואָס אַמאָל ווייניקער; שרייַבט מענ און מע שיקט שוינ געלט אַמאָל אינ אַ יאָר, דערנאָכ — איינ מאָל אינ אַ יוויול... זיי ברויכנ דאָרט נישט זייערע ווייַבער! זיי האָבנ דאָרט, ראַכמאָנעליצלאַנ, אַנדערע, בעסערע, פלינקערע ווייַבער.

איכ זאָל נישט זינדיקנ מיט די רייד, באַ אונדז אינ לובלינ איז אינ דער ייִדישער גאַס נישטאָ קיינ הויז אָנ אַנ אַגונע! שרייַב דרייַ פּייענ, זאָג איכ דיר, פאַרגעס! זאָל זיכ דיר דאַכטנ, אַז דו ביסט אַנ אַלמאָנע, כאַסווועשאָלעמ, אָדער אַ גרושע!

זע בעסער צו טאָנ אינ דייַנע ציבעלעס. זאָל דיר האַשעמיִסבאָרעך שיקנ האַצלאָכע אינ דייַנ אייסעק, זאָלסט מאַצליִעכ זייַנ, ווו דו וועסט זיכ נאָר קערנ און ווענדנ. ווי עס ווינטשט דיר דייַנ קרויווע,

(די אונטערשריפט איז נישט צום איבערלעזנ).

איך בעט דיך, לעמאַנאַשעם, דו זאָלסט מיר וואָס צום געשווינדסטן אָפּשיקן דעם רובל, וואָרעם מײַן מאַן, דער זווילעל־ווּעסוויווע, האָט שוין פאַריבל אַף מיר, צו וואָס איך האָב אויסגעלייגט דעם רובל.

(די זעלבע נישט־לעזבאַרע אונטערשריפט).

## צווייטער בריוו

לאַאַכויסי האַצנואָ, האַנעגידאָ, האַכשוואָ, מאָראַס כאַנע טיכיע.

ערשטנס, מעלד איך דיר, טײַערע שוועסטער, אַז מיר זײַנען, באָ־רעכאַשעם, אַלע בעקאַוו האַברוּע, כוץ אישטי כאַוועלע, טיכיע, וואָס דער הוסט, לוי־אַלייבעם, לאָזט זי נישט אָפּ אַ רעגע, און טייקעף, אימירצעשעם, נאָך דער כאַסענע, וועט זי מוזן פאָרן קיין וואַרשע צו׳ן אַ דאָקטער.

ראָצוּף באָזע, שיק איך אײַך אַ כאַסענע־בריוול. זאָלסט זען, לעמאַ־נאַשעם, צו קומען אַף דער כאַסענע און מעקאַבל־פּנים זײַן. נאָר לע־מאַנאַשעם, בעט איך דיך, אַז זאָלסט מיר נישט שטערן דעם נאַכעס פון ביטי, טיכיע, און באַהאַלטן אַלע טײַנעס־אוטוויעס אַף נאָך דער כאַסענע.

קיין קאַלע־מאַטאָנע ביסטו נישט מעכוייעוו צו ברענגען. אויב עס גייט דיר וועגן דער בושע, וועט זיך נאָך, אימירצעשעם, געפינען עפּעס אין שטוב פאַר דיר פאַר אַ מאַטאָנע; איך וועל דיר נישט קאַרגן. בלוט איז קיין וואַסער נישט, און אַ שוועסטער בלײַבט שוועסטער.

און וואָס דו שרײַבסט, אַז דו האָסט קיין מאַלבושים נישט, איז אויך נאַריש. קאָנסט דיר באָרגן אַ מאַלבעש, אָדער דאָרט, אָדער דאָ, אַז דו וועסט קומען.

און וואָס דו שרײַבסט, אַזוי דו קאָנסט דיך נישט טרייסטן נאָכן יעלעד, וואָס איז ניפטער געוואָרן, — זײַ וויסן, שוועסטער־לעבן, אַז

אדוינוי נאָסאנ ווּעאדוינוי לאָקאכ. קינדער זײַנענ א פּיקאָדנ פונ גאָט, כּאָרוכ-הו, אונ אז ער וויל אָפּנעמענ דאָס פּיקאָדנ, טאָר מענ אפילע נישט מעהארהער זײַנ, נישט איבערקלערנ, כאסוועשאָלעם!

אונ וואָס דו שרײַבסט, אז דו האָסט מוירע, דײַנ שמועל-מוישע זאָל נישט געוואָר ווערנ, אז דאָס קינד לעבט נישט, אונ דורכ דעם זאָל ער זיכ, כאסוועשאָלעם, פונ דיר אינגאנצנ נישט אָפּרײַסנ,— איז אויכ אנ אומזיסטער כשאד... גלייב מיר, שוועסטער כאנע, אז עס איז גאָר נאַריש. וואָרעמ — מימאָנעפשעכ: איז עמעס, וואָס לײַטנ זאָגנ, אז שמועל-מוישע איז געוואָרנ אוים שמועל-מוישע, כאסוועשאָלעם, אז ער איז אוועק גאָר אינ אנדערע דראָכימ,— איז אלציינס, צי דאָס קינד לעבט, צי נײנ; נישט ער דארפ דיכ, נישט דו קאָנסט דיכ האלטנ אָנ אימ!

אויב ווײַטער, ווי איכ האָפּ צו זײַנ ליבנ נאָמענ, דאָס אלצ איז נישט געשטויגנ נישט געפלויגנ, נאָר א בילבל פונ בייזע מײַלער, אונ, ווי איכ גלייב בעעמונע-שליימע, שמועל-מוישע איז טאקע שמועל-מוישע, דער מופלעג, דער פרומער ייִד, האָסטו נישט וואָס מוירע צו האָבנ! פארקערט, בא האלב הויצאָע וועט אימ אצינד לײַכטער זײַנ דיכ אראָפּצונעמענ אהינ, אונ איר וועט לעבנ בעשאָלעם-ווּעשאלווע קענאָהוג בעיִסראָעל...

אונ וואָס דו האָסט פונ אימ אזוי לאנג קיינ יעדיִע נישט,— מאַ ראַש? עס איז דאָכ, דאכט זיכ, מעיִוועצר לעיאמ! וויפל שיפנ גייענ אונטער, ראכמאָנעליצלאנ; וויפל בריוטרעגער קאָנענ אומקומענ אפ אזא מעהאלעכ. אונ עפשער מוזנ נאָכ די שיפנ דורכגיינ אפ דעמ אָרט, ווו, ווי דער סייפער-האברים שרײַבט, דאָס וואסער שטייט ווי א בארג אונ עס איז טאקע סאקאָנעס-נעפאָשעס. דאנק זײַנ ליבנ נאָמענ, וואָס דײַנ שמועל-מוישע איז בעשאָלעמ אריבער! דאָס פאָרנ לימדינאס-האיאמ האלט איכ טאקע פאר אנ אוולע. עס איז א סימענ פונ ווייניק ביטאָכנ, וואָרעמ ווער עס האָט ביטאָכנ, ווייסט, אז ווו גאָט וויל, דאָ

העלפט ער, און עס איז נישט קעדײַ אײַנצושטעלן דעם גוף מיט דער נעשאָמע! וואָרעם, לויט מענטשן דערציילן, איז אמעריקע פאר דער נעשאָמע א סאך מעסוקענער, ווי דער יאמ צום גוף. דאָס ייִדישקײַט, זאָגט מען, גיט מען באלד אָפּ אפּ דער שיף, ווי דער יאמ גיט זיך נאָר א שאָקל! באלד עסט מען פּאס-אקום, מע קליידט זיך דײַטש, ווײַבער טראָגן שײַטלען! און יעש-אוימרים — אפילע אייגענע האָר. און, א וועהאָרײַע, — מע זאָגט, אז אין גאנצ אמעריקע איז קיין איינציקער גוטער-ייִד נישטאָ. און איך וויים טאקע נישט, וויאזוי מע לעבט דאָב. וויאזוי מע גיט זיך אן אייצע בא פּארנאָסע-זאכן, אָדער אז מע ווערט, באסוועשאָלעם, קראנק, צי וואָס א מענטש קאָן זיך טרעפן! איך זאָג דיר, אז ווער עס פאָרט אין א טומע ארײַן, איז טאקע מיסכײַעוו בע-נאפשוי, גייט ער טאקע ווי א נאריש פייגעלע אליין אין דער נעצ ארײַן! און ביפראט א ייִד א לאמדן. וואָרעם, וואָס גרעסער דער מענטש איז, איז גרעסער די סאקאָנע, מער לאָקערט אפּ אים, ראכמאָ-נעליצלאן, די קליפּע און וויל אים גיוועלטיקער זײַן, צי מיט אשירעס, צי מיט נאָשים יאָפוים; די קליפּע האָט שוין אירע קיילים צו דער ארבעט...

דעריבער איז מײַן אייצע פאר דיר, אז קאָלזמאן דו ווייסט נישט, וואָס דאָרטן טוט זיך, פּארגעס אָן דער זאך! האָסטו פּארנאָסע פון די ציבעלעס, איז מא-טוויוו; באסוועשאָלעם — נישט, האָב איך פאר דיר אן אנדערע אייצע. אימירצעשעם, אז דו וועסט קומען אפּ דער כא-סענע, וועל איך שוין זען שאָלעם צו מאכן צווישן דיר און אישטי באוועלע, טיביע. פאָרט איין פליש און בלוט. און בעטעווע, זײַ ווייסן, איז זוגאָסי באווע-גיטל זייער א גוטע; זי וועט דיר בעוואָדע מויכל זײַן, און אז עס וועט זײַן שאָלעם-ווע שאלווע, און זי וועט פאָרן באלד, אימירצעשעם, נאָך דער כאסענע קיין וואַרשע, — וועסטו בלײַבן בא-לעבאָסטע. און אז זי וועט, אימירצעשעם, בעשאָלעם און געזונט צו-

ריקומען, וועט זיך אויך נאָך געפינען פאַר דיר אַן אָרט באַם טיש, ווי אויך אין שטוב — א בעט צו שטעלן. עס זײַנען שלעכטע צײַטן. נאָר א שוועסטער איז א שוועסטער, שנײַדט מען דינערע שטיקלעך הערינג.

נאָר אָן דעם אַלעם האָבן מיר דאָך א גרויסן גאָט, באָרוך-הו, ער זאָל נישט קאָנען שפּײַזן איינע באָסערוועדאָם — א ייִדענע!

נארישקײַטן!

און אַפ דער כאַסענע זאָלסטו, לעמאַנאַשעם, קומען פרי, זאָלסט קאָנען כאַווע-גיטלען א ביסל צוהעלפן. אַפ דעם איז מען אויך א שוועגערין! דו דאַרפסט זען, מע זאָל נישט מוזן, אין הײַנטיקע שלעכ-טע צײַטן, צונעמען נאָך א סאַרווער צי א קעכן... נאָר לעמאַנאַשעם, פון דעם, וואָס איך שרײַב דיר דאָ, דערזיקער וועגן איבערבלײַבן בא אונדז אַפ שפּעטער, זאָל בלײַבן בא דיר בעסאָד, כאַווע-גיטל זאָל נישט וויסן, אַז איך האָב אַזוינס געשריבן. דאָס דאַרף זיך אַליין מאַכן, פון זיך אַליין... דו ווייסט, אַז כאַווע-גיטל האָט פײַנט, מע זאָל איר אין שטוב-זאַכן אײַנצעס געבן... און באַטועך בין איך, אַז עס וועט זיך מאַכן. א ייִדענע בלײַבט א ייִדענע, כאָטש זי מיינט, אַז זי גייט אין ספּאָדעק! דעריבער טאַקע שרײַב איך דעם בריוו, ווען זוגאָסי כאַווע-גיטל איז נישטאָ אין דער היים; זי איז אַרויסגעגאַנגען אָפּשטעלן מיטן באַדכן, מיט קלעזמער. איך וויל איר אפילע נישט זאָגן, אַז איך האָב דיר געשיקט א כאַסענע-בריוול; לאָז זי מיינען, אַז דו ביסט אַזוי גוט און פרום געווען, אַז דו ביסט אַליין געקומען!

און האַשעמיִסבאָרעך זאָל טרייסטן דיך מיט אַלע אַווײליי-ייִסראָ-על, און לאָז אויסשפּרייטן די פליגל פון ראַכמאָנעס אַפ אַלע אַגונעס, אָמיין! קיין יעהי ראָצוינ!

אַכויסי כאַנע! דו וועסט דיך מעיאַשעוו זײַן, בלײַבן דאָרט אָדער קומען צו אונדז אַפ שטענדיק, — לעמאַנאַשעם, אַפ דער כאַסענע זאָלסטו קומען! דורכויס קומען! און דו וועסט קיין כאַראָטע, כאַסווע-

שאָלעמ, נישט האָבנ! עס וועט זײַנ, אימירצעשעמ, א שיינע כאַסענע. עס קאָנ נאָכ מעגלעכ זײַנ, אז ער אליינ, זאָל מאריכ יאָמימ וועשאָנימ זײַנ, וועט קומענ אפ דער כאַסענע. עס וועט מיר קאָסטנ א מאַטמענ, נאָר עס איז קעדײַ! פארשטייסטו, אז אפ אזא כאַסענע איז קעדײַ צו קומענ!

פונ מיר, אָבינ

מ ע נ א כ ע מ-מ ע נ ד ל.

זוגאָסי כאַווע-גיטל איז בעזו האָרעגע געקומענ פונ מארק, אונ זע א סימענ, אז עס איז שוינ אזוי מינ-האַשאָמאַימ באַשערט,— זי אליינ האָט מיר געזאָגט, אז איכ דארפ מיכ פאר איר מיטנ בריוו נישט צו באַהאלטנ, אז זי האָט אפ דיר קיינ פאריבל נישט. איר אייצע איז, זאָלסט פארקויפנ די ציבעלעס, מאכנ זיכ א מאלבעש אונ קומענ לײַטנ גלײַכ, ווי א טײַערע מעכוטענעסטע, אפ דער כאַסענע.

קיינ מאַטאָנע, זאָגט זי אויכ, דארפ מענ נישט. אונ האנדלענ מיט ציבעלעס קאָנ מענ, זאָגט זי, בא אונדז אויכ.

איכ זאָג דיר, אז זוגאָסי כאַווע-גיטל איז א גוטע אונ א כאַכאָמע. אונ אז דו וועסט נאָר נישט זײַנ אײַנגעשפארט, וועט זיכ אלצ ענדיקנ בעכי טויוו; וועסט, מיט גאָטס הילפ, זענ!

אָבינ האַנאַל.

א נישט-געענדיקטער בריוו פונ כאַנענ צומ מאַנ

מאַזלטאָוו דיר, מײַנ טײַערער, קאָשערער מאַנ, מאַזלטאָוו דיר!

נא דיר, הער פונ אונדז יעשועס ווענעכאָמעס! גאָט זאָל געבנ, איכ זאָל פונ דיר אויכ הערנ אזוינע גוטע בסורעס, אזוינע יעשועס ווענע-

כאָמעס; אָמיינ, קיינ יעהי ראָצוינ! מיר זייַנענ דאָכ, ווי דו האָסט גע-
שריבנ, א זיווג אפ ד ע ר וועלט אונ אפ י ע נ ע ר וועלט!

ערשטנס, קומ איכ דיר, מייַנ טייַערער מאנ, צו מעלדנ, אז דער ברודער מייַנער מענאכעמ-מענדל, שעיכיע, וועישטוי כאווע-גיטל, שעטיכיע, זאָלנ ביידע דערלעבנ מאָשיעכס צייַטנ, האָבנ מיר אלצדינג מויכל געווענ אונ האָבנ מיכ אראָפּגעברענגט, אינ א מאזלדיקע שאָ, צו זייער טאָכטער אפ דער כאסענע — אפ סאָשע-ביילעס כאסענע.

א כאסענע איז געווענ גאָר א שיינע, שענער קאָנ שוינ נישט זייַנ! געלויבט איז האשעמ-יִסבאָרעכ, וואָס איכ האָב זויכע געוועזנ אונ דער-לעבט צו זענ אזא כאסענע! עס איז געווענ מיקאָל-האמינימ פליישנ, אָפּ אונ רינד-פלייש; הייַנט פישנ, אזוינע פיש אונ געפילטע פיש, אונ נאָכ אלערליי מייַכאָלימ; אכוצ ווייַנ, בראָנפנ, האקל קאשער לאקל...

אונ אלצ איז געווענ אזוי געראָטנ, אזוי פייַנ! אונ איכ אליינ האָב דאָס פלייש געקאָכט, די פיש געפילט, דעמ צימעס געמאכט, צומ טיש געגרייט, אונ פריִער נאָכ אלצ אליינ איַינגעקויפט!

איכ בינ, באָרעכאשעמ, די גאנצע באלעבאָסטע געוועזנ! די סארווער-קע אויכ; וואָרעמ געקומענ בינ איכ נישט צוליב דעמ נאכעס אליינ.

איכ האָב מייַנ ביסל ציבעלעס פארקויפט, געמאכט מיר א שטיקל מאלבעש אונ געקומענ, אפ מייַנע קרוווימס פארלאנג, גאנצע אכט טאָג פאר דער כאסענע; וואָרעמ עס האָט נישט געהאט ווער צו טאָנ, מאכמעס די קאלע אליינ איז פארטאָנ געוועזנ אינ די מאלבושימ, זי האָט פארברענגט ביז צומ כופע-טאָג באמ שנייַדער, באמ שוסטער, אפילע באמ גאָלדשמיד!..

אונ כאווע-גיטל, נעבעכ, די שוועגערנ מייַנע, — הוסט! אונ די מילצ, זאָגט מענ, איז בא איר נישט ווי עס דארפ צו זייַנ!

בינ איכ טאקע געווענ די גאנצע מעכוטענעסטע, פ א ר דער כאסענע אונ נ אָ כ דער כאסענע, נאָר נישט א פ דער כאסענע. בע-

שאס האכאסענע בינ איכ געווענ זייער מיד אונ פארמאטערט. איכ בינ מיר געזעסנ אינ א ווינקעלע אונ געוויינט פאר גרויס נאכעס, וואָס איכ האָב זויכע געווענ כאסענע צו מאכנ מײַנ ברודערס טאָכטער; אויכ — וואָס זי האָט געהאט אזא לײַטישע כאסענע.

אונ אפילע נאָכ דער כאסענע האָבנ זיי מיכ אויכ, כאסוועשאָלעם, נישט באלד ארויסגעטריבנ.

טייקעפ נאָכ דער כאסענע איז די שוועגערנ, זאָל געזונט אונ שטארק זײַנ, געפאָרנ קיינ לובלינ צו א דאָקטער זיכ אנ אייצע צו האלטנ, צו וועלכנ דאָקטער זי זאָל פאָרנ קיינ ווארשע.

דערנאָכ איז זי געפאָרנ קיינ ווארשע, אונ איז אויסגעווענ בא אלע גרויסע דאָקטוירים; פונ דאָרט איז זי געפאָרנ ערגעצ אנדערש, וואסער טרינקענ, — מינעראל-וואסער הייסט עס, — אונ איבער דער גאנצער צײַט, לעערעב זעקס כאדאָשים, בינ איכ געווענ די גאנצע באלעבאָסטע אינ שטוב. האשעמיִסבאָרעב זאָל עס זיי געדענקענ אונ זאָל זיי דערפאר באלוינענ!

קיינ קעבנ איז נישט געווענ, האָב איכ געקאָכט... אונ דערפונ האָב איכ פיל נאכעס געשעפט, ווי פונ א ברונעם!

ערשטנס, האָב איכ קיינ צײַט נישט געהאט צו קלערנ אונ צו טראכטנ, אונ בינ, כאסוועשאָלעם, נישט מעשוגע געוואָרנ, אפילע נישט ארײַנגעפאלנ אינ א מאָרעשכוירע! אונ קיינ צײַט האָט נישט געקאָנט זײַנ, וואָרעמ די שעפע איז בא מײַנ ברודער, באָרעכאשעמ, גרויס.

די שענק איז, באָרעכאשעמ, פול; מע לייזט שטיקער גאָלד, העג פונ יידנ אונ העג פונ גוייִמ, לעהאוודל!

אונ מײַנ שוועגערנס, כאווע-גיטל, טיכיע, געפילטע פיש האָבנ, באָרעכאשעמ, א נאָמענ אפ דער וועלט, אונ אנ אוילעמ זיצט, באָרעכאשעמ, עסט אונ טרינקט.

האָט זיך אמאָל פּאסירט, אז איך האָב פּאָרט אָנגעהויבן עפּעס אי־בערצוקלערן, און האָב מיך געוואָלט פּארטראכטן, איז אפּ דעם געוועזן אונדזער ביילע־סאָשע, זאָל לעבן, זי האָט מיך באלד דער־מאָנט! און אַן אויג האָט זי, קיין אײנאָרע, א גוטס, באלד דערזעט זי!
און אזוי איז אלץ געגאנגען בעדערעב־האיאָשער...
פאר גרויס נאכעס, וואָס איך בין דאָ די גאנצע באלעבאָסטע, האָב איך איינמאָל ארויסגעוואָרפן א טראָפּן בלוט פון האלדז, איין טראָפּן, נישט מער.
דאָס האָט ווײַטער דערזען מענאכעם־מענדל, זאָל געזונט זײַן, האָט ער מיר אָנגעזאָגט זאָהייר־ועהיזאָהייר, איך זאָל מיך נישט מאכן ווייסנדיק! וואָרעם ווערט מען, כאסוועשאָלעם, געוואָר, וועט מען, כאָלילע, ווײַכן זײַן שטוב. יאָסל גאסטהײַזער פון קעגנ־יבער וועט באלד זאָגן שווינד־זוכט און פּאָטער! אונדזער זײַט גאס וועט מיט גראָז פּארוואקסן ווערן!
ביילע־סאָשע אָבער איז קליגער פאר אים. זי האָט באלד פארשטא־נען, אז עס איז נישט קיין שווינדזוכט, נאָר אז איך האָב געמוזט כאפּן א שטיקל פּיש און אײַנשלינגען און צעראצט זיך דעם האלדז מיט א ביינדל. און קעדיי איך זאָל, כאסוועשאָלעם, נישט דערשטיקט ווערן, האָט זי מיר דערלאנגט אין די פּלייצעס: דאָס ביינדל זאָל ארײַן אָדער ארויס און נישט בלײַבן, כאסוועשאָלעם, שטעקן אין האלדז. פאר גרויס ליבשאפט האָט זי מיר צו א שטארקן קלאפּ געטאָן, דאָס ביינדל פון פּיש איז אוואדע ארויס, נאָר דערבײַ האָבן מײַנע ביינער א ביסל געליטן...
דאָס אלץ איז איבערגעגאנגען בעשאָלעם, און כאווע־גיטל, זאָל געזונט זײַן, איז צוריק געקומען פון וואסער־טרינקען.
געקומען איז זי, געלויבט האשעמיִתבאָרעך, פריש און געזונט, א מעכײַע געווען צו קוקן! געלויכטן ווי די זון! הײַנט האָט זי אָנגע־בריינגט מאטאָנעס, — גאָר פײַנע זאכן: פאר זיך, פארן מאן, פאר דער

טאָכטער מיטן אײדעם... טײַערע מאַמאַנעס. נאָר מיר האָט זי קײן מאַמאַנע נישט געברענגט; איך בין, זאָגט זי, כאַסװעשאָלעם, קײן דינסט נישט, מע זאָל מיר שענקען מאַמאַנעס, מע צאָלט מיר דען סכירעס? איך בין דאָך געװען באַלעבאָסטע!

כאװע-גיטל אַלײן האָט קאַמע-פּעאָמים געזאָגט, אַז איך בין געװען די גאַנצע באַלעבאָסטע, און האָב געטאָן, װאָס מײַן האַרץ האָט געגלוסט!

און קוים איז כאװע-גיטל געקומען, איז זי געװאָר געװאָרן, אַז מענאַכעם-מענדל איז איבער דער גאַנצער צײַט נישט געװען באַם רעבן, האָט זי פאַרבראָכן די הענט, אַז די בײנער פון די פינגער האָבן געקנאַקט, און האָט מיך באַלד אַרויסגעשיקט אין מאַרק אַרײַנן דינגען אַ פור.

נאָך דעם זעלבן טאָג איז מענאַכעם-מענדל, זאָל געזונט זײַן, אַװעקגעפאָרן אין אַ מאַזלדיקער שאָ צום צאַדיק.

און אַף מאָרגן האָט מיר כאװע-גיטל אָנ אײַצע געגעבן, איך זאָל צוזאַמענעמען מײַנע זאַכן און גײן צו אַלדי גוטע יאָר... װאָרעם װיבאַלד זי אַלײן איז דאָ, און בײלע-סאָשע העלפט איר צו, בין איך דאָס פינפטע ראָד באַם װאָגן און װעל נאָך, כאָלילע, מעשוגע װערן פון לײדיקגײן. זי האָט מיר געראָטן, ענטװעדער איך זאָל פאָרן צוריק, פונװאַנען איך בין געקומען, אָדער דאָ בלײַבן און טאָן, װאָס מײַן האַרץ װעט גלוסטן. זי זאָגט מיר, כאָלילע, קײן דײע נישט.

נאָך די זעלבע נאַכט האָב איך שוין אין איר שטוב נישט גענעכטיקט.

אַ שײנע נאַכט איז געװען, האָב איך זיך דורכשפּאַצירט אין אַלע גאַסן מיטן פּעקל אונטערן אָרעם.

זעסטו דאָך, מײַן טײַערער, קאָשערער מאַן, אַז מיר איז, באָרעכאַשעם, גאַנץ גוט, אַז דו דאַרפסט מיר מער קײן געלט נישט שיקן, װי

דו פלעגסט אמאָל שיקן. גיב בעסער דאָס געלט לייב כאַזן, ער זאָל דיר קויפן שאַס, אָדער גנענדל־סאָפיען, זי זאָל דיר לאָזן מאַכן העמדער, און זע, לעמאַנאַשעם, זי זאָל דיר אַליין די העמדער אָנמעסטן, און זען, ווי זיי ליגן, די העמדער,— עס איז דאָך אמעריקע!

זעסטו, מײַן ליבער, טײַערער מאַן, אַז איך בין שוין מער קיינעם נישט כוישעד אומזיסט. איך זאָג שוין נישט, אַז גנענדל, לייב כאַזנס טאָכטער, האָט בא מיר צוגעגאַנוועט אַ לעפל, אָדער דעם מאַן, כאַס־וועשאָלעם! און אויב איך האָב נישט — נישט דעם לעפל, נישט קיין מאַן, ווייס איך, אַז זי איז בעוואדע גאָרנישט שולדיק. איך גלייב בעעמונע־שליימע, אַז האַשעמי־סבאָרעך האָט דיך און מיך געוואָלט מעזאַקע זײַן, האָט ער דיר צוגעשיקט אַפ דער שיפ לייב כאַזן מיט דער טאָכטער, זיי זאָלן דיך פאַרזאָרגן; קעהאַוואיע — אַלץ ווי דו האָסט מיר געשריבן. נאָר איין זאַך וועט נישט זײַן, ווי דו האָסט גע־זאָגט! זאָלסט אפילע אויס דער הויט שפּרינגען, וועסטו נישט שיקן קיין שאָלעך־מעיוכעד נאָכן קינד, זאָלסט עס צונעמען פון מיר צו דיר קיין אמעריקע. וואָרעם דאָס קינד אונדזערס איז, אין דײַן זכוס און זכוס פון דײַנע אָוועס — לאַנג שוין נישטאָ; מע האָט עס באַהאַלטן ערגעץ אַפן בעסוילעם, אין אַ קליין שטיבעלע אָן אַ טירל, אָן אַ פענצ־טערל,— שרײַ כײַ־וועקײַעם, וועסטו נישט וויסן, ווו זײַנע ביינדעלעך ליגן! קיין שום מאַציוווע, קיין שום סימען, גאָרנישט! זוך דעם ווינט אַפן פעלד!

די אַסקאָרע האָט עס צוגענומען אונטער אירע פליגל...

און ווײַל דו ביסט דער גרויסער באַלזיקאָרן און געדענקסט אַלץ, וואָס איך האָב געערדט, און אַלץ, וואָס איך האָב געטאָן, וועל איך דיר דערציילן אַ מײַסע, עפּשער וועסטו זי אויך געדענקען! עס איז אַ מײַ־סע מיט אַ שאַל, וואָס איך האָב נישט געוווסט, וואָס מיט איר צו טאָן: צי זאָל איך זי כאַפּן אַפ מיר און אַרויסלויפן זוכן אַ דאָקטער

צום קינד, אָדער איך זאָל פֿאַרשטאָפּנ מיט דער שאָל די צעבראָכענע שויב, דער שנײַ זאָל נישט אַרײַנ צום קראַנקנ קינד אינ שטוב אַרײַנ, אָדער איך זאָל צודעקנ מיט דער שאָל דאָס הייזעריקע קינד, וואָס עס שטיקט זיך, נעבעך.— אונ די קעלט איז גאָר גרויס, גאָר גרויס! א סאך מאָל בינ איך אהינ אונ צוריק געלאָפֿנ: פֿונ קינד צום פֿענצטער, צו דער טיר, אונ צוריק פֿונ טיר צום פֿענצטער, צו דער וויג... אבי געלאָפֿנ! דו ווייסט שוינ, מײַנ געטרײַער מאנ, מיינ איך, די מינוט נישט פֿארגעסנ. וואָרעמ, ווי דו, מײַנ טײַערער מאנ, זאָגסט, בינ איך צוגעבונדנ צו דיר, דו צו מיר אונ ביידע צום קינד, אונ אצינד, אז דאָס קינד איז נישטאָ, קאָנענ מיר ביידע שוינ אויך נעלעמ ווערנ,— נאָר וואָס וועט גנענדל זאָגנ? דעמ עמעס זאָגנדיק, איז בא מיר געבליבנ, איך זאָל זיך לאָזנ וואקסנ לאנגע האָר אונ אָנטאָנ זיך, ווי מע טראָגט זיך אינ אמעריקע. אויך ווייסטו דאָך, אז איך האָב א זימ קאָל, אז איך פֿלעג נאָכזינגענ אלע טפֿילעס, אונ אצינד, אז איך בינ געווענ באמ ברודער מענאכעמ-מענדל, זאָל געזונט זײַנ, אינ גאסט-הויז, האָב איך נאָך געהערט פֿונ שיקערע פּויערימ אלערליי שיינע לידער,— האָב איך מיך דאָס אויך אויסגעלערנט, אונ איך זינג אוואדע אזוי גוט, ווי גנענדל, אונ עפּשער בעסער פֿאר איר, אונ קאָנ מער לידלעך פֿאר איר. אונ נעכטנ באנאכט, אז איך האָב געכעכטיקט אונטערנ בלויזנ הימל, איז נאָך צו מיר געקומענ די מאלקע שוואָ אונ האָט מיך אויסגעלערנט טאנצנ — אונ א גאנצע נאכט האָב איך ארומגעטאנצט מיט דער מאלקע שוואָ קעגנ דער לעוואָנע.

אונ דו, מײַנ ליבער שמועל-מוישע, האָסט גאָר א מעקעך-טאָעס געהאט! וואָרעמ איך בינ בעסער פֿאר גנענדלען. וואָרעמ איך געדענק גאנצ גוט, אז זי האָט געהאט צוויי פּעפּערלעך, איינעמ אפֿנ לינקנ אויער אונ א צווייטנ אפֿ דער רעכטער באק, אונ — א נעזל א ביסל א פֿארדרייטס. אונ איך, ווייסטו דאָך, האָב א ריינ לײַב, אָנ א שומ פּע-

פערל, כאַסוועשאָלעמ. — דו האָסט געמיינט, אַז נאָר גנענדל קאָנ זינ-
גענ אונ יעדנ פרײַטיקצונאַכטס טאַנצנ, אַז זי אַליינ קאָנ זיכ לאָזנ
וואַקסנ צעפּ, אַנדערע קאָנענ גאָרנישט די טוירע! נאָר איכ בינ, כאַס-
וועשאָלעמ, אַפ דיר נישט אינ כאַס; האַלט דיכ אָנ איר! מיר איז גע-
נוג, אַז איכ האָב דעמ קינדס קייווערל, איכ גיי אַהינ, איכ וועל מיר
דאָרט אויסבויענ אַ קליינ שטיבעלע אונ זיצנ דאָרט ביז האַלבער
נאַכט, ביז דער האָנ וועט קרייענ. דעמ קינד וועל איכ דערציילנ זיס
אונ שטיל פונ זײַנ טאַטנ שמועל-מוישענ, וועט ער שטאַרק האַנאָע
האָבנ! אונ אַז דו וועסט אַליינ קומענ, אָדער שיקנ אַ שאָליעכ-מעיוכעד
נאָכנ קינד, וועל איכ אײַכ מיט די נעגל די אויגנ אויסקראַצנ, וואָרעמ
דאָס קינד איז מײַנס, נישט גנענדלס — יִמאַכ שמאָ וועזיכראָ זאָל זי
ווערנ מיט דיר אינאיינעמ — — —

(דער בריוו איז קענטיק נישט קיינ געענדיקטער; מע האָט אימ געפונענ
צוזאַמענ מיט די אַנדערע בריוו אינ קעשענע בײַ דער משוגענער כאַנע).





# נאכעס פונ קינדער



עגנ נאכעס פונ קינדער רעדט איר?

אמאָל איז געווענ; נישט קײנ הײַנטיקע סכוירע!

מײַנ באָבע, לעמאָשל, פלעגט כאַמישעאָסער פּאַקנ עט-לעכע פערציק פּעקלעך באָקסער און ראָזשינקעס מיט מאַנדלענ פאַר אײניקלעך און אורײניקלעך; א פּסאָמים-קרעמל האָט זי געהאַט, די באָבע, און געגאַנגענ — אָנ א שטעקנ, גע-קוקט — אָנ א בריל, נאָר די האַנט האָט איר א ביסל געציטערט, האָב איך איר געפירט די רעשימע פונ די אײניקלעך; מײַנ קסאַוויאַד איז איר געפעלנ — איך פלעג איר אויסמאָלנ געקסיוועט די ראָשײ-טײוועס; דערפאַר האָב איך צוויי פּעקלעך באַקומענ. איך פלעג איר לײענענ די רעשימע, און זי, אָלעהאַשאָלעמ, פלעגט נאָכציילנ אפ די פינגער. ביז עטלעכע און דרײַסיק האָט איר דער קאָל געציטערט פאַר פאַכעד, צי

וועט איר נישט כאַסוועשאַלעם פאַרפעלן, פון פערציק אָן האָט זי מאַמעש נאָכגעזונגען... קומט צוויי און דרײַ און פערציק, טאַנצן איר שוין די שפּיזלעך פון זאָק צווישן די פינגער.

נאָר דאָס איז שוין דעמלט אויך געווען אַן אויסטערלישע זאַך: אַ בראָכע — האָט מען געוווסט — פון ערשטן אַפּטער צאַדיק, זיכרוינוילעווראָכע. אָבער אייניקלעך? — וועלכער ייִד האָט עס נישט געהאַט און נישט געטאַנצט אויף כאַסענעס פון אייניקלעך? אַז עס האָט זיך געהערט, ראַכמאָנעליצלאַן, באַ אַ לעווײַע, אַז דער באַרמינער האָט אַפּילע נישט די זכיע געהאַט צו פירן כאָטש איין אייניקל צו דער כופּע, פלעגט טאַקע אָנכאַפּן אַ גרויל; האָר און נעגל האָבן זיך געשטעלט קאַפּויר, און אַ יעלאָלע האָט זיך צעגאָסן ווי צו „אונעסאַנע טויקעפ".

אַנדערע צײַטן! געבענטשטע!

עס איז דאָך נאַריש צו זאָגן: קיין דײַגעס האָבן נישט געפעלט. אַקלאַל? האָט מען געדײַגעט!.. אָן דײַגעס וואָלט אַ באַר-נאַש גאָר פאַרגעסן, אַז עס איז פאַראַן אַ בוירע-אוילעם אויף דער וועלט! און גלאַט, פּרווו עס אַ גאַנצן טאָג ריין שמאַלץ! אָבער דערפאַר זײַנען געווען סימכעס: דעם שנײַדט זיך צו מאַזל דאָס ערשטע ציינדל, די האָט די ערשטע כאָכמע געזאָגט, צי דער מוטער דעם ציפּיק אָפּגעריסן, יענע זאָגט שוין „טוירע ציווע לאָנו" ווי אַ וואַסער, און דער הייבט אָן כומעש, יענער קנאַקט אַ דראָשע צו באַרמיצווע... און כאַסענעס, שאַלעם-זאָכערס, בריסן, פּידיען-האַבענס, וואָס איר ווילט; אַ גאַנץ גייענדיק יאָר „לעקעך און בראָנפן"... איין אייניקל גייט אַוועק, און פיר קומען אָן; דרײַ נײַע כאַסענעס פאַר איין געט; אַז עס קומט יאָמטעוו און מע הייבט אָן צו רימפּלען, פאַלט מען טאַקע פון די פיס!

און אַז מע קומט צו צום ברעג און מע ווערט גערופן אויף יענער-וועלט, האָט מען אַן אייגענע לעווײַע... קינדער און אייניקלעך פון עק צו עק גאַס! אויסער, אַז עמעץ האָט מוירע פאַר די „רוכעס לעוואַטאָ-

לע'', און וויל זרע של קימא זאָל נישט גיין, אבי יענע זאָלן קיין שליטה נישט האָבן צו גיין נאָך דער מיטע, איז עפּעס אַנדערש!

און היינט? היינט, אַז אַ ייִד מאַכט כאַסענע, מאַכט ער כאַסענע בעסאַד-סוידעס — עס איז אַ בושע געוואָרן! אַלטמאָדיש!.. אַ קינד ווערט געבוירן — אַל אַפּוי וועאַל כאַמאַסוי דעמ טאַטן, נאָך אַ מויל צום עסן! דער מאַמען — אַוואַדע, זי וועט שוין נישט קאָנען אָפּליי-קענען, אַז זי איז שוין קיין בסולע נישט... און אַ לעווייע איז: אַ פּאָר פערד מיט אַ שמייסער — אויב מע האָט שוין קינדער, זיינען זיי צע-שפּרייט און צעזייט...

נאַכעס פון קינדער — כאַ, כאַ, כאַ!

ווען איך זאָל האָבן נאַכעס פון קינדער, וואָלט איך קיין וואַרשע נישט געקומען, קיין שולעכל נישט געהאַלטן — אַן אַפּטער בין איך! עס איז אָבער נישט באַשערט געווען.

זיבן קינדער האָב איך געהאַט: דריי ייִנגלעך און פיר מיידלעך. זיינען מיר, נישט פאַר אייך געדאַכט, צוויי ייִנגלעך און איין מיידל אוועקגעקומען... ביידע ווילע ייִנגלעך געווען — אילוים! איינמאָל איז איינער אהיים געקומען פון ביידער מיט קאַפּווייטעק און איז אָפּגע-לעגן אַכט טעג אין היץ און איז שוין צו-זיך נישט געקומען; דאָס צווייטע מאָל, עפּשער דריי כאַדאָשים שפּעטער — דער צווייטער. דאַכט זיך, געהיט ווי אַן אויג אין קאָפּ, נישט אַרויסגעלאָזט אָן אַ שאַלעכל אַפּן האַלדז, נישט אַרומגעלאָפן, נישט שפּאַצירט, זומער נישט געבאָדן, ווינטער נישט געגליטשט — גאָרנישט, גיי וויים זיינע דראָכים. דאָס מיידל האָט, לוי-אַלייכעם, געקריגן פּאָקן... געבליבן זיינען פיר נעפאַשעס, דריי מיידלעך און אַ בעניאָכיד, און נאָר איינע, די עלטסטע, האָב איך צו דער כופּע געפירט.

צוויי טעכטער וואקסן מיר אף דער וועלט אין די גרויע צעפּ ארײַן, און דער בען, דער בעניאָכיד מײַנער, ביניאָמין הייסט ער, נאָך מײַן זיידן דעם צאדיק, אָלעוואשאָלעם, איז מיר נעלעמ געוואָרן... צוויי יאָר האָב איך אפילע זײַן אדרעס נישט געהאט.

און ווייסט איר, ווען ער איז אוועק? בא דער מוטערס לעווײַע... באַם פרישן קייווער, קוים קאדעש אָפּגעזאָגט — ער איז נישטאָ! קיין רעגע שיווע נישט געזעסן; גלײַך פון בײס-האבאַזים אין דער וועלט ארײַן! וואָלט עס אין אמאָליקע צײַטן א קינד אײַנגעפאלן? און ווי אלט איז ער דעמאָלט געווען — א יאָר זיבעצן! ערשט יענע וואָך האָט מען מיר דאָס קישן פארקויפט על כעזשבן פון די דרײַ הונדערט רובל קנאס...

און וואָס, מיינט איר, האָב איך דעמאָלט גערעכנט? איך זיץ באַם איי מיטן בייגל און קלער: ער האָט זיך א מײַסע געטאָן! וואָרעם גע-ווּסט האָב איך, אז נאפשוי קשורא בענאפשאָ! א י ך בין געווען בא זיי דער גאַזלען, דער רעצייעך, זי — די הארציקע מאמע. און פארוואָס? ווײַל איך האָב געוואָלט, עס זאָל זײַן אי צו גאָט אי צו לײַט. און זי, אָלעהאשאָלעם, א נעקייווע, האָט זיי אלץ נאָכגעגעבן. מיט בייזן, פלעגט זי זאָגן, טאָר מען נישט! נישט די צײַטן! ביניאָמין אנטלויפט פון כיידער — „זאָל ער נ י ש ט לערנען, קיין ראָוו וועט ער סײַווײַסי נישט זײַן“. פארוואָס נײט זײַן? שווײַגט זי. ביניאָמין גייט ארום פוסטעפּאָס אונטער דער שטאָט, ליגט אָפּ גאנצע טעג באַם טײַכל, אין וועלדל, הרײַ וויאָרסט מיט א שמיץ אונטער דער שטאָט, — זי באשטייט. בעט איך מיך באָטש: יונגאטש איינער, ליגסט באַם טײַך, נעם כאָטש א ווענטקע און כאַפּ אמאָל א פישל לעקאָוועד שאבעס; בלאָנקסט דיך ארום אין וואלד, קלײַב אָן א ביסל שוואָמען צי יאגדעס, אפילע שלאָף-עפּעלעך — נישט קיין גוטע צײַטן, אליין קיין סויכער בין איך נישט, מעקלערײַ בא טווּוע פאלט, — קום צו

הילפ. הערט מען מיכ, מיינט איר? ער האָט ליב צו קוקנ אפנ וואסער און אפ די ביימער, אָבער די האנט אינ קאלט וואסער צו טאָנ — דאָס נישט! און זי שוויַיגט! און קומט ער אהיימ, באשמירט די טישנ מיט קריַיד, די ווענט — מיט קוילנ און מאָלט קייסער-מענטשנ אָדער וואָס עס קומט אימ אינ קאָפּ אריַינ, איז אויכ רעכט! וויל איכ עפּעס זאָגנ — לאָזט זי נישט. און וואָס זאָל איכ טאָנ? אזוי ווי איכ עפנ דאָס מויל, ווערט א געקוקעריַי אפ איר, בעט מען זיכ בא איר מיט די אויגנ: ראטעווע פונ גאזלענס הענט! און זי דארפ נישט מער. באלד קומט איר וואסער אינ די אויגנ אריַינ, דאָס פּאָנעמ ווערט איר בלאס און וויַיס, ווי א קריַיד, און די הענט הייבנ איר באלד אָנ צו ציטערנ, א שוואכע געווענ, און טו עפּעס! איכ האָב אפילע נישט געקאָנט בא אימ פּויעלנ, ער זאָל זיכ אויסלערנענ שריַיבנ, ווי א מענטש. פונ געקסיוועט רייד איכ שוינ נישט; נאָר, יונגאטש, האָסט א געבענטשטע האנט, מאָל מיר נאָכ א לאמעד, א פּארדרייטע פיי — דאָס נישט! דאָס קומט דאָכ צוניצ! נאָר קייסער-מענטש, בלעטער, צוויַיגנ און שיידימ ווייסנ וואָס... און ווי א יונג האָט קיינ פּאכעד נישט: איינמאָל האָט ער אופגעמאָלט א וואסער-מענטש! „האָסט געזענ — פרעג איכ — א וואסער-מענטש?” — אוואדע! — זאָגט ער, און לאכט.

מיינט איר עפשער, אז זי האָט בעעמעס מיט זיי געהאלטנ, אז זי האָט טאקע געוואָלט, אז ביניאָמינ זאָל ווערנ א פּאָרטרעטנ-מאכער, אָדער סאָרע-לייע זאָל זיכ שטעלנ פאר א דינסט, צי ביילע-גיטל זאָל ווערנ א נייטערנ? אָסער-כאזער! אירע זיפצנ האָב איכ געהערט. גאנצע נעכט פלעגט זי איבערקרעכצנ; פארשטופּנ דאָס פּאָנעמ אינ קישנ אריַינ, דאָס געוויינ צו פארשטיקנ... און וואָס זי פלעגט אויסכאלעשנ און אויסוויינענ יאָמימ-נויראָימ? גאנצע שטיקער טכינעס און מאכזער פלעג איכ איר מוזנ געקסיוועט איבערשריַיבנ; אויסגעווייקט האָט זי

עס, שטיקער זײַנען געפֿלויגן, און קיין נײַעם סידער האָט זי נישט געוואָלט... בעסער א מויד א בענדל צו קויפֿן... אַלץ איז זיי אַרײַן!

און וואָס איז געווען דער איקער געוויין? זיי האָבן געזאָגט, אַז אַפֿ מיר וויינט זי! באַשער בעכיין, איך האָב איר אַמאָל, ווי בא שלעכטע צײַטן און שלעכטע קינדער דער שטייגער איז, א האַרב וואָרט געזאָגט. דעם עמעס אָבער ווייס איך, איר איינציק געבעט איז געווען, גאָט זאָל זיך מעראַכעם זײַן און זאָל די קינדערס הערצער איבערקערן צו גוטן... פֿאַרשטייט זיך, א ביסל וועגן פּאַרנאָסע אויך; עס האָט געפֿעלט. עט!

*

יאָ, בא וואָס האַלט איך? ער איז אַנטלאָפֿן...

האָב איך געמיינט, דער יונג האָט זיך א מײַסע אָנגעטאָן, אָדער אַזוי פֿאַר מאָרעשכוירע ערגעץ פֿאַרקראָכן און פֿאַרבלאָנדזעט... קומען אָבער אַרײַן כאַווייריִם און דערציילן, אַז ער איז אַוועק! און כאַווייריִם האָט ער געהאַט! א בעקער-יונג, א טויבן-כאַפּער און גאָר א גוייִשן שייגעץ. און פֿון אַזוינע מײַלער ווער איך געוואָר, אַז מײַן בינייאָמינ איז אַוועק! איבער דער גרענעץ איז ער! פּאָרטרעטן מאַכן וויל ער זיך לערנען. א שיינע פּאַרנאָסע! מע זאָגט כאָטש שטיבער מאָלן!

און פֿאַרוואָס, מיינט איר, האָט ער מיר צוויי יאָר נאָכאַנאַנד נישט געשריבן, ווו ער איז? ערשטנס, האָט ער טאַקע געליטן צאָרעס-צרורעס: ווו געטאָגט נישט גענעכטיקט, און הונגער, און דאָרשט, און האָט אי זיך געשעמט, אי אַפֿ קיין מאַרקע נישט געהאַט, און, צווייטנס, — זאָל דער טאַטע נישט וויסן און קיין מוסער נישט שרײַבן. וואָרעם „פּן ישמע“... טאָמער שרײַבט ער, און עס גייט

אין האַרץ אַרייַן! דער יעיצערהאָרע ווייסט זיך שוין ווי צו באַוואָרענען.

נאָר די מיידלעך, מיינט איר, זייַנען בעסער?

די עלטערע, סאָרע-לייע, וויל קלוימערשט נישט ליגן מיר אפן קאָפּ. „עס פּעלט אייַך אַליינס", זאָגט זי. מייַן פּלוינעסטע, אָלעהאַשאָלעם, באַשטייט. דעם סאָד וויים איך: מע האָט איר אַן אַלמען מיט קינדער גערעדט, האָט איר די ערד געברענט אונטער די פיס. דאָס זאָגט זי נאָר, אַז זי וויל זיך אַליין פאַרדינען... אַ קאָמעדיע! קוים וואָס איך האָב געפּויעלט, זי זאָל מיר כאָטש נישט פאַרשווארצן דאָס פּאָנעם אין אַפּט... איז זי אוועק קיין צויזמער. אַבי נישט קיין אַלמענ! דעם עמעס זאָגנדיק, מיר אַליין איז אויך אַ שאָד געווען, אַ מיידל ווי אַ גאָלד, געבליט מאַמעש, ווי אַ רויז. די מוטער אין די גוטע צייַטן אויסן אויג... און גיי ווער מיטאַמאָל אַ מאַמע פון פינף קינדער, און קיין שמאַלץ-גרוב איז עס אויך נישט געווען. אַ קליין טווע-סויכערל, קוים ער האָט זיך געשפּייַזט, נאָר אַלץ בעסער ווי אין גרויען צאָפּ אַרייַן צו דינען! און עס האָט זיך טאַקע אַרויסגעוויזן, וועד עס איז גערעכט געווען!

זי קומט פון צויזמער קיין אַפּט אַף דער מאַמעס לעוויע, ביילע-גיטל איז אויך געקומען. פון עק וועלט וואָלטן זיי געקומען! די עלטערע — נישט: גראָד אין קימפּעט געלעגן. זיצט שיווע, און דערווייַל באַנקראָטירט דאָרט אין צויזמער איר באַלעבאָס, מאַכט פּלייטע, פאָרט אוועק צו אַלדי שווארצע יאָר; דאָס ווייַב מיט די קינדער שיקט ער נאָך פרייער אוועק צום שווער... עס בלייַבט קיין לעבעדיק נעפעש... און די באַלכויוועס טרעטן צו צו דער שטוב, פאַרשרייַבן און ליציטירן אַלע זאַכן, און מייַן טאָכטערס קעסטל מיטן גאַנצן האָב אין דער מיט! אָן אַ העמד אפּן לייַב! און זי האָט זיך, נעבעך, געהאַט אָנגעקליבן אַ גאַנצן אויסשטייַער — און מיטאַמאָל — גאָרנישט! שרייַ איך צו איר:

נאַ, זע! עס איז קיין דערעכ נישט, גאָט וויל נישט אזוי... און פּונקט האָט זיך וויטער געמאכט א שידעכ מיט א גאָרוש, אויכ מיט קינדער און דאפקע נישט קיין אָרעמאן, — הערט זי מיכ? הייבט זי זיך אוף און אנטלויפט, ווי זי שטייט און גייט, קיין לובלין... און דינט דאָרט ביזן היינטיקן טאָג... זי רעכנט נאָכ צו קומען קיין וואַרשע. איכ בין איר מויכל!

א פאָטאָגראפיע האָט זי מיר געשיקט — שוין גאָרנישט דאָס קינד! גאָר נישט דאָס... גאָט ווייסט, וואָס מיט איר טוט זיך... מעשוגענע אויגן עפּעס... איכ האָב מוירע צו זאָגן: מאמעש פאַרשאַרטע, היינטיקע צייטן... א כאָסן, הער איכ, האָט זי...

— ווען ועסטו כאַסענע האָבן? — פרעג איכ אין יעדן בריוו. אף אַלץ ענטפערט זי, אף דעם — נישט!

נאָר דאָס אַלץ איז גאָרנישט קעגן דעם, וואָס די יינגערע האָט מיר געטאָן? דאָס קאָן קיין פאָלק זעלנער נישט טאָן...

א מיידל איז א נייטערן, זיי א נייטערן! ווילסט אויכ נישט כאַסענע האָבן, איז נישט! טו נאָכ דער עלטערער שוועסטער! אז עס איז א שטראָף פון זיין ליבן נאָמען! ווילסטו, זוכ דיר אליין א כאָסן... די מאמע, אָלעהאַשאָלעם, לעבט נישט, בין איכ דער גוטער, באַשטיי איכ! זאָגט זי אָבער, אז מע צאָלט איר אין אפּט ווייניק, כאפּט זי זיך אריבער קיין אָסטראָווצע. איז דאָרט, אפּאָנעם, אויכ נישט בעסער, איז זי מיר מוידיע (זי איז כאָטש מוידיע!), אז זי פאָרט אריבער קיין ראדאָם... און פאָרן פאָרט זי אליין! לעם דין וועלעם דאיען — פאר קיינעם קיין מוירע נישט! אין ראדאָם ראט מען איר, זי זאָל בעסער אריבער קיין וואַרשע. וואָס איז בא איר וואַרשע? פאָרט זי קיין וואַרשע און שרייבט מיר פון דאָרט נאכעס! פאַרדינט שוין

אזויפיל און אזויפיל, מער פאר סאָרע-לייענ... אויב איך ד א ר ף, וועט זי מ י ר שיקנ... מינאסטאמ דארפ איך נ י ש ט. דאָס הייסט, געדארפט וואָלט איך, איך האָב שוינ געהאט די שטוב פארקויפט, נאָר — מויכל! דערנאָך ווערט שטיל. עס גייט אוועק א כוידעש, צוויי און דרײַ כאדאָשימ — קיינ טמונאס אָס; ווי אינ א וואסער ארײַנ. פארקויפ איך דאָס לעצטע העמד און כאפ מיך אראָפ קיינ ווארשע — ז י ז י צ ט! דאָס סמארקאטע מיידל ווערט א מוירעד-בעמאלכוס! אז מע צאָלט איר נישט, וויפל זי וויל, וויל זי די וועלט איבערקערנ, לויפט זי ארומ מיט א רויטער פאָנ... בעט איך מיך, מע זאָל זי אָפּ-שמײַסנ און אנ עק; זאָגט מענ מיר (און קוימ איך האָב פארשטאנענ, וואָס מע זאָגט!), אז שמײַסנ טאָר מענ נישט. בעט איך מיך: גיט זי מיר אינ די הענט ארײַנ, א טאטע מעג! הערט מענ מיך ווי דעמ ראָוו, און מע פארשיקט זי אינ טיפ רוסלאנד... אפ גאנצע פינפ יאָר!

דערווײַל האָב איך שוינ נישט מיט וואָס צוריק אהיימ צו פאָרנ, שלאָגט מענ מיר אָנ א שולעכל צו דינגענ, דינג איך א שולעכל, גיב די לעצטע פאָר רובל האנטגעלט; עס גייט צו יאָמימ-נויראָימ, וועט זײַנ פארנאָסע... מאכט זיך א מײַסע, נעכטיקט עמעצ אינ שולעכל אָנ א פאס. פונוואנענ זאָל איך וויסנ, אז אינ א שולעכל טאָר מענ ביכ-לאל נישט נעכטיקנ און אָנ א פאס איז סאקאָנעס-נעפאָשעס? האָב איך דאָך אָבער זכוס-אָוועס פונ טעכטערל — פארמאכט מענ מיר דאָס שולעכל... בעט איך זיך, הייסט מענ מיר שרײַבנ פראָשעניעס, נו, שרײַב איך פראָשעניעס... הענגט עס אזוי... דערווײַל רוקט אָנ די צײַט, מאָנט מענ בא מיר דרײַ הונדערט רובל פאר ביניאָמינענ... און ער שרײַבט, אז פארטרעטנ מאכנ קאָנ ער שוינ, באָרעכאשעמ, נאָר פאר-דינענ פארדינט ער נאָך נישט. דערווײַל פאָרט ער אריבער אפ א בע-סערנ אָרט און וועט מיר שרײַבנ פונ דאָרט!

זעט איר, פונ דער ערשטער טאָכטער וואָלט איכ יאָ נאכעס געהאט. א צאדייקעס, שוינ פינפ קינדערלעכ, באָרעכאשעמ... נאָר אז עס גייט, גייט! מאכט זיכ א מײַסע, א סיבע, ראכמאָנעליצלאנ! געטאָנ האָב איכ מיט א סויכער פונ בראטקאָוו, מיט אַנ אָנגעשטאָפּטנ אוישער. נו, גייט נאָכ א פּאָר יאָר דער יונגערמאנ אראָפּ פונ קעסט אונ הייבט אליינ אָנ צו האנדלענ מיט האָלצ. איכ בינ אפילע געווענ בארויגעז דערופ, — זיצ אונ לערנ נאָכ א פּאָר יאָר! מיילע, איכ בינ שוינ געוווינט, אז מיכ הערט מענ נישט. מאכט זיכ אָבער צווישנ טאטנ מיטנ זונ מאכלויקעס. דער טאטע הייסט קויפנ, נעמט ער אונ פארקויפט, אונ פארקערט. הײַנטיקע צײַטנ: די אייער זײַנענ שטענדיק קליגער פאר די הינער... איז ער דאָכ אָבער מײַנ איידעמ, אונ בעטעווע א קאָשערער יונגערמאנ, האָט ער מוירע, ער זאָל נישט אויוועד זײַנ אפ קיבעד-אָוו, ציט ער זיכ אויס קיינ ראכאָוו. דאכט זיכ, גלײַכ? בא דער ווײַקסל! פאלט ער ארײַנ, נישט, כאָלילע, מיט: מיסכער, גאָר פארקערט, דאָס געשעפט גייט, קיינ מײַסע נישט. נאָר גאָר א זײַטיקע זאכ! מאכט זיכ אינ ראכאָוו א סרייפע. יאָגט די פּאָליציי, מע זאָל ראטעווענ. שטייט א טויבער ייִד אונ הערט נישט, וואָס מע וויל פונ אימ. קומט אָנ א נײַער סטראזשניק, ווייסט ער נישט, אז דער ייִד איז טויב אונ הערט נישט, מיינט ער — א מוירעד-בעמאלכוס, דערלאנגט ער אימ אינ קארק. איז דאָכ מײַנ איידעמ א ברענ פונ א יונג, קאָנ ער קיינ אוולעס נישט לײַדנ, נעמט ער זיכ אָנ. צומ שלימאזל קאָנ ער א ביסל רוסיש — רעדט ער אנטקעגנ. א וואָרט צו א וואָרט — ער לייזט א קלאפּ! מיילע, אז מע קריגט א קלאפּ, איז נאָכ קיינ אומגליק נישט. ווײַזט זיכ אָבער ארויס, אז דער באלעבאָס פונ הויז איז געווענ פריש אסעקורירט, שיקט די אסעקוראציע אראָפּ אירנ א מענטש; איז ער בויקער-וועדוירעש, צי עס איז נישט געווענ אונטערגעלייגט. טײַנעט דער באלעבאָס, אז ער איז דעמ טאָג גאָר אינ דער היימ נישט געווענ,

ער איז גאָר געווענ אפ א יאריד ערגעצ אינ דער סוויווע. זאָגט דער כויקער-וועדוירעש: איפּכאָ מיסטאוורא! ווי קומט א באלעבאָס, וואָס פירט קיינ מיסכער נישט, אפ א יאריד? האָסטו געהייסנ אונטערלייגנ! זוכט מענ די שוטפימ צו דער אווירע, פאלט דער כשאד אפנ טויבנ ייִד מיט מײַנ איידעמ; באשער בעכיינ, זיי האָבנ נישט געלאָזט ראטעווענ... זעצט מענ זיי דערווײַל אײַנ! ווערט א גוואלד, איז מענ מוידיע דעמ מעכוטנ, קומט ער צו לויפנ אונ וויל שיטנ מיט געלט, מאכט מענ, ערשטנס, א פּראָטאָקאָל אפ כוירעש... צווייטנס, איז עס א סימענ, אז דער כשאד איז א כשאד! וואָס זאָל איכ אײַכ לאנג ברײַענ? ער איז אָפּגעזעסנ זעקס כאָדאָשימ אונ איז בעדיל האדאל געוואָרנ! דאָס האָלצ אפ דער ווײַקסל האָט זיכ צעשלאָגנ, די כויוועס זײַנענ געוואקסנ... ער האָט נאָכ דעמ פאָטער מיטגעשלעפּט...

די טאָכטער פרעגט מיכ אָנ, צי קאָנ איכ נישט צו הילפ קומענ מיט א פּאָר גילדנ!

בא, מע זאָל מיר עפענענ דאָס שולעכל, עפשער יאָ!

איר האָט גאָרנישט געוווּסט, אז עס דרייט זיכ צווישנ אײַכ ארומ א ייִד מיט אזוינע שטיינער אינ בויכ?

נאָכ וואָס האָב איכ אײַכ געזאָלט דערציילנ? א י י נ מענטש דעמ א נ ד ע ר נ העלפט נישט. העלפנ קאָנ נאָר האשעמיִסבאָרעכ... נאָר הײַנט איז מיר שוינ דאָס הארצ איבערגעגאנגענ, האָט עס זיכ אויסגעגאָסנ...

א פּאָר מײַל פונ אפּט, — דער קאָפּ איז מיר אזוי פארדרייט, אז איכ האָב פארגעסנ, ווי דאָס דאָרפ הייסט, — זיצט אנ ארענדאר, אָבער ער זיצט — אפ אלע ייִדנ געזאָגט! אפילע א שאָפל, קוימ איווירע, אונ, ווייס איכ, א מישפּאָכע! נאָר אז גאָט וויל, שיסט א בעזעמ, ווערט ער פונ גאָרנישט א פאקטאָר באמ יונגנ פּאָרעצ... אז דעמ פּאָרעצ

האָט זיכ פאַרגלוסט אַ ו י ס ל ע נ ד י ש אוילעמהאַזע, פאַרט ער זיכ
אַוועק און לאָזט אימ איבער דאָס מילכיקס — עטלעכע און זעכציק
קי, שאַרט ער! דער פּאָרעצ דאַרפ וואָס אמאָל מער געלט — ווערט
פונ יאָסלענ — יויסעפ הייסט ער — אנ אַרענדאַר; צוויי דערפער! אַז
גאָט וויל! האָט ער אַ טאָכטער, דער יויסעפ, אַ מיידל אַפּילע נישט
זייער קיינ שיינס, קענג מײַנע — קעקויפ ביפניי אָדאָם... נאָר
געטוישט וואָלט איכ מיכ. אַ שטילס, אַ פרומס, אַנ עמעס באַלעבאַטיש
קינד. איכ ווייס נישט, ווי עס קומט גאָר אינ דאָרפ אַרײַנ צו אַזאַ אַמאָ-
רעצ! אַ ווײַב האָט ער — עט, איכ וועל נישט באַריידנ, נאָר אינ אַ
יידיש הויז אַרײַנ קאָנ מענ זי נישט לאָזנ. אַז זי קומט אַפּ יאָמימ-
נוירא:ם קיינ אַפּט, האָבנ די ווײַבער אינ שול דעמ גענעמ — אנ אופ-
געקומענ (אמאָל אַ שיפּכע געווענ) שטיק מאַרשאַס! נאָר ווײַטער דאָס
אייגענע — אַז גאָט וויל, געראָטנ קינדער אויכ. איר האָט געוואָלט זענ
איר דאַוונענ אַלע אינדערפרי; איר האַכנאָסאַס-אָרכימ, אַז עמעצ קומט
אינ דאָרפ אַרײַנ; איר דערעכערעצ פאַר אַ ייד אַ לאַמדנ... וואָס זאָל
איכ אײַכ זאָגנ? אַ בראָכע פונ גאָט. קומט ער אמאָל, דער יאָסל, דאַכט
זיכ ראָשעשאָנע צי סוקעס, צו מיר צו, אַפּ דער מיזרעכ-וואַנט אַרופ,
אונ מאַכט צו מיר: רעב באַ:מ, איכ גיב עלעפ קאַרבנ! — ביניאָמינ,
הייסט עס, איז אימ אינ די אויגנ אַרײַנגעפאַלנ... מע האָט נאָכ דעמאָלט
נישט געוווסט, וואָס אינ אימ שטעקט, אונ אַ שיינ יינגל איז ער גע-
ווענ אונ מיט אַ ראַכמאָנעס-פּענעמל... מיילע, וואָס זאָל איכ אײַכ
זאָגנ, ווערט מיר היימ אינ אַלע אייוורימ. יאָ, טאַקע ראָשעשאָנע איז
עס געוואָרנ, פאַרנ לאַמנאַצייאַכ, מע האָט געוואַרט אַפּנ באַלטקיע...
זאָג איכ אימ: „נישט אַצינד איז די צײַט!“ איכ וויל דאָכ נישט צו-
פאַלנ, ווי צו אַ הייסער בולקע, „נאָכ יאָמטעוו, זאָג איכ, שיק אַ
שאַדכנ!“ איכ זאָג אימ „דו“, איכ קענ דאָכ אימ, זינט ער איז נאָכ
ווייס-איכ-וואָס געווענ — באַמ בעקער גענעכטיקט, געוואָלט זיכ פאַר

א באהעלפער שטעלנ, אונ האָט זיכ קיינ איוורע נישט געקאָנט אויס-לערנענ... שיקט ער נאָכ יאָמטעוו א שאדכנ. מײַנ ביניאָמינ, פארשטייט זיכ, שטעלט זיכ קאפויר; זי, אָלעהאשאָלעמ, איז שוינ גאָר שוואכ געווענ, האלט זי מיט ביניאָמינענ. אהער, אהינ, איכ ווער דערווײַל געוואָר, אז דער אייגענער שאדכנ האָט איבערגעדרייט דעמ אייסעק אפ א שידעכ פונ ווארשע, מיט א פלייש-הענדלער. עפשער קענט איר אימ, רעגנבויגנ הייסט ער. נו, פארפאלנ, נישט קיינ זיוועג אפאָנעמ. ווער איכ יענע וואָכ געוואָר, אז דער אייגענער רעגנבויגנ שטעלט צו פלייש אינ טפיסע ארײַנ אונ איז א קאָרעוו-לעמאלכומ — אויסגע-קאָכט מיט אלע קנעפ. דארפ איכ דאָכ וועגנ דער שול א פראָטעקציע, פרעג איכ מיכ נאָכ — עס האָט מיכ געקאָסט גענוג געזונט אונ טיר-כע, — ווו דאָס פאָרפאָלק ווינט, אונ לאָז מיכ אהינ, זי קענ דאָכ מיכ, וועט זי בעטנ דעמ מאנ; ער — דעמ פאָטער, עפשער וועט עס פויעל-יויצע זײַנ, זאָל כאָטש זײַנ אנ עק; אָדער עפענעג, אָדער אָפזאָגנ! לאָ-מיכ נישט הענגענ אינדערלופטנ, וועט מענ מיר אָפזאָגנ — לאָז איכ מיכ צופומ קיינ אפט. דאָרט, ווי-עס-איז, וועט מענ מיכ נישט לאָזנ אויסגיינ אינ דאכקעס. ווארשע איז דאָכ א טהאָמ! קומ איכ אהינ — לאָזט זיכ וועגנ פראָטעקציע אויס א בוידעמ, עס איז גאָרנישט דאָס פאכ. מײַנ אייסעק איז אינ ראָטהויז, אונ ער שטעלט צו צומ פאוויאק... עס איז גאָרנישט דאָס, א שפאס — ווארשע!

דערווײַל האָט מענ מיכ פארבעטנ אפ שאבעס. ער אפילע נישט. א ווארשעווער פראנט, אונ איכ — איר זעט דאָכ! קוקט ער אפ מיר ווי א האָנ אינ בניי-אָדאָמ — ער ווינט דאָכ אפ דער מארשאלקאָווסקי גאס! נאָר זי, זי ווייסט דאָכ, ווער איכ בינ! כאלעשט זי, איכ זאָל קו-מענ. זאָלט איר זענ א באלעבאטישקײַט! דרײַ שטובנ מיט א קיכ, געבעט מעבל, אונ דער פאָטער אירער שיקט פונ דאָרפ פונ אלעמ גוטנ:

מעל, הינער, אינדיקעם — און זי איז א קאָשערע צנוע, אזא מין גוטס־קײט, אזא יִדישער כיין... טראָגט אפילע נישט די אייגענע האָר... און דער באָכער מוז זיך, איר צוליב, וואשן צום עסן, מוז בענטשן, זי לאָזט אים נישט אָפּ... אָ!

טראַכט איך מיר — — נאָר וואָס העלפט דאָ טראכטן? נישט באַשערט געווען! נאָר ביטער אפן הארץ איז מיר געוואָרן. ווייס איך, צי מײַן בינימין וועט אמאָל כאַסענע האָבן און ווער זײַן זיווּג וועט זײַן?

מער אהין גיי איך נישט!



## מעשופע



ווים האָט דער אַלטער מענאַשע געענדיקט זײַן בצאָם מיט א צולאָג פון עטלעכע קאַפּיטל טילים, איז שוין דער בלאַ- סער זומערדיקער פרימאָרגן געלעגן אין פענצטערל פון קעלער-שטוב.

טרויעריק, מיט מידע אויגן, קוקט מענאַשע אפן פריש- געבוירענעם טאָג. ער קנאַקט זיך אויס די דאַרע פינגער, פאַרמאַכט דאָס טילימל, פאַרלעשט דאָס קליינע נאַפט-לעמפּל און שטעלט זיך באַם פענצטער. ער קוקט אַרויף צום שמאָלן פּאַס הימל, וואָס בלייבט זיך הויך איבערן ענגן געסל, און אין דער ראַם פון זילבערנעם באָרד און פייעס, אפן גרינלעך איינגעשרומפּענעם פּאָנעם, באַווייזט זיך א בלאַ- סער שײַן פון א טרויעריקן שמייכל.

— אָפּגעגעבן — טראַכט ער — דעם פּיקאָדן! א שיינעם דאַנק, ריבוינעשעלוילעם!

— און נייטיק—זיפצט ער—דארפסטו מיך דאָ, ריבוינעשעלוילעמ! ווילסט נאָך א כצאָס, דארפסט נאָך א קאפיטל טילים... האַ? עס פעלט דיר!

ער דרייט זיך איבער צו דער שטוב און טראכט, אז לויט זיין סייכל וואָלט גלייכער געווען, אז אין בעט, וואָס ער פארנעמט, זאָל שלאָפן זיין איינינקל ריווקע; זי וואלגערט זיך נעבעך ארום אף דער פאָדלאָגע צווישן אלטווארג, מיט וועלכן כאָזמ, דער זון זיינער, האנדלט.

אז לויט זיין יוישער, דעמ יוישער פון א באָסערוועדאָמ, וואָלט בעסער געווען, דאָס גלאָז מילך, מיט וועלכן ער לעבט קימאט איבער א טאָג, זאָל גענוסן סאָרע, די שנור זיינע, וואָס לויפט גאנצע טעג ארום אפן מארק אָן א לעפל ווארעמס.

יענקעלען, דעמ פרישן צולאָג צו דער מישפּאָכע, וואָלט אויך דער-פון קיין ראָע נישט ארויסגעקומען.

ברויכן ברויכט ער וויניק, דער אלטער; עס וואָלט זיי דאָך גרינ-גער געווען, ער זאָל גאָרנישט דארפן...

כאָזמ איז אָן א מאלבעש... כאנע, דאָס עלטערע איינינקל, איז א קראנקע, וויניק בלוט... דער דאָקטער זאָגט: „בלעדאטשקע"... הייסט נעמען אייזן-טראָפּן, טרינקען טראָן... וויין א ביסל... מע זאמלט פאר איר א באזונדער קניפל... כאדאָשימלאנג זאמלט מען, און עס איז אלץ וויניק. און די אָרעמע כאנע וואקסט נישט; דער סייכל אירער וואקסט אויך נישט... אלץ שטאָקט... זיבעצן יאָר—און פארשטייט ווי פון צוועלף!

— וואָס האָסטו מיך אף זיי געוואָרפן, ריבוינעשעלוילעמ?

ער הערט זיך איין, ווי שארף און אָפּגעריסן כאָזמ אָטעמט אין שלאָף. ער זעט, ווי סאָרעס בייניקע האנט, וואָס האָט, קענטיק, ערשט געוויגט דאָס קינד, הענגט נאָך שלאבעריק אראָפּ פון בעט...

ער דערזעט נאָך, אז יענקעלע רירט זיך אין וויגל. „באלד וועט ער

שרײַען און די מוטער וועקן!" און מיט אײַלנדיקע, נאָר קורצע טריט, לויפט ער צו צום אײניקל און הייבט אָן שאָקלען דאָס וויגל.

— און עפשער, — טראַכט ער, זיך אויסדרייענדיק צום פענצ-טער, — ווילסטו, ריבוינעשעלוילעם, איך זאָל נאָך אָט אין דעם יענ-קעלען נאָכעם דערלעבן? איך זאָל מיט אים נאָך בראָכע זאָגן, איוורע זאָל איך אים לערנען... האַ?

ווי אַ רויטער עפּל בלױען יענקעלעס בעקעלעך אין שלאָף. אַ זיסער שמייכל בלאָנקעט זיך אים אַרום די קליינע ליפּעלעך... זיי רירן זיך אויף און אָפּ... „דער פּרעסער, אין שלאָף וואָלט ער געזויגט!"

ער באַמערקט דערווײַל, אַז ריווקע וואַרפט זיך אַפן געלעגער.

זי ליגט אַף אַ זאַק שטרוי, צוגעדעקט ביז דער ברוסט מיט אַ שוואַרץ-געשפּרענקלט לײַלעך. וואָס זי האָט צוקאָפּנס, זעט מען נישט.

דאָס פֿײַן געדרייטלטע פּאָנעם מיטן אַלבאַסטער-ווײַסן, לאַנג-געטאָקטן האַלדז רירט זיך כיינעוודיק אַף אַן אונטערלאַג פון צעפּלאָנ-טעטע, שרײַענדיק-רויטע האָר, וואָס פאַרדעקן דאָס גאַנצע צוקאָפּנס און באַרירן נאָך די פּאָדלאָגע מיט עקן, וואָס ציטערן בא ריווקעס יעדן אָפּטעמען.

— מײַנע, אָלעהאַשאָלעם, אויסן אויג... — טראַכט דער אַלטער. — הייס בלוט, כאַלוימעס... איר צו לענגערע יאָר!

— ריווקע! — גייט ער צו און רירט זי בא דער בלויזער האַנט, וואָס האָט זיך באַפרײַט פון לײַלעך.

— וואָס? ווען? — ווערט ריווקע אופגעשראָקן און עפנט ווײַט אַ פּאָר גרויסע בלויע אויגן.

— ש... ש... — באַרויִקט ער זי מיט אַ שמייכל. — א י ך בין עס... גיי אין מײַן בעט אַרײַן...

— און דו, זיידע? — פרעגט זי מיט א ברייטן, געזונטן געגעץ.

— איך וועל שוין נישט שלאָפן... עס שלאָפט זיך נישט אין מײַנע יאָרן... איך וועל מאכן טיי... האָסט דאָך געהערט באַנאכט! זיי וועלן פרי אופשטיין... דער טאטע האָט אַ אייסעק אין שטאָט, די מאמע דאַרף אײַנקויפן פאַר די פּימסנהאָלצנס אַפּ טנאָים...

— וועל איך מאכן טיי, זיידע.

— ניין, ריווקע... דו גיי אין מײַן בעט אַרײַן... קאָנסט נאָך לאַנג שלאָפן... דו וועסט הײַנט, האָט די מאמע געזאָגט, נישט גיין אין פאַבריק. זי וועט דיך דאַרפן... שלאָף דיך טאקע אויס...

— אַה! — געגעצט ריווקע ברייטער.

זי האָט זיך שוין אַלץ דערמאָנט. דער פאָטער איז נעכטן אַהיים געקומען מיט אַ פרייד, אַז גאָט האָט אים באַשערט אַ שפּאָר ביסל אַלטוואַרג.

די מאמע האָט אויך געבראַכט אַ פּסורע: באַ די פּימסנהאָלצס, ווי זי איז אײַנגגייערן, וועט שוין ענדלעך זײַן טנאָים, באָטש די קאַלע קרימט זיך נאָך; זי וועט האָבן פאַר׳ס איריקע און טנאָים וועט זײַן!..

קיין גרויסע האנאָע האָט ריווקע נישט דערפון. אויסשלאָפן טאקע וועט זי זיך, אַרומגיין אַפּן מאַרק מיט דער מוטער איז בעסער, ווי צו זיצן אין פאַבריק, נאָר שפּעטער — דאָס נאָכטראַגן די קוישלעך מיט אייער און הינער, ביפּראַט דאָס באַפּן אינמיטן גאַס אַן אַנטלאָפּענע הון, איז נישט פון די גוטע זיבן זאכן!

נאָר אַז מע מוז, מוז מען.

זי נעמט צוזאמען אַרום זיך דאָס לײַלעך און שפּרינגט איבער צום אַלטנס בעט.

פון שפּרונג האָט דער אַלטער ווײַטער האנאָע, אויך „זײַן אַלטע אויסן אויג״...

איידער דער אַלטער האָט פֿײַער געמאַכט, איידער ער האָט צוגע־שניצט אַ קינדל אַפּ עטלעכע דינע העלצלעך, אויסגעלייגט זיי אונטער דער בלעך, באַשיט מיט קליינע שטיקלעך קוילן („טײַערע קוילן", טראַכט ער דערבײַ), באַגאָסן מיט נאַפֿט, אונטערגעצונדן און גע־שטעלט אַפּ דער פֿײַערקע אַן אַלטן, פֿון ראָסט רויטלעך געשפּרענקלטן, בלעכענעם טשײַניק, — האָט שוין סאָרע געהאַלטן יענקעלען בײַ דער ברוסט און געווונטשן זיך, זי זאָל שוין דערלעבן צו הערן, ווי יענקעלע וועט מאַכן אַ בראָכע איבער דער מילך...

די בלאַסע כאַנע האָט זיך אויך אויפֿגעכאַפּט און אויפֿגעזעצט זיך אַפּן בעט.

הינטער דער מוטערס פּלייצעס שפּילט זי זיך מיטן קליינעם ברו־דערל, מאַכט אים: „קוקו".

איר קליין קעפּל, די בלייכע באַקן מיט די פֿאַרכאָלעמטע אויגן אין דער ראַם פֿון אַ מאַסע אַש־גרויע צעוואָרפֿענע האָר באַווײַזט זיך אַמאָל רעכטס, אַמאָל לינקס. די באַוועגונגען אירע זײַנען דאָך צו לאַנגזאַם, דער שמייכל אַפּן פּנים — צו בלאַס און דער בליק אין די אויגן—צו שטאַר, דאָס שפּיל זאָל קאָנען אָפּרײַסן „יענקעלע פּרעסער", ווי מע האָט אים גערופֿן אין שטוב, באַלד אינדערפֿרי פֿון דער ברוסט.

ער איז שטאַרק פֿאַרטאָן. ער קוקט אַפּ דער שוועסטער, נאָר קיין צײַט צו איר האָט ער נישט.

איינע הענטל האָט ער אונטער דער זײַט, אַפּ וועלכער ער ליגט אַפּ דער מוטערס שויס, מיטן צווייטן בייגט ער אַוועק די זוים פֿון דער מוטערס אָפּענעם העמד, עס זאָל אים נישט פֿאַלן אין פּנים אַרײַן, און קוקט דער־בײַ אַפּ דער שוועסטער געלאַסן און רויק, — זי וועט אים נישט אַנטלויפֿן...

כאַים שטייט שוין אין טאַלעס־און־טפֿילין און דאַוונט, שפּרײַזנ־דיק אויף און אָפּ איבער דער שטוב.

אָפּט שטעלט ער זיך אָפּ. וואַרפט אַן אויג צו סאָרען, קענטיק, ער האָט מיט איר עפּעס צו ריידן, נאָר ער וואַרפט אַ צווייטן בליק אויפן אַלטן און דאַוונט ווײַטער, און שפּרײַזט ווײַטער איבער דער שטוב.

פאַרן אַלטן האָט ער מוירע.

„דער אַלטער מיינט, אַז עס זײַנען נאָך זײַנע צײַטן, די אַלטע, גוטע צײַטן, ווען אַ ייִד האָט צײַט געהאַט צו דאַוונען, צו זאָגן וואָרט בײַ וואָרט פון סידער אוירעך-כאַזעם"... הײַנט איז זיבן סאָכרים אויף איין פּאָר אַלטע פּלודערן!

ער האָט אַפילע נעכטן פאַרזאָרגט... די קנײַע האָט ער באַדונגען פאַר 6 רובל אָן אַ צענערל, איבערגעלאָזט האָט ער זיבן גילדן מיט צוועלף גראָשן אַדערויף... אַרויסגייענדיק פון הויז, האָט ער געגעבן אַ זעקסער דעם סטרוזש, ער זאָל, ביז ער וועט קומען, קיין „האַנדל" אין הויף אַרײַן נישט לאָזן.

אומרויִק איז ער דאָך! ווער ווייסט... איידער ער וועט קריגן אַ שוטעף!

ער טרינקט שוין טיי, האַלטנדיק דאָס גלאָז אויף דער שוואַכער האַנט און בלאָזנדיק פאַר יעדן זופּ, און ווייסט נישט וואָס צו טאָן.

שווער צו קריגן אַ שוטעף!

צו וועמען גייט מען? צום וואָכער? ער וועט אים אָפּשינדן די הויט; צום סקלאַדניק — די קעשענע וועט ער אים אָפּשנײַדן!

און אַז מע קריגט שוין אַ שוטעף, מוז מען דאָך אים אַוועקגעבן האַלב פאַרדינסט, כאָטש יענער האָט זיך נישט געדונגען!..

אַמאָל קריגט ער בײַ סאָרען עטלעכע גילדן. הײַנט — ווי! נאָך נעכטן האָט זי אים געזאָגט, אַז עס וועט פעלן צום אײַנקויפן!

און עפּשער וועט זי אים פאַרט געטרויען פון באַנעם קניפּל אויף אַ טאָג...

ער האָט אָבער מוירע צו פּרוּוון... ער האָט נישט איין מאָל גע-פּרוּווט און כאַראָטע געהאַט!

ער וואַרפט נאָכאַמאָל א בליק אַפ סאָרען און עס דאַכט זיך אים, אַז עס איז פאַרט א שאַס-האַקוישער!

זי האָט שוין יענקעלען צוריקגעלייגט. שטייענדיק באַם וויגל, טוט זי זיך אָן און שמייכלט אַזוי גוט, אַזוי מעכײַעדיק גוט צום קינד, עס וועט עפּשער גיין!

— איך האָב באַנאַכט גערעכנט, סאָרע, — פּרוּווט ער זיך, — די קניע איז גאָר א גוטע! כ'וועל באַרעכאַשעם פאַרדינען...

— האַלעווײַ, ריבוינעשעלוילעם, — ענטפערט סאָרע, — זאָל עס זײַן אין יענקעלעס זכוס! זײַט ער איז געבוירן, מאַכט זיך געשווינ-דער אַמאָל א פאַרדינסט!

— איך מיין, — ווענדט כאַזמ אָפּ מיט א כניפּע-שמייכל, — אַז עס איז אונדזער כאַנעס זכוס; הערסטו, סאָרע, — באַם קויפן האָב איך מיר אַזוי געטראַכט: בעלי נעדער אובעלי מאַסקאָנע, וועט מען פון פאַרדינסט אַראָפּנעמען פאַר כאַנען כאָטש א דריטל! און, ווי איך טראַכט אַזוי, ווערט די פּריצע ווייך ווי א פּוטער, און לאָזט אַראָפּ איין צענערל נאָכן צווייטן!

— איז אַוואַדע גוט, — שמייכלט אים סאָרע צו, און ווערט — דאַכט זיך אים — יונגער און פרישער... „אַמאָליקע יאָרן — פליט אים דורך א געדאַנק — וואָס דען... ווען סאַמע גוטע צײַטן“... ער האָט אָבער ווייניק צײַט צו אַזאַ קלער...

— אַקלאַל, איז כאַנע א שוטעפטע.

— מאַכטייסע! אַזאַ יאָר אַפ מיר!

— יאָ, אָבער, — שטאַמלט ער, — אַז כאַנע זאָל זײַן א שוטעפ-טע — טאַקע, איך רעכן בעפייערעש אַפ איר מאַזל, — נאָר, אַז א שוטעפטע...

— איז וואָס? — פרעגט סאָרע מיט אופגעשטעלטע אויערן און אויגן... זי איז אים שוין עפּעס כוישעד; ער פירט שוין צו עפּעס... ער וויל שוין עפּעס!

— איז וואָס?

— מיין איך טאקע, זי זאָל זיין אַן עמעסע שוטעפטע... זי זאָל אריינלייגן אין מיסכער א ביילעק געלט.

— וואָס? וואָס זאָגסטו? — סאָרע גלייבט נישט אירע אייגענע אויערן. און אז ער ענטפערט נישט, שפּרינגט זי אים אנטקעגן:

— גאזלען, רעצייעך! — דאָס איז א טאטע... דאָס איז א מאן! ער ווייסט, דאָס קינד איז אזוי קראנק... אז איך האָב א ניידער געטאָן נישט צו ספּעקולירן מיט איר געלט... עס איז דאָך איר שווער פאַר-ארבעט געלט! בלוטיק געלט... די קוישלעך טראָגט זי מיר נאָך... קריגט אמאָל פארן וועג... איך דערלייג איר עפּעס...

סאָרע קאָן זיך גאָר נישט בארויקן...

כאַים וויל עפּעס ענטפערן; דער אלטער לאָזט נישט.

— שווייג שוין בעסער, כאַים, שווייג — מאכט ער — זעסט דען נישט, אז סאָרעלע האָט רעכט... גיי, זוך דיר א שוטעף... ריים נישט איין די וועלט... לעב און לאָז לעבן.

כאַים נעמט שטילערהייט אין טאָרבע ארײַן א שטיק ברויט מיט א ציבעלע און גייט ארויס. עס באלייט אים דעם אלטנס שפּרוך:

— האָסט געזען, ווי פייגעלעך קלויבן בראָקן אפן הויף? א גרויסן בראָקן נעמען צוויי...

נישט פיל רויקער שלאָפט די וואָך אין אלטנס בעט. אינעם יונגן קאָפּ וואַלגערט זיך ארום א געדאנק, וואָס לאָזט נישט פעסטער איינ-שלאָפן... א „באגעגעניש" האָט זי געהאט!

איינמאָל פאַרנאַכט, אַהיים גייענדיק פון פאַבריק, האָט זיך איר אָפּגעטראָטואַר אַ יונגערמאַן באַגעגנט. זי גייט גלײַך, מיינט, ער וועט אָפּטרעטן, ער טוט עס אָבער נישט, און קוקט איר נאָך גלײַך אין פּאָ־נעם אַרײַן מיט אַ פּאָר גרויע לוסטיק־לאַכנדיקע אויגן, אַז זי איז רויט געוואָרן. זי האָט זיך גענומען אין אַ זײַט און געלאָזט זיך אַהיים מיט געשווינדערע טריט. נעמענדיק זיך אין אַ זײַטן־גאַס, האָט זי זיך דאָך, נישט געוואָלט, אומגעדרייט און דערזען, אַז ער שטייט נאָך; ער שטייט אויף זעלבן אָרט און קוקט איר נאָך מיטן אייגענעם שמייכל, מיט די צוויי שורעס ווײַסע ציין.

„זי וועט עס קאַנען דערציילן", טראַכט זי, און האָט עס דאָך נישט געטאָן. „וואָס וועט זי, די אָרעמע, קראַנקע מאַמע, פאַרשטיין?"

עטלעכע טעג שפּעטער איז ער איר ווידער אַקעגן געקומען. דאָס האַרץ הייבט איר אָן געשווינדער צו קלאַפּן, זי שעמט זיך אויפצוהייבן די אויגן, גייט געשווינד פאַרבײַ, נאָר אַזוי אומגעלומפּערט, אַז זי איז שיער נישט געפאַלן אויפן גלאַטן טראָטואַר.

אין גאַנג דאַכט זיך איר, אַז זי פילט, ווי זײַן העלער, לוסטיקער שמייכל גליטשט זיך הינטן אויפן בלויזן האַלדז.

און דאָס שרעקט זי; עס דאַכט זיך איר, אַז אַלע אין גאַס קאָנען עס זען! און אַנטלויפט נאָך געשווינדער.

איינמאָל איז ער איר ווי פון אונטער דער ערד אַרויסגעוואַקסן.

זי האָט אויסגעשריִען: אַך! און ער שטייט איר אַקעגן און פאַר־שטעלט איר דעם וועג.

— דאַכט זיך, — מאַכט ער, — איך האָב דאָס גליק זי צו קענען, פרײַלן!

„פרײַלן" האָט ער געזאָגט!

דאָס ווערט זי בייז, מײַדט אים אומגעדולדיק און נאָך האַלב דער-
שראָקן אויס. און דאָך, מוז זי זיך מודע זײַן, אַז אַ שטימע האָט ער
זייער אַן אָנגענעמע, „אַ גאָלדענע שטימע", זאָגט איר אונטער דאָס
האַרץ...

פון דעמלט אָן טרעפן זיי זיך קימאַט יעדן אָוונט. זי רעדט נישט
צו אים, שווײַגט, נאָר אַנטלויפן אַנטלויפט זי שוין נישט...

און ער פירט זי יעדן אָוונט אָפּ פון פאַבריק.

זיי גייען צוזאַמען און שווײַגן.

אָפּט האַלט זי זיך נישט אײַן און וואַרפט אַפ אים אַ בליק פון
דער זײַט...

„די וואָנצעלעך זײַנע..."

און דערוף ענטפערט ער מיט נאָך אַ ליכטיקערן שמייכל...

מאָדנע אויגן האָט ער.. טיילמאָל, דאַכט זיך, פליען פון זיי גאָל-
דענע שטראַלן!

דערווײַל איז מען דערפון געוואָר געוואָרן אין פאַבריק; כאַווער-
טעס האָבן באַמערקט און געמאַכט דערפון אַ גערייד.

מע לאַכט פון איר, מע וויצלט זיך אָפ איר כעזשבן.

יונגהײַט — נאַרהײַט, — זאָגט מען, — הײַנט אַנטלויפט זי, מאָרגן
וועט זי נאָכיאָגן...

„נישט דערלעבן וועלן זיי עס!" טראַכט ריווקע.

— זי וועט אַרויסשטעקן די צונג, ווי אַ שעפּס צו זאַלץ... ווי
נעמט מען עס...

ריווקע פאַרבײַסט די ליפּן און שווײַגט.

— און אַ שיינער יונג, — זאָגט מען, — אַ גאָלדענער
יונג! האָר, אויגן, אַ נאָז — ווי אָפּגעטאָקט. פון וועסטן-טאַש שלעמ-
פּערט זיך נאָך אַ גאָלדענע קייט מיט עפשער צען גאָלדענע
ברעלאָקן!

ריווקע פילט זיך א ביסל שטאָלץ.

— עפשער טאַמבאַק? — איז איינע מעסופעק.

— כאַלילע! — טראַכט ריווקע... אַנדערע זאָגן אויך:

— גיי שוין, גיי... מע זעט, — א גווירישע קינד!

ווונדערט מען זיך נאָך מער:

— ווילסט נאָך נישט שפּילן קיין ליבע, נאָך צײַט! אָבער סייכל האָב: רייד א גוט וואָרט, נעם קליינע מאַטאַנעס, כאַפּ אַן אָנבײַסן... צוקערקעס... בילעטן אין טעאַטער אַרײַן.

עמעץ לאַכט העל אויף:

— אוואדע! נעמען ווי א בייז פערד... נאָר גענאַרט זיך לאָזן, נישט! א מאַקע זיי!

עס לאָזט זיך ענדלעך הערן די עלטסטע מיט לאַנגן בייניקן פּאַ-נעם, פאַרשפּיצטער גאָמבע און זײַטיקע, גרינלעכע בליקן.

— טע, טע, טע, — מאַכט זי, — א קלייניקײַט, וואָס דאָס האָט צו פאַרנאַרן! כּופּע-שטאַנגען וואַרטן, האַוודאָלעס שוין גרייט. נאַדן, — ווי הייסט? א שלאָל! שאַדכאָנים רײַבן אָפּ די שוועל, כאַסאַנים רײַסן די טירן!

ריווקע פאַרבײַסט שאַרפער די ליפּן, בייגט טיפער דעם ברענענ-דיקן קאָפּ איבער דער אַרבעט, און צוויי הייסע טרערן פאַלן איר אַפ די הענט, וואָס זײַנען באַשעפטיקט בא דער מאַשין.

און דאָס לאָזט זי נישט שלאָפן!

ניין! זי וועט גאָרנישט, גאָרנישט נעמען!

קיין בילעט אין טעאַטער אַרײַן אוואַדע נישט!

איינמאָל האָט מען זי פאַרהאַלטן שפּעט באַנאַכט אין פאַבריק; נייטיקע אַרבעט געווען... איז די מאַמע געקומען צו לויפן אָן אָטעם, אָן א נעשאָמע... אַז די מוטער האָט זי דערזען, האָבן איר די אויגן

אָנגעהויבן פינטלען, דערנאָך שפּריצן ווי א פאָנטאַן... הינטן, אין פאבריק-הויז בא די טרעפּ, איז ערשט געשטאנען דער אלטער זיידע און געקנאקט די פינגער...

— געלויבט איז גאָט, —האָט ער געמורמלט,— געלויבט איז גאָט! „ניין, זי וועט עס נישט טאָן!"

סאָרע וויל שוין אויך גיין אין גאס ארײַן. זי שטעלט דעם אלטן א גלאָז מילך באַם טישל, רוקט אים צו יענקעלען מיטן ווינגל, און וויל נאָך פארזאָרגן עטלעכע קלייניקײַטן אין באלע-באטישקײַט...

דערבײַ האָט זי דאָך צײַט צו קלאָגן זיך פארן אלטן אפ דער הײַנ-טיקער וועלט.

— איר האָט דאָך געהערט, שווער, טנאָים דארפן זײַן... דער לעצטער טערמין... טעלעגראפירט, מע הייסט שוין אײַנקויפן... און זי, די קאלעשי, מאכט א סקאנדאל! זי וויל נישט! זי וויל נישט קיין כאָסן פון פּראָווינץ...זי האָט א ווארשעווער, זאָגט זי, א ווארשעווער רײַטשל האָט זי!

כאנע, וואָס איז ביז אהער געלעגן מיט אָפענע אויגן צום סופיט און געקוקט, ווי די פליגן רײַסן זיך אָפּ איינע נאָך דער אנדערער און צעפלִיען זיך אין שטוב, דערהערט, וואָס די מוטער דערציילט, זעצט זיך פלוצעם אופ. אירע געווײנלעך מאטע אויגן באקומען א גלאנצ... זי הערט, זעט אויס, און אינטערעסירט זיך... זי שפּיצט נאָך אופ די אויערן און עפנט דאָס מויל, ווי צום אײַנשלינגען דער מוטערס ווערטער.

די מוטער איז פונדעסטוועגן זיכער, אז דאָס פארדינסט וועט נישט אנטרינען! טנאָים וועלן, אימירצעשעם, זײַן! דער אלטער פּימסנהאָלצ וועט זײַן שטעטל באשטיין... די „צעגאָסענע פּימסנהאָל-צין" שווײַגט אויך נישט... אײַ, האָט זי נעגעלעך!"

— קוידעמקאָל, — האָט מיר די קעכן פון דאָרט דערציילט, — האָט מען געמאכט אַ רעוויזיע, געפונען בריוו פון עפּעס אַ דײַטשל אַ יומאכשמויניק און מע האָט זיי פאַרברענט! דערנאָך ערשט האָט זי געלייזט, אָבער שיין געלייזט... בא די האָר האָט מען זי אַרומגע-שלעפּט.

כאַנע פילט אַלץ, די אויגן ווערן איר פֿײַכט, דאָס פּאָנעם — גע-רויטלט און פאַרצערט פאַר ראַכמאָנעס.

זי פאַלט צוריק אַפן קישן מיט אַ געוויין.

סאָרע דערשרעקט זיך, דער אַלטער לויפט אויך צו.

— וואָס איז, כאַנעלע, וואָס איז דיר געשען?

— אַ שאָד, מאַמע, אַ ראַכמאָנעס...

— אַפּ וועמען, טאָכטער? אַפּ וועמען? — וווּנדערט זיך סאָרע.

— אַפּ דער ק-ק-קאַלע... זי איז אַזאַ — אַזאַ גוטע... אַזאַ האַר-ציקע... גיט מיר שטענדיק געלט... דאָס געלט, וואָס איך גיב דיר... זי גלעט מיך... זי קושט מיך אַמאָל... זי וויל מיך אַפילע לערנען שרײַבן.

— נאָר דאָס פעלט מיר! — מאַכט סאָרע נישט גערן. — צו מײַנע סאָנימס קעפּ, צו זייערע הענט און פיס! זי וויל דיר אויך דעם קאָפּ פאַרדרייען... זאָלסט אויך נישט פאָלגן אַ מאָל!

כאַנע ענטפערט אינמיטן געוויין.

— ניין, מאַמעשי, ניין! האָב נאָר קיין מוירע נישט! איך וועל דיך שטענדיק פאָלגן! וואָס פאַר אַ כאָסן דו וועסט מיר נישט געבן!

עס הערט זיך פלוצעם אַ קלינגענדיק געלעכטער.

דאָס לאַכט ריווקע פון דער שוועסטערס נאַרישקײַט.

— מאַרשאַס, — שרײַט סאָרע, — דאָס קינד איז קראַנק, מעסוקן קראַנק, און זי לאַכט... לאַכן זאָלסטו, וועל איך דיר זאָגן ווי.

— שעלט נישט, סאָרע, — באַרויִקט זי דער אַלטער, — זי איז דאָך אויך אַ קינד.

סאָרע גייט אָפּ פאַרדראָסן און וואַרפט, אַרויסגייענדיק פון שטוב, צו ריווקען אַ באַפעל: שטיי אויף, פּראַנצימערקע... גיב דאָנען טיי, קער אויס די שטוב...

דער אַלטער מענאשע האָט אויסגעטרונקען זיין מילך און זיך געזעצט צום פענצטערל.

דורכן פענצטערל פון סוטערינע זעט מען נאָר די שמאָלע לאַנגע שאָטן, וואָס די פיס פון די דורכגייער וואַרפן אויף די קליינע שויבן.

וואָס גרעסער עס ווערט דער טאָג, ראַשער טוישן זיך די שאָטן; טרויעריקער ווערט דער אַלטער. מענטשן אײַלן זיך, לויפן, האַנדלען און וואַנדלען; ער איינער (אַזוי דאַכט זיך אים) טויג שוין צו גאָר־נישט.

ער נעמט זיך צום טילים מיט אַיוורעטײַטש.

מיט אַ ציטעריק קאָל זאָגט ער אַ פּאָסעק לאַשנקוידעש, אַ פּאָ־סעק ייִדיש, און רירט מיט אַ ציטעריקן פּום יענקעלעס וויגעלע.

ריווקע זיצט שוין האַלב אָנגעטאָן בײַ דאָנען אויפן בעט. ביידע טרינ־קען טיי. נעבן ריווקען, וואָס שפּריצט מיט פריש לעבן, זעט דאָנע נאָך קרענקלעכער, נאָך בלאַסער און קלענער אויס; נאָך קינדישער.

זיי האַלטן אינמיטן אַ פּאַרטרויטן שמועס.

— איך וועל נישט אויסזאָגן, דאָנע, דערציי!

— שווער דיך!

— איך שווער...

— בײַ וואָס?

— בײַ וואָס דו ווילסט.

כאַנע קנייטשט אײַן דעם שטערן און קלערט אויס:

— באַ יענקעלעם געזונט!

— באַ יענקעלעם געזונט! — כאָזערט איבער ריווקע.

— אַז וואָס?

— אַז דאָס!.. אַז איך וועל נישט אויסזאָגן, וואָס דו וועסט מיר דערציילן...— כאַנע פאַרטראַכט זיך.

— זיצנדיק — זאָגט זי — קען איך נישט... איך וועל בעסער ליגן און קוקן אַפן סופיט; אַזוי פאַרגעס איך אַלץ און פּלאָנטער מיך... אַז איך ליג און קוק אַרוף, זע איך אַלץ פאַר מיר... שטעלט זיך מיר אַלץ אַקעגן...

— נו, לייג דיך, כאַנע...

— דו אויך! לייג צו צו מיר דאָס אויער, עס איז אַ שרעקלעכער סאָד! איך וויל נישט, דער זיידע זאָל הערן!

און כאַנע קנייטשט נאָך שטאַרקער אײַן דעם שטערן. זי אָטעמט שווער, ווי פון אונטער אַ שווערער לאַסט. זי פאַלט צוריק אַפן קישן.

שטאַרק פאַרינטערעסירט, שטעלט ריווקע געשווינד אַוועק די גלע-זער און לייגט זיך צו.

דער אַלטער האַקט איבער זײַן טילים, וואַרפט אַ בליק צום בעט און פרעגט:

— נישט גלײַכער אופצורוימען, ריווקע?

— באַלד, באַלד, זיידעשי, — ענטפערט ריווקע, — כאַנע וויל מיר עפּעס דערציילן.

דער אַלטער באַוועגט דעם קאָפּ מיט אַ טרויעריקן שמייכל און הייבט אָן ווײַטער זינגען זײַן טילים מיטן איווערטײַטש.

און כאַנע דערציילט מיט אַן אײַנגעקנייטשטן שטערן און ווײַט-געעפנטע, קימאַט שטאַרע אויגן, פאַר וועלכע ריווקע שרעקט זיך אַ

ביסל. עס דאכט זיך איר, אז כאנע דערציילט נישט פון זיקאָרן, נאָר זעט עפּעס פאר זיך און זאָגט, וואָס זי זעט. און איר שטימע איז אזוי טיף, און דער אָטעם פילט זיך איר אזוי הייס...

כאנע דערציילט:

— ...די קעבן איז ערגעץ ארויסגעגאנגען... איך בלייב איינע אליין אין קיך... אפ דער מאמענט ווארט איך: זי דארף נאָך מיר קומען.

— ריווקע, — שלאָגט זי זיך פּלוצעם איבער, — ווען האָבן מיר געגעסן הירזש מיט האָניק?

— נעכטן! — ענטפערט ריווקע מיט אן אומהיימלעכער שטימע.

— איז עס טאקע געווען נעכטן... יאָ, נעכטן... זיץ איך אזוי און זופּ טיי. די קעבן גיט מיר שטענדיק טיי... ווען איך קום, גיט זי מיר טיי... און דאָרט איז א מעכטיע טיי צו טרינקען... מיט א זילבערן לע-פעלע, עס גלאנצט... פון טיי ווערט אזוי ווארעם אין אלע אייווורים... און צוקער — הערסט — ארייַנגעלייגט.

איך וויל טרינקען צוגעביסן, די רעשט אהיים נעמען; לאָזט זי נישט, די קעבן. זי זאָגט: צוקער איז פאר דיר געזונט, זאָגט זי... און קוקט, איך זאָל ארייַנלייגן אלע דרייַ שטיקער!

א פונט צוקער קריגט זי דאָרט, די קעבן; יעדע וואָך א פונט צוקער! אכוץ וואָס זי נעמט אליין, פון דער זילבערנער פושקע, וואָס שטייט אין דער ערשטער שטוב... אָפן שטייט זי; איך האָב אליין געזען! נאָר איך וועל נישט נעמען...

אפ דער פושקע איז דאָ א הירש. די פּימסנהאָלץ האָט מיר אליין געזאָגט, אז עס איז א הירש; מיט אזוינע גרויסע, געדרייטע הערנער... אן עמעסער הירש.

— אקלאל, דו זיצסט אין קיך? — מינטערט זי ריווקע.



— יאָ, זיצ איכ אפנ בעט. אפנ שיינעמ בעט... אוי, האָט עס די קעכנ א בעט! דרײַ גרויסע קישנ, ווײַסע ציכלעכ, ווי שניי... געשטיקטע לאַנגעטנ, עס קוקט ארויס רויט... גרויסע פּערלמוטערנע קנעפּ, ווי פּערציקער גרויס! א געשטעפּטע אטלאסענע קאָלדרע, אינמיטנ — א גרויס ראָד ווי א ברונעמ! ארומ און ארומ — גרויסע אָדלער מיט פליגל... פונ אויבנ נאָכ א גרינע, זײַדענע קאפּע... א גאַנצע פּריצטע איז זי, די קעכנ; נאָר א גוטע, בעט מיכ זיצנ אפנ בעט, צופוסנס... שארט אוועק די קאפּע מיט דער קאָלדרע... זי האָט מיכ ליב, זאָגט זי, און — ווייסטו פארוואָס, ריווקע?

— פאַרוואָס?

— זי האָט אויך געהאַט אַזאַ מיידל, ווי איך... נישט כאַנע האָט זי געהייסן, נאָר אין מײַנע יאָרן... געשטאָרבן איז זי... האָט זי מיך ליב... זאָגט זי...

— וואָס האָסטו אַ ציטער געטאָן, ריווקע?

— עט, גאָרנישט... דערצייל ווײַטער, כאַנע...

— איך זיץ און זופּ טיי... און זי קומט אַרײַן...

— ווער?..

— די געשלאָגענע קאַלע...

— וואָס? די געשלאָגענע?

— האָסט נישט געהערט? — די מאַמע האָט דאָך דערציילט! יאָ, יאָ, מע שלאָגט זי, ווײַל זי וויל נישט דעם כאָסן.

— אַהאַ! אַקלאַל, זי קומט אַרײַן?

— זי קומט אַרײַן — אַ בלאַסע... רויטע אויגן — הערסט, ריווו-קע, אין שטוב טראָגט זי אַ בלוי-זײַדן קלייד, אַ שפּאָגל נײַעם, מיט רויטע פּינטעלעך, הינטן שלעפּערן זיך נאָך צוויי לאַנגע, ברייטע, אַטלאַסענע, אויך רויטע, שאַרפּן, אונטן באַנייט מיט שוואַרץ-זײַדענע פּרענדז, און ברילִיאַנטענע אויריננגלעך; פאַרקעמט איז זי אויסטער-ליש: הויך איבערן קאָפּ אַ קרענצל, אינמיטן קרענצל — אַ טויב מיט צוויי אויסגעשפּרייטע פליגל, — פאַרשטייסט? פון די האָר אויסגע-לייגט! די בײַהאָר פאַרנומענע הינטן מיט אַ גאָלדענער קלאַמרע; פון פאָרנט — אַ גאָלדענע שפּילקע, עפּשער צוויי! באַם פּאַסעק ווײַטער אַ גאָלדענע קלאַמרע — אַ פאַרבלענדעניש! ווו זי גייט זיך נישט אַ ריר, גייט ווי אַ בליץ!

כאַנע שטאָקט.

— און שוין?

— וואַרט, עס איז אַ גרויסער סאָד, ריווקע, — און זי גייט צו מיט שרעק: — גאָט וועט שטראָפן, אַז דו וועסט כאָלילע אויסזאָגן!

ריווקע פאַרזיכערט, אַז זי וועט נישט אויסזאָגן.

כאַנע לייגט ריווקען אונטער די האַנט, דריקט איר קאָפּ נעענטער צו זיך און דערציילט ווייטער מיט נאָך א שטילערער, נאָך א טיפע־רער שטימע.

— זי דערזעט מיך און פאַלט צו צו מיר מיט א געוויין.

— וואָס האָט זי פון דיר געוואָלט?

— א טויווע האָט זי געוואָלט פון מיר!

— א טויווע? זי פון דיר א טויווע?

— שטעקט מיר אין האַנט אַריין א האַלבן רובל — דעם האַלבן רובל, וואָס איך האָב נעכטן אָפּגעגעבן דער מאַמען, און נאָך עפּעס...

— וואָס נאָך? כאַנעשי!

„כאַנעשי" אין ריווקעס מויל איז א זיכערער שליסל צו עפענען כאַנעס האַרץ.

— א בריוו — א בריוו זאָל איך איר אָפּגעבן — בעסאַד־סוידעס.

— און דו האָסט גענומען?

— וואַרט, זי לערנט מיך אויס אויסנווייניק דעם אַדרעס; איך קאָן דאָך נישט לעזן! הערמאַן... דעם צווייטן נאָמען האָב איך שוין פאַרגעסן — די גאַס אויך; נומער, דאַכט זיך, פערציק — יאָ, פערציק.

— האָסט גענומען און אָפּגעגעבן? — פרעגט ריווקע מיט א פאַר־באָרגענע שרעק.

— נישט אַזוי געשווינד, — ענטפערט כאַנע נאַיוו, — איך האָב פריִער געבלאָנדזשעט.

נישט דאָס אָבער אינטערעסירט ריווקען.

— עס איז א באָכער? — פרעגט זי שאַרף.

— וויים איך? מיסטאָמע.

— ווינט אליין?

— דאכט זיך, — יאָ, ער אליין האָט מיר געעפנט. איך האָב נאָר א דריק געטאָן דאָס ווײַסע קנעפּל, זי האָט מיך עס אויסגעלערנט.

— ער האָט צוגענומען דעם בריוו?

— צוגענומען.

— געגעבן טשוווע?

—טשוווע האָט ער נישט געגעבן. ער וועט שרײַבן אפ דער פּאָסט, זאָגט ער, נאָר ער האָט זיך זייער דערפרייט מיטן בריוו. ער האָט פאר גרויס פרייד מיך ארײַנגענומען אין שטוב, געזעצט אפ א בענקל...

— נאָך וואָס?

— פאר גרויס סימכע! ער האָט מיר אפילע געגלעט די האָר — אזוי ווי די מאמע טוט אמאָל א יאָמטעוו, צי שאבעס, ווען זי האָט צײַט...

דערנאָך האָט ער געלאכט און האָט מיך אפילע געקושט... אין מויל ארײַן, גלײַך אין מויל ארײַן... דערנאָך די אויגן... שיינע אויגן, זאָגט ער, האָב איך...

ריווקע בלײַבט ליגן ווי פארשטארט...

כאנע פארטראכט זיך א ביסל, און ענדיקט:

— אָבער שפּעטער, אז ער האָט געוואָלט מיר עפענען דעם בו-זעם און ארײַנשטעקן די האנט, האָב איך מיך פארשעמט און בין אנטלאָפן... ער האָט פארגעסן צו פארמאכן די טיר... אָפן געווען...

— געלויבט איז גאָט... געלויבט איז גאָט... — שעפּטשעט ריווקע מיט א פארשטיקט געוויין...

— וואָס זאָגסטו ריווקע? ריווקע...

— גאָרנישט, כאנע...

— זאָג נאָר, ריווקע, נאָך וואָס האָט ער עס געוואָלט אַרײַנשטעקן אין בוזעם...

— שווײַג! — שלאָגט איר ריווקע איבער מיט שרעק.

צום גליק הערט נישט דער אַלטער. ער איז פאַרטיפט אין זײַנע טילים. ער זאָגט אַ פּאָסעק און פאַרטײַטשט באַלד:

„זיי האָבן קיין וואָר וואָרט נישט אין מויל... אינווייניק אין האַרץ, הייסט עס, האָבן זיי אַ בראָך... זייער האַלדז איז אַן אָפן קייווער. אַ גרוב, הייסט עס, אײַנצושלינגען... און אַ גלאַטיקע צונג האָבן זיי...“

ריווקע הערט זיך אײַן מיט אַ בלאַס פּאָנעם און פאַרביסענע ציין... כאַנע קוקט זי אָן דערשראָקן...



# א גילגל פונ א ניגנ



טאלנער נ י ג נ ווילט איר?

דאכט זיכ, אינ פלוג, א קלייניקייט—נעמענ א ניגנ פונ א טאלנער שאלעשודעס און נאכזינגענ! עס איז אבער נישט אזוי, ווי עס דאכט זיכ!

דער טאלנער ניגנ מוז געזונגענ ווערנ בערויוו אם, בעווערע מוז אימ זינגענ!

אונטערהעלפנ ווילט איר? ניינ, ברידער! מיט דער הילפ פונ פוילישע כסידימ זינגט זיכ נישט קיינ טאלנער ניגנ!

איר האט גאר קיינ האסאגע, קיינ יעדיע אינ נעגינע!

איכ הער דאכ אנדערע קלעזמארימ, אנדערע כאזאנימ! עס גרימפלט זיכ, נישט עס שפילט, און באמ זינגענ רייסט איר אייכ ווי געקוילעטע הענער! אפילע די סיניי-ניגונימ קומענ בא אייכ ארויס מעשונע-

ווילד... און אנדערע מאַרשן, אַנדערע קאַזאַקלעך? זיי זײַנען נאָך וויל־דער ווי אַנדערע טנועס און האַוויעס! איר זאָגט, עס איז כסידעס!.. בא אונדז זײַנען אַנדערע כסידים!..

פונוואַנען מ י ר האָבן נעגינעס? עפּשער קומט עס שוין בעיערושע און עפּשער ליגט עס אין דער געגנט!

אין אונדזער קיִעווער געגנט איז איין באַים אַן א פידעלע!

א באַלעבאַטיש קינד, אָדער, ווי מע זאָגט אין יענע קאַנטן: א טאַטנס א קינד, מוז האָבן א פידעלע, מוז קענען שפּילן...

איר ווילט וויסן, וויפל מאַנסלײַט עס געהערן צו א שטוב, קוקט אף די ווענט! וויפל עס הענגען פידעלעך, אַזוי פיל מאַנסלײַט!

אַלע שפּילן: עס שפּילט דער זיידע, עס שפּילט דער פאָטער, עס שפּילט דער זון...

עס איז נאָר א שאָד, וואָס יעדער דאָר שפּילט זיך זײַנס, שפּילט אַנדערש, שפּילט באַזונדער!

דער אַלטער זיידע שפּילט סינײַ-ניגונים אָדער אַזוי כאַזאָנישע זאַכן: א „קאָלנידרע", „שוישאַנאַס יאַנקעוו", א „גדי קשור-ידים" — א דײַגע וואָס? דער פאָטער, א כסידישער מענטש, צעגייט זיך אין א גוט־יִדישן שטייגער! דער זון ווײַטער — שפּילט שוין פון נאָטן! מע שפּילט שוין נאָר פון טעאַטער!

אַזוי ווי דער דאָר, אַזוי איז דער ניגן!

* * *

— וואָס טוען כסידים, אַז עס פעלט א ביסל בראַנפן? רעדט מען פון בראַנפן!.. זינגען איינער אַליין, אָן כעוורע, אָן א ברען פון אוי־לעם, קאָן מען נישט; ווערן מיר ר י י ד ן פון נעגינע...

נעגינע, מוזט איר וויסן, איז א גרויסע זאַך! גאַנץ טאַלנע איז גע־

שטאַנען אַף מעלאַוועמאַלקעס, און דער איקער מעלאַוועמאַלקע איז געוועזן דער ניגון!

עס וועגדט זיך נאָר, ווער עס זינגט און וואָס ער זינגט...

מיט די אייגענע ציגל קאָן מען שטעלן אַ שול און אַ קלויסטער, לעהאַוודל, אַ פּאַלאַץ און אַ טפיסע, און גאָר אַ העקדעש!

מיט די אייגענע אויסיעס שרײַבט מען סוידעס-האַטוירע און, לע-האַוודל, דאָס גרעסטע אַפּיקאָרסעס! און מיט די אייגענע קוילעס קאָן מען אַרופּ צו דער העכסטער מאַדרייגע פון היסלאַוועס און דווייקעס, און מע קאָן אַראָפּ ביזן שעויל-טאַכטיאָ און וואַלגערן זיך דאָרט ווי אַ וואָרעם אין בלאָטע!

אַ בריוול — ווי מע לייענט עס; אַ ניגון — ווי מע זינגט אים!

נעמט, לעמאָשל, אַ „פרייליכס"; קאָן עס זײַן אַ טאָלנער שאַבעס-שירעדיקע מעלאַוועמאַלקע, — אַ סימכע פון מיצוועס און מײַסים-טויווים; און עס קאָן זײַן די פרייד פון אַן אויסגעלאַסענעם פויגל אין אַ העפקער-וועלט.

אַ ניגון ברענט, טאַקע „טויכוי ראָצוף אַהאַוואָ" — אויסגעוויקט איז ער מיט ליבשאַפט; נאָר ליבשאַפט זײַנען פאַראַנען אַ סאַך: עס איז פאַראַנען אַהאַוואַס האַמאָקוים, אַהאַוואַס האַברויים, אַ ליבשאַפט צו קאָל-ייִסראָעל... איינער אָבער האָט גאָר זיך אַליין ליב, צי גאָר, ראַכמאָנעליצלאַן, אַן אַיי ש עס-איש!

אַ ניגון קלאָגט זיך, אַ ניגון וויינט, נאָר איינער וויינט אַפן נאָכאָש, אַפן פאַרלאָרענעם גאַניידן; אַ צווייטער — אַף גאָלעס-האַשכינע, אַף כורבן-בייסהאַמיקדעש, אַף אונדזער דאַלעס און שיפלעס!.. „ראה עמידתנו..."‚ קלאָגט ער זיך, דער ניגון... און נאָך אַ ניגון וויינט, אַז עמעצן איז אַ יעפייפיע אַנטלאָפן!

עס איז פאַראַנען אַ ניגון פול מיט בענקשאַפט; נאָר צו וואָס בענקט ער, דער ניגון? עס בענקט אַ נעשאָמע צוריק צו איר שוירעש, און עס

בענקט אַן אַלטער קעלעוו אַז צייַן צו יונגע יאָרן מיטן יונגן יעי־
צערהאָרע!

נעמט כאַטש דאָס לידל:

ר' דאָווידל האָט געוווינט אין וואַסילקאָוו —

אין וואַסילקאָוו,

און הײַנט וווינט ער אין טאַלנע;

רעב דאָווידל, רעב דאָווידל האָט געוווינט אין וואַסילקאָוו,

הײַנט וווינט ער אין טאַלנע!..

עס זינגען עס טאַלנער, עס זינגען עס וואַסילקאָווער! נאָר אַז די טאַלנער זינגען, איז עס אַן עמעס „פריילעכס", שפּריצט עס און ברענט מיט סימכע, מיט טײַנעג; זינגען עס אָבער וואַסילקאָווער, איז עס אויסגעווייקט מיט צאַר און מאַרעשכוירע! און ווענדן ווענדט זיך עס אָן דער נ ע ש אָ מ ע, וואָס מע גיט אַ רײַ נ אין ניגן!..

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

דער ניגן, מוזט איר וויסן, איז אַ סאַבאַקל פון קוילעס, אָדער, ווי יענע זאָגן, — טענער.

די קוילעס, אָדער די טענער, נעמט מען פון דער טעווע; זיי איז קיינער נישט מעכאַדעש, און אין דער טעווע פעלט נישט קיין קוי־לעס. אַלץ האָט אַ קאָל, זײַן אייגענעם קלאַנג, אויב נישט גאָר אַ גאַנצן ניגן!

די גאַלגאַלים, האָבן מיר אַ קײַמעלאָך, זינגען; טאָג און נאַכט — „יוים לעיוים... לײַלאָ לעלײַלאָ..." האָבן זייער זעמער... מענטשן און פייגל זינגען, כײַעס אובעהיימעס זאָגן שירע... אַ שטיין אַן אַ שטיין קלאַפּט, מעטאַל קלינגט... וואַסער, אַז עס לויפט, שווײַגט עס נישט; הײַנט אַ וואַלד! באַם קלענסטן ווינטל זינגט ער דאָך אַ „וואָלאַכ", אַן

עמעסנ, שטילנ, זיסנ וואָלאכ! אונ די באנ, לעמאָשל, — די כײַע-ראָע, מיט די רויט-פלאמענדיקע אויגנ, אז זי לויפט, באטויבט זי נישט מיט איר געזאנג? אפילע די שטומע פיש, האָב איכ אינ אנ אלט סייפער געזעהנ, גיבנ אויכ אמאָל ארויס פונ זיכ א קאָל-נעגינע. טייל פיש, שטייט אינ סייפער, שווימענ פונ צײַט צו צײַט צו צום ברעג, קלאפנ מיט די עקנ אינ זאמד, אפ א שטיינ אונ זײַנענ זיכ דערמיט מעכײַע!

ווייניק קוילעס? מע דארפ נאָר האָבנ אנ אויער, עס זאָל די קוילעס אופכאפנ, ווי א נעצ, אײַנזאפנ, ווי א שוואָמ!

נאָר פונ טענער אליינ איז נאָכ קיינ ניגנ נישט!

א הויפנ ציגל איז נאָכ נישט קיינ הויז!

דאָס איז ערשט דער גופ פונ ניגנ; ער דארפ נאָכ א נעשאָמע!

אונ די נעשאָמע פונ א ניגנ איז שוינ א געפיל פונ א מענטש: זײַנ ליבשאפט, זײַנ צאָרנ, לײַטזעליקײַט, נעקאָמע, הארצבענקעניש, כאראָטע, צאר, — אלצ, אלצ, וואָס א מענטש פילט, קאָנ ער ארײַנגעבנ אינ א ניגנ, אונ דער ניגנ — לעבט.

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

וואָרעמ איכ, ראבויסימ, גלייב, אז דאָס, וואָס מיכ איז מעכײַע, מוז אליינ האָבנ א כויעס, לעבט אליינ!

אונ הײַנט, אז א ניגנ איז מיכ מעכײַע, אז איכ באקומ פונ א ניגנ אנ עמעס כויעס, א נײַע נעשאָמע, זאָג איכ, אז א ניגנ לעבט...

אונ וועהאָרײַע: נעמט א ניגנ אונ צעשנײַדט אימ, זינגט אימ קאַפויר, כאפט פריִער ארויס די מיט אונ דערנאָכ זינגט די האסכאָלע מיטנ סאָפ, נו, האָט איר א ניגנ? בעסאכאקל האָט איר אלע קוילעס, עס פעלט אײַכ קיינ איינציקער טאָנ, נאָר די נעשאָמע איז ארויס! איר האָט א לעבעדיקע ווײַסע טויב געקוילעט, אונ אונטערנ מעסער איז ארויס די נעשאָמע!

עס איז געוואָרנ א מעס, א בארמינענ פונ א ניגנ!

אינ טאלנע איז באָרוור קאשעמעש, אז א ניגנ לעבט!

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

און א ניגנ לעבט, אונ א ניגנ שטארבט; אונ מע פארגעסט א ניגנ, ווי מע פארגעסט א שויכנ-אָפּאָר!

יונג אונ פריש איז ער אמאָל געוועג, דער ניגנ! מיט פריש לעבנ האָט ער געשפריצט... מיט דער צײַט איז ער אָפּגעשוואכט געוואָרנ, ער האָט אָפּגעלעבט זײַנ צײַט, אונ די קויכעס זײַנענ אים אויסגעגאנגענ... אָוואר אוואָטל איז ער געוואָרנ... דערנאָכ איז זײַנ לעצטער הויכ ארײַנ אינ דער לופט אונ ערגעצ פארשטיקט געוואָרנ — ווענייענו...

נאָר א ניגנ קאָנ אופשטיינ טכיעס-האמייסים...

פלוצעמ דערמאָנט מענ זיכ אנ אלטנ ניגנ, ער שווימט פלוצעמ ארויס אונ רײַסט זיכ פונ מויל אראָפּ... נישט ווילנדיק לייגט מענ אינ אים ארײַנ א נײַ געפיל, א נײַע נעשאָמע, אונ קימאט א נײַער ניגנ לעבט...

דאָס איז שוינ א גילגל פונ א ניגנ...

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

איר פארשטייט מיכ ווייניק... רעדט מיט א בלינדנ וועגנ ליכט!

ווייסט איר וואָס? מײַסעס האָט איר דאָכ ליב, וועל איכ אײַכ דער-צײלנ א מײַסע וועגנ א גילגל פונ א ניגנ... הערט!

דרײַ-פיר מײַל אונטער באַרדיטשעוו, באלד נאָכנ וואלד, איז פא-ראנענ א שטעטל מאכנאָווקע; אונ אינ דעמ מאכנאָווקע איז געוועג א נישקאָשעדיקע קאפעלע קלעזמער. נאָר דער ראָש-יואָרישנ זייערער, רעב כאָימל האָט ער געהייסנ, דער איז געוועזנ א בעריע פונ א מוזי-קאנט, — פעדאָצער באַרדיטשעווערס א טאלמיד. דער רעב כאָימל איז נישט געוועזנ קיינ מעכאדעש פונ ניגונימ, דאָס הייסט: ער איז נישט

געוועזנ קיינ קאָמפּאָזיטאָר; נאָר אויספירנ א זאַכ, מאַטים זײַנ, פאַרטײַטשנ, מאַמעש ארײַנלייגנ אינ האַרצ — דאָס האָט ער געקאָנט; אינ דעמ האָט שוינ זײַנ גוורע געשטעקט!

א ייִד איז ער געוועזנ א דאַרער, א טרוקענער. האָט ער אָבער אָנגעהויבנ שפּילנ, איז ער פּלוצעמ געוואָרנ גאָר אַנ אַנדער מענטש: די אייביק אָראָפּגעלאָזטע ברעמענ האָבנ זיכ לאַנגזאַמ אופגעהויבנ, אונ פונ די שטילע, טיפע אויגנ איז געפאַלנ אַנ עמעסע שײַנ פונ רוכניעס איבערנ בלאַסנ פּאָנעמ. מע האָט געזענ בעכוש, אז צינד איז ער נישט קיינ היגער, זײַנע הענט שפּילנ אליינ, פונ זיכ, אונ די נעשאָמע פליט ערגעצ אַרומ, הויכ, הויכ, אינ אוילאָמ-האַזימראָ... טיילמאָל פלעגט ער זיכ פאַרגעסנ אונ אָנהייבנ זינגענ אויכ, אונ א קאָל האָט ער געהאַט — א קלאַרנעט, אַזוי קלאָר אונ אַזוי ריינ...

וואָלט דער כאַזנ נישט געוועזנ קיינ פרומער, פּאָשעטער ייִד, קימאַט א טאַמ, וואָלט ער זיכ נישט געקוועלט מיט אכט קינדערלעכ אינ מאַכנאָווקע. ער וואָלט שוינ ערגעצ געשפּילט אָדער געזונגענ אינ א טעאַטער, אונ עפּשער קאָרכאַזנ געוואָרנ אינ א בערלינ צי פּאַריזש... נאָר אַזוינע לײַט גיט שוינ אַרויס פונ זיכ באַרדיטשעוו. כאַזנ טאַמ זיצט זיכ אינ דער היימ אונ באָרגט כאַדאָשימלאַנג אינ אַלע שפּײַז-געוועלבלעכ אַל כעזשבנ פונ א באַלעבאַטישער כאַסענע, וואָס מוז דאָכ אַמאָל זײַנ!

אונ דעמלט האָט זיכ פּונקט געמאַכט א גווירישע כאַסענע! אונ באַמ פּעטער פונ מאַכנאָווקע, באַ בערל קאַצנערס אַלמאָנע.

בערל קאַצנער אליינ — ווערגנ זאָל ער מיכ קומענ — איז געוועזנ א גרויסער וואָכערניק, א קאַמצנ — נאָכ א גרעסערער. אינ מויל ארײַנ האָט ער זיכ נישט פאַרגונענ... ער פלעגט אַרומגיינ אונ קלײַבנ קרישקעלעכ נאָכ די קינדערס עסנ... אַנ אײַזערנ האַרצ האָט ער געהאַט, דער מענטש!

פארנ טויט, קימאט אינמיטנ דער גסיסע, רופט ער צו דעם עלטסטנ זונ, הייסט זיך דערלאנגענ די ביכער און ווײַזט אָנ מיט א ברוינ-בלויענ פינגער, ווו עס איז נישט באצאָלט קיינ ראטע; און „פראָלאָנ-גירנ, זאָגט ער, כאסוועשאָלעם! הערסט! ביגזייראס קיבוד-אָוו".

דערנאָך האָט ער צוגערופנ דאָס ווײַב און געהייסנ באהאלטנ דאָס קופער, וואָס האָט געהאנגענ אפ דער וואנט: „מאך איך צו אנ אויג, — זאָגט ער, — איז אלצ העפקער!" און מיט דעם איז אים די נעשאָמע ארויס!

איבערגעלאָזט האָט ער טאקע א האלבנ מיליאָנ!

ווי געזאָגט, כאסענע דער טאָכטער מאכט די אלמאָנע, און זי אײַלט צו, ווײַל זי וויל זיך אליינ אויך לאָזנ ריידנ א שידעך; א שטיינ איז איר אראָפ פונ הארצ! אופגעריכט איז זי געוואָרנ!..

און אז כאזמל קלעזמער דארפ אויך כאסענע מאכנ א טאָכטער, ווארט ער מינאסטאמ אפ דער כאסענע ווי אפ מאָשיעכנ...

פאלט אָבער אײַנ דער אלמאָנע, אז זי וויל אראָפברענגענ פעדאָצערנ פונ באַרדיטשעוו.

באשער בעכיינ? עס וועלנ זײַנ קיעווער מעכוטאָנים, קיעווער מע-ווינים, וויל זי צום באדעקנס א נײַעמ „אייל מאָלע ראכמימ"; נישט, זאָגט זי, קיינ אלטע אָפגעשלאָגענע הוישײַנע! עס קאָסט אזויפיל, זאָל נאָך קאָסטנ, און זאָלנ די קיעווער זענ!

כאזמל איז שיר אויסגעגאנגענ.

אינ שטאָט איז אויך געוואָרנ א גערודער; מע האָט אים זייער ליב געהאט, כאזמלענ; און עס איז גלאט א ראכמאָנעס אפ א ייד אנ עוויענ!.. מע לייגט זיך ארײַנ אפ א פעשער; און סאָפקאָלסאָפ איז גע-בליבנ, אז שפילנ זאָל טאקע כאזמל מיט דער קאפעלע, נאָר פאר דער כא-סענע זאָל ער זיך אראָפכאפנ, אפ דער גווירעס הויצאָעס, קיינ בארדי-טשעוו און ברענגענ פונ פעדאָצערנ א נײַעמ „אייל מאָלע ראכמימ".

כאַמל כאַפּט עטלעכע רובל, — דערפון לאָזט ער איבער אַ גרע־סערע העלפט דעם ווײַב מיט די קינדער — דינגט אַ פור און לאָזט זיך קיין באַרדיטשעוו.

און דאָ הייבט זיך אָן די מײַסע מיטן גילגל.

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

ווי זאָגט מען עפּעס, אַן אָרעמאַן האָט מאַזל! פּאַרט כאַמל פון אײַן זײַט אַ ר ײַ נ קיין באַרדיטשעוו, און פעדאָצער פּאַרט פון דער אַנ־דערער זײַט אַ ר ו י ס פון באַרדיטשעוו! פונקט האָט מען אים פאַר־בעטן קיין טאַלנע אַף אַ מעלאַווע־מלכּע! דער טאַלנער, מוזט איר וויסן, האָט שטאַרק געהאַלטן פון פעדאָצערן. „סוידעס־האַטוירע", פלעגט ער זאָגן, „שטעקן אין זײַנע ניגונים! עס איז נאָר אַ שאָד, וואָס ער אַליין ווייסט זיי נישט!"

מיילע, כאַמל דרייט זיך אַרום ווי אַן אָפּגעסאַמטער אין די גאַסן. וואָס זאָל ער טאָן? אַהיים פּאָרן אָן אַן „איל מאָלע ראַכמים" טאָר ער נישט — די וועלט וועט זיך קערן! נאָכפאָרן קיין טאַלנע אָדער וואַרטן, ביז פעדאָצער וועט צוריקקומען, קאָן ער נישט — ער האָט אויסגערעכנט הויצאָעס! די גווירע האָט אים ו ו י י נ י ק־וואָס גע־געבן, און איבערגעלאָזט דעם ווײַב האָט ער אַ סאַך! האָט ער טאַקע ווילד צאַר!

פּלוצעם דערזעט ער אין גאַס אַזאַ מין סצענע:

שטעלט אײַך פאָר, אין אַ שיינעם, העלן וואָכנטאָג גייט זיך אי־בער דער גאַס אַ ווײַבל, אָנגעטאָן ביגדיי שאַבעס ווע־יאָמטעוו, אָדער, ווי מע זאָגט אין יענע קאַנטן, אויסגעפּוצט אין האַניק און אין עסיק... אַפן קאָפּ טראָגט זי אַ מאָדנעם ציפּיק, מיט לאַנגע, לאַנגע בענדער, סטענגעס פון פאַרשיידענע לעבעדיק־שרײַענדיקע קאָלירן!

אין דער האַנט האַלט זי אַ גרויסע ווײַסע זילבערנע טאַץ.

דעם ווײַבל גייען נאָך קלעזמער און שפּילן, און דאָס ווײַבל גייט טאַנצנדיק. טײלמאָל שטעלט זי זיך אָפּ מיט די קלעזמער פאַר א שטיב אָדער פאַר א קלייט און מאַכט א טענצל אפן אָרט... די מוזיק רופט ארויס מענטשן פון אלע זײַטן, טירן און פענצטער זײַנען אָנגע- פּראָפּט — קאָפּ אפ קאָפּ...

די מוזיק שפּילט, דאָס ווײַבל טאַנצט, די קאָלירטע בענדער צע- פליען זיך אינדערלופטן, די טאַץ בלאַנקט און בליצט... דער עולם שרײַט: „מאַזלטאָוו” און וואַרפט מאַטבייעס; דאָס ווײַבל טאַנצט אונ- טער און כאַפּט זיי ארײַן אין טאַץ, — די מאַטבייעס בליצן און קלינ- גען צו צום טאַקט...

וואָס איז עס? א קלייניקײַט: באַרדיטשעוו איז א ייִדישע שטאָט און האָט ייִדישע מינהאָגים; אַזוי איז מען זיך נויהעג צוזאַמענצונע- מען אפ האַכנאָסעס-קאַלע!

כאַימל האָט געוווּסט פון מינהעג. ער האָט געוווּסט, אַז די ווײַבער קלערן זיך אוים טענץ און פּעדאָצער אליין מאַכט פאַר יעדעם מאָל א נײַעם ניגן; דאָס איז שוין זײַן מיצווע געווען! מע קומט צו אים, מע דערציילט אים פון דער קאַלע, פון איר מישפּאָכע, פון שידעך, פון דאַלעס... ער הערט שווײַגנדיק, מיט פאַרמאַכטע אויגן, טײלמאָל פאַר- שטעלט ער זיך דאָס פּאָנעם מיט די הענט, און אַז מע ענדיקט, עס ווערט שטיל, הייבט אָן פּעדאָצער צו ברומען א ניגן...

דאָס אלץ האָט כאַימל געוווּסט. וואָס דען שטייט ער מיט אָפענע מויל און אויערן?

ער האָט נאָך אַזא „פרייליכס” נישט געהערט. עס לאַכט און וויינט צוזאַמען; עס פילט זיך אי צאַר, אי טײַנעג, האַרצווייי און גליק; אלץ אויסגעמישט, צוזאַמענגעשמאָלצן... אן עמעסער יעסוימעס א כאַסענע!

פלוצלינג איז ער אונטערגעשפּרונגען: ער האָט, וואָס ער דאַרף!

צוריקפאָרנדיק פונ באַרדיטשעוו, האָט דער באַלעגאָלע אופגענומענ פאַרשווינענ. כאַמאָל האָט אימ נישט געווערט. אונ די פאַרשווינענ, אונ גראָד מעווינים, האָבנ דערציילט, אַז אזויווי זיי זײַנענ אַרײַנגעפאָרנ אינ וואַלד, האָט כאַמאָל אָנגעהויבנ צו זינגענ.

געזונגענ האָט ער פּעדאָצערס ,,פּריילעכס''; נאָר דערפונ איז שוינ געוואָרנ גאָר אַנ אַנדער זאַכ, דער מאַזלטאָוו פונ האַכנאָסעס-קאַלע איז מעגולגל געוואָרנ אינ אַנ עמעסנ „איל מאָלע ראַכמימ”.

אונ אינמיטנ שטילנ גערויש פונ ביימער איז אַרויסגעשוווּמענ א שטילער, זיסער שטילער ניגנ...

אונ דעמ ניגנ, האָט זיכ געדאַכט, האַלט אונטער א גרויסע, נאָר א שטילע קאַפּעלע מעשוירערימ, דאָס האָבנ געראַוישט די ביימער אינ וואַלד...

שטיל אונ האַרציק האָט זיכ דער ניגנ געקלאָגט; געבעטנ זיכ ראַכ-מימ, ווי א קראַנקער בעט אָפּ זײַנ לעבנ...

דערנאָכ הייבט דער ניגנ אָנ צו זיפצנ, צו בעטנ זיכ מיט קורצע אויסגעשרייענ; מע פילט, אַז עמעצ קלאַפּט זיכ אינ האַרצ אַרײַנ „אַל-כעט''— ציִ איז עס יאָמקיפּער, ציִ זאָגט עמעצ ווידע?

נאָר העכער, אונ אינ איינוועג צעבראָכענער, ווערט דער קאָל; וואָס אמאָל אָפּגעריסענער, ווי פונ טרערנ דערשטיקט, ווי פונ יעסורימ אי-בערגעהאַקט.— דערנאָכ עטלעכע טיפערע זיפצנ, א שאַרפער אויסגע-שריי! איינער... א צווייטער, אונ פּלוצלינג רײַסט זיכ עס אינגאַנצנ אָפּ, שטיל,— עמעצ איז געשטאָרבנ...

דער ניגנ וועקט זיכ ווײַטער אופ, אונ ער פאַלט שוינ אַרײַנ אינ הייסע, ברענענדיקע געשרייענ. אונ די געשרייענ פליִענ, יאָגנ אונ פּלאָנטערנ זיכ; עס ווערט א הימל-געשריי, א יאָמער — ווי בא א לעוויִע!

און אינמיטן דער לעוויַיע שווימט ארויס א דין, ריין קינדיש קאָל; איז עס נאס, ציטעריק און דערשראָקן.

קאדעש זאָגט א קינד!

און עס גייט איבער אין א שטייגער: הויראָיעס, דימיוינעס, טויזנטער געדאנקען, וואָס גייען לאנגזאם איבער אין זיסע, בארעמהאר-ציק-זיסע מעלאָדיען... עס טרייסט, עס רעדט איַין... און מיט אזא גוטסקיַיט, מיט אזא מעסירעסנעפעש, מיט אזא פעסטן גלויבן, אז עס ווערט וויַיטער גוט, וויַיטער זיס; עס גלוסט זיך וויַיטער צו לעבן. עס ווילט זיך לעבן, עס ווילט זיך האָפן!

אויסגעגאנגען זיַינען שיר די מענטשן.

— וואָס א י ז עס? — פרעגן זיי.

— אן „איל מאָלע ראכמים'', — ענטפערט רעב כאזם,— פאר קאצנערס יעסוימע אן „איל מאָלע ראכמים“!

— נישט קעדיַי אפילע, — ענטפערן זיי, — אן אוויירע דער ניגן, נאָר די וועלט וועט איר אָפנעמען, ר' כאזמל, די קיעווער לייַט וועלן אויסגיין...

די קיעווער ליַיט זיַינען נישט אויסגעגאנגען!

בא די קאצנערס איז שוין קיין יידיש באלעבאטישע כאסענע נישט געווען... און דער „איל מאָלע ראכמים“ האָט פארן אוילעם נישט געפאסט.

די קיעווער ליַיט ווילן בעסער טאנצן מיט דאמען. נאָך וואָס „שטייגער“? נאָך וואָס „מאָראלישע“ זאכן?

און גלאט נאָך ווענען אן „איל מאָלע ראכמים“? נאָכן אלטן קאמצן?

דער אלטער קאמצן זאָל לעבן, וואָלט די קאלע קיין העלפט נאָד:

נישט געהאט, קיין אויסשטײַער אוואדע נישט, עס וואָלט די באסענע גאָר אַן אנדער פּאָנעם געהאט! זאָל ער הײַנט אופשטיין און זען דאָס ווײַס אטלאסענע קלייד מיט שפּיצן, דעם שלייער; זאָל ער זען די ווײַנען, די טאָרטן, די פישן און פליישן, אונטער וועלכע עס ברעכן זיך די טישן,— וואָלט ער דאָך נאָכאמאָל געשטאָרבן און — שוין נישט אזוי לײַכט ווי פריִער!

און וואָס דאַרף מען די גאַנצע צערעמאָניע, די גאַנצע באדעקנס... אַלטע נארישע מינהאָגים!

— געשווינדער! — שרײַט דער קוועוער אוילעם.

דער אָרעמער באָזמל! ער האָט אָפּגעשטעלט די קאַפּעלע, מיט האַרצקלאַפּן געצויגן דעם סמיטשיק איבער די סטרונעס... דער פּראָסטער אוילעם האָט שוין אָנגעהויבן פּינטלען מיט די אויגן, באַ טייל ריינען שוין טרערן,— און דאָ גיט איינער, אַ קוועוער, אַ געשריי:

— וואָס איז דאָ? אַ באסענע צי אַ לעווײַע?

און אַז באָזמל מאַכט זיך נישט הערנדיק און שפּילט ווײַטער, הייבט ער אָן, דער קוועוער, צו פײַפן...

און פײַפן פײַפט ער גראָד אויסגענומענע ווויל... ער האָט שוין געכאַפּט דעם ניגן און פײַפט אים קעהאוואיע! און פײַפט וואָס אמאָל געשווינדער, אויסגעלאסענער, ווילדער, און אַלץ דעם אייגענעם ניגן!..

די קאַפּעלע בלײַבט שטיל. און עס הערט זיך נאָר אַ מילכאָמע צווישן דער מאָראַלישער פידל מיטן אזעס-מעכוצעפן פײַפן...

און דאָס פײַפן איז גויווער! עס יאָגט אונטער דעם סמיטשיק! די פידל וויינט שוין נישט, פריִער קרעכצט זי, דערנאָך הייבט זי אָן צו לאַכן!

און פּלוצעם האָט באָזמ איבערגעהאַקט. מיט פאַרביסענע ליפּן און ווילדברענענדיקע אויגן שפּרינגט ער איבער אַפּ אַן אַנדערע סטרונע

און הייבט אָן נאָך געשווינדער צו שפּילן, איבעריאָגן וויל ער דאָס פּיפּן!

ניין, עס איז שוין קיין שפּילן נישט געווען! די פידל ווארפט ארויס פון זיך אָפּגעריסענע געשרייען, גוואלדיקע קוילעס... און זיי ווארפן זיך און דרייען זיך ארום ווי אין א ווירבל-ווינט, אלץ ארום, דאכט זיך, טאנצט: די שטוב, די קאפּעליע, די געסט, די קאלע אפן שטול, כאַזמל אליין מיט דער פידל...

עס איז קיין פרייליכס, קיין „אייל מאַלע ראַחמים", עס איז קיין שפּילן! א טאנצנדיק משוגעס איז עס, א ווילד-משוגעדיקער כוואליע-נויפל, ראַכמאָנעליצלאן...

און עס האָט אזוי לאנג געדויערט, ביז די סטרונע האָט געפּלאַצט.

— בראַוואָ, כאַזמל, בראַוואָ! — האָבן די קוועווער לײַט געשריען...

צי האָבן זיי דערמיט דעם אלטן קאַמצן א טויווע געטאָן? אז אַסער!

אין עטלעכע יאָר ארום איז דער ניגון, מינאַסטאַם דורך איינעם פון די קוועווער לײַט, ארײַן אין טעאַטער!

וואָס איז אַזוינס טעאַטער! אלטע מאַסקילים פלעגן גלייבן, אז טעאַטער איז בעסער פאר א מוסער-סייפער, שטאַרקער פארן „ריישים-כאָכמע", לעהאַוודל! איר זאָגט אוואדע, אז טעאַטער איז טרייף ווי כאַזער...

בא אונדז זאָגט מען, אז עס ווענדט זיך אין דעם, וואָס מע שפּילט אין טעאַטער!

געווען איז עס שוין אין וואַרשע...

דאָס טעאַטער איז פול, קאָפּ אפּ קאָפּ. די מוזיק הייבט אָן שפּילן. וואָס שפּילט די מוזיק?

א געוויש, א מעהומע שפּילט זי, — א דויר האפלאָגאָ. כאָזמלם „אייל מאָלע ראכמימ", נאָר אפּן אָרט פון וואָלאכ — א מעהומע: די קיילימ יאָגנ זיכ, טרײַבנ זיכ און קנאקנ!

עס רודערט, עס קלאַפּט און עס פּײַפט... נישט עס דונערט, נישט הײַזער פאלנ, גלאט א געפילדער! צי גליטשנ זיכ שיידימ אפּנ יאמ-האקראכ, צי רײַסנ זיכ טויזנטער כײַעס-ראָעס פון גענעמ ארויס? א ציטערניש נעמט דורכ דאָס טעאטער!

פּלוצעמ רײַסט זיכ ארײַנ דער באס! מיקלוימערשט אינ קאס איז ער! ער בייזערט זיכ. וואָס איז דאָס? נאָר — פאלש! מע פילט, אז ער בייזערט זיכ נישט ערנסט. און א מאָדנע פײַפערל שפּרינגט אונטער, עס פליט דורכ די קאפּעלע מיט זיגזאגנ פון א בליצ און מיט א גע-לעכטער פון אנ עמעסנ לעצ: כא-כא-כא! און כי-כי-כי! דער קלארנעט אײַלט זיכ נאָכ! און מײַסימ טוט ער, דער קלארנעט! לעהאכימ טוט ער, מע פילט בעכוש דעמ לעהאכימ!

און אצינד ערשט שווימענ ארויס דרײַ-פיר פידלענ... און מעשו-נע-זימ שפּילנ זיי, די פידלענ, מעשונע-זימ, ווי די טײַווע אליינ, ווי דער יעיצערהאָרע, ווענ עס רינט אימ האָניק פונ מויל! און עס נארט זיכ ארײַנ, דאָס שפּילנ, אינ די הערצער; עס פליסט ארײַנ ווי א בוימל און פארשיקערט ווי אלטער ווײַנ!

אופגעפלאמט ווערט דאָס טעאטער: די מײַלער אָפנ, און די אויגנ בליצנ!

און דאָ הייבט זיכ ערשט אופ דער פאָרהאנג, און עס באווײַזנ זיכ אנ „ער" און א „זי" — א „בענמעלעכ" מיט א „באסמאלקע", און זיי זינגענ!

זיי זינגענ מיט ווערטער, מיט פלאמענדיקע ווערטער, ווי ברענענ-דיקע שלאנגענ פליִענ זיי פונ די מײַלער ארויס! און דאָס גענעמ ברענט זיי אפּ די פּענעמער; ווי די טײַוולאָנימ שפּרינגענ זיי זיכ אקעגנ! און

דאָס האַלדזן זיך, דאָס קושן זיך, דאָס זינגען און דאָס שפּרינגען גייט אַלץ שנעלער און שנעלער און ווערט פייער־פלאַמענדיקער מיט יעדער רעגע!

און אינעם פייער ברענט שוין דאָס גאַנצע טעאַטער. די גאַנצע גאַלעריע מיט זכרים און נקיבות, מיט די דערהיצט־פאַרשוויצטע פּנימער און ווילד־פלאַמענדיקע אויגן... ווי אַ מאַבל האָט עס פאַר־פלייצט!

און דאָס גאַנצע טעאַטער זינגט!

אַ ים פון ברענענדיקער טייווע האָט זיך אויסגעגאָסן — אַ גענעם ברענט! שיידים טאַנצן, מלאכי־חבלה פירן אַ פייערדיק ראָד...

דאָס איז געוואָרן פון פּעדאַצערס „האַכנאָסעס־קאַלע", דורך באַזמלס „איל מאַלע ראַכמים", מיטן קיזשוועריס הילף!

נאָר פאַלן האָט קיין שיר נישט!

כאָרעוו געוואָרן איז דאָס „יידישע" טעאַטער. די „בנייִמעלאָכים" זיינען צוריק שוסטער און שניידער געוואָרן; די באַסמאַלקעס האָבן זיך צוריקגעשטעלט צום קוימען. און מאַנכע פון די טעאַטער־ניגונים זיינען מעגולגל געוואָרן אין שאַרמאַנקעס...

אונדזער ניגן איז שוין קוים צו דערקענען!

אַן אויסגעקראָכענער דיוואַן ליגט אויסגעשפּרייט אַפּ אַ הויף... צוויי מענער אין לייבקאַליר מאַכן קונצן, צוזאַמען מיט אַן אויסגע־דאַרט בלאַס מיידעלע, וואָס זיי האָבן ערגעץ געגאַנוועט...

איינער כאַפּט אַ לייטער אַפּ אַ צאָן. פּיל פון בויגן לויפט דאָס מיידעלע אַרויף ביזן העכסטן שטאַפּל און שפּרינגט פון דאָרטן אַראָפּ און בלייבט שטיין אַפּן צווייטנס אַקסל! דער ערשטער דערלאַנגט איך דערוויל אין פלייצע; זי מאַכט עטלעכע קאָזשיאָלקעס אין דער לופט

און בלײַבט שטײן פאַרן אױלעם אין הױף מיט אַן אױסגעשפּרײטער האַנט און בעטלט אַ נעדאָװע!

עס איז אױך אַ טעאַטער, נאָר אַ טעאַטער פאַר געמײנע לײַט! פאַר מעשאָרסים און דינסטן!

אונטערן הימל שפּילט מען, קאָסט עס ביליק, קױפט מען קײן בי־לעטן נישט, װאַרפט מען צװײערס און דרײַערס! און זי מאַכט עס אַזױ קונציק, דאָס דאַרע מײדעלע!

דיקע טראָפּן שװײס רינען איר פון רױט געמאָלטן פּאָנעם, אין די אײַנגעפאַלענע אױגן ברענט אַ צאַר, — נאָר דאָס זעט נישט דער אױ־לעם; זי אָטעמט שװער, דאָס הערט ער נישט! ער זעט נאָר די שײנע קונצן, ער הערט נאָר די שײנע מוזיק פון שאַרמאַנקע!

און די נעשאָמע אין דעם דאַרן גוף פון אָרעמען, געגאַנװעטן קינד, און דער אָרעמער ניגן אין דער הײזעריק־בלעכענער שאַרמאַנקע, — בײדע קרעכצן, װײנען און צאַפּלען, בײדע בעטן זיך טיקן...

עס איז אָבער באַשערט געװעזן, אַז פּעדאָצערס „האַכנאָסעס־קאַ־לע" זאָל אופגעריכט װערן! גײענדיק פון הױז צו הױז, װאַנדערנדיק פון שטאָט צו שטאָט, האָבן די קונצנמאַכער אַזױ לאַנג מיטגעשלעפּט דאָס אָרעמע קינד, ביז עס איז, לױ־אַלײכעם, קראַנק געװאָרן...

עס איז געװעזן אין ראַדזשיװיל, בײַ דער גרענעץ. דאָרט האָבן זײ דאָס קראַנקע קינד איבערגעלאָזט הינטער אַ צױם און זײַנען די גרע־נעץ אַריבער. יאָג נאָך דעם װינט אין פעלד! האַלב־נאַקעט מיט ברױ־נע־בלױע צײכנס פון שלעג אױפן לײַב, איז עס געלעגן אין אַ היץ!

ראַכמאָנעסדיקע לײַט האָבן דאָס קינד אופגעהױבן און געטראָגן אין העקדעש אַרײַן... אױסגעהאַלטן האָט דאָס קינד אַ טיפוס, און אַרױס איז עס פון שפּיטאָל אַ בלינדע אױף בײדע אױגן!

און אצינד בעטלט דאָס אָרעמע קינד. פון הויז צו הויז גייט עס, פון טיר צו טיר און בעטלט...

און קימאט זי רעדט נישט... זי קאָן מיט ווערטער נישט בעטלען... זי שטעלט זיך ערגעץ אָפּ און וואַרט; דערזעט מען זי נישט, הייבט זי אָן זינגען איר ניגון, מע זאָל זי דערהערן... און דער ניגון איז פון דער שארמאנקע!

און וואָס זאָגט אצינד דער ניגון?

ראַכמים בעט ער זיך: ראַכמאָנעס פאַר אַן אומגליקלעך קינד...

„שלעכטע מענטשן האָבן מיך ארויסגעגאַנוועט פון אַ גוטן טאַטן, פון אַ האַרציקער מאַמען, פון אַ וואַרעמער און זאַטער היים!"

„מע האָט מיך ארויסגעריסן פון אַלעם גוטן; אויסגענוצט און ארויסגעוואָרפן ווי אַ שאָל פון אַן אויסגעגעסענער נוס!"

„ראַכמאָנעס פאַר אַן אָרעמ, אָרעמ קינד!"

און נאָך בעט זיך דער ניגון:

„עס איז קאַלט, און איך גיי נאַקעט; הונגעריק בין איך אויך... און דעם קאָפּ ווו אנידערצולייגן האָב איך אויך נישט... און בלינד בין איך דערצו!"

אזוי האָט דער ניגון געבעטן. און דאָס איז געווען זיין ערשטע מאַדרייגע אַרופּ — מע האָט דורך אים צדאָקע געגעבן!

אין ראַדזשיוויל איז געווען אַ ייִד אַ לאַמדן... ער איז אַפילע קיין מיסנאַגעד ניט געווען, קיין בוילעך אוואַדע נישט, נאָר ער האָט פּאָ־שעט קיין צייט נישט געהאַט צו פאָרן... ער האָט די געמאָרע נישט פאַרמאַכט!

פאַר ביטל־טוירע האָט ער מוירע געהאַט!

מע זאָל אים אינ בעסמעדרעש נישט מעוואטל זײַנ פונ לימוד, פלעגט ער זיצנ אונ לערנענ אינ דער היימ; דאָס ווײַב זיצט א גאנצנ טאָג אינ קלייט, די קינדער — אינ כיידער.

עס פלעגט אים אמאָל דורכפלִיענ אינ קאָפּ א ראיענ: עפשער פאָרנ ערגעצ? דאָס האָט אים דער יעיצערטאָוו, מינאסטאמ, אונטערגעזאָגט. וואָס טוט דער יעיצערהאָרע? פארשטעלט ער זיכ אינ יעיצערטאָוו אונ ענטפערט: מאכטייסע, אוואדע דארפ מענ אמאָל פאָרנ! נאָר עס איז נאָכ צײַט: מע דארפ פרִיער ענדיקנ די מעסיכטע, יענע מע-סיכטע!.. אונ אזוי זײַנענ אוועק כאדאָשימ אונ יאָרנ!

פונ הימל האָט מענ אָבער, אפּאָנעמ, געוואָלט, ער זאָל קומענ צו רעב דאָווידלענ!

מאכט זיכ אזא מײַסע:

איינמאָל זיצט ער זיכ, דער לאמדנ, אונ לערנט אונ דערהערט א געזאנג פאר דער טיר; בייזערט ער זיכ אפ זיכ אליינ:

— אז מע זיצט אונ לערנט, דארפ מענ נישט הערנ, וואָס אינ גאס, וואָס פאר דער טיר טוט זיכ! מע דארפ באָטל ווערנ אינ דער טוירע!

ער הערט דאָכ אָבער פאָרט; נעמט ער אונ פארשטאָפּט זיכ מיט די פינגער די אויערנ. דער ניגנ גאנוועט זיכ אָבער פאָרט ארײַנ; אונטער די פינגער גאנוועט ער זיכ. ווערט ער נאָכ מער בייז, כאפּט ער מיט קאס די לאנגע באָרד אינ מויל ארײַנ אונ, בײַסנדיק די האָר, לערנט ער ווײַטער! מיט נאכעס לערנט ער!

דער ניגנ לאָזט נישט אָפּ. ער הערט אימ וואָס אמאָל שארפער. אינמיטנ דערפילט ער, אז עס איז קויל בעִישאָ — א מיידל זינגט! גיט ער שוינ א געשריי ארויס אפ א קאָל: כצופע! אוועק פונ מײַנ הויז! גייט דער ניגנ אוועק... נאָר, א מײַסע נוירע — מע זינגט שוינ נישט, אונ ער הערט ווײַטער! דער ניגנ זינגט זיכ אימ אליינ אינ אויער, אינ דער נעשאָמע! מיט קויעכ קוקט ער אינ סייפער ארײַנ, מיט קויעכ וויל

ער זיך דורכנעמען מיט דער סוגיא, עס גייט נישט! דעם לאַמדנס נעשאָמע ווערט וואָס אַמאָל פולער און פולער מיטן ניגן...

פאַרמאַכט ער די געמאָרע און שטעלט זיך דאַוונען מינכע.

ער קאָן אָבער נישט — נישט לערנען, נישט דאַוונען, גאָרנישט! ווי אַ זילבערן גלעקל קלינגט אין אים דער ניגן! דער מענטש האַלט עס נישט אויס! ער גייט מאַמעש אויס פאַר צאַר! עס גייט אַוועק אַ טאָג, אַ צווייטער, אַ דריטער — ער פאַלט שיר נישט אין אַ מאָרעשכוירע אַרײַן... ער פאַסט טאַנייסים — עס העלפט נישט! ער קאָן דעם ניגן נישט פּאָטער ווערן! ער וועקט אים באַנאַכט פון שלאָף.

און דאָס איז אַ מענטש, וואָס האָט, זײַט ער לעבט, קיין מינכע פאַר אַן אָמעד נישט געדאַוונט, קימאַט קיין קאָל-נעגינע פון זיך נישט אַרויסגעגעבן! שאַבעס פלעגט ער די זמירעס אָפּזאָגן און אפֿן אָרט פון זינגען — לערנען אַ בלאַט געמאָרע!

פאַרשטייט ער דאָך, אַז עס איז נישט פּאָשעט!

„מײַסע סאָטן!" טראַכט ער און פאַלט בײַ זיך אָפּ גאָר אינגאַנצן.

דאַכט זיך, אַז אַצינד מוז מען שוין פאָרן?

פרעגט אָבער דער יעיצערהאָרע: יאָ, פאָרן, נאָר וווהינ? צאַדיקים איז דאָ אַ סאַך, — וועלכער איז דער עמעסער צאַדיק, בײַ וועמען קאָן מען בעעמעס אַ פּולע האָבן? הייבט אָן דער לאַמדן צו קלערן.

באַקומט ער נאָך אַ ווונק פון אויבן.

מאַכט זיך אַ מײַסע, און רעב דאָווידל טאַלנער מוז אויקער זײַן און פאָרן איבער ראַדזשיוויל...

די מײַסע פון דער מעסירע ווייסט איר אַוודע. און זאָגן זאָג איך אײַך, אַז עס איז אַן אויינעש געווען! מע האָט נישט געדאַרפט אַרויםגאַנווענען רעב דאָווידלען פון וואַסילקאָוו און פירן קיין טאַלנע; מע האָט נישט געדאַרפט מעווײַעש זײַן קיין שטאָט! און כאָרעוו וועניכרעוו איז דאָס וואַסילקאָוו, נעבעך, געוואָרן!

די גאַסטהײַזער האָט מען פאַרמאַכט; אַרום און אַרום די קרעטש־מעס זײַנען באָטל געוואָרן! אַז קיקאָר לעבעם זײַנען זיי, לוי־אַלייבעם, געקומען...

נאַ דיר! מאַסערט מען, און טאַלנע ווערט אויב כאָרעוו!

רעב דאָווידל האָט געהאַט אַ גאָלדענע שטול מיט אַן אויסגע־קריצטן פּאָסעק: דוד מלך ישראל חי וקים! מאַכן מאָסרים דערפון אַ פּאָליטיקע, און עס שלאָגט אָן אין פּעטערבורג...

מיילע, מיר ווייסן, אַז עס איז געווען בבחינת: מאַן מלכי רבנן... נאָר גיי פאַרטײַטש עס די גענעראַלן אין פּעטערבורג!

אַקלאַל, רעב דאָווידל מוז אויקער זײַן, האַלט ער, דורכפאָרנדיק, שאַבעס אין ראַדזשיוויל, און אונדזער ראַדזשיווילער לאַמדן גייט לע־מאַזל צום שאַלעסודעס!

דער יעיצערהאָרע גיט זיך אָבער נאָך נישט אונטער. ער קומט אַרײַן און זעט אַ קליין ייִדעלע, טאַקע אַ פּיצל ייִדעלע זיצט אויבנאָן באַם טיש, מע זעט נישט מער אַרויס נאָר אַ גרויס, גאָר אַ גרויס שטרײַמל מיט זילבערנע האָר, וואָס פאַלן אים אַפּן פּאָנעם! מע זיצט שווײַגנדיק, מע זאָגט קיין טוירע נישט... אַנטפאַלט אים טאַקע, דעם לאַמדן, דאָס האַרצ...

„דאָס איז עס און גאָר?“ טראַכט ער, דער לאַמדן.

נאָר רעב דאָווידל האָט אים שוין דערזען און גיט אַ זאָג: — זעצ דיך, לאַמדן.

און בעויסוי האָרעגע איז ער שוין צו־זיך געקומען. ער האָט שוין געכאַפּט רעב דאָווידלס אַ בליק, עס האָט אים שוין אַ ברי געטאָן באַ דער נעשאָמע!

איר האָט אַוואַדע געהערט פון טאַלנערס אויגן! אין זײַנס אַ בליק האָט געשטעקט אַי סראָרעס, אַי קדושע, אַי גוווּרע; וואָס איר ווילט, האָט אין בליק געשטעקט!

און אז רעב דאָווידל זאָגט: זעצ דיך, מאכט מען שוין דעם לאַמדן אַן אָרט באַם טיש. זעצט ער זיך און וואַרט.

און אַז רעב דאָווידל זאָגט ווײַטער:

— מען איז מעכאַבעד דעם לאַמדן מיט אַ ניגן! — אַנטפּאַלט אים דער מוטערס מילך: ער — און אַ ניגן...

נאָך עמעצ דערלאַנגט אים שוין אין פּלייצע: אַז רעב דאָווידל הייסט, זינגט מען! מיילע, זינגט ער!

און ער הייבט, נעבעך, אָן מיט אַ ציטער; און ער שטאַמלט קוים אַרויס אַ האַסכאָלע פון אַ ניגן. און וואָס וויל ער זינגען, דער לאַמדן? מינאַסטאַם דער יעסוימעס ניגן; קיין אַנדערן קאָן ער נישט! און ער ציטערט, און שטאַמלט, און זינגט. און דער ניגן ווערט שוין ווײַטער אַן אַנדערער! ער האָט שוין אַ רייעכ-טוירע, אַ יעניקע פון קדושאַס-שאַבעס, מיט אַ הירהור טשוווע פון אַ ייד אַ לאַמדן... און זינגענדיק, דערפילט ער, דער לאַמדן, דעם ניגן און הייבט אָן וואָס אַ רעגע בע-סער און פרײַער צו זינגען...

אינמיטן הייבט אָן רעב דאָווידל, ווי זײַן שטייגער פלעגט זײַן, שטילערהייט אונטערצוברומען. דער עוילעם דערהערט און כאַפּט אונ-טער. מיטן עוילעם צוזאַמען צעהיצט זיך דער לאַמדן אויך, ער קריגט אַ ברען! ער איז שוין נאָך אַרויס פון די קיילים,— ער זינגט טאַקע!

און דער ניגן הייבט זיך אָן פּלוצעם צו גיסן ווי אַ „נהר-די-נור“— אַ פײַער-פלאַמענדיקער טײַך... און די פּאַליעס שלאָגן אַלץ ברייטער און העכער, אַלץ פײַערדיקער און פלאַמענדיקער!

און עס ווערט דעם ניגן שוין ענג אין שטוב, און ער רײַסט זיך דורך די פענצטער אין גאַס אַרײַן! און עס גיסט זיך אין גאַס אַרײַן אַ יאַם פון קדושע, פון פײַערדיקער קדושע; און ניוועהעל-ווענישטוי-מעם רופט דער עוילעם אין גאַס:

— דער יעסוימעס ניגן! דער יעסוימעס ניגן!

דער ניגן האָט באַקומען טיקן, און דער לאַמדן אויך.

פאַרן אוועקפאָרן האָט אים רעב דאָווידל אוועקגענומען אין א זייט און געזאָגט א פּאָר ווערטער.

— לאַמדן, — האָט ער אים געזאָגט, — האָסט מעוויִיעש געוועזן א באַס-יִיסראָעל! דו ביסט אַפּן שוירעש פון איר ניגן קיין מייוון נישט געוועזן! האָסט זי געראָפּן כצופּע!

— גיט מיר, רעבע, א טשוווע דערויף — בעט זיך דער לאַמדן.

— נישט נייטיק, — מאַכט דער רעבע, זיכרוינוי-ליוורָאָכע, אַפּן אָרט פון טשוווע טו בעסער א מיצווע!

— וואָס פאַר א מיצווע, רעבע?

— מאַך דעם מיידל כאַסענע; האַכנאָסעס-קאַלע איז א גרויסע מיצווע!

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

און צינד הערט די צווייטע זייט פון דער מייסע:

אין עטלעכע יאָר שפּעטער, אַז דאָס מיידל האָט שוין לאַנג כאַסענע געהאַט מיט אַן אַלמען א סויפער, איז מען ערשט געוואָר געוואָרן, פונוואַנען זי קומט אַרויס!

עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דאָס מיידל איז דעם אַלטן קאַצנערס אַן אייניקל! און די מייסע איז אַזוי געוועזן:

דער איידעם זיינער, דער קיִעווער, איז זיך אַמאָל געגאַנגען מיטן ווייב אין טעאַטער אַריין אַפּ א גאַנצן אָוונט. און טאַקע דעם אָוונט האָט מען זיי אוועקגעגאַנוועט דאָס אייניציקע קינד...

נאָך אָפּגעבן זיי די טאָכטער האָט מען שוין נישט געקאָנט...

די מוטער האָט שוין לאַנג נישט געלעבט, און דער פאָטער איז שוין לאַנג געוועזן אין אַמעריקע...

*1900*

20–3350



# אויב נישט נאָכ העכער



ונ דער נעמיראָווער פלעגט סליכעס-צײַט יעדנ פרימאָרגנ נעלעמ ווערנ, פארשווינדנ!

מע פלעגט אימ נישט זענ אינ ערגעצ: נישט אינ שול, נישט אינ ביידע באַטעמעדראָשימ, נישט בא א מיניענ און אינ דער היימ אוואדע און אוואדע נישט. די שטוב איז גע-שטאַנענ אָפנ. ווער עס האָט געוואָלט, איז ארײַנ און ארויסגעגאַנגענ; געגאַנוועט באמ רעבנ האָט מענ נ י ש ט, אָבער קיינ לעבעדיק בא-שעפעניש איז אינ שטוב נישט געווענ.

ווו קאָנ זײַנ דער רעבע?

ווו זאָל ער זײַנ? מינאסטאמ אינ הימל! ווייניק געשעפטנ האָט א רעבע פאַר יאָמימ-נויראָימ צו פאַרזאָרגנ? יעדעלעכ, קיינ אײַנאָרע, דאַרפנ פּאַרנאָסע, שאָלעמ, געזונט, גוטע שידוכימ, ווילנ גוט אונ פרומ זײַנ, אונ די זינד זײַנענ דאָכ גרויס, אונ דער סאָטנ מיט זײַנע טויזנט אויגנ קוקט פונ איינ עק וועלט ביז דער צווייטער, אונ ער זעט, אונ פאַרקלאָגט, אונ מאַסערט... אונ — ווער זאָל העלפנ, אז נישט דער רעבע?

אזוי האָט דער אוילעמ געטראַכט.

איינמאָל איז אָבער אָנגעקומענ א ליטוואק, לאַכט ער! איר קענט דאָכ די ליטוואקעס: פונ מוסער-ספאָרימ האַלטנ זיי ווייניק, דערפאַר שטאָפּנ זיי זיכ אָנ מיט שאַס-אופּאָסקימ. ווײַזט דער ליטוואק א בעפּיירעשע געמאָרע — די אויגנ שטעכט ער אוימ: אפילע מוישע-ראַבייינו, ווײַזט ער, האָט באַמ לעבנ נישט געקאָנט ארופ אפנ הימל, נאָר גע־האַלטנ זיכ צענ טפאָכימ אונטערנ הימל! נו, גיי שפּאַר זיכ מיט א ליטוואק!

— ווו דענ קומט אהינ דער רעבע?

— מײַנ דײַגע! — ענטפערט ער אונ ציט מיט די אקסל, אונ טאָכ־קעדיי-דיבער (וואָס א ליטוואק קאָנ!) איז ער זיכ מעיאשעוו צו דערגיינ די זאַכ.

נאָכ דעמ זעלבנ פאַרנאַכט, באַלד נאָכ מײַרעוו, גאַנוועט זיכ דער ליטוואק צומ רעבנ אינ כיידער אַרײַנ, לייגט זיכ אונטערנ רעבנס בעט אונ ליגט. ער מוז אָפּוואַרטנ די נאַכט אונ זענ, ווו דער רעבע קומט אהינ, וואָס ער טוט סליכעס-צײַט.

אנ אַנדערער וואָלט עפּשער אײַנגעדרעמלט אונ פאַרשלאָפנ די צײַט; א ליטוואק טוט זיכ אנ אייצע: לערנט ער זיכ אויסנ־

ווייניק א גאנצע מעסיכטע! איך געדענק שוין נישט, כולן צי נעדאָרים!

פאַרטאָג הערט ער, ווי מע קלאפּט צו סליכעס.

דער רעבע איז שוין נישט געשלאָפן א צייט. ער הערט אים שוין עפּשער א גאנצע שעה קרעכצן.

ווער עס האָט געהערט דעם נעמיראָווער קרעכצן, ווייסט, וויפל צאר פאר קאָל-ישׂראל, וויפל יעסורים עס האָט געשטעקט אין זיין יעדן קרעכץ... די נעשאָמע פלעגט אויסגיין, הערנדיק דאָס קרעכצן! א ליטוואַק האָט דאָך אָבער אן אייזערן האַרץ, הערט ער צו און ליגט זיך ווייטער! דער רעבע ליגט זיך אויך: דער רעבע, זאָל לעבן, א פ ן בעט, דער ליטוואַק א ו נ ט ע ר ן בעט.

דערנאָך הערט דער ליטוואַק, ווי די בעטן אין הויז הייבן אָן סקריפּען... ווי די בני-באַיס כאַפּן זיך ארויס פון די בעטן, ווי מע מורמלט א יידיש וואָרט, מע גיסט וואַסער אף די נעגל, עס קלאַפּן אוף און צו די טירן... דערנאָך איז דער אוילעם ארויס פון שטוב, עס ווערט ווייטער שטיל און פינצטער, דורכן לאָדן שיינט קוים אריין א קליין ביסל ליכט פון דער לעוואָנע...

מוידע האָט ער געווען, דער ליטוואַק, אז ווען ער איז געבליבן איינער אליין מיטן רעבן, איז אים באַפאַלן אן איימע. די הויט איז שוין אים אופגעלאָפן פאר שרעק, די וואָרצלען פון די פייעס האָבן אים געשטאָכן אין די שלייפן, ווי די נאָדלען.

א קלייניקייט: מיטן רעבן, און סליכעס-צייט, פאַרטאָג, אליין אין שטוב!..

א ליטוואַק איז דאָך אָבער איינגעשפּאַרט, ציטערט ער ווי א פיש אין וואַסער און ליגט.

ענדלעך, שטייט דער רעבע, זאָל לעבן, אויף...

פריִער טוט ער, וואָס א ייִד דאַרף טאָן... דערנאָך גייט ער צו צו דעם קליידער-אלמער און נעמט אַרויס א פעקל... עס באַווייזן זיך פֿוי-ערשע קליידער: לייוונטענע פֿלודערן, גרויסע שטיוול, א סיערמיענגע, א גרויס פוטערן היטל מיט א ברייטן לאַנגן לעדערנעם פאַס, אויסגע-שלאָגן מיט מעשענע נעגעלעך.

דער רעבע טוט עס אָן...

פון דער קעשענע, פון סיערמיענגע, שטאַרט אַרויס אן עק פון א גראָבן שטריק... פון א פּויערשן שטריק!

דער רעבע גייט אַרויס; דער ליטוואַק — נאָך!

דורכגייענדיק, טרעט אָפּ דער רעבע אין קיך, בייגט זיך איין. פון אונטער א בעט נעמט ער אַרויס א האַק, פארלייגט זי אונטערן פאַס און גייט אַרויס פון שטוב.

דער ליטוואַק ציטערט, נאָר ער טרעט נישט אָפּ.

א שטילער, יאָמים-נוֹראָימדיקער פאַבעד וויגט זיך איבער די טונ-קעלע גאַסן. אָפט רײַסט זיך אַרויס א געשריי פון סליכעס פון ערגעץ א מיניען אָדער א קראַנקער קרעכץ פון ערגעץ א פענצטער... דער רעבע האַלט זיך אַלץ אין די זײַטן פון די גאַסן, אין די שאָטן פון די הײַזער... פון איין הויז צום אַנדערן שווימט ער אַרויס, און דער ליטוואַק נאָך אים...

און דער ליטוואַק הערט, ווי זײַנע אייגנע האַרצקלאַפּן מישט זיך צוזאַמען מיטן קאָל פון רעבנס שווערע טריט; אָבער גייך גייט ער און קומט צוזאַמען מיטן רעבן אויס דער שטאָט אַרויס.

הינטער דער שטאָט שטייט א וועלדל.

דער רעבע, זאָל לעבן, נעמט זיך אין וועלדל אריין. ער מאכט א דרייסיק-פערציק טריט און שטעלט זיך אָפּ בא אביימל; און דער ליטוואק ווערט ניוועל-ווענישטוימעם, זעענדיק, ווי דער רעבע נעמט ארויס פון פאס די האק און שלאָגט אין ביימל אריין.

ער זעט, ווי דער רעבע האקט און האקט, ער הערט, ווי דאָס ביימל קרעכצט און קנאקט. און דאָס ביימל פאלט, און דער רעבע שפאלט עס אף ליפּעס... די ליפּעס — אף דינע שייטלעך; און ער מאכט זיך א בינטל האָלץ, נעמט עס ארום מיטן שטריק פון קעשענע, ער ווארפט דאָס בינטל האָלץ איבער די פּלייצעס, שטעקט צוריק אריין די האק אינעם פאס, לאָזט זיך ארויס פון וואלד און גייט צוריק אין שטאָט אריין.

אין א הינטערגעסל שטעלט ער זיך אָפּ בא אן אָרעם, האלב איינ-געבראָכן הייזל און קלאפּט אָן אין פענצטערל.

— ווער איז? — פרעגט מען דערשראָקן פון שטוב ארויס. דער ליטוואק דערקענט, אז עס איז א קאָל פון א יידענע, פון א קראנקער יידענע.

— יאָ! — ענטפערט דער רעבע אף פויעריש לאָשן.

— קטאָ יאָ? — פרעגט מען ווייטער פון שטוב.

און דער רעבע ענטפערט ווייטער, אף מאלאָראָסיש לאָשן: וואסיל!

— וואָס פאר א וואסיל און וואָס ווילסטו, וואסיל?

— האָלץ — זאָגט דער פארשטעלטער וואסיל—האָב איך צו פאר-קויפן! זייער ביליק... בעכאָצי בינעם האָלץ!

און נישט ווארטנדיק אף טשוווע, נעמט ער זיך אין שטוב אריין.

דער ליטוואק גאנוועט זיך אויך ארײַן, און באַם גרויען ליכט פון פרײַען מאָרגן זעט ער אן אָרעמע שטוב, צעבראָכן, אָרעם קליי-באַם... אין בעט ליגט א קראַנקע ייִדענע, פארוויקלט מיט שמאטעס, און זי זאָגט מיט א ביטער קאָל:

— קויפן? מיט וואָס זאָל איך קויפן? ווו האָב איך, אָרעמע אלמאָנע, געלט?

— איך וועל דיר באָרגן! — ענטפערט דער פארשטעלטער וואסיל.— אינגאנצן זעקס גראָשן!

— פונוואנען וועל איך דיר באצאָלן? —קרעכצט די אָרעמע ייִדענע.

— נארישער מענטש, — מוסערט זי דער רעבע, — זע, דו ביסט אן אָרעמע קראנקע ייִדענע און איך געטרוי דיר דאָס ביסל האָלץ, איך בין באַטוער, אז דו וועסט באצאָלן; און דו האָסט אזא שטארקן, גרויסן גאָט און געטרויסט אים נישט... און האָסט אף אים אף נארישע זעקס גראָשן פארן בינטל האָלץ קיין ביטאָכן נישט!

— און ווער וועט מיר אײַנהייצן? — קרעכצט די אלמאָנע. — איך האָב דען קויעך אופצושטיין? מײַן זון איז אף דער ארבעט געבליבן.

— איך וועל דיר אײַנהייצן אויך, — זאָגט דער רעבע.

און ארײַנלייגנדיק דאָס האָלץ אין אויוון, האָט דער רעבע, קרעכצנדיק, געזאָגט פון סליכעס דעם ערשטן פיזמען...

און אז ער האָט עס אונטערגעצונדן און דאָס האָלץ האָט פרײלעך געברענט, האָט ער געזאָגט, שוין א ביסל לוסטיקער, פון די סליכעס דעם צווייטן פיזמען...

דעם דריטן פיזמען האָט ער געזאָגט, ווען עס האָט זיך אויסגעברענט און ער האָט די בלעך פארמאכט...

דער ליטוואַק, וואָס האָט דאָס אַלץ געזען, איז שוין געבליבן אַ נע־מיראָווער כאָסיד.

און שפּעטער, אויב אַ כאָסיד האָט אַמאָל דערציילט, אַז דער נע־מיראָווער הייבט זיך אויף, סליכעס־צײַט, יעדן פרימאָרגן, און פליט אַרויף אין הימל אַרײַן, פלעגט שוין דער ליטוואַק נישט לאַכן, נאָר צו־געבן שטילערהייט:

— אויב נישט נאָך העכער!

*1900*



## דער נאדוונ



ארוואָס איך האָב מיך איבערגעצויגן קיין ווארשע, פרעגט איר?

כ'וועל אײַך זאָגן דעם עמעס: כ'בין אנטלאָפן פאר די קליינשטעטלדיקע קאפּצאָנים.

מיינט איר עפשער, איך בין א קארגער? אָסער-כאזער! בא מיר איז א הונדערטער — בלאָטע. נאָר די אָרעמעלײַט! ווי א ביין אין האלדז זײַנען זיי מיר געשטאנען! איך קאָן נישט, איך האָב א ווייכע נאטור און קאָן נישט פארטראָגן דעם כוישעבדיקן דאלעס מיט די פארלאָפענע אויגן און אויסגעקרימטע פּלייצעס!

און פּרווט פרעגט מיך, פונוואנען עס קומט צו מיר? אָסער, אויב איך וויים!

די וועלט זאָגט: „א קינד איז דער מאמעס א טאָכטער אָדער'נ טאטנס א זונ". „נישט ווײַט, — זאָגט מענ, — פאלט דאָס עפעלע פונ בוימ!" נישט שטענדיק, אפאָנעמ, איז עמעס, וואָס מע זאָגט! וואָרעמ, לעמאָשל, א י כ.

מײַנ טאטע, אָלעוואשאָלעמ, איז קאָל-יאָמאָוו געוועזנ א קאפצנ — א קליינשטעטלדיקער שאמעס! פאר קוימ דאָס לעבנ צו דערהאלטנ לאָזט מענ זיכ טרעטנ פונ „קאָהאָל, ראָוו אונ בעדער!" א לאטע-לייגער, א שוסטער האָט מער פארנאָסע אונ מער קאָוועד פאר א שאמעס!

צוויי ברידער האָב איכ — לעהאָוודל ביינ האכאימ וועהאמייסים — זיי לעבנ נאָכ — אָבער וואָס פאר א לעבנ; בא פארענ אינ מיצראימ האָט מענ א שענער לעבנ געהאט! טאקע אפ סאָנע-ציענ געזאָגט! איינער וווינט אינ בריסק-דעליטע, פארשטייט איר דאָכ, איז ער א ניסרעפ! דער צווייטער וווינט שוינ גאָרנישט; שוינ יאָרנלאנג, אז ער האָט זיכ געלאָזט אפ דער וועלט צוזאמענמאכנ אפ האכנאָסעס-קאלע — זעקס טעכטער האָט ער, דער ייד!

איכ זאָל אויסרעכענענ מײַנ גאנצע קאפצאָנישע מישפאָכע, וואָלטנ מיר פינגער געפעלט! ווי די היישעריקנ באפאלנ זיי מיכ; לאָמיכ זיי ווײַזנ א פינגער, שלינגענ זיי מיכ אײַנ מיט די קאמאשנ! א געלעבערטנ זאק פילט מענ נישט אָנ!

אונ איכ אליינ, וואָס מיינט איר? איכ בינ געבוירנ ווי איכ בינ?

איכ בינ דאָכ אָנ אָרעמענ — א שאמעס א זונ! ער האָט דענ געהאט א צעבראָכענעמ דרײַער בא דער נעשאָמע אפ נאדנ? דער מאמעס, אָלעהאשאָלעמ, יערושע, א הילצערנע כורווע הינטערנ שטעטל, האָט מענ פארקויפט אפ כאסענע-הויצאָעס. איכ בינ דאָכ דער יינגסטער געוועזנ, האָט זיכ דער טאטע, אָלעוואשאָלעמ, ארײַנגעצויגנ אינ בעסמעדרעש ארײַנ. די באלעבאטימ האָבנ אפילע נישט געוואָלט... נו — גיט איר נאדנ! זאָגט ער, מאכט איר כאסענע!

אונ וויפל, מיינט איר, האָט מענ פאר מײַנ אילווּשנ קאָפּ געגעבנ? צוויי מעסיכטעס האָב איכ געקאָנט אויסוויינִיק, צוגעזאָגט אכט הונדערט גילדנ, געגעבנ האָט מענ די העלפט; פאר דאָס האָט מענ מיר געגעבנ א קאַלע מיט אנ איבעריק שטיקל פּלייצע, עמעס — א שטאר-כאַצי-זאָכער האָט מענ צוגעלייגט!

זעט איר דאָכ בעכוש — אנ אופּגעקומענער (אנדערע שעמענ זיכ דערמיט!). פּאָשעט, איכ האָב געטאָנ מײַנס, דער ריבוינע-שעלוילעמ האָט געהאָלפנ, אונ בעטעווע, זעט איר, בינ איכ א געבוירענער נאָגיד, א ראַכ לייוו אונ א מעפונעק דערצו.

פונוואַנענ? איז פאראַנענ נאָכ א קאַשע אפ דער וועלט!

אונ דעריבער טאַקע האָב איכ געמוזט אנטלויפנ, איר ווייסט גאָר נישט, וואָס פאר א גענעמ דאָס קליינע שטעטל איז פאר אזא ייִד, לעמאָשל, ווי איכ, וואָס האָט א האַרצ, נישט קיינ שטיינ, אינעמ לײַב! אונ וואָס האָט א נאָז אונ א געפיל ווי א מענטש דארפ צו האָבנ!

ערשטנס, ווײַנט א מענטש, ווי אינמיטנ גאַס! די פענצטער נישט פארהאַנגענ; ווער עס גייט פאַרבײַ, וואַרפט אַרײַנ אנ אויג. וויל ער, שטעלט ער זיכ אָפּ, דריקט צו די נאָז צו דער שויב אונ באַטראַכט, צי שטייט נישט עפּעס נײַס אינ שטוב. זומער, אז דאָס פענצטער איז אָפנ, שטעקט ער אַרײַנ דעמ קאָפּ מיט א פײַנעמ גוט-מאָרגנ, גאָט-העלפ, גוטנ-אָוונט — פּאַנ בראַט! צוזאַמענ כאַזיירימ געפּאַשעט! אונ דאָס איז פארבײַגייענדיק, אז ער האָט קיינ צײַט נישט; האָט ער צײַט — קומט ער אינ שטוב אַרײַנ, פונ קיינ קלאַפּשלאָס, פונ אָנקלינגענ הייבט מענ גאָרנישט אָנ צו וויסנ! מע מוז נאָכ נאָכ'נ די טיר פארמאַכנ! א רעשוס האַראַבימ.

באַלד אינדערפרי:

— גוט-מאָרגנ, באַלעבאָס-לעבנ!

— ווער איז?

דאָס איז לייע די מילכיקערנ! שוינ צענ יאָר טראָגט זי מיר מילכ, איז זי דאָכ א בענ-באַיִס.

די קו האלט זי הינטער דער שטאָט, אפ יענער זײַט טײַכ; קומט זי אײַכ ארײַנ ווינטער אינ א פּאָר גרויסע שטיוול, אינ זעלנערישע; שטרויענע קאלאָשנ. לײַדנ לײַדט זי אפ אסטמע, קאָנ זי זיכ נישט אײַנבייגנ אונ אויסטאָנ די קאלאָשנ, גייט זי ארײַנ אזוי; עס רינט איר פונ די פיס, פונ קאָפּ — דערבײַ האָט זי שטענדיק א רויט-אָנגע-פרוירנ נעזל — וואָס איז אויכ נישט זייער טרוקנ! נאָכ א מײַלע האָט זי, זי שטאמלט א ביסל אונ איז אָנ א „ג".

— דוט-מאָרדנ, הייסט עס, באלעבאָס-לעבנ!

אונ וואָס וויל לייע די מילכיקערנ?

א קלייניקײַט וויל זי. די „שווארצע" איז איר, לוי-אלייכעמ, אוועק-געפאלנ! מע דארפ א קאָנאָוואל, אונ די הויצאָע דארפ א י כ אויס-שטיינ. אונ קאאלויס האבויקער קומט זי, אוועקגעפאלנ, הערט איר דאָכ!

אונ די קו, זאָגט זי, איז קימאַט מײַנ קו — איכ טרינק דאָכ שוינ צענ יאָר די מילכ!

אכוץ דעמ, איז זי נאָכ מײַנ ווײַבס א שטיקל קרויווע, עפּעס א שמעלקע בעשמעלקע, ווי מע זאָגט! האָט זי דאָכ אוואדע א טײַנע...

כאפּ איכ ארויס א רובל, אבי גיי!

כאסוועשאָלעמ! נישט אזוי געשווינד רירט זיכ לייע די מילכיקערנ פונ אָרט.

ערשטנס, הייבט זי מיכ אָנ צו בענטשנ; פאָר גאָט — דערנאָכדעמ איכ, אונ בענטשט מיכ מיט סאמע דאלעדנ...

דערנאָכ באקוקט זי נאָכאמאָל, דאָס הייסט צומ טויזנטסטנ מאָל, די דירע מײַנע מיטנ מעבל, אונ הייבט זיכ אָנ קרימענ אונ קרימענ, ביז זי לאָזט ארויס א געוויינ.

וואָס איז?

סטײַטש, ווען נישט איר מאַן דער באַטלען, וואָלט זי אויך אין אַזאַ דירע געזעסן, אויך אַזאַ מעבל געהאַט; זי וואָלט זיך אויך געבאָדן אין קאָלטווו. וואָס איז? עס פּאַסט איר נישט? זי האָט אויך בײַשעק צו אַ זילבערן כאַנעקע-לעמפּל, צו אַ גאָלדן בּסאָמים-שקעטעלע — צו וואָס אויגן זעען!

— עס האָט עפּעס אַ סאַך געפעלט?

אַ פּאָרעצ האָט זי געהאַט טאַקע אַ בּריליאַנט, די גאַנצע פּאַכט האָט ער איר — די מײַסע איז שוין אַ יאָר צוואַנציק — געוואָלט אָוועקגעבן, אַזוי האָט זי בײַ אים נויסעכיין געווען, אַ י ב ע ר צוואַנציק קי צום מעלקן... נאָר דער מאַן דער באַטלען — זײַן נאָמען זאָל אַהיימ קומען — האָט נישט געוואָלט...

פאַרוואָס ער האָט נישט געוואָלט, איז נישט צום פאַרשטיין. אַזוי צעראַשט זי זיך, און איך מוז בײַ איר בעטן ראַכמים, זי זאָל מיך לאָזן אויסטרינקען דאָס גלעזל טיי; דאָס „גלעזל וואַרעמס" הייסט עס!

דאַנקען גאָט, כ'האָב בײַ איר געפּויעלט, זי וויל שוין גיין — רופט זי מײַן ווײַב אַרײַן צו זיך! אין בעט ליגט זי, אַ קראַנקע, נעבעך, קאָל יאָמעהאָ אָפּגעלעגן אין בעט; וויל זי עפּעס הערן נײַס פון שטעטל. מיילע, איך האָב דאָך קיין צײַט נישט, זאָל אַרײַנקומען לייע די מילכיקערן, ווער עס איז, אַבי מע זאָל איר בײַטלען נײַס: ווער עס קריגט זיך, ווער עס גערט זיך, ווי עס לעבט זיך בײַ לײַטן, וואָס מע קאָכט, אָקעדוימע ווײַבערשע פּאַטשטן! און לייע די מילכיקערן איז דאָך עפּעס אַן אײַנגייערן אין הײַזער!

איך כאַפּ דערווײַל און וויל אויסטרינקען די טיי, לייע די מילכיקערן זאָל מיך צוריקצווועגס נישט טרעפן אין שטוב. עס גייט נישט, לייזער מעקלער גייט! און לייזער מעקלער איז נישט אַבי-ווער! זיכרוינוי-ליווראָכע דעם שטאָט-מאַגידס אַ זון! פון פאָטער האָט לייזער

געיאָרשנט נאָר דעמ קאָלטנ, אונ, דאכט זיכ, קיינ וואָרט טוירע נישט, איז אימ דאָכ זכוס-אָוועס בײַגעשטאנענ, ער זאָל ווערנ טוווע-מעקלער. טויגנ טויג ער נישט קיינ קאצ אונ עק צוצובינדנ. זײַט ער לעבט האָט ער נאָכ קיינ איינציקע קנײַע נישט אויסגעפירט. באלעבאטישע סאָכרימ אָבער זאָגנ: ער איז, איז ער; טו זיי עפעס! ווער-עס-איז שלעפט צו-זאמענ א וואנט מיט א וואנט, שלאָגט זיכ אונטער די פיס, רײַסט זיכ אויס די קעל, אונ נאָכ קרײַעס יאמסופ, אז עס קומט מעקלערײַ צו צאָלנ, זאָגט מענ: נאָר לייזערל איז א שוטעפ, אונ ער איז! ער נעמט!

אניט, וואָלטנ דאָכ אימ די באלעבאטימ געמוזט אופהאלטנ. מע וועט דאָכ נישט לאָזנ לייזערל דעמ שטאָט-מאגידס, זיכרוינוי-ליווראָ-כע, זאָל שטארבנ פאר הונגער!

אונ בעקויעכ דעמ אייגענעמ זכוס-אָוועס איז ער גלאט אנ אײַנ-גייער בא באלעבאטימ.

בא מיר אויכ!

גוט-מאָרגנ — גוט-יאָר.

וואָס הערט זיכ נײַעס?

אָט אזוי אונ אזוי... „ווו איז דײַנ טאבעק?“ — פרעגט ער.

אפ מײַנ טאבעק האָט ער אויכ זכוס-אָוועס — א גלאָז טיי וויל ער אוואדע, אונ אנ אייסעק האָט ער אויכ.

מײַנ ווײַב איז דאָכ קראנק, פרעגט ער קוידעמקאָל וואָס זי מאכט, אונ אז ער הערט, אז עס איז נישט בעסער, קרעכצט ער: אלצ ווײַל מע וויל אימ נישט פאָלגנ! זײַנס א לײַבלעכע מומע — ליגט שוינ לאנג ווו מע דארפ! — האָט אויכ אזא מייכעש געהאט, אונ קיינ זאכ האָט נישט געהאָלפנ, נאָר א גרינ פלעשל. מע באדארפ באשטעלנ אינ דער אפטייק א גרינ פלעשל! וואָרעמ, ווו דער דאָקטער, וואָס האָט איר פארשריבנ דאָס גרינע פלעשל, ווײַנט הײַנט, ווייסט ער נישט; אונ עפשער איז ער שוינ אויכ, ווו מע דארפ... דער אפטייקער וועט וויסנ,

ער איז דאָכ יענעמ אפּטייקערס א זונ, וועט ער געפינענ אינ די קסאָווימ...

דאָס איז דאָס אייסעק, וואָס ער האָט צו מיר.

איכ וויל גיינ דאווענענ, נעמ דעמ טאַלעס-זאַק, ווערט ער מאָלע-סימכע, וואָס אזאַ א גוויר, ווי איכ בינ, היט אָפּ קרישמע, אונ לאָזט נישט קאָהאָל זאָל אפ אימ ווארטנ... איכ מעג גיינ, זאָגט ער, נאָר ער וועט זיכ דערוויַיל א ביסל צולייגנ אפ דער סאָפע. די ארורע זיַינע האָט'מ א גאַנצע נאַכט געשאָלטנ, פארוואָס, ווייסט ער אליינ נישט, נאָר קיינ אויג האָט זי אימ נישט געלאָזט צומאַכנ, ערשט פארטאָג, אז זי האָט געכאַפּט צו אימ א פלאַש, איז ער ארויסגעשפּרונגענ פונ בעט אונ איז אנטלאָפנ, איז ער שוינ געווענ באַ שמערל האָניק-מאַכער, באַ יאָסל ווייצנזאַנג אונ נאָכ... נאָר באַ דעמ איז צופיל קינדער, א מע-הומע אינ שטוב; באַ יענעמ איז הײַנט א וועש, איז מער מעהומע, אונ ווייצנזאַנגס צנוע קענסטו דאָכ! די הינט מעגנ זי ארומשלעפּנ, אויס-ציִענ זיכ לאָזט זי נישט, כ'פארפלעק איר, זאָגט זי, די סאָפע.

— יִמאַכ שמאָ, — זאָגט ער, — אונ אויב עס איז מיר א שאָד די סאָפע, וועט ער זיכ זעצנ אפ מײַנ פאָטערשטול, א מעבּײַע פונ א שטול.

אנטלויפ איכ; וואָס זאָל איכ טאָנ?

אפ דער שוועל שלאָג איכ מיכ אָנ עמעצנ אָנ.

וואָס איז? ווײַטער א טויווע. אָבער א מיצווע, א מיצווע גדוילע!

מײַנ שנײַדער איז עס!

קומענ, כאָלילע, קומט אימ נישט באַ מיר. איכ צאָל טאָכ-קעדיי-דיבער; נאָר דאָס ווײַב האָט א צווילינג געהאַט! איינס איז אפילע באַלד אוועק, נאָר באַמ צווייטנ וועט זײַנ א ברים, בעט ער מיכ אפּ סאַנדיקאָעס — מאַכטייסע, נאָר דאָס ווײַב האָט דערוויַיל היצ, די באָבע וויל א דאָקטער, כאָטש א רויפע מיט רעצעפּט, אונ ער איז אָנ א גראָשנ, — וויל ער פארויס א פּאָר רובל...

ס'איז טאַקע מײַנ שנײַדער, אונ אַ גוטער שנײַדער, נאָר דאָס פּאַנעמ איז שוינ פונ אַ קאַפּצנ! דער קאַפּצנ קוקט אימ שוינ פונ די אויגנ אַרויס, פונ אונטער דער קאַפּאָטע אַפיר, פונ אויס די אַרבל רײַסט ער זיכ! אַ צווילינג נאָכ! באַ איינעמ אַ לעווײַע, באַמ צווייטנ אַ ברימ, אונ די קימפּעטאָרנ מיט היצ — אַ פאַרלוירענער מענטש. שענק איכ בעסער אַ רובל! אָבער מײַנ שוועל זאָל ער שוינ מער נישט איבערטרעטנ, מער צו נייענ גיב איכ אימ נישט...

ער הערט נישט, וואָס איכ רייד צו אימ, כאַפּט דעמ רובל אונ אַנטלויפּט, אונ איכ גיי אינ בעסמעדרעש אַרײַנ...

אינ בעסמעדרעש אַרײַנ מוז מענ גיינ דורכנ מאַרק.

דורכגיינ דעמ מאַרק איז אויכ נישט פונ די גוטע זאַכנ.

דעמ עמעס זאָגנדיק, האָב איכ זונטיק, צי אַזוי זייערס אַ יאָמטעוו, גראָד ליב צו גיינ דורכנ מאַרק. דעמאָלט איז דער מאַרק לעבעדיק, ריידעוודיק: רויטע פּאַטשיילעס, רויטע קרעלנ, רויטע סטענגעס, רויטע פּענעמער — פריש אונ געזונט. אָבער אַזוי אינמיטנ דער וואָכ — כאַלאַשעס גייט זיכ אָנ!

אַלטע, פאַרקרימטע, פאַרכוישעכטע ווײַבער; גרינלעכ-טרוקנ געבעקס, פויל אויבס, — אונ אַ יִדענע נעמט מיטנ פינגער אונ דרייט זיכ אויס אַ פויל עפּעלע אינ מויל אַרײַנ —

הא — גוט?

אונ דער גאַנצער מאַרק קענ מיכ...

אונ ער האָט האַנאָע, דער מאַרק: דער גוויר גייט דאַווענ. ער שעמט זיכ נישט; מיטנ טאַלעס-זאַק איבערנ גאַס! אונ מע בענטשט מיכ!

אונ איכ האָב באַקאַנטע אַפנ מאַרק!

איינע איז גאָר מײַנס אַ קאַלע געוועזנ! דער טאַטע, אָלעוואַשאָלעמ, האָט מיט איר'נ שוינ אַ וואָרט געמאַכט... אונ איר טאַטע האָט געהאַט אַ פּסאָמימ-קראָמ, פלעג איכ דאָרט קויפנ; איכ האָב ערגעצ אויס-

געקאַשפּערט א צווייער, און געלאָפן קויפן פאר א צווייער באָקסער! זי פלעגט רויט ווערן! הינטערן טיש פלעגט זי שטיין. סימכאסטוירע צו האַקאָפעס האָבן מיר זיך — כא-כא-כא! — צווישן אוילעם אין פּאָליש געפונען, בא די הענט געהאלטן. דערנאָך איז בא מיר אין דער האנט א ביסל מאנדלען געבליבן! נאָר באלד נאָך יאָמטעוו האָט מיר דער טאטע, אָלעוואשאָלעם, געזאָגט, אז כאַזמ-יאָסל — אַזוי האָט ער געהייסן, איר פּאָטער, — איז א קאַפּצן, א באנקראָט. אין געוועלב שטייען ליידיקע פּודלעס אָן סכוירע, אז ער האָט אים געוואָלט ארײַנאַרן אין זאק אוקעדוימע, און — אוים שידעך...

באלד דערנאָך האָט זיך אויסגעוויזן, אז מײַן זיוועג איז א כוילאָ-נים; א מאן האָט זי באקומען עפּעס א שווינדזיכטיקן מעלאמעד... באלד, ראכמאָנעליצלאן, איז זי געוואָרן א „וויסטע אלמאָנע“... און אז איך גיי דורך, קוקט זי אָפּ מיר מיט מילכיקע אויגן...

און נישט זי אליין, נאָך א באַקאַנטע האָב איך דאָרט.

אויך אן אלמאָנע.

און דער מאן אירער האָט פאר דער פּטירע געזאָלט זײַן מײַן שוטעף.

עס איז נאָך געווען די פּאַכט אָפּ קאָשער פלייש. ס'איז פאר דער ליציטאציע אין דער גוּבערניע, און איך האָב מיר דעמלט געזוכט א שטיקל אייסעק. מײַנס א פעטערס אן איידעם (שוין ביידע אָפּן אוי-לעם-האָעמעס), אויך א יונגערמאן נאָך קעסט, זוכט זיך אויך א שטיקל אייסעק. פּאָרט מען אונדז צוזאמען... יויכענען פּאכטער איז, לוי-אלייכעם, געלעגן איבעראנאנד (ער איז אויך נישטאָ, לעהאוודל ביין האַכאַזמ ווּעהאמייסים). מאכן מיר זיך ביידע נישט ווייסנדיק, און ערשט א טאָג פריִער כאַפּן מיר בעסאָד-סוידעס עקסטרא-פּאָסט און מע פּאָרט אין גוּבערניע ארײַן... וואָלטן מיר ב י י ד ע גענומען די פּאכט, וואָלט איך א ק ל ע נ ע ר ע ר אוישער געווען...

וואָס טוט אָבער גאָט?

מײַנ יערוכעמ (אזוי האָט ער געהײסנ) פאַלט אונטערוועגס אוועק — מיט געגנדזנס האָט ער זיכ אָנגעגעסנ אונ מיט קאַלט ביר פאַרטרונקענ! — דאָס געלט האָב איכ געהאַט בא מיר; לאָז איכ אימ איבער אינ א שטעטל גאַנצ כאַרעוו, שיק א שאַליעכ מעיוכעד נאָכנ װײַב אונ פּאָר ווײַטער. ראַכמאָנעס אהינ, ראַכמאָנעס אהער — געשעפט איז געשעפט. אונ וואָס וואָלט ער געהאַט דערפונ, ווענ איכ אלײנ בלײַב אויכ נישט בא דער פּאַכט? וואָלט איכ געבליבנ א קאַפּצנ! אויכ האָב איכ גענומענ די פּאַכט... אז איכ בינ צוריקגעקומענ, איז זי שוינ אנ אלמאָנע געוועזנ... נו, מיט אלמאָנעס אונ יעסוימימ מאַכט מענ קײנ שוטפעס נישט, האָב איכ ארויסגעגעבנ א וועקסל אפנ געלט, צוגעשריבנ פּראָצענט... אונ הײַנט זיצט זי אפנ מארק... די עטלעכע רובל צונישט געוואָרנ...

פאַרשטײט זיכ, אז איכ האָב דערפונ קײנ נאַכעס נישט; ווענ איכ גײ דורכ, גיט א צופּ באַמ הארצ; וואָרעמ וואָס טו איכ, אז אזא ידענע וועט ארויס מיט א קלאָלע?

אונ אז מע קומט שוינ, מײנט איר, אינ בעסמעדרעש ארײַנ, קלײַבט מענ שוינ נאַכעס?

באַלד אפ די טרעפּ — שלעפּט זיכ ר׳ בערעלע דײַענ, סאָפּעט אונ קרעכצט... א גאַרטל דאַרפ ער! אלע פיר וואָכנ פאַלט ער אוועק אפנ מײַכוש, טרעפּ זײַנענ פאַר אימ סאַקאָנעס-נעפּאָשעס, — אונ אז מע נעמט אימ צונויפ אפ א גאַרטל, מאַכט ער כאַסענע א טאָכטער! טו צפּעס, אז דער ייִד האָט פּאָרט צוועלפ טעכטער! העכער וואַרט שוינ אפ מיר דער בלינדער שויכעט! ער איז בלינד געוואָרנ, האָט קאָהאָל צוגענומענ א נײַעמ שויכעט, בינ איכ, פאַרשטײט זיכ, געווענ דערבײַ — אויסגערעדט האָבנ מיר, אז דער נײַער שויכעט זאָל צאָלנ דעמ אלטנ צוועלפ גילדנ א וואָכ, צאָלט ער נישט! אלײנ א מעטופּל! בינ איכ שולדיק! בלינד איז ער, נאָר ער דערפילט מיכ! אונ אז ער דערפילט מיכ, גיט ער א קרעכצ אפ מײַנ כעזשבנ. טײַלמאָל זאָגט ער:

— שיין פאַרזאָרגט...

האָב איך, מיינט איר, האַנאָע דערפון?

דערנאָך הייבט זיך ערשט אָן: קאַפּצאָנים באַם אויוון, באַטלאָנים באַם קיִער, און אָן אַלע מוז מען זיך אָפּרײַסן, אויסשמעקן זייער מאַכאַרקע... אַ געקומענעם לאַנד־קאַפּצן מוז מען נאָך שאַלעם געבן... און אַז גאָט העלפט, איך קום שוין צו צו דער מיזרעכ־וואַנט, שטייט ערשט אויפגעשריבן מיט קרײַד: גרויסע געקסיוועטע אויסיִעס „כאַיִם בען מיכל לירפוּאָ שליימאָ!״ און דער מיכל דאַרף גראָד זײַן מײַן מעשאָרעס!

ס׳גענעם, זאָג איך אײַך, האָב איך געליטן!

אַ מענטש מיט אַ ווייכ האַרץ איז נישט גוט...

מיינט איר עפּשער, אַז עס איז מיר פּלוצלינג אײַנגעפאַלן צו אַנטלויפן? אײַנגעפּאַקט און אַרויסגעפאָרן?

ניין, עס איז אויך אַ גאָט־זאַך געווען. איך בין גאָרנישט אַזוי קלוג!

אַ ווײַב האָב איך געהאַט, ווי געזאָגט, לוי־אַלייכעם, אַ כוילאָנים.

עס איז איר וואָס אַמאָל ערגער געוואָרן.

איך האָב קימאַט נישט געוווּסט דערפון: זי האָט געהאַט איר שטוב, האָט ליב געהאַט צו האָבן אַרום זיך אירע גאַבעטעס, אַלערליי שכיינעס, איך וועל דאָך נישט אַרײַנגיין זיך זעצן צווישן ווײַבער. באַנאַכט — איז בעסער זי זאָל שלאָפן.

איינמאָל שיקט זי מיך רופן. באַשער־בעכיין, זי וויל פאָרן קיין וואַרשע צו אַ דאָקטער.

מאַכטייסע.

וויל זי אַליין נישט פאָרן.

זאָג איך, איך וועל עמעצן מיטשיקן, איין מענטש, צוויי מענטשן.

וויל זי נישט, נאָר איך זאָל מיט איר פאָרן, זי האָט מוירע. זי וועט כאָלילע שטאַרבן אַפן וועג; און שטאַרבן אָנעם מאַן וויל זי נישט...

האָב איך גראָד פארוויקלטע געשעפטן געהאַט. און גלאַט — פּאָר מיט א קראַנקער! באַ מײַן ווייב האַרץ וואָלט איך אויך, באַפוועשאָלעם, קראַנק געוואָרן... האָב איך דערוויַיל א יִשעוו, זאָג איך: כ'וועל זען. איבערקלערן, שפּעטער, מאָרגן...

דערוויַיל הער איך אײַן גאַס, זי שטייט שמאָל...

דערנאָך ווער איך געוואָר, אַז כעוורע-קאַדישע פּאַרבייגט זיך אַפּ מיר א קניפּל, די ציינ שלײַפן זיי זיך, באַשער-בעכיינ — די מיקווע פאַלט אײַן...

בע! מיטן גוטן ווילן געבן, מאַכטייסע, אָבער נייטן זאָל מען מיך?

דינג איך, א שיינעם גוטן מאָרגן, א פּויערישן לאַנגן וואָגן, אויס-געבעט מיט שטרוי, הייס אַרופלייגן די כוילאָנים און גיב א פאָר אַרײַן קיינ וואַרשע!

און גערעכט איז זי געוועזן, וואָס זי האָט געזאָגט, אַז זי וועט שוינ פונ וואַרשע נישט צוריקומען...

איינ דאָקטער, צוויי, הרײַ דאָקטוירים — און, לוי-אַלייכעם, ווי א הונ אײַנגעשלאָפן!

וואָס איר איז געוועזן, ווייס איך אַדהײַעם נישט...

נאָר א מעכײַע — 26 רובל קוורע-געלט! ווילסט? גיב א נעדאָווע; נישט — נישט!

דערוויַיל, זיצנדיק שיווע, איז מיר וואַרשע געפעלן, פאַרהאַנגען, א קלאַפּשלאָס; א גאַנײדן! אַפּ אָרנטלעכערע גאַסן לאָזט מען אַפילע נישט בעטלען.

— ניינ, — זאָג איך, — דאָ בלײַב איך שוינ!

אַלע קליינשטעטלדיקע גווירים מוזן זיך ציִען קיינ וואַרשע. — —

*1901*



## מוסער



ס גייענ צוויי ווײַבער הינטער דער שטאָט. איינע א הויכע, שווערע ייִדענע, מיט בייזע אויגנ, שווערע, הילכעדיקע טריט; די צווייטע א דארע, בלאסע, קליינע ייִדענע מיט אנ אראָפּגעלאָזטנ קאָפּ.

— ווּ פירסטו מיכ, כאנע? — פרעגט די צווייטע.

— ווארט, נאָכ א פּאָר טריט. זעסט, דאָרט צום בערגל.

— נאָכ וואָס? — פרעגט נאָכאמאָל די צווייטע מיט א באנק-אָפּ-געריסענעם קאָל, גלײַכ זי וואָלט זיכ עפּעס געשראָקנ.

— וועסט הערנ, קום...

זיי זײַנענ צוגעקומענ צום בערגל.

— זעצ דיכ, — מאכט כאנע.

די צווייטע פאָלגט, זעצט זיכ אפנ בערגל, כאנע זעצט זיכ לעבנ

איר. — אינ דער שטילקייט פונ ווארעמענ זומער־טאָג, ווייט פונ שטאָ-טישנ גערודער, מאכט זיכ אַ געשפּרעכ:

— גרונע, ווייסט, ווער דײַנ מאנ, אָלעוואשאָלעמ, איז געווענ?

אפ גרונעס בלאס פּאָנעמ לייגט זיכ אַ שאָטנ.

— איכ ווייס, — ענטפערט זי מיט פארביסענע ליפּנ.

— א סויפער איז ער געווענ, גרונע! א קאָשערער סויפער...

— איכ ווייס! — מאכט גרונע אומגעדולדיק...

— פאר יעדנ אָס פלעגט ער זיכ טויוולענ אינ מיקווע...

— א גראָבער ליגנ... אז ער פלעגט גיינ א פּאָר מאָל אינ דער וואָכ, איז עמעס...

— א קאָשערער ייִד געווענ.

— עמעס...

— זײַנ זכוס זאָל אונדז בײַשטיינ...

גרונע שווײַגט.

— שווײַגסט? — וווּנדערט זיכ באנע.

— אלצייגס!

— נישט אלצייגס! זײַנ זכוס זאָל אונדז טאקע בײַשטיינ! הערסט?

— איכ הער!

— וואָס זאָגסטו דערצו?

— וואָס זאָל איכ זאָגנ, איכ ווייס נאָר, אז ער איז נ י ש ט בײַ-געשטאנענ...

פויזע. די ווײַבער פארשטייענ זיכ: דער קאָשערער סויפער איז געשטאָרבנ אונ איבערגעלאָזט אנ אלמאָנע מיט דרײַ יעסוימימ — מיידלעכ. גרונע האָט שוינ מער נישט כאסענע געהאט, די קינדער קיינ שטיפ־טאטנ נישט געגעבנ, אליינ אפ זיכ אונ די קינדער געאר-



בעט, נאָר קיינ מאַזל אונ בראָכע איז נישט געוועזנ... „זײַנ זכוס איז נ י ש ט בײַגעשטאַנענ..."

— אונ ווייסטו פאַרוואָס, גרונע? — האַקט איר איבער כאַנע די שטילקײַט.

— עט...

— ווײַל דו ביסט זינדיק...

— איכ? — אונ די בלאַסע גרונע שפּרינגט אופ, ווי אַנ אונטער-געשאָסענע. — איכ — זינדיק?

— הער, גרונע, זינדיק איז יעדער מענטש, נאָר דו אַוואַדע...

— אַוואַדע?

— גרונע, נישט אומזיסט האָב איכ דיכ ארויסגעפירט הינטער דער שטאָט צומ טייַכ צו, אפנ פעלד... קיינ פרישע לופט, באָרעכאשעמ, דארפנ מיר נישט... זעסט, גרונע... א מאמע, אונ ביפראט א קאָשערנ סויפערמ אנ אלמאָנע דארפ...

— וואָס דארפ זי?

— זי דארפ זייַנ פרימער ווי אלע, בעסער ווי אלע אונ מער אָב-טונג געבנ אפ דער טאָכטער.

די בלאסע גרונע איז נאָכ בלאסער געוואָרנ. די אויגנ האָבנ איר אופגעפלאמט, די נאָזלעכער צעשפרייטנ זיכ אונ די בלוי-פאר-ברענטע ליפנ ציטערנ.

— כאנע! — האָט זי אויסגעשריגנ.

— דו ווייסט, גרונע, איכ בינ דיר א גוטער-פרייַנט, נאָר דעמ עמעס מוז איכ דיר זאָגנ, אניט וואָלט איכ נישט געהאט קיינ פארענט-פער פאר גאָט... איכ וועל דיכ נישט באריידנ, דורכ מיר וועסטו נישט קומענ צו לייַטנ אינ די מייַלער ארייַנ, עס וועט בלייַבנ צווישנ אונדז. איינ גאָט אינ הימל וועט הערנ...

— צי מיר נישט די נעשאָמע ארויס!

— נו, הער זשע! קורצ אונ שארפ... נעכטנ פארנאכט, שפעט פאר-נאכט בינ איכ צוריק געגאנגענ פונ דער באנ, אונ — אפ דעמ בערגל איז געזעסנ דייַנ מירל...

— איינע אליינ?

— ניינ.

— מיט וועמענ?

— איכ ווייס? מיט א קאפעליוש... א צילינדער אפילע... ער האָט זי געקושט אינ האלדז-אונ-נאקנ... זי האָט געלאכט אונ געכרופעט צוקערקעס...

— איכ וויים!.. — רופט זיכ אָנ גרונע מיט א קאָל ווי פונ קיי־ווער ארוים... — עס איז נישט דאָס ערשטע מאָל...

— דו האָסט געוווּסט?! וואָס? א כאָסנ איז עס?

— ניינ...

— נישט? אונ דו... האָסט געשוויגנ?

— יאָ!

— גרונע?

נאָר איצט איז שוינ גרונע רויק.

— איצינד שווייג דו אונ הער, וואָס איכ וויל דיר דערציילנ, — זאָגט זי מיט א שניידנדיק קאָל אונ, אָנכאַפּנדיק כאַנעס באַם אַרבל, נייט זי, זי זאָל זיכ צוריק זעצנ.

— הער, — האָט זי ווייטער געצויגנ, — אלצ וועל איכ דיר דערציילנ, אונ איינ גאָט אינ הימל וועט אונדז הערנ!

כאַנע האָט זיכ צוריק געזעצט.

— אז מיינ מאַנ איז געשטאָרבנ — הייבט אָנ גרונע.

— וויאַזוי רעדסטו עפּעס, גרונע?

— וויאַזוי זאָל איכ ריידנ?

— אָנ „זיכרוינוי־ליווראָכע“? אונ — „ניפטער געוואָרנ“ זאָגט מענ...

— אלציינס, ניפטער געוואָרנ צי געשטאָרבנ, באַגראָבנ האָט מענ אים...

— צו קייווער־אָוועס געקומענ...

— זאָל זיינ צו קייווער־אָוועס... נאָר מיכ האָט ער איבערגעלאָזט מיט דריי יעסוימים — טעכטער...

— נעבעכ, קיינ קאדעש נישט געלאָזט...

— דריי טעכטער, די עלטסטע —

— גענענדל —

— אלט געוועזנ פערצנ יאָר...

— בא לײַטן איז אַזוינס אַ קאַלע...

— בא אונדז איז קײן ברויט נישט געווען! פֿון טנאָים שרײַבן און לעקעך עסן נישט צו רײדן...

— וויאַזוי רעדסטו עפּעס הײַנט, גרונע!

— נישט איך רײד, מײַן האַרצווייטיק רעדט... גענענדל, ווייסטו, איז געווען דאָס שענסטע מײדל אין שטאָט.

— הײַנט אויך... קײן אײַנאָרע!

— הײַנט איז זי אַ זויערע לימענע — אַ גרויער צאָפּ! נאָר דעמאָלט האָט זי געלײַכט ווי די זון... און — איך בין דעמאָלט דעם פֿרומען סויפֿערס אַלמאָנע געווען! איך האָב זי ווי אַן אויג אין קאָפּ געהיט... איך האָב געוווסט, אַז הײַנטיקע צײַטן... עס דרייען זיך אַרום קלעזמאָרים, שנײַדערלעך, אַזוי דײַטשלעך און אַלטע באָכערים... בעסמעדרעשניקעס אַפֿילע פֿלעגן זיך דרייען באַם פֿענצטער... נאָר אַף וואָס איז אַ מאַמע? אַ קאַלע-מײדל, האָב איך געוווסט, דאַרף זײַן ווי אַ שפּיגל... און איך האָב מײַנס באַוויזן; עס איז אַף איר קײן הויך נישט געפֿאַלן! געהיט האָב איך זי, געהיט! קײן אויג נישט אַראָפּגעלאָזט, קײן טריט פֿון שטוב אָן מיר נישט געמאַכט, און אַלץ מוסער געזאָגט... קוק נישט אַהער, קוק נישט אַהין, דאָ שטעל דיך נישט, דאָ מעק דיך נישט... קוק נישט ווי פֿייגעלעך פֿליִען...

— נו, זייער וויל...

— וויל ווי די וועלט! — מאַכט גרונע ביטער. — קום נאָר צו מיר אַהיים און זע, ווי זי זעט אַצינד אויס! יאָ, זי איז אַן עמעס ערלעך מײדל, נאָר פֿון זעקס און דרײַסיק יאָר! האָר, די בײנער צו ציילן, אַ גערונצלטע הויט, ווי פֿאַרמעט צו טפֿילין, אויגן פֿאַרלאָשענע, דאָס פּאָנעם זויער, אַן אַ שמייכל — אײביק פֿאַרביסענע ליפּן... גאַנץ אָפֿט דאַכט ברענען אויף די פֿאַרלאָשענע אויגן — דאָס ברענט דעמאָלט אין זיי אַ סינע, אַ האַס, ווי אַ געװעם... און ווייסטו צו וועמען? ווייסטו ווע-

מענ זי האָט פּײַנט? װעמענ, מאכנדיק מיט די ליפּנ, זי פארשילט די ביינער?

— װעמענ?

— מיר! מיר — איר אייגענער מאמענ!

— װאָס רעדסטו? פארװאָס?

— זי אליינ װייסט עפּשער נישט פארװאָס, נאָר איכ װייס! איכ האָב מיכ געשטעלט צװישנ איר אונ דער װעלט, צװישנ איר אונ דער זונ! איכ האָב איר, װי זאָל איכ דיר עס זאָגנ? קיינ װארעמקײַט אונ קיינ ליכט צומ לײַב נישט צוגעלאָזט... גאנצע נעכט האָב איכ דעריבער געקלערט, ביז איכ בינ עס דערגאנגענ, אפ קלאָר דערגאנגענ! זי מוז פּײַנט האָבנ... יעדעס קעמערל פונ איר לײַב האָט מיכ פּײַנט!

— װאָס רעדסטו?

— װאָס דו הערסט! די שװעסטער האָט זי אװאדע פּײַנט, שענער זײַנענ זיי אונ יינגער!

גרונע כאפּט שװער דעמ אָטעמ אונ כאנע קאָנ צו די געדאנקענ נישט קומענ... זי הערט עפּעס שרעקלעכס; עפּעס ערגערס, װי קראנק זײַנ, װי שטארבנ, אפילע װי „אונטער דער כופּע שטארבנ" — דאָס גרעסטע אומגליק, װאָס עס טרעפט זיכ בא יידנ, אונ דאָכ — ריבוינעשעלוילעמ, עס ד א ר פ אזוי זײַנ!

— די יינגערע, לייענ, האָב איכ שוינ אינ דער היימ נישט געהאלטנ... איכ האָב זי אָפּגעגעבנ פאר א דינסט... — הייבט װײַטער אָנ גרונע צו דערציילנ אונ די שטימע װערט נאָכ הייזעריקער, נאָכ אָפּגעריסענער...

— איכ האָב געװגנוג געשריענ דעמלט, — דערמאָנט כאנע, — מײַסימ געטאָנ... א סויפערס א טאָכטער פאר א דינסט...

— איכ האָב געוואָלט כאָטש  א י ר  כאסענע מאכנ, זאָל זי כאָטש א ביסל נאדנ האָבנ... פונ מײַנע ציבעלעס, מיט וועלכע איכ האנדל, קענ מענ קײנ נאדנ נישט אופקלײַבנ...

אונ זי האָב איכ אויכ געהיט...

נישט אײנ באַלעבאָס האָט אפ איר אנ אויג געוואָרפנ, ניט אײנ באַלעבאַטיש קינד האָט זיכ געוואָלט פונ איר א שפּילכל מאכנ... נאָר איכ בינ א מאמע! איכ בינ א טרײַע מאמע געווענ! די פּיס האָב איכ מיר אָפּגעהאקט אונ צענ מאָל אינ טאָג בינ איכ בא איר אינ קיכ געווענ, געווײנט אונ געבאַלעשט, מוסער געזאָגט... הא! גוטע ווערטער, פרומע ווערטער געזאָגט!.. גאנצע נעכט בינ איכ נישט געשלאָפנ אונ געלײענט דעמ קאוו-האַיאָשער אונ אנדערע הײליקע ספאָרימ אפ איוורעטײַטש, אונ צומאָרגנס איר איבערדערצײלט... אונ נאָכ אײגנס צוגעגעבנ! גאָט זאָל עס מיר מויכל זײַנ... פונ דרײַ שיידימ האָב איכ געמאכט צענ, פונ א שמיצ איז געוואָרנ קאסטרוי, מיט פײַער האָב איכ געשיט! אונ א שוואכ קינד איז עס געווענ, א שוואכ קאָשער קינד, עס האָט זיכ געלאָזט פירנ!.. דער טאטע אויסנ אויג — בלאס, אָנ א ביסל בלוט, אונ אזוינע גוטע, פײַכטע אויגנ, — נאָר שענער איז זי געוועזנ...

— דו רעדסט, ראכמאָנעליצלאנ, ווי פונ א טויטער!

— אונ דו מײנסט, זי לעבט? איכ זאָג דיר, זי לעבט נישט! זי האָט אָנגעזאמלט נאדנ, אונ איכ האָב איר א מאנ געגעבנ!

זי האָט נעבעכ געווײנט, אז זי וויל אימ נישט, אז ער איז צו גראָב, צו פּראָסט פאר איר.

נאָר א לערנ-קינד נעמט נישט קײנ דינסטמײדל, ביפראט מיט דרײַסיק רובל נאדנ!

איכ האָב געדאנקט גאָט, ווער עס איז! — א שנײַדער-יונג, איז א שנײַדער-יונג!

נו! האָט ער מיט איר א יאָר געלעבט — צוגענומענ דאָס געלט מיטנ געזונט, מיטנ רעשט ביסל קויעכ אונ איז אוועק...

נאקעט אונ בלויז האָט ער מיר זי אָפּגעשטעלט, נאָר — מיט א לונגענ-פעלער! זי שפּייט מיט בלוט!.. א שאָטנ איז עס שוינ, נישט קיינ מענטש... עס טוליעט זיכ צו מיר, ווי א קליינ קינד, עס לייגט זיכ ווי א לעמעלע!.. אונ גאנצע, גאנצע נעכט וויינט עס...

אונ ווייסט אפ ועמענ זי וויינט?

— אפנ מאנ, ימאכ שמוי!

— ניינ, כאנע, אפ מיר וויינט זי! א י כ האָב זי אומגליקלעכ געמאכט! אירע טרערנ פאלנ מיר אפנ הארצ ווי קאָכעדיק בליי — זיי סאמענ מיכ, די טרערנ...

זי בלייבט ווייטער שטיל אונ כאפּט קוימ דעמ אָטעמ.

— אקלאל? — פרעגט כאנע.

— אקלאל? האָב איכ מיר שוינ געזאָגט: גענוג! זאָל מיינ דריטע טאָכטער שוינ לעבנ! לעבנ זאָל זי, ווי זי וויל!

זי ארבעט אינ פאבריק! זעכצנ שאָ אינ טאָג ארבעט זי, קוימ אפ טרוקנ ברויט פארדינט זי... זי וויל צוקערקעס אויכ, זאָל זי עסנ! זי וויל לאכנ, שטיפנ, קושנ זיכ — זאָל זי! הערסט, כאנע — זאָל זי! א י כ קאָנ איר קיינ זיסע זאכנ נישט געבנ, קיינ מאנ אווארע אונ אווארע נישט! א ציטרינ פונ איר מאכנ וויל איכ נישט, א לונגענ-פעלער געבנ — נישט, נישט! זאָל שוינ די טאָכטער מיכ נישט האסנ, אפ מיר נישט וויינענ.

— אָבער גרונע, — שרייט כאנע אויס דערשראָקנ, — וואָס וועלנ זאָגנ לייט?

— זאָלנ לייט פריער אפ אָרעמע יעסוימימ ראכמאָנעס האָבנ, נישט ארבעטנ מיט זיי ווי מיט אייזלענ אומזיסט! זאָלנ מענטשנ האָבנ הער-

צער פונ מענטשנ, אונ נישט האלטנ אָרעמעלײַט צום אויסדריקנ ווי לימאָנענ...

— אונ גאָט? גאָט, באָרוכ-הו!

אונ גרונע הייבט זיכ אופ אונ שרײַט, גלײַכ זי האָט געוואָלט, גאָט זאָל אינ הימל הערנ —

— האָט גאָט געזאָלט פרִיער יענע פארזאָרגנ...

עס איז א שווערע שטילקײַט! ביידע ווײַבער אָטעמענ שווער, ביי־דע שטייענ זיכ אקעגנ מיט בליצנ אינ די אויגנ.

— גרונע! — שרײַט ענדלעכ אוים כאנע. — גאָט! גאָט וועט שטראָפנ!

— נישט מיכ, נישט מײַנע טעכטער! גאָט איז ערלעכ! ער וועט עמעצ אנדערש שטראָפנ! עמעצ אנדערש!

# איבער א שמעק טאבאק



ז דער באלדאָוועד איז געזעסנ, א פוס איבער א פוס, מיט א ליבלעכ-זאטנ שמייכל, אונ האָט גלאט אזוי, האלב-גענעצנדיק, געבלעטערט אינ קאָנטאָ-בוכ פונ לעבעדיקע נעפאשעס, האָט ער פלוצלינג א פאטש געטאָנ מיט די הענט.

ער איז צוגעקומענ צום בעלעמער ראָוום קאָנטאָ — אונ קיינ טמונאָס אָס — א לײדיק בלאט.

אפנ פאטש, פארשטײט זיכ, זײנענ זיכ דערוואַיל אָנגעלאָפנ גענעם-לאפיטוטנ; זיי שטייענ אינ טיר, ווי די קלאָווים, מיט די צונגענ ארויס, אונ ווארטנ אפ א באפעל.

— שיקט נאָר — הייסט דער באלדאָוועד — עמעצנ ארופ, געוואר ווערנ, צי דער בעלעמער ראָוו האָט אריבעס-יאָמים.

די לאפיטוטנ פארשווינדנ אזוי שטיל, ווי זיי זײנענ געקומענ, אונ עס גייט נישט אוועק קיינ פערטל שאָ, קומט א טשוווע: געווענ אינ

קאמער פונ לעבנ; דעמ כעלעמער ראָווס פּאָדעמ — קימאט נישט מיטנ אויג צו דערזענ — הײנט־מאָרגנ רופט מענ אימ!

— זאָל ארײנקומענ דער שרײבער!

טאנצט ארײנ א גאָל־קעפּיק שרײבער. מיט רויט־לויפנדיק לוסטי־קע אייגעלעכ, הינערשע פיסעלעכ, א קיידע אהינ, א הישטאכוועלע אהער; גיט זיכ א זעצ אפ דער שווארצ־ברענענדיקער סמאָלע־פּאָדלאָגע אפ טערקיש — די פיס אונטער זיכ; כאפּט ארויס פונ א ייג זײט בוזעמקעשענע קליי־קסיוועס: א נײע קראָהענע פעדער פונ דער נאָדל; א טינטער מיט רויט־זינדיק בלוט, אָפּגעצאפּט פונ הבא על הערוית, פונ דער צווייטער זײט, אונ וויקלט אופ א פריש אויסגעארבעט שטיקל אפּיקאָרסעס־הויט, שפּײט זיכ אָנ אפ דער יאד אונ ווארפט אנ אונטער־טעניקסטנ בליק צומ באלדאָווער: פּארטיק!

גיט זיכ דער באלדאָווער א בייג אויס אפ דעמ פּאָטערשטול אונ דיקטירט. דאָס שרײבערל שטרעקט ארויס א צונג אונ מאכט א צוק נאָכ א צוק. די פעדער לויפט אונ סקריפּעט, אונ צומ בעסדנ־שעל־מײלע גייט א ראפּאָרט קעהײ לישנע:

„העיווים אינ פּאָסעק שטייט: אינ אדם בארצ אשר יעשה טוב ולא יחטא... אונ דאָ איז פאראנ א כעלעמער ראָוו, וואָס שטייט מיט איינ פוס באמ קייווער, אונ זײנ בלאט איז ליידיק! אלקיינ, אויב מע וויל, עס זאָל בלײבנ „משה אמת ותורתו אמת״ — זאָל מענ דעמ כעלעמער איבערגעבנ אינ באלדאָווערס רעשוס ארײנ״...

קומט, נאָכ א קורצנ יישעוו, פונ בעסדנ־שעל־מײלע א טשוווע: „עיינ איוב, קאפּיטל א׳״.

פארשטייט שוינ דער באלדאָווער, וואָס מע מיינט: טו מיט אימ, הייסט עס, וואָס דו ווילסט, „רק את נפשו שמור״ — לעבנ זאָל ער, ווי לאנג איז אימ באשערט.

איז אָבער נישט אַזוי לײַכט, ווי עס רעדט זיכ.

קיינ אישע האָט דער כעלעמער ראָוו, לוי-אַלייכעמ, נישט; מי-קאָמע שאָנימ אַנ אַלמענ, קינדער — אויסגעגעבענע, אונ „לא יומתו אבות על בנים”, יעכעזקל האָט געזאָגט — פאַרפאַלנ! פונ שאָפּ אונ רינדער איז אַוואַדע נישט צו ריידנ—קיינ פיצל ציג ניט צומאָל! אַ הויט האָט דער כעלעמער ראָוו סײַוויסיי נישט קיינ ריינע. האַלט זיכ, נעבעכ, אינ איינ קראַצנ... אונ גלאַט—נעמענ אַ כעלעמער ראָוו מיט יעסורימ!

— עפּעס אַ טײַוועלע — טראַכט דער באַלדאָווער אונ באַלעקט זיכ. שטרעקט אויס די האַנט צומ טיש. רירט אָנ דאָס גלעקל פונ אַ כאַקראָנישנ שאַרבנ-קאָפּ — אַ פולע שטוב לאַפּיטוטנ!

— ווּעמענ וועלנ מיר שיקנ אונ ווער וועט אונדז גיינ אַראָפּצו-פירנ דעמ כעלעמער ראָוו פונ וועג?

ווערט אַ געשרייערײַ: איכ, איכ, איכ — —

אַלע ווילנ! מע ווייסט, אַז פאַר אַזוינע קונצנ וואַקסט מענ, ווי אַפּ הייוונ.

אַהער אונ אַהינ, ס'קאָנ קומענ צו אַ געשלעגערײַ. בלײַבט: אַ קאַלפּע.

פאַלט דער גוירל אַפּ צוויי לאַפּיטוטנ, ווינטשט מענ זיי מאַזלטאָוו, אונ זיי ווערנ נעלעמ...

אינ אַ שיינעמ העלנ טאָג, כעלעמער ייִדעלעכ דרייענ זיכ אַרומ אינ מאַרק אָנ פּאַרנאָסע... שטייענ רעדעלעכ אונ ריידנ פונ פּאָרעצמ וואַלד אונ פעלד; פונ פויערשע „מעסטלעכ”, פעלכלעכ, וואָס זײַנענ נאָכ אַפּ די האָזנ, פונ אייער נאָכ נישט קיינ געלייגטע, — גיט אונטער זיי פלוצלינג אַ ציטער די ערד, אונ זי ציטערט; טאָכ-קעדיי-דיבער הערט זיכ אַ קנאַק, איינער, דער צווייטער, מאַמעש: אַ בליצ נאָכ אַ בליצ —

און עס יאָגט אָן א בויד און עס דונערן די רעדער... א ווילד־פרעמדע בויד, פארשוימטע פערד, ווי די אראָיויס; און די בויד גיט זיך א לאָז דורכן מארק; קוים צייט געווען אָפּצושפרינגען. און פון פאָרנט, בא דער קעלניע, אויסגעבויגן ארונטער מיטן קאָפּ, שטייט, אָן א בייטש אין דער האנט, אין א היטל מיט לאַפּן, מיט א רויטן גארטל איבער די לענדן, ארומגעדרייט די לייצעס ארום די הענט, א שמייסער, — ציט זיי אײַן, די לייצעס, אז מאנכמאָל גיבן זיך די פערד א כאַפּ ארויס די קעפּ און א שטעל אפ די הינטערשטע פיס. און הינטער אים שטייט א באלעבאטיש געקליידטער ייד — א קאפּטאן, סטראָקעס — יענע צייטן! — האלט אין דער רעכטער האנט די בייטש און קנאקט איבער די פערד, אז זיי גיבן זיך באלד א לאָז אראָפּ און פליִען ווי אָדלערס. מיט דער לינקער האנט קלאפּט ער אלץ נאָכאנאנד דעם שמייסער אין רוקן, און פון צייט צו צייט גיט ער נאָך מיטן מויל א פייף, אז די פערד שפרינגען פון דער הויט און ציִען זיך אויס אינעם גאלאָפּ, ווי די שלאנגען!

און דער שמייסער האלט אין איין שרייען: יידן, בני־ראכמאָנים, ראטעוועט! יידן, בני־ראכמאָנים, ראטעוועט!

— נו — ראטעווע! גאנצע בינטן פונקען רייסן זיך פון אונטער די פּאָדקאָוועס!

יאָגט מען נאָך די בויד — מיט צעשראָקענע אויגן, זאָגט מען: „השם ישמרנו“, אנדערע קלערן נאָך וועגן גוימל־בענטשן. ווייבער לויפן נאָך ארויס פון די קלייטן און שרייען: געוואלד!

מוז אָבער די בויד דורכלויפן דאָס שעכט־הויז, גיבן זיך א לאָז ארויס קלאָווים און שפרינגען די פערד אין די מאָרדעס; לויפן ארויס קאצאָווים און העקער־יונגען, שפרינגען צו און כאַפּן בא די לייצעס — גיבן זיך די פערד א שטעל־אָפּ, אז עס ציטערט אפ זיי די הויט פאר שרעק, זיינען די קאצאָווים און די העקער־יונגען אפ דער בויד!

וואָס איז? ווײַזט זיך אַרויס: אַ קליין סיכסעכל... דער אָנגעטאָ-
נענער ווי אַ באַלעבאָס, מיטן לעדערנעם געלט-פּאָס אָפּ די לענדן,
שרײַט, אַז דער שמײַסער איז מעשוגע געוואָרן, ווײַל דאַפּקע פּאַשעט,
און ער אײַלט זיך אָפּן יאַריד מיט בריליאַנטן... קריגן די לײַט אַ ביסל
דערעכערעצ. און דער שמײַסער טײַנעט, אַז ניט ער איז דער שמײַ-
סער, נאָר טאַקע יענער... עלע וואָס? אָפּן וועג אין וואַלד, קומען זיי
מימערכאַקים און פּאָרן קיין מערכאַקים, איז ער אים באַנאַכט אין
וואַלד באַפאַלן, צוגעלייגט אַ מעסער צום האַלדז, גענייט זיך איבער-
צוטאָן און ער ווײַל אים צוגאַזלענען די בריליאַנטן, דאָס געלט, די
בויד מיט די פערד... אַלץ! דעריבער, אַז ער האָט דערזען אַ ייִדישע
קעהילע, האָט ער אָנגעהויבן צו שרײַען... און יענער לייקנט אַלץ שטיין
און ביין; לעהאַדאַם און לעהאַדאַם! — דרייט מען איבער פערד און
וואָגן, טרײַבט קוים אָפּ די קלאָווים און מע פאַרפאַרט צום ראָוו.
הייבט זיך אָן אַ כקירע-אודרישע, הערט דער ראָוו אויס יעדן באַ-
זונדער. לאָזט מען קוידעמקאָל אַרײַן דעם טויען, דעם, וואָס איז אָנ-
געטאָן ווי אַ שמײַסער. הערט אים דער ראָוו אויס און זאָגט: אַפּאָ-
נעם — גאַשמיעס שעבעגאַשמיעס; אַ לאָשן פון אַן עמעסן באַלע-
גאָלע... און דער קאָל אַליין איז אויך נישט פון ביידער אַרויס... אַ
קאָל פון וואַלד, פון פרײַען פעלד און — אָפּ סוסים!
פונדעסטוועגן בויקערט ער ווײַטער:
— וויפל סכוירע האָט איר אין בויד?
— איך ווייס? כ'פיר עפּעס בעזשבויינעס? אַן אָמאָרעצ בין איך,
רעבע! גאָט האָט געהאָלפן — האַנדל איך מיט בריליאַנטן!
— און וויפל געלט האָט איר אין בײַטל געהאַט?
— איך צייל נישט, כ'ווייל, ס'זאָל אַרײַנקומען די בראָכע...
האַכט זיך שוין, זיכער אַ ביליבל! דער ראָוו, פונדעסטוועגן, קרעכצט
אָפּ, און מע לאָזט אַרײַן דעם צווייטן: אַ פאָנעם פון אַ בעגטוירע. דער

ראָוו גיט אים אַ טאַפּ אין לערנען, גיט אַ מיש אויס שאַס-אופּאָסקימ, נאָר אײַנמיטנדערינען גיט ער אַ זאָג: „רעבע! וואָס טויג לאַנג טײַנען, זעט!" — און ער גיט אַ שיט אויס פון גאַרטל: סאַמע גאָלדענע רענד-לעך, רויטע פלאַמענ קאָלערן זיך איבערן טיש — „און — העלפט פון די בריליאַנטנ קריגט איר אויך, נאָר זאָגט, ס'איז מײַנ!"

גיט זיך דער ראָוו אַ שטעל אופ און גיט אַ קוויטש:

— גאַז-לענ!

לויפט דער אוילעמ אַרײַנ — ווישט מען זיך די אויגנ! ווו טויענ, ווו ניטאָנ, ווו רענדלעך? — נעלעמ געוואָרנ, נישטאָ קיינ בויד, קיינ פערד — די ערד האָט זיי אײַנגעשלונגענ!

קלערט בעלמ: צי עס איז געווענ אַ כאָלעמ, צי, ראַכמאָנעליצלאַנ, אַ קישעפ; דערווײַל ברענגט מען אַ מישווע דעמ באַלדאָווער.

זאָגט ער:

— שויטימ! כוירעש וואָלט ער עפּשער געגומענ, אָבער נישט באַ אַ מילתא דעבידא לגלויי — עס וואָלט אַמאָל אַרויס, ווי בוימל אפנ וואַסער... מע וואָלט אים אָפּגעצויגנ און נאָך אַרײַנגעזעצט אינ טפיסע! אַ נאַר איז ער!

זעצט מען אײַנ די נאַרישע לאַפּיטוטנ אפּ אַ יאָר קוילנ מיט סמאָלע; מאַכט מען נאָך אַנ אַסיפע. שרײַט מען שוינ נישט: איך, איך! נאָר צוויי פונ די גרעסערע, איינער עפּעס אַ גרויסער כאַריפ, דער צווייטער — אַ זאָקיינ ווערראָגיל, נעמענ אפּ זיך די זאַב...

צווישנ יאָמימ-נויראָימ, אַ קאַלטער, כוישעכדיקער רעגנטאָג; בעלמ ווייקט זיך אינ בלאָטע, דער הימל איבער אים טריפט מיט מאָרע-שכוירע, קומט אָנ צוגיינ עפּעס אַ ייִד אַ בעטלער, הויט-און-ביינ, ראַכ-מאָנעליצלאַנ... אַנ אויסגעהונגערטער און אפּ קוליעס, איינ פוס — און-

טער זיכ... שלעפט ער זיכ פונ הויז צו הויז, פונ טיר צו טיר, פונ קלייט צו קלייט... אונ באקומט אינ צענטנ הויז אנ אלט שטיקל ברויט, צו וועלכנ ער האט גאר קיינ ציינ נישט; אינ צוואנציקסטנ — אנ אפגעריבענעם גראשנ, וואס גליטשט זיכ פונ דער האנט ארויס, — בעלמ דארפ נישט קיינ פרעמדע קאפצאנימ, האט היימישע אונ בעקאוועדיקע, אונ אלערליי באהאלטענע ארעמעלייט, אלצ אלמאנעס וועיעסוימימ פונ שאכטימ, דאיאנימ, ראבאנימ אונ אנדערע קליי-קוידעש...

שלעפט ער זיכ אזוי ארומ, איינ טאג, דעמ צווייטנ טאג, — די נאסקייט אונ די קעלט נעמענ אימ דורכ; די וואטע, וואס עס קריכט פונ מאלבעש ארויס,— טריפט, די אויגנ קריכנ אימ פונ די לעבער ארויס; אונ פלוצלינג, אינמיטנ מארק — דער יִד פאלט! איינ קוליע— רעכט, די צווייטע — לינקס, אונ ער ליגט אינ דער מיט — אונ שוימ איבערנ מויל...

יידנ בניי-ראכמאנימ לויפנ, מינאסטאמ, צו, דער — מיט וואסער אונ שפריצט, דער — מיט א ביסל ראזשינקעס-ווײנ, יענער — מיט א מעסער, די ציינ אופצורײסנ אונ א פאר טראפנ ארײנצולאזנ... אנדערע שרײענ: בעלמ איז סדאמ! אונ דער יִד הייבט דערווײל אנ צו גויסעסנ...

מע וועט דאכ אימ נישט לאזנ, כאלילע, שטארבנ אינ גאס! ווערט א שײלע, ווהינ? — טראגנ זיכ די באלעבאטימ אפ — אנדערע האבנ נישט ווו, גייט פונקט פארבײ דער ראוו, זאגט ער: צו מיר! מינאסטאמ צו מיר!

מע האט אימ נאכ קיינמאל נישט אזוי פײל-פונ-בויגנ געפאלגט...

לייגט מענ דעמ גויסעס אינ ראווס בעט ארײנ, ליגט ער, ווי אינ דער הינערפלעט — דער ראוו זיצט באמ טיש, קוקט אינ א סייפער ארײנ, ווארפט אלע פאר שורעס אנ אויג צומ כוילע — אינ גאס דרייענ

זיך אַרום ייִדן, טאָמער וואָס, זאָל מען זײַן גרייט... עס פאַלט צו די נאַכט — דער ראָוו וויל זיך שטעלן מײַרעוו דאַוונען, דערהערט ער, דער כוילע רופט. גייט ער צו אים מיט גרויס ראַכמימ צו, בייגט זיך איבערן מויל און הערט,— ער רעכנט: אַ צאַוואָאַס שביוו־מעורא...

— רעבע, — בלאָזט פֿון די ליפּן אַרויס דער כוילע, — איך בין אַ גרויסער באַלאַווייִרע... און איך וויל אַזוי נישט שטאַרבן, כ'וויל מיך פֿאַר אײַך מיסוואַדע זײַן...

וויל דער ראָוו אַרײַנרופן מענטשן. כאַפּט אים דער כוילע אָן בײַ דער האַנט: כאַסוועשאָלעם, כאַסוועשאָלעם! — אונטער פֿיר אויגן וויל ער...

דערציילט ער אים, אַז קאָל־יאָמאָוו איז ער אַ בעטלער געווען און — אַ פֿאַלשער בעטלער. געגאַנגען נאָך ברויט פֿאַר ווײַב און קינד, און האָט קיינמאָל קיין ווײַב און קיין קינד נישט געהאַט... געבעטלט אַף האַכנאָסעס־קאַלע פֿאַר עלטערע טעכטער — און שטענדיק געווען אַליין, ווי אַ שטיין אין פֿעלד... צוזאַמענגענומען אויסצוהאַלטן יעשי־וועס — און קיין שום טאַלמעד־כאָכעם האָט דערפֿון קיין שום טוי־וועס־האַנאָע נישט געהאַט... אַף ערעציִסראָעל — נישט אַוועקגעשיקט קיין פּרוטע! פֿאַר רעב שימען באַר יויכאָיִס קייווער — און זיך אין בוזעם אַרײַנגעשטעקט... מיט ערעציִסראָעל־ערד געהאַנדלט, און הינטערן פּלויט געגומען... אוקעדוימע...

און אַרויסגראַבלענדיק אַ לײַוונטענעם בײַטל פֿון בוזעם, זאָגט ער: און דאָס האָב איך אָנגעזאַמלט!

און גיט אָן עפּן אויף: סאַמע באַנק־צעטלעך — און — איינס אין איינס — הונדערטער!

— דאָס — זאָגט ער — גיב איך אײַך איבער, רעבע, אַלס גע־צאָלט, — אַף צדאָקע, לפי ראות עיניך.

גיט נישט דער בעלעמער ראָװ א שפּרונג אַפ צומ פענצטער, רײַסט עמ אופ אונ גיט א געשרײ ארויס: ייִדנ, קומט ארײַנ צײלנ צדאָקע-געלט! — גלײַכ ער װאָלט יינגער געװאָרנ מיט 50 יאָר.

לויפט מענ ארײַנ — קײנ באַנק-צעטלענ, קײנ גויסעמ — נאָר א צערודערט בעט אונ צװײ אויסגעהאַקטע שויבנ...

קלערט מענ װײַטער: א כאָלעמ, צי, כאַסװעשאָלעמ, קישעפ; דער באַלדאָװער שטײט מיט אנ אָפענעמ מויל אונ זאָגט:

שוינ נ י ש ט קײנ מלתא דעבידא לגלויי...

דער שװאַרצער אוילעמ איז צערודערט!

זאָגט ליליס: ער װעט קומענ אפ מ ײַ נ ע הענט — אַלטע מיטלענ!

איז אַמאָל דער בעלעמער ראָװ נישט בעקאַװ-האַברײַע, שיקט ער דעמ שאַמעס נאָכנ פעלדשער. ער זאָל אימ לאָזנ א ביסל אָדער, די געבליטנ אָפּצוצײַענ... אונ שטעלט זיכ דערװײַל, צו שקיאַס-האַכאַמאָ איז עס געװענ, מינכע דאַװנענ. — שטײט בא דער װאַנט שמונע-עסרע. עפנט זיכ די טיר, קומט ארײַנ א מויד מיט א שײַלע. דער ראָװ דאַװנט, װעט זי װאַרטנ. דרײט זי זיכ ארומ, גײט אופ אונ אַפ — דער ראָװ קוקט זיכ נישט אומ... פאַרגעסט זי זיכ קלוימערשט, הײבט אָנ עפּעס אונטערצוזינגענ... אונ האָט, פאַרשטײט איר מיכ, אנ עמעס קאָל בעישאָ!.. נו — הערט ער זי? װערט זי, מיקלוימערשט, מיד, כאַפּט אונ זעצט זיכ אונ צעװיגט זיכ אפנ בענקל; ס'בענקל סקריפּעט... כאַריש — װענ א שלאַנג קומט אימ בײַסנ, רירט ער זיכ אויכ נישט פונ אָרט! װערט די מויד שוינ א ביסל בײז אונ לויפט האַסטיקער װײַטער איבער דער שטוב. גײט אויס דער ראָװ שמונעעסרע, זאָגט װײַטער, שפּײַט אויס, זאָגט אַפ די רעשט... זעצט זיכ צומ טיש אונ מאַכט גאַנצ געלאַסנ: װײַז דעמ אָפ! װיל זי אימ געבנ דעמ אָפ איינ

האנט ארײַנ, זאָגט ער איר װײַטער גאנצ געלאסנ: לײג אפנ טיש... א יִדישע טאָכטער, מוסערט ער זי מיט גוטנ, דארפ װיסנ, װיאזוי מע דערלאנגט... לײגט זי... עפּעס א הינדל. זאָגט ער: דערצײל! דערצײלט זי באריכעס, װי מע האָט די הונ בא א גויע געקױפט, אהײמ געבראכט, װי די הונ איז אנטלאָפנ, װי מע האָט זי געכאפּט... אונ לאכט דערבײַ, אונ זעצט אויס די צײנדלעכ, אונ דער קאָל קלינגט אָפּ אינ אלע װינקעלעכ, אונ פונ די צײנדלעכ איז קימאט א שײַנ דורכגעפלויגנ, אזוי װײַס זײַנענ זײ געװענ.. אונ רײדנדיק אונ לאכנדיק, דרײט זי זיכ אזוי ארומ טיש... אונ ארבל האָט זי קורצע, פארקאשערטע; הענט — נאקעטע, ס'העמד פונ פאָרנט אופגעריסנ, אונ דאָס לײַב, — זי האָט זיכ מיט עפּעס אויסגעשמירט, — שמעקט מיקאָל האמינימ פסאָמימ! — אונ זי סטארעט זיכ... אונ רירט זיכ אָנ אָנ טיש, אָנ בענקל, אָנ ראָװ האנט... קוקט ער אפ דעמ הינדל, לױפּט זי אונ שטעלט זיכ אימ פונ הינטנ אונ קוקט אריבער, אונ רירט אָנ מיט דער מאָרדעטשקע דעמ קאָפּ... אונ דער אָטעמ װארעמט אימ דורכ די יארמלקע... בלאָזט אפנ נאקעטנ האלדז אונ — אלצ בעכינעמ! דער ראָװ הערט אויס, װארפט נאָכאמאָל אנ אויג, װו מע דארפ, אונ זאָגט: קאָשער! אונ דו, — זאָגט ער, — מײדל, הײס דיר רײדנ א שידעכ!!!

פליט ארויס די מויד מיט דער הונ דורכנ פענצטער...

שמײכלט דער ראָװ. ער האָט שוינ פארשטאנענ, װאָס עס באטײַט — אונ גאָרנישט.

אונ דאָרט איז װײַטער אנ אסיפע. זה בכה וזה בכה. רופט זיכ אָנ גאָר א יונג לאפּיטוטל, ערשט אפ דער לער, נאָכ קײנ אײנ פעדער נישט אינ קאָפּ אונ קײנ אײנ צאָנ ארומ האלדז, רופט ער זיכ אָנ אונ זאָגט:

— האָט דער כעלעמער ראָוו גאָר קיינ טײַערע נישט?

— אינגאנצנ אויסגעטאָנ! — ענטפערט מענ.

— האָט גאָרנישט ליב?

— עפשער א שוויצ-באָד ערעוו שאבעס...

פויזע. גיט ער נאָכ א פרעג: האָט ער נישט עפעס א מינהעג, א געוווינהײַט, קנעטנ, לעמאָשל, קנײַלעכלעכ פונ ברויט באַמ בענטשנ?..

— מע האָט אימ נישט געזענ עסנ! מינאסטאמ נ י ש ט...

איינ לילים דערמאָנט זיכ, אז ווענ ער האָט אירע בסאָמימ דער־פילט, האָט ער געכאפט א שמעק טאבאק!

— גענוג! — זאָגט ער. אונ נעמט רעשוס — ווייִנענו!

א מינהעג־יאָשנ האָט דער כעלעמער ראָוו געהאט, יעדנ ערעוו־שאבעס נאָכנ באָד ארויסצוגיינ אינ פעלד ארײַנ, — געהאט שוינ א וועג צווישנ ווייצ אונ צווישנ קאָרנ — אונ צו זאָגנ בעאלפע שיר־הא־שירימ. אונ ווײַל ער איז געווענ א ייִד א פארכושטער אונ האָט מוירע געהאט, ער זאָל נישט פארגיינ צו ווײַט, האָט ער זיכ איינמאָל פאר אלעמאָל אויסגעמאָסטנ מיט די טריט דעמ וועג, אונ געמאכט זיכ א סימענ אָנ א בוימל... „מה נאה אילן זה” האָט ער נ י ש ט געזאָגט, כאָטש אפנ בוימל זײַנענ געוואקסנ פירעס ווי די קרעלנ... נאָר פאר א סימענ... פלעגט ער האלב שיר־האשירימ אָפזאָגנ אפנ וועג ביז צומ בוימל, אנידערזעצנ זיכ, נעמענ א שמעק טאבאק פונ קאָרענעמ פוש־קעלע, אָפרוענ זיכ א ווײַלע אונ אופשטיינ, גיינ צו קאבאָלעס־שאבעס, אונ אָפזאָגנ די צווייטע העלפט שיר־האשירימ צוריקוועגס... אונ פלעגט קומענ פונקט צו קאבאָלעס־שאבעס!..

איינמאָל, איידער דער ראָוו איז אָנגעקומענ, באוויַזט זיכ אפ דעמ אָרט א דײַטשל, מיט א קאפעליוש, מיט הויזנ אינ גרינע פאסנ, אונ גיט א רײַס אויס דאָס בוימל אונ גיט עס א טראָג איבער א שטיק ווײַ־

טער, און זעצט זיך אונטערן בוימל פון יענער זײַט, און זיצט — א שמאָל דײַטשל, מע זעט עס נישט ארויס.

קומט אָן דערװײַל דער ראָוו צום אָרט, ווו דאָס בוימל איז געשטאַנען, — האלב שיר-האשירים אָפּגעזאָגט, און צום בוימל איז נאָך ווײַט!.. איז ער זיך מעצאער: רעכנט ער, ער האָט געזאָגט שעלוי בעקאוואָנע. נעמט ער אָפּ זיך באלד א טשוווע. עס האָט זיך אים, ווי אַלעמאָל, פארוואָלט א שמעק טאָן... דאָס הארץ כאלעשט אים — ער וועט נישט נעמען, ביז ער וועט נישט צוקומען צום בוימל! ער איז אפילע שוין א ביסל מיד... נאָר מעשאַנע זײַן וועט ער נישט... און ער גייט קוים, ער קומט צום בוימל צו. אזוי מיד איז ער געווען און אזוי האָט זיך אים פארגלוסט א שמעק טאבאק — מאמעש די אויגן זעען נישט! נאָר געלויבט האשעמי־סבאָרעך — ער זיצט שוין אונטערן בוימל! כאפּט ארויס פון בוזעם דאָס קאָרענע פּושקעלע, עס ציטערן אים אזש די הענט,— גיט עפּעס פון הינטן א בלאָז, ס׳קאָרענע פּושקעלע פאלט אים פון דער האנט ארויס; שטרעקט ער אויס די האנט — עס גיט א בלאָז, מינאסטאַם א ווינטל, — דאָס פּושקעלע קאָלערט זיך ווײַטער, ער ציט זיך אויס אף דער ערד, שטרעקט ווײַטער אויס די הענט—ס׳פּושקעלע קאָלערט זיך, און קריכט נאָך: דער שמעק טאבאק ציט אים... קריכט ער אזוי אף אלע פיר... שמייכלט דאָס דײַטשל אונטערן בוימל פון יענער זײַט און הערט נישט אוף צו בלאָזן. פּלוצלינג גיט ער א כאפּ ארויס דאָס בוימל... און קעהערעפּ-אַיִן שטעלט ער עס ווידער, ווו עס איז געשטאַנען... דער ראָוו האָט נישט אוספּעיעט צו כאפּן ס׳פּושקעלע... ער בלאָזט ווײַטער... דער ראָוו גיט א קוק: דאָס בוימל שטייט פאר אים ווײַט! מיינט ער, אז ער איז פארטראכטערהייט פארקראָכן צו אן אנדער בוימל, — הייבט ער אוף די אויגן צום הימל: אויסגעשטערנט! ער האָט אפילע שקיאָס-האַכאַמאָ נישט באמערקט... אזוי האָט אים דער שמעק טאבאק געצויגן! —

עמעס, זייער א ליכטיקע נאכט געווען... מיילע, עס איז מער ווי א טכום-שאבעס — אין שטאָט אריין וועט ער נישט גיין, שפּאַזן וועלן אים די קראָען, וואָס האָבן עליאָהו-האַנאָווי געשפּאַזט... נאָר כאַפּן ס'פּושקעלע — מוז ער...

און ער קריכט נאָך... און דאָס דייטשל בלאָזט, ס'פּושקעלע קאָלערט זיך... — כ'וועל אייך לאַנג נישט ברייען, ער איז אריבער איבער א טכום-שאבעס!..

דאָס לאַפּיטוטל האָט באַלד א גרעסערע שליכעס באַקומען!

פאַרן אוועקגיין האָט ער צום שווארצן אוילעם געזאָגט:

— איבער א באַרג פאַלט מען נישט... געשווינדער שטרויכלט מען איבער קליינע טייוועלעך.

*1906*

# אַראָפּגעלאָזטע אויגנ

1



אָר-גאָר פאַרצײַטנ האָט געלעבט מײַל אונטער פּראָג געווײנט אינ א דאָרפ אײנער א ייִד, א געוויסער יעקבֿ-מיכל, וואָס האָט געהאַלטנ די קרעטשמע אינ דאָרפ.

אונ דער פּאָרעצ איז נישט געווענ קיינ פּראָסטער פּאָרעצ, נאָר א שעמ-דאָווער — א גראַפ, האָט טאַקע יעקבֿ-מיכל געהאַט פאַרנאָסע בעשעפע, ווי מע זאָגט: מיט א שמיצ, אונ איז געוואָרנ א גאַנצער „יעש" — א באַלצדאָקע, א מאַכנים-אורעכ, אונ יאָמימ-נוראָימ אז ער פלעגט אַרײַנפאָרנ קיינ פּראָג, לאָזט ער זיכ קאָסטנ אינ שטאָט. אונ קיינ אַמאָרעצ איז יעקבֿ-מיכל אויכ נישט געווענ, ווערט ער א שטיקל אײַנגייער באַמ ראָוו אונ ראָשיעשיווע, קויפט ער באַ אימ עסרויגימ, מאַצע-שמורע אוקעדוימע... בעט ער בא אימ באָנימ-זכאָרימ

אויב. זעט אָבער דער ראָשיעשיווע בעדואַכ-האַקוידעש, אַז דעם ייִד איז נישט באַשערט קיין נאַכעס פונ קינדער, אונ באָנים-וזכאָרים, פונ וועלכע מע האָט קיין נאַכעס נישט, איז טאַקע „טוב להם שלא נבראו", — זאָלנ זיי בעסער אַפ דער וועלט נישט קומענ. זאָגט ער אים פשאַט-פּאָשעט אָפּ. פאַלט יעכיעל-מיכל אַרײַנ אינ אַצוועס, טרייסט ער אים אונ זאָגט אים: „דערפאַר, יעכיעל-מיכל, אַז גאָט וועט דיר העלפנ, אונ וועסט אָנקלײַבנ נאַדנ קעדעבאָי, אונ וועסט קומענ צו מיר אונ בעטנ, וועל איכ דיר אויסקלײַבנ אַנ איידעמל, אַז דו וועסט קיינ כאַראָטע נישט האָבנ!"

נו, פאָרט ער אַהיימ אַ ביסל געטרייסט. צוויי מיידלעכ האָט ער, מאַכט ער זיכ אַ קניפּל אַפ נאַדנ, פריִער פאַר דער עלטערער, דערנאָכ פאַר דער ייִנגערער. מיילע — איידעמס בניי-טוירע איז אויכ נישט קיינ שפּאַס.

זאַמלט ער, אונ גאָט העלפט. אונ אַז ער קומט צו די ערשטע כאָמייש מייעס טאָלער, זאָגט ער צו דוואָשענ זײַנ ווײַב:

— עס איז געקומענ די צײַט כאַסענע צו מאַכנ אונדזער עלטערע טאָכטער נעכאַמע.

זאָגט דוואָשע, אַז עס איז זייער גלײַכ. אונ מע רעכנט: דרײַ מייעס נעדוניע אונ שטיי מייעס אַפ האַלבאָשע אונ מאַטאָנעס פאַר כאָסנ-קאַלע, כאַסענע-הויצאָעס, ראַכאַש אוקעדוימע... אונ אַ סודע פאַר אָרעמעלײַט וועט מענ מאַכנ — פראָג זאָל געדענקענ!

נישט אַזוי אָבער געשווינד טוט זיכ, ווי עס רעדט זיכ, עס מאַכנ זיכ, ווי דער שטייגער איז, מעניעס. דער פאָרעצ שיקט אַהינ, שיקט אַהער; דערווײַל מאַכנ זיכ שנייענ אונ פאַרשיטנ די וועגנ; זומערצײַט פאַלנ רעגנס; קומט נאָר אָנ כאָגע, קאָנ מענ די קרעטשמע נישט פאַרלאָזנ... מיט איינ וואָרט: נישט אַזוי געשווינד מאַכט זיכ עס, אונ דערווײַל, ווי דער שטייגער איז: אַ מענטש דענקט אונ גאָט לענקט...

## 2

נעכאמע, דעמ ארענדארס עלטערע טאָכטער, איז אפילע זייער ווערט צו באקומענ א כאָסנ פונ פראָגער יעשיווע: א מיידל — א גאָלד, א גוטע נעשאָמע, א שטילע. די גוטסקייט קוקט איר פונ די שטילע אויגנ ארויס, אונ זי לאָזט זיכ מאדריכ זײַנ טאקע: וואָס דער טאטע הייסט, וואָס די מאמע הייסט אונ אלע גוטע פרומע לײַט, וואָס שטעלנ זיכ אָפּ אינ קרעטשמע, הייסנ... זי נעמט כאלע מיט קאוואָנע, בענטשט שוינ שאבעס-ליכט, זאָגט שוינ איוורע-טײַטש ווי א וואסער, מיט איינ וואָרט: זי איז ווערט די כופע-שטאנגענ...

זי איז ווערט, ווערנד בא דער יונגערער טאָכטער שנײַדט זיכ א ביסל אינ דער קרומ. קיינ שלעכטס, כאסוועשאָלעמ, נישט; נאָר אזוי: עפּעס א מעשונעדיקע ברויע, א פארטראכטע, א פארכאָלעמטע, אלצ פאלט איר פונ די הענט... טיילמאָל לאָזט זי אראָפּ די ברעמענ אונ גייט ארומ מיט א בלאס פּאָנעמ ווי א קרײַד, ווי אפנ אוילעמ-האדימיענ; רופט מענ זי — גלײַכ מע וואָלט זי פונ יענער-וועלט אראָפּגערופנ, ציטערט זי אונ פאלט מאמעש פונ די פיס... אונ אמאָל גיט זי א קוק אפ א מענטשנ מיט אזוינע אויגנ, מיט אזוינע שטארע אונ שטעכנדיקע אויגנ, אז עס ווערט פּאָשעט נישט היימלעכ!

אונ א האסכאָלע פונ מידעס-מעגונעס אויכ: עס איז זי נישט אָפּצורײַסנ פונ קרעטשמע. ביפראט באנאכט, ווענ מע שפּילט אונ טאנצט. גאנצע נעכט וואָלט זי געזעסנ אונ די אויגנ זיכ אויסגעקוקט, ווי די יונגע פויערימ שטיפנ מיט די שיקסעס, טאנצנ א ראָד, א שווינדלדיק ראָד, אונ זינגענ ארײַנ זייערע געזאנגענ, אז די קרעטשמע הילכט אונ ציטערט...

אונ נעמט מענ זי ארײַנ איבערגוואלד אינ אלקער אונ מע לייגט זי שלאָפנ מיט נעכאמעלענ אינ בעט, ליגט זי מיקלוימערשט מיט פאר-

מאכטע אויגנ, ביז יענע שלאָפט אײַנ. קוים שלאָפט יענע אײַנ, שפּרינגט זי אַראָפּ פונ בעט, זומער אונ ווינטער, באָרוועסערהייט, אונ קוקט אַרײַנ דורכנ לאָכ פונ שליסל, דורכ א שפּארע אינ טיר, צי אינ פּרײַסישנ ווענטל. טרעפט זי די מוטער אונ רײַסט זי אָפּ, ברענט איר דאָס לײַב ווי אינ א פיבער אונ די אויגנ שפּריצנ מיט פונקענ, אז דוואָשע דערשרעקט זיכ אונ לויפט צוריק אַרײַנ צו יעכיִעל-מיכלענ אונ דערציילט אים.

— מע זאָל קאָנענ פריִער כאסענע מאכנ די ייִנגערע! — זיפצט יעכיִעל-מיכל.

— מע דארפ עמעצנ פרעגנ! — ענטפערט דוואָשע...

דערווײַל מאכנ זיכ ווײַטער מעניִעס, ביז עס טרעפט זיכ אזא מײַסע:

3

דער פּאָרעצ פונ דאָרפ, דער גראפ הייסט עס, האָט געהאט א זונ א בעניאָכיד, האָט ער אימ אופגעצויגנ אינ פּאריז, ווי דעמלט דער שטייגער איז געווענ בא גרויסע פּריצימ. קומט ער צו פאָרנ איינ מאָל אינ יאָר אפ א קורצע צײַט, אפ וואקאציע, זעט מענ אימ אויכ נישט: א יונגער פּאָרעצ, רײַט ער ארומ טעג אונ נעכט אינ די וועלדער אפ געיעג. די פעלעכלעכ פונ די האָזנ אונ אנדערע כײַעס קריגט יעכיִעל-מיכל פונ קיכ ארויס בעכאָצי-כינאָמ.

מאכט זיכ איינמאָל אָבער א גרויסע היצ — פײַער איז געפלויגנ אינ לופטנ; רײַט ער דורכ איבערנ וועג בא דער קרעטשמע, פאלט אימ אײַנ, שפּרינגט ער אַראָפּ פונ מילכ-ווײַסנ פערד, בינדט עס צו צו דער צוימ אונ שפּרינגט אַרײַנ אינ קרעטשמע אונ הייסט זיכ געבנ א גלאָז מעד.



דערלאנגט אים יעכיִעל-מיכל מיט ציטערדיקע הענט א גלאָז מעד. נעמט דער יונגער פּאָרעצ צום מויל אונ גיט א זופּ אונ פארקרימט זיכ: בא זײַנ פאָטער אינ קעלער איז פאראנ, אפּאָנעם, בעסערער מעד, גאָט ווייסט ווי אלט ער איז. ער וואָלט עפּשער דערלאנגט מיטנ גלאָז יע-כיִעל-מיכלענ אינ קאָפּ ארײַנ, דערזעט ער אָבער מאלקעלענ, ווי זי זיצט אזוי אינ עק קרעטשמע מיט פארשטארטע אויגנ אונ א ווײַס פּענעמל. שטעלט ער אוועק געלאסנ דאָס גלאָז, ווארפט אפנ שענקטיש א הארטנ טאָלער אונ גיט א פרעג:

— מוישע (בא גרויסע פּריצימ הייסנ אלע יידנ מוישע), דאָס איז דײַנ טאָכטער?!

ווערט יעקבֿעל-מיכלען א לאַכ אין הארץ. שטאַמלט ער, נעבעכ:
„יאָ, יאָ, מיַינ טאָכטער". אונ דער יונגער פּאָרעצ קוקט אונ קוקט אונ רײַסט פונ מיידל קיינ אויג נישט אָפּ. אונ צומאָרגנס קומט ער ווײַטער טרינקענ מעד... אונ אזוי אפנ דריטנ אונ פערטנ טאָג... נעמט מענ דאָס מיידל אונ מע באהאלט פונ אים, בייזערט ער זיכ, ער זאָגט נישט פארוואָס, נאָר ער דרייט די שווארצע וואָנצעלעכ אונ בליצט מיט די אויגנ. גיט ער אמאָל א זאָג: אז יעקבֿעל-מיכל צאָלט ווייניק פאר די קרעטשמע... אז פּראָגער יידנ ביטנ גרויסע הויפּאָפּעס... אונ דאָס איז עמעס געווענ, נאָר דער אלטער פּאָרעצ האָט זיי קיינמאָל נישט געלאָזט איבער דער שוועל; א גרויסע זאכ: א ייד זיצט, זאָל ער האָבנ פּארנאָסע... ווערט יעקבֿעל-מיכלען נישט היימלעכ. ביפראט איז מאלקעלע גייט נאָכ מער ארומ אפנ אוילעמ-האדימיענ, רעכנט ער טאקע צו פּאָרנ זיכ מיסיאעצ זײַנ קיינ פּראָג. מאכנ זיכ אָבער ווײַטער מענֿיעס, אונ דער יונגער פּאָרעצ קומט אלצ יעדנ טאָג, אונ איינמאָל גיט ער פונ דער העלער הויט א זאָג:
— מוישע, פארקויפ מיר דײַנ טאָכטער!
טרייסלט זיכ יעקבֿעל-מיכלען די ווײַסע באָרד, אונ עס ווערט אים כוישעכ אינ די גרויע אויגנ.
לאכט ער, דער פּאָרעצ:
— זי הייסט ע ס ט ע ר ק ע? — פרעגט ער.
— ניינ, מאלקע הייסט זי...
— זאָל זיכ דיר דאכטנ, — זאָגט ער, — אז זי הייסט עסטער, אונ דו — מאָרדכע, אונ איכ — אכאשווײרעש... וואָס? מיינ נישט, איכ וועל איר ארופזעצנ א קרוינ אפ קאָפּ! נאָר דו קריגסט די קרעטשמע אומזיסט אונ אפ אייביק. פאר קינדער אונ קינדס-קינדער!
אונ ער גיט אים א צײַט אפ יֿשעוו...

4

זעט יעקב-מיכל, אז עס איז שלעכט, שפאנט ער פארטאָג אײַנ פערד-און-ביטקע, כאפט זיך אראָפ קיין פראָג, פארפאָרט גלײַך צום ראָוו און ראָשיעשיווע. טרעפט ער אים בא דער געמאָרע, נעמט ער „שאָלעם-אליכעמ" און גיט טאָכ-קעדיי-דיבער א פרעג:

— רעבע, צי מעג מען כאסענע מאכן א יינגערע פאר אן עלטערע?

לייגט דער ראָשיעשיווע די עלנבויגן אפ דער געמאָרע און ענט-פערט אים:

— ניין, יעקב-מיכל, לא יעשה כן במקומנו... נישט קיין יידישע זאך — און דערמאָנט אים די מײַסע מיט יאנקעוו וועלאָוון.

— איך וויים,— זאָגט יעקב-מיכל.— אָבער אז מע מוז?

— דעהײַנע?

נעמט יעקב-מיכל און גיסט אוים פארן פראָגער צאדיק זײַן בי-טער הארצ, דערציילט אים אלצ קעהאוואָיאָ. פארטראכט זיך דער פראָ-גער צאדיק און זאָגט:

— מיילע, בעשאס האדכאק שאאני!

דערציילט יעקב-מיכל דעמ צאדיק „עם קוויד אָשרוי", וועגן די היי מייעס טאָלער און דערמאָנט אים זײַן צוזאָג וועגן אויסקלײַבן א כאָסן פון דער יעשיווע.

פארטראכט זיך דער פראָגער צאדיק, שפארט אָן אפ א ווײַלע דעמ קאָפ אפ די עלנבויגן איבער דער געמאָרע און הייבט אופ דעמ קאָפ און זאָגט אים:

— ניין, יעקב-מיכל, דאָס קאָן איך נישט.

— פארוואָס, רעבע? — פרעגט יעקב-מיכל פארציטערט.— האָט דען מײַן מאלקעלע, כאסוועשאָלעם, א זינד אפ דער נעשאָמע? א יונג קינד, א יונג ביימעלע, ווי מע בייגט עס...

— כּאַסוועשאָלעם! — ענטפערט דער ראָשיִעשיוּוע. — איך זאָג ניט, אַז זי האָט, כּאַסוועשאָלעם, געזינדיקט, דאָס האָב איך בעקאַוואָנע ניט געהאַט... נאָר עס פּאַסט ניט. הער, יעכיעל־מיכל, דײַן טאָכטער האָט ניט ג ע ז י נ ד י ק ט. אָבער, אָבער אָנגערירט, פֿאַרשטייסטו, אַ ביסל אָנגערירט איז זי דאָך... און דעריקער — זאָגט ווײַטער דער ראָשיִעשיוּוע — מיין איך דײַן טויווע דערמיט. וואָרעם האַזשגאָכע ד אַ ר ף דײַן טאָכטער, האַזשגאָכע פֿון אַ מאַן, און טאַקע פֿון אַ מאַן — אַ מענטש, אַ סויכער... כוץ דעם — האַזשגאָכע פֿון שווער־און־שוויגער... פֿון שטוב־לײַט... ווי עס איז, מע דאַרף איר אַרויסשלאָגן פֿון קאָפּ... זי דאַרף דעריבער אַרײַנקומען אין אַ הויז... אין אַ הויז מיט אַ סאַך אויערן און אויגן... מיטן יעיצערהאָרע, אַז ער כאַפּט זיך אַרײַן, מוז מען שטאַרק מילכאָמע האַלטן... עס איז אַ מין ביטערער כריין, מע זייט אים נאָר איין מאָל, און וואַקסן וואַקסט ער אייביק... דו רײַסט, און ער וואַקסט!.. וואָס, ניין?

יעכיעל־מיכל מוז, נעבעך, צושאָקלען מיטן קאָפּ אַף יאָ.

— און אַצינד, — זאָגט ווײַטער דער צאַדיק, — האַגאַ בעאַצמעכאָ, לייג צו קאָפּ, יעכיעל־מיכל. לעמאָשל, איך וויל זײַן אַ גוטער און האַלטן וואָרט, — עס איז דאָך נאַריש, צוגעזאָגט האָב איך דיר, — און איך וויל זײַן אַן אוימייד בעדיבורי און טאָן דײַן ראָצן; און נעם און גיב דיר פֿאַר אַן איידעם אַ באָכער פֿון דער יעשיווע. הייסט עס: אַן אָרעמבאָכער, אַ פֿאַרלאָזט יינגל... נו, וועט גוט זײַן?

וואָס איז דאָס יינגל? אַ בענטוירע... ער וועט זיצן און לערנען... מער ווייסט ער ניט און וויל ניט וויסן, און ער טאָר ניט וויסן...

און וווּ וועט וווינען דאָס פּאָרפֿאָלק?

צו דיר אין דאָרף אַרײַן אַף קעסט וועסטו דאָך דאָס פּאָרפֿאָלק ניט נעמען?

— אַוואַדע ניט, קאָלזמאַן דער יונגער פּאָרעץ איז דאָ!

— און ווער ווייסט, ווי לאַנג ער וועט זײַן?! אַ קאַשע אַפּ אַ פּאַ-רעצ! זיי, אַז עס פֿאַלט עפּעס אין די אויגן אַרײַן! ער האָט אַנדערע זאָרג? פּאַרנאָסע פֿעלט אים?.. אַקלאַל צו זיך אַפּ קעסט נישט. לאָזט זיי איבער אין פּראַג. דינגסט אַ דירע און לאָזט זיי איבער און שיקסט אַפּ פּאַרנאָסע. נו, וואָס טוט דאָס פּאַרפּאַלק? ער, דער יונגערמאַן, זיצט יאָמים וואַלײלוים אין בעסמעדרעש אַל האַטוירע וועאַל האַאַווידאַ — און זי? דאָס יונגע ווײַבל וואָס טוט? וואָס פֿאַר אַ הויראַים טראַכט זי? אַפּ וועלכע אוילעם-האַדימיענ גייט זי אַרום?

— גערעכט, רעבע, — איז יעכזעל-מיכל מוידע מיט אַ הייזעריק קאָל. — וואָס דאַרף מען טאָן?

— וואָס עס לאָזט זיך! — ענטפֿערט דער ראַשיעשיווע. — און איך וועל דיר העלפֿן. איך אַליין וועל שיקן נאָך אַ שאַדכן און זאָגן אים, וואָהין ער זאָל גיין... עס זאָל זײַן אַ הויז מיט מענטשן, מיט אַ שטאָט, מיט אַ ביסל אוילעמהאַזע, נאָר בעהעטער, נישט בעזיסער... וועסט זען, מיט זײַנע ליבע נאָמענס הילף!

— דערפֿאַר, יעכזעל-מיכל, — טרייסט ער אים, — אַז דו וועסט קומען צו מיר וועגן דער צווייטער טאָכטער, און גאָט וועט דיר העלפֿן און וועסט האָבן אַ קניפּל, — קריגסטו, זאָג איך דיר, אַ האָדאָר, מיט גאָלד אָפּצוּוועגן...

דערווײַל מאַכ כאַסענע...

5

וועקאַכ האָווע.

אַפּנ ראַשיעשיוועס בּאָראָט, און בעסאַד-סוידעס האָט מען מיט מאַלקען אַ באַלעבאַטישן שידעך געטאָן. און מאַלקע האָט ביז דער לעצטער רעגע נישט געוווּסט, נאָך וואָס עס קומען שנײַדער און מעסטן

איר אָן קליידער און פאַרוואָס מע וועקט זי אויף פאַרטאָג און מע פירט זי אַוועק קיין פּראָג...

און אַז זי האָט שוין פאַרשטאַנען, וואָס דאָס באַטײַט, האָט זי אויך קיין וואָרט נישט גערעדט. די יונגע נעשאָמע האָט זיך בײַ איר ווי אָפּגעשלאָסן.

וואָס עס האָט זיך בײַ איר אין האַרץ געטאָן, האָט קיינער נישט געוווּסט; אָבער פון אויבנאויף, האָט זיך געדאַכט — אַף אַלע בנוים-ציִען געזאָגט! טאַקע מיט אַלע מײַלעס... אַ ביסל צו בלאַס, עפּעס שטענדיק די אויגן אַראָפּגעלאָזט — מאַלע וואָס? פריִער האָט עס געהייסן קאַלע-כּיין, דערנאָך: אַזוי האָט זי שוין זײַן ליבער נאָמען באַשאַפן, און סײַוויסײַ — אַ יעפייפיע! אַ פאַרנעמעניש! און אַדעראַבע! זי גייט אָן דער שווייגער נישט קיין טריט, זי בעט זיך אַפילע קיינמאָל גאָרנישט אויס... וואָס מע גיט איר, עסט זי; וואָס און ווען מע דערלאַנגט איר, טרינקט זי; און וואָס פאַר אַ קלייד מע וויל, טוט זי אָן. ציכטיק, שטיל און שיין. און שאַבעס, אַז זי טוט אָן דאָס שוואַרץ-אַטלאַסענע קלייד מיט דער גאָלדענער שפּאַנגע, נעמט אָפּן אַלבאַסטער-ווײַסן האַלדז די פּערל, און עס באַמבלען זיך איר בײַ די אויערן די בריליאַנטענע אויערינגלעך, בלײַבן ווײַבער שטיין אין די גאַסן און גאַפן, און מע זאָגט: אַ פּרינצעסן... און זי — גלײַך מע מיינט נישט זי, גייט זיך ווײַטער שטיל און ציכטיק, צווישן שווייגער און שווע-גערנס אין דער ווײַבערשער שול אַרײַן, שטעלט זיך נעבן דער שווייגער בײַ דער קראַטע און לאָזט אַראָפּ די זײַדענע ברעמען, און עפנט מיטן ווײַסן הענטל די זילבערנע קלאַמערעס פון סידער מיטן גאָלדענעם שניט, און די ליפּלעך הייבן אָן צו ציטערן, צו ציטערן.

און אַ גאַנצע וואָך? יעדן פאַרנאַכט?

— וווּהין ווילסטו הײַנט גיין שפּאַצירן, מאַלקע?

זי זאָגט נישט וווּהין; וווּ מע גייט, גייט זי... און אַז מע גייט

פאַרביי פאַר פענצטער מיט צירונג, שטעלנ זיך אַלע אָפּ אונ קוקנ, מאַלקע נישט. זי שטעלט זיך אָפּ, ווייל זיי שטעלנ זיך אָפּ, אָבער קוקנ קוקט זי אינ דער לופט אַריינ...

זאָגט מענ: וואָס דאַרפ זי צירונג, זי אַליינ איז צירונג!

ביפראַט, אַז דער יונגערמאַנ פילט אָנ איר די נעשאָמע נישט. ער היט זי, ווי אַנ אויג אינ קאָפּ, ווי דאָס שוואַרצאַפּל אינ אויג...

אונ אַזוי אַלצ..

פונ אויבנ אָפּגעטאָקט, אָפּגעשניצט אונ ריינ, ווי שיינער קרי־סטאָל... אָבער אינווייניק?

אינווייניק איז געלעגנ די קרעטשמע מיטנ געזאַנג אונ טאַנצ אונ געשפּילעריי... אינ האַרצ האָט צווישנ איר אונ דער וועלט אַרומגע־שוועבט דער פאָרטרעט פונ יונגנ פּאָרעצ... קוים פאַרמאַכט זי די אויגנ, צי אינ שול בא דער קראַטע, צי מאָצע־שאַבעס צו „גאָט פונ אַווראָ־האָמ", צי בא שאַבעס־ליכט־בענטשנ, צעשפּילט זיך אינ איר דער קווי־עב־האַדאַמ, טאַנצט זי, ראַבמאָנעליצלאַנ, מיטנ פּאָרעצ אונ מיטנ ראָד אינ קרעטשמע נאָכ שניט... אָדער זי רייט מיט אים צוזאַמענ אונ טרייבט אַפּנ וויסנ פערד ווי אַ מילכ איבער וואַלד אונ טאָל... אונ בי־פראַט, אַז עס גענענט זיך צו איר דער מאַנ, אינ דער רעגע שליסט זי די אויגנ צו אונ האַלדזט אונ קושט — וועמענ? דעמ יונגנ פּאָרעצ האַלדזט זי אונ קושט...

בעט זיך בא איר דער יונגערמאַנ — אירע שיינע אויגנ האָט ער ליב געהאַט — בעט ער זיך: לעבנ מיינס, עפנ דיינע שיינע אויגנ, דיי־נע טויערנ פונ גאַניידנ אופ! — בעשום אויפנ נישט! ווייל ער אמאָל (אַ יונגערמאַנ!) אויספירנ, ווייל ער זיך מיקלוימערשט אָפּרוקנ, האַלט זי אימ מיט די אָרעמס ווי מיט צוואַנגענ... דערשרעקט ער זיך פלוצלינג אונ וויל זיך אויסרייסנ, בעט זי זיך מיט אַ פאַרכאַלעשט קאָל:

— פּאַרעץ מײַנער, אַדלער מײַנער!..

מיינט ער — אזוי ליב האָט זי אים, אז ער איז איר פּאַרעץ, איר אַדלער... „דאָרפ-לאַשנ“ — טראַכט ער, און זאָל זי נישט עפענען די אויגן, אז זי שעמט זיך!

## 6

און אזוי האָט מאלקע אָפּגעלעבט א יאָר נאָך א יאָר. קיין קינדער האָט זי נישט געהאט און געלעבט האָט זי — נישט מיטן מאַן...

צו וואָס איז דאָס געגליכן?

צו אַן עפּל, וואָס הענגט, דאַכט זיך, געזונט און פריש אף א גרי-נער צווײַג, אף א גאָלדענעם עפּלבוים. און די הויט פון אויבן איז גע-רויטלט, ווי דער מיזרעך איידער די זון באַווײַזט זיך, און א פרישער הויך, ווי פון גאַניידן, ליגט אף אים: אזוי שמעקנדיק, אזוי פאַרנעמיש, אָבער אין עמעצן אַרײַן איז געזונט און פריש נאָר די הויט, די שאָל פון אויבן, אינווייניק אָבער האָט שוין אַלץ דער וואָרעם אויסגעגעסן...

אָבער פּונקט לעהייפּעך האָט זיך אויסגעשניטן דאָס מאזל פון יעכעזקעל-מיכלס עלטערער טאָכטער — נעכאַמע. בא יעכעזקעל-מיכלען אַלײן האָט זיך אַלץ איבערגעקערט, און, ווי עס טרעפט זיך, דאַפקע מיט דער פוטער אַראָפּ...

אָפּגעשפּילט און אָפּגעטאַנצט אין פּראָג, איז יעכעזקעל-מיכל אַהיים געפאָרן פון פּראָג אינגאַנצן מיט עטלעכע מאַטבייעס אין קעשענע, און ווי ער קומט צו צו דער גרענעץ פון דאָרף, דערזעט ער, ווי זײַן גאַנץ קליי-באַזם מיט די בעטן, מיט די טישן און בענק פון קרעטשמע ליגן אפן פרײַען פעלד און א פייער פון באַרעצס הויף שטייט דערבײַ ווי א שוימער.

און דער שוימער לאָזט אים שוין נישט אַרײַנפאָרן אין דאָרף אַרײַן... עס ווײַזט זיך אַרויס, אז בעשאַס ווען ער האָט געטאַנצט אף

דער יינגערער טאָכטערס כאַסענע, האָט אים דערווײַל עמעץ אויסגעדונגענע די קרעטשמע, א גרויסע הויסאָפּע געגעבן, און דער יונגער פּאָרעץ האָט איבערגעדאַבערט דעם אַלטן פּאָרעץ, ער זאָל נעמען די הויסאָפּע... און דער ייִד זיצט שוין אין קרעטשמע!

הייבן אָן דאָס ווײַב מיט דער טאָכטער צו וויינען, צו כאַלעשן. בעט זיך יעכיעל-מיכל באַם שוימער, ער זאָל אים כאָטש אַרײַנלאָזן א וואָרט ריידן מיטן אַלטן פּאָרעץ. נעמט דער שוימער אַראָפּ די ביקס, וואָס האָט אים געהאָנגען אַפּ די פּלייצעס, און זאָגט: ער וועט שיסן! ער וועט מוזן שיסן, זאָגט ער.

א היימישער פּויער געווען, טרערן אין די אויגן האָט ער געהאַט; נאָר אז דער פּאָרעץ האָט געהייסן, וואָלט ער אוודע געשאָסן! זעט יעכיעל-מיכל, אַז עס איז פאַרפאַלן, און צוריק אַרײַנפאָרן קיין פּראָג האָט ער נישט מיט וואָס, נאָכ דער כאַסענע איז אים קוים עטלעכע רענדלעך געבליבן; און מיט זײַן אָרעמקײַט דער אויסגעגעבענער טאָכטער די אויגן פאַרשוואַרצן וויל ער אויך נישט — נעמט ער דאָס ווײַב און כעכאַמען, די טאָכטער, און פּאָרט מיט זיי אַריבער צו אַן אַנדער פּאָרעץ אין א דאָרף אַרײַן, נאָך ווײַטער פון פּראָג, און בעט באַם פּאָרעצרעשוס, און עפנט זיך א געוועלבל מיט זאַלץ, בעקער-ברויט און אַנדערע קליינע סכוירעס אין דאָרף און לאָזט איבער דאָס געוועלבל אַפן ווײַב מיט דער טאָכטערס באַראָט, ער אַליינ אָבער לאָזט זיך אַפּ דער וועלט, צו פּראָצעסירן מיט יענעם פּאָרעץ, ווײַל דער קאָנטראַקט איז נאָך נישט געווען אויסגעגאַנגען, און אויך צו האָבן דינטוירעס מיטן ייִדן, וואָס האָט אים מאַסיג-גוול געווען... נאָר עס גייט נישט אַזוי געשווינד, ווי עס רעדט זיך, ביפראַט מיט לייִדיקע הענט. געדויערט א פּאָר יאָר; פאַרשפּילט ער דעם פּראָצעס מיטן פּאָרעץ און זיצט אָפּ א צײַט אין טפיסע פאַר די הויצאָעס פון פּראָצעס; דעם דינטוירע קען מאַסיג-גוול געווינט ער סאָפּקאָלסאָפּ, נאָר דער מאַסיג-גוול וויל

בעשומ אויפנ ווערצאד דעמ פסאק נישט האלטנ; און דער פראגער צא־דיק, וואס האט קויעב געהאט צו נייטנ, איז דערווייל ניסטאלעק גע־ווארנ, און פראג זוכט און זוכט א ראוו, און קאנ דערווייל נישט צו־קלייבנ זיכ, און לעס דינ וועלעס דאיענ. קומט ער, יעכיעל־מיכל, אהיימ נאכ א פאר יאר, אנ אויסגעמאטערטער, אנ אויסגעהונגערטער און לייגט זיכ קראנק אינ בעט ארײנ, און ליגט אזוי א פאר וואכנ און שטארבט; לעבט אימ דאס ווייב זיינס לאנג נישט איבער, און נעכאמע ווערט א יעסוימע, איינע אליינ אינ דארפ, ווי א שטיינ, און לייזנ לייזט מענ נישט... עס איז נישטא פאר וואס צו לייזנ... און די יונגע פויע־רימ, זייט זי איז אליינ געבליבנ, לאזנ זי נישט רוענ, טרייבנ קאטא־וועסלעכ, בייזערנ זיכ, פארוואס זי לאזט זיכ נישט אנרירנ, די יידישע קאפצנטע...

שרייבט זי איינ בריוו און א צווייטנ צו דער שוועסטער קיינ פראג, לעבט אבער די שוועסטער אינ פראג, ווי מיר ווייסנ, אינ אנ אוילעמ־האטויהו און לייענט נישט קיינ בריוו... באקומט די פארלאזטע יעסוי־מע קיינ טשוווע נישט; הייבט זי זיכ אופ באנאכט און פארמאכט דאס לײדיקע קרעמל און גאנוועט זיכ פונ דארפ ארויס צופוס; זי לאזט זיכ גיינ אפ גאטס באראט, אז זי וועט טרעפנ צו דער שוועסטער קיינ פראג, א שוועסטער איז דאכ קיינ שטיינ נישט...

7

גייט זי אזוי מיט א שטיקל ברויט אינ דער האנט פונ דארפ ארויס, קומט זי צו צומ וואלד, האט זי מוירע פאר כייעס־ראעס. גייט זי נישט טיפ אינ וואלד ארײנ, גראבלט זי זיכ ארופ אפנ ערשטנ בעסטנ בוימ און וויל איבערווארטנ, ביז עס וועט טאג ווערנ, צווישנ די צווייגנ אפנ בוימ. ליגט זי אזוי א וועלע; דערהערט זי, אינמיטנ קרישמע לייענענ,

ווי הינט בילן און לויפן. און דאָס געלויפעריי און געבילעריי קומט אַלעמאָל נעענטער; פאַרשטייט זי, אַז עס איז אַ געיעג פון פריצים אַפן כייעס אין וואַלד. פאַרשטופּט זי זיך נאָך טיפער צווישן די צווייגן. און דאָס געיעג קומט אַלץ נעענטער און נעענטער, און אַ גאַנצע מאַכנע הינט שפּרינגט צו צום בוים און הייבט אָן שטאַרק צו בילן; און צוויי רייטער קומען געשווינד אָן צו רייטן, קעדיי צו זען, וואָס די הינט בילן אַזוי און לויפן אַזוי אַרום בוים. און די צוויי רייטער זיינען צוויי יונגע פּריצים געווען, און זיי האָבן אַרויפגעקלעטערט אַפן בוים, און האָבן זי אַראָפּגענומען איבערגוואַלד, און פייער געמאַכט, און באַטראַכט, ווער דאָס איז; האָבן זיי געזען, אַז עס איז אַ יידיש קינד, און זייער אַ שיין מיידל, נאָר אַן אויסגעהונגערטס. זאָגן זיי איר, אַז זיי וועלן איר, כאַסוועשאָלעם, קיין שלעכטס נישט טאָן, וואָרעם זי ליכט אין דער פינצטער ווי אַ מאָרגנשטערן... אַז מע דאַרף זי נאָר איבערטאָן, וועט זי שיינען ווי אַ מאַלקע און שמעקן ווי אַ רויז... ווערט איר, פאַרשטייט זיך, אַ לאָב אין האַרץ. דערווייל, הערט זי, צעקריגן זיך די יונגע פּריצים; יעדער וויל זי נעמען צו זיך, יעדער טיינעט, אַז זי איז זיין, אַז דאָס האָט זי זיין הונט צום אַלעמערשטן דערשפּירט... בלייבט, זיי זאָלן זיך שיסן, און ווער עס וועט לעבן בלייבן, דער זאָל זי נעמען. שטעלן זיי זיך איינער קעגן צווייטן און ווילן שוין אָנהייבן צו שיסן. האָבן זיי אינמיטן אַ יישעווע, זיי וועלן בעסער ציען קניפּלעך. ציען זיי קניפּלעך, און איינער, וואָס האָט אַרויסגעצויגן דאָס קניפּל, האָט זי אַרופגעצויגן צו זיך אַפן פערד און איז מיט איר גאַלאָפּ אַוועקגעריטן צו זיך אין פּאַלאַץ אַריין... כאַלעשט זי...

און אַז זי האָט זיך צומאָרגנס אויפגעכאַפּט באַם פּאָרעץ אין פּאַלאַץ...

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

## 8

און אַז זי איז באַם פּאָרעץ אינ פּאַלאַץ צו-זיך געקומענ און דער-זענ, אַז ער האַלט זי אַפּנ שויס, און האָט דערפילט, אַז ער קושט זי און האַלדזט זי..., האָט זי פאַרשטאַנענ, אַז עס איז פאַרפאַלנ, אַז זי וועט זיך שוינ נישט ראַטעווענ, האָט זי זיך נאָר געבעטנ:

— פּאָרעץ-לעב, איך בינ בא דיר אינ די הענט... און דו ביסט צו שטאַרק, איך זאָל מיך ווערנ קעגנ דיר, און איך האָב שוינ נישט מיט וואָס זיך צו ווערנ... בעט איך בא דיר נאָר איינס: האָב אַפּ מיר ראַכ-מאָנעס און זאָג מיר נאָר די איינציקע זאַך צו: האָסט מיר פאַרזינ-דיקט דעמ גופ, פאַרפאַלנ! פאַרזינדיק מיר כאָטש נישט די נעשאָמע, לאָז מיך בא מײַנ עמונע... און בא מײַנע מאַכשאָוועס... לאָז מיך טראַכטנ און קלערנ, וואָס איך וויל...

דער פּאָרעץ האָט אַפילע נישט רעכט פאַרשטאַנענ, וואָס זי מיינט דערמיט, נאָר בעעמעס ליב געקריגנ האָט ער זי, האָט ער איר צוגע-זאָגט... געמיינט האָט ער: און וואָס שאַט עס אימ? כאַסענע האָבנ מיט איר וועט ער סײַוויסײַ נישט. איינמאָל האָט ער איר אַפילע גע-קויפט בא אַ ייִדנ אינ פּראָג אַ סידער און האָט איר געבראַכט אַ מאַ-טאָנע. זי האָט גענומענ דעמ סידער מיט פרייד, נאָר באַלד פונ דער האַנט אַרויסגעלאָזט אַפּנ טיש... „מײַנע הענט — האָט זי געזאָגט — זײַנענ נישט ווערט די ריינקײַט צו טראָגנ“...

וווּנדערט זיך דער פּאָרעץ און שווײַגט.

און באַם פּאָרעץ אינ הויפ האָט נעכאַמע געפירט אַ לעבנ, וואָס איז געווענ גאָר דער הייפּעכ פונ לעבנ, וואָס די שוועסטער האָט גע-פירט אינ פּראָג... ביידע האָבנ פאַרמאַכטע אויגנ געהאַט, אַרומגעגאַנ-

געגן פרעמד און פארכאַלעמט. נאָר בעשאַס װען מאַלקע האָט געזינדיקט מיט דער נעשאָמע אין אַ ריינעם גוף, האָט נעכאַמע, פאַרקערט: אָפּגעלאָזט דעם גאַנצן גוף און ריין געהאַלטן די נעשאָמע.

עס גייט צו איר צו דער פּאָרעץ,— פאַרמאַכט זי די אויגן און טראַכט: „די מאַמע קושט מיך"... עס האַלדזט זי און עס קושט זי די מוטער און לערנט זי בראָכע זאָגן און „גאָט פון אַװראָהאָם" זאָגן...

ער װיל, זי זאָל אים ליב האָבן...

זי האָט ליב, שטאַרק ליב — די מוטער! זי נעמט אַרום די מוטער... „נאָכאַמאָל, מאַמעשי: טוירע ציװאָ לאָנו"... שעפּטשעט זי... און מיט די זינדיקע ליפּן רעדט זי אַפילע די װערטער נישט אַרויס... אין דער נעשאָמע װימלען זיי באַ איר, דאָרט ליכטן זיי טיף, טיף אינװייניק...

9

לעבן לעבט מען נישט אייביק, און ביידע שװעסטער איז קיין לעבן נישט באַשערט געװען...

און אַז די נעשאָמעס האָבן זיך אָפּגעטיילט פון גוף, איז דער יונגע-רערס, מאַלקעס, נעשאָמע, װאָס איז געװען דורכגעפלעקט פון זינד, אַרויס, װי אַ שװאַרצע קראָ, פון װײַסן גוף, און איז באַלד ערגעץ פאַרפאַלן געװאָרן אין קאַפ-האַקעלאַ... דער עלטערערס, נעכאַמעס, װײַסע, קלאָרע נעשאָמע אָבער, קוים האָט זי זיך באַפרײַט פון זינדיקן גוף, האָט זי זיך לײַכט און שטיל, װי אַ טויב, אויפגעהויבן אין דער הייך צום הויכן הימל. פאַרן טויער איז זי אַפילע געבליבן שטיין פאַרציטערט, נאָר גאָטס ראַכמאָנעס האָט זיך צו איר באַװיזן און האָט

איר געעפנט דעם טויער, און האט זי געטרייסט, און אויסגעווישט די טרערן פון די אויגן.

פון דעם אלעם אבער האבן מענטשן אפ דער ערד נישט געוווסט...
די פראגער גווירע האט געהאט א גרויסע לעוויע... מע האט איר אויך א גרויסן הספד געמאכט, עס האט א מאטמען געקאסט! און מע האט זי אויבנאן אפן בייס-האכאים, צווישן אלע צנועס, געלייגט, און צום יאר האט מען איר א גרויסע מאצייווע מיט אלערליי אויסגעקריצטע שוואכים געשטעלט...

אבער אז דער פארעץ האט דער עלטערערס גוף קיין פראג געשיקט, האט קיין בעווורעמאן נישט געוואלט זיך צורירן צום זינדיקן גוף, האט מען צו דער טאהארע פראסטע טרעגער געדונגען, און מע האט זי איינגעהילט אין אן אלטן זאק און ארייננגעווארפן אין א גרוב ערגעץ אונטערן פלויט...

א מענטש זעט נאר פון אויבן...

10

און אין א צייט ארום, אז מע האט צוגענומען א שטיק פון אלטן פראגער בעסאלמען צו דער שטאט, בדייטער צו מאכן א גאס, און מע האט אויסגעגראבן די קווארים, איבערצופירן די איבערגעבליבענע ביינער, האט א קאברען געעפנט נעכאמעס קייווער באם פלויט און נישט מער געפונען ווי א שארבן,— פון לייב און דעם רעשט ביינער איז קיין סאריד-אופאליט נית געבליבן... און ווען ער האט נישט ווילנדיק מיטן פוס אוועקגעשטופט דעם שארבן, איז ער אפגעשפרונגען און איז ערגעץ פארוואלגערט געווארן... און איז שוין צו קווורע נישט געקומען.

דער קאברענ אָבער, וואָס האָט געעפנט מאַלקעס קייווער, האָט זי געפונען אינגאנצנ גאנצ און פריש, קימאט מיט א פרישנ שמייכל אפנ ווייסנ פּאָנעם...

— דאָס הייסט א צאדייקעס — האָבנ מענטשנ געזאָגט.— די ווע-רעמ האָבנ אפ איר קיינ שליטע נישט געהאט...

וואָרעמ אזוי טראכטנ און זאָגנ מענטשנ, וואָס זעענ נאָר מיט די אויגנ פונ אויבנופ און ווייסנ קיינמאָל נישט, וואָס אינ הארצ טוט זיכ, וואָס בא עמעצנ אפ דער נעשאָמע איז...



# דאָס גלעזל



מאָל, ערגעץ אינ א פארוואָרפנ שטעטל אפ דער פראָווינצ, איז געווענ א גאָלדשמיד אונ א בריליאנטנ-שלײַפער דערצו. אונ געווענ איז ער, דער גאָלדשמיד, א בעריע-ניפלאָע אינ דער מעלאָכע, א געבענטשטע האנט געהאט, אינ זײַנ פאך א גאָונ געווענ. עד היכן הדברים מגיעים האָט קײנער נישט געוווּסט: נישט ער, נישט זײַנע קויכימ. געזעסנ אונ געארבעט צירונג פאר באלעבאטימ: אויררינגלעכ, פינגערלעכ, קדושנ-פינגערלעכ אוקעדוימע. קוימ פארנאָסע געהאט!.. ניסגאלע איז ער ערשט געוואָרנ מיט דער צײַט... אונ צופעליק. האָט זיכ, קעדוימע-לעמאָשל, געטראָפנ, אז א באלעבאָס פונ קלײנעמ שטעטל האָט א שידעכ געטאָנ פונ דער פרעמד, מיט אנ אוישער פונ א גרעסערער שטאָט. פאָרט מענ אפ דער באסענע, באווײַזט זיכ דעמ גאָלדשמידס צירונג אפ א העכערנ אָרט.

24-3350

יענער אוישער איז שוין א שטיק מייוון; א סויכער, א וועלט גצזען. מאכט ער: אני, אני, אני! — הייבט אָן דער גאָלדשמיד דאָרט צו שע-מען... באקומט ער שוין פון דאָרט ארבעט, און מיט דער צייט ציט ער זיך איבער אין דער גרעסערער שטאָט אריין; שוין אזויפיל קונים געהאט.

מיילע, צו א גוויר פון א גרעסערער שטאָט קומט אמאָל א פּאָרעץ; צוליב מיסכער, אפ א סימכע צי אזוי אמאָל שאבעס אפ געפילטע פיש, — דער טיש אויסגעשטעלט, די בניי-באָיס אויסגעצירט... דער פּאָרעץ קומט אריין, ער איז נאָך א גרעסערער מייוון; פאלט אים עפּעס אין אויג אריין.

— וו איז דאָס געקויפט? ווער האָט עס געמאכט?

ווערט מען פון גאָלדשמיד געוואָר צווישן פּריצים...

קעיעדוא, מאכט יעדער גובערנאטאָר איין מאָל אין יאָר א באל פאר גרויסע לייט. עס איז שוין אזא מינהעג. מאכט יענער גובערנא-טאָר אויך א באל, קומען פּריצים מיט פּריצעס, מיט טעכטער. טראָגט מען דעם גאָלדשמידס צירונג... זעט דער גובערנאטאָר א פינגערל, צו א בראָש, צו א קאָליע, גאפט ער, ער האָט נאָך אזא ארבעט נישט געזען.

„וועמעס ארבעט איז עס?"

— „דעמס און דעמס".

„אזוי?"

צומאָרגנס שיקט מען דעם גאָלדשמיד רופן, ווערט ער א יויצע-וועניכנאס באם גובערנאטאָר.

קומט אמאָל צו פאָרן באקוקן די גובערנאטאָר איינער פון די סאָרוי-מאלכוס, דארף מען אים אקעגנטראָגן ברויט מיט זאלץ אפ א טאץ. ווער מאכט די טאץ? מינאסטאם שוין אונדזער גאָלדשמיד. קומט די טאץ אין איר-האמלוכא אריין, קלינגט מיט איר די איר-האמלוכא...

נישט אומזיסט זאָגט שלוימע-האמעלעכ: טוב שם משמן טוב!

טרעפט זיך אַ מגיסע. דער אַלטער מיילעכ גייט פון דער וועלט. קלײַבט מען אוים אַ נײַעם מיילעכ. גייט יענע קרוין אין שאַצקאַמער, און פאַרן נײַעם מיילעכ מאַכט מען אַ נײַע קרוין. זוכט מען גרויסע גאָלדשמידם. בעט מען צווישן אַנדערע אונדזער גאָלדשמיד אויך, קומט ער און אַרבעט מיט און צייכנט זיך נאָך אוים אַל צאַד האיוי-סער טויוו...

האקלאַל — מעקימי מעאַפּאַר דאַל!

אונדזער גאָלדשמיד וווינט שוין אין דער רעזידענץ, איז אַ וויצע-וועניכנאַם אין הויף. ער ווערט גאָר מירוייי פּניי האמעלעכ. אַ פּ ר אָ-ס ט ע ר באַסערוועדאַם, אפילע אַ קלענערער סאַר, קאָן זיך שוין גאָר צו אים נישט דערשלאָגן...

איז דאָך אָבער אַ גאַלגאַל כויזער באָוילאָם און אַז מע קאָן העכער נישט שטײַגן (וואָרעם וואָס קאָן זײַן העכער פאַר אַזאַ גאָלדשמיד?), הייבט מען אָן פאַלן...

פאַר ווײַלטיק האָט ער שוין קיין נײַס נישט באַוויזן, דאָס אַלטע ווערט צוגעגעסן, די אויגן זײַנען, קוקנדיק דערופ, מיד געוואָרן, דאָס האַרץ קריגט אַ גלוסטונג צו עפּעס נײַס. באַווײַזט זיך ערגעץ-ווו אַ נײַער קינסטלער... איז — ווי דער סיידער-אוילאָם איז — זע נויפייל ווען קאָם... מאַכט דער נײַער קינסטלער דעם זעלבן וועג, וואָס דער אַלטער האָט געמאַכט. און, לעומאַס זע, מאַכט דער אַלטער גאָלד-שמיד דעם אייגענעם וועג צוריק: פון איר-האמלוכאָ — צוריק אין גו-בערניע אַרײַן, פון גובערניע—אין פּאָוויאַט, פון פּאָוויאַט — אַ ה יי ם; פון מיילעכ, הייסט עס, צום סאַר, פון סאַר צום גובערנאַטאָר, צום פּאָרעץ, צום גוויר, צום באַלעבאָס אין קליינעם שטעטל... צוריק צו קדושן-פינגערלעכ...

נידעריקער פאלן קאָן מען נישט; אָרעמעלײַט דארפן קיין צירונג נישט. בלײַבט מען הענגען אין דער לופט, שטרעקט מען אויס די צונג...

און די צײַטן א ל יי ן ווערן שלעכט, מע מאכט עפּעס גאָר קיין כאסענעס נישט און די קאָנקורענץ וואקסט...

מיילע... דאלעס מאכט פאסלעס. און ווײַהי (ווי „ווײַהי" איז א צאָרע!) קי הייציק לוי האָראָוו, נישטאָ וואָס אין מויל ארײַנצו לייגן, דער גאָלדשמיד גייט ארום פוסטעפּאס, איז ער זיך מעיאשעוו און הייבט אוף פון דער ערד א שטיקל גלאָז פון א צעבראָכן פלעשל: פון וואסער, פון מאשקע און עפשער גאָר פון א מעדיצין, ווער ווייסט? נאָר א פּראָסט שטיקל גלאָז, און גייט דערמיט אהיים און זעצט זיך עס אנידער — שלײַפן... און אזוי ווי ער שלײַפט... און אזוי ווי ער שלײַפט, הייבט אָן אונטער די הענט דאָס גלעזל צו פינקלען, צו גלאנצן... א קישעף: עס שפּריצט מיט קאָלאמינע פונקען, עס שטראלט; ער אליין גאפט. ער האָט גאָר נישט געוווּסט, ווי ווײַט קינסטלער ער איז! דערנאָך נעמט ער דאָס גלעזל, זעצט עס ארײַן אין עפּעס א פארוואלגערט רייפל, וואָס ער האָט קוים געפונען, און גייט ארויס אָפּנארן די וועלט! — גייט ער. דאָס הארץ קלאפּט בא אים ווי בא א גאזלען! קומט אים אנטקעגן א באָכער מיט א פלאמענדיקן פּאָ-נעם, פאלט אים איַין — עפשער א כאָסן און דארף א פינגערל? שטעלט ער אים אָפּ. האָט ער קימאט געטראָפן: קיין קדושן-פינגערל דארף ער נישט, א קאלע-מאטאָנע — אדעראבע; מעג זײַן א פינגערל! און ווי יענער גיט אים א בליץ פאר די אויגן מיטן בריליאנטל, פאלט ער צו מיט ביידע הענט און פרעגט:

— ווי טײַער?!

לאָזט דעם גאָלדשמיד דאָס הארץ ניט זאָגן, נישט קיין שווינדלער בעטעווע, פרעגט ער צוריק:



— וויפל ווילסטו געבן?..

דער באָכער מיינט: גאָט ווייסט, צי ער וועט קאָנען קומען צו דער סכוירע? נעמט ער ארויס א מאטבייע און מאכט זיך א שפּאַס:

— א טאָלער!

דריקט אים דער גאָלדשמיד דאָס פינגערל אין דער לינקער האנט אריין. כאפּט אים אויס דעם טאָלער פון דער רעכטער האנט און לויפט אין שענק אריין. דעם וואָרעם פארגיסן, דאָס הארץ צו דערכאפּן...

וועלן מיר איבערלאָזן, פארשטייט זיך, דעם גאָלדשמיד און נאָכגיין דעם באָכער.

קלערט דער באָכער: מעשוגע? נאָר זיין דייגע! און גייט מיטן פינגערל צו דער בסולע, צו וועלכער ער האָט זיך געשאדכנט...

איז דאָך אָבער נאָשים דייטאָן קאָלויס, האָט די בסולע, צו וועלכער ער שאדכנט זיך, צוויי כאסאנים: אים, א באַלעבאטיש קינד

מיט א פאָר פאַימ און א כיילעק הויז — איז איינער, און א הוזאַר (אינ שטעטל איז קאַוואַלעריע געשטאַנענ), א הוזאַר מיט א קיווער, מיט שווערד, טראָלבנ און שפּאָרנ, א בעריע-ניפלאָיע אפנ פערד — דער צווייטער. אויסקלייבנ איז שווער. ביפראַט: א הוזאַר — היינט איז ער דאָ, מאָרגנ רייט ער אַוועק... יִשעווט זי זיך אַלץ. דערווייל, דער באָכער קומט אַרופ, נעמט זי אים צו בעסייוועד פּאָנים יאָפּוים. דאָס פינגערל אַוואַדע, עס פאַרנעמט די אויגנ... האקלאל — מע רעדט, מע לאַכט, ווי דער שטייגער איז... די צייט שטייט דאָך נישט, פאַלט צו דער אָוונט, דערהערט זיך פונ מאַרק, פונ דער הוזאַר-וואַך, א טראָמפּייטל, א פייקל האַלט אונטער, מע הייבט אָנ שפּילנ זאָרעס... מיינ בסולע דערמאָנט זיך אָנ יענעמ, ווערט אומרויִק, זאָגט אַלץ: שפּעט, שפּעט! מע וועט זי, כאַסוועשאָלעמ, באַריידנ, און דערלאַנגט אים, אָפּצוקומענ, דאָס מיילעכל, און שטופּט אים אַרויס פונ טיר. און עס איז שוינ גע-וועינ די רעכטע צייט. קוים איז דער באָכער אַראָפּ פונ די טרעפּ, אַרי-בער דאָס געסל און פאַרבייגנ אינ עק — טופּ, טופּ, טופּ: א רייטער פונ דער צווייטער זייט! אָט איז ער שוינ פאַרנ פּלויט; שפּרינגט שוינ פונ פערדל אַראָפּ, בינדט עס צו צו א שטאַכעט. אָט קלינגענ שוינ שווערד און שפּאָרנ אפ די טרעפּלעכ, דאָס טירל פּראַלט אופ...

איכ וועל אייכ נישט לאַנג ברייענ: איבער נאַכט איז פונ דער קאַלע-מאַטאָנע א כאָסנ-מאַטאָנע געוואָרנ... קוים אפנ שפּיצ פונ יִינגסטנ פינגער אַרופ...

דאָ ענדיקט זיך אָבער נאָכ נישט די מייסע; דעמ „בריליאַנט" איז געווענ עפּעס בעסערס באַשערט...

קאַאַלויס, קוים עס רוימלט זיך דער מיזרעכ... דאָס פערדל טאָפּעט נאָכ אַלץ און טאָפּעט מיט די פיס אינ ליימיקנ געסל און קיינער הערט עס נישט, וועקט זיך פּלוצלינג אינ דער ווייטער שטילקייט א קאָל פונ א טראָמפּייט... „טרעוואָגע" ווערט געבלאָזנ! באַנאַכט איז

פּלוצלינג א גרויסער גענעראַל געקומענ, ווערנ די הוזאַרנ געוועקט, צום עקזערציער פּלאַצ גערופנ... א רעוויע וועט זײַנ — טראַ-ראַ-טראַ! מײַנ גיבער מיטנ פינגערל שפּרינגט אופ, וויל לויפנ, אָבער נישט לײַכט איז דעם פישל זיכ אַרויסרײַסנ פונ דער נעצ... זי וואַרפט אים די ווײַסע הענט איבערנ האַלדז. פלעכט ער זיי אופ, לויפט זי און באַהאַלט אים דעם קיווער, דאָס שווערד... און נאָכאַמאָל געזעגענענ, און נאָכאַמאָל... קוים מיט צאָרעס פונ די הענט אַרויס. טראַפּ-טראַפּ-טראַפּ פונ די טרעפּ אַראָפּ, אפנ הונגעריקנ, נאָר דערפריִטנ פערד אַרופ, און פּאַפ — פּײַל פונ בויגנ צום פּלאַצ, די ראָטע שטייט — אינ אָרט אַרײַנ... און — פּאַד קאָזעראָק! דער עסקאַדראָני קאָמאַנדיר שטייט אים אויג אָנ אויג און זעט, עפּנט שוינ דאָס מויל אפ א „מי-שעבייראַכ“.

גיט אים אָבער דאָס פינגערל פּלוצלינג א בליצ אינ די אויגנ. ווערט ער רויט ווי א צונטער, און כאַפּט אים דאָס פינגערל פונ שפּיצ פינגער אַראָפּ:

— געגאַנוועט?

שטאַמלט ער: וואַשע אזוי און אזוי... כוישעד ביקשיירים... כאַם-וועכאָלילע...

מיילע, דעם עמעס אויסזאָגנ קאָנ ער דאָכ נישט. ער וועט דאָכ נישט אויסגעבנ די בסולע פונ א באַלעבאַטיש הויז! פּלאַצט ער אַרויס:

— געקויפּט!

— פאַר וויפל? — פאָרשט שטרענג דער אָפיצער.

שלעכט! טראַכט דער הוזאַר, עס מוז דאָכ עפּעס ווערט זײַנ... און גיט א זאָג פאַרנ טײַוול:

— צוואַנציק טאָלער!..

א מאַטמענ מיט גאָלד פאַר א הוזאַר! דער אָפיצער עפנט שוינ דאָס מויל אפ א נײַעמ „מי-שעבייראַכ“... בעויסוי האָרעגא שפּרינגט אָבער

אָנ א װײַס פערד דערופֿ, הינטער אימ — אנדערע פערד, קלענערע גע־נעראלנ.

ער אַלײנ גיט א פרעג:

— געזונט?

אלע עסקאדראָנעס ענטפערנ: געזונט! א דונער, א געפּילדער! די ערד ציטערט...

אונ באלד — די רעװיע... אונ אז עס איז באשערט, צײכנט זיכ אויס דער עסקאדראָנ פונ אונדזער גיבער: געיאָגט, װי אפ פליגל; גע־שפּרונגענ אפ די פערד, װי די שײדימ; דורכגעלעכערט די צילנ אל צאד האיױסער טויװ... קריגנ די הוזארנ א „דאנק" אונ אפ מאשקע, אונ־דזער אָפיצער װערט אפנ אָרט — פּאָלקאָװניק... א סימכע, א גדולע, מישטע װעיאָמטעװ, טרינקט מענ א כוידעש, צװײ... דער הוזאר האָט דערװײַל אויסגעדינט אונ איז אהײמ מיט גרויס סימכע: פּאָטער בעלוי קלומ, פאר א נאריש פינגערל, פארנ פארשפּעטיקנ. דער פּאָלק מיטנ קאָמאנדיר זײַנענ באלד ארויס אינ א גרעסערער שטאָט, אינ לא־גער ארײַנ... אונ דאָס פינגערל װאָלט גאָר פארגעסנ געװאָרנ, װענ נישט דאָס, װאָס האָט זיכ װײַטער געטראָפנ:

אינ פּאָלק איז פּלוצלינג געװאָרנ א פּעגירע אפ פערד. מײלע, א צארבאלעבײַזמ איז עס; פאלנ װי די פליגנ. האָט דאָכ אָבער יעדער מענטש סאָנימ, ביפראט אנ אָפיצער, װאָס איז אזוי פּלוצלינג אוילע ליגדולאָ געװאָרנ. געפינט זיכ אײנער אונ שיקט צומ מאלכומ א מע־סירע אפנ פּוראזש! באשער בעביינ, דער האָבער איז קײנ האָבער נישט...

איז עס פּונקט פאר א מילכאָמע, איז די זאכ שטרענג. שיקט טײ־קעפ-אומיִאד דאָס מאלכומ אראָפּ גאָר א גרויסנ גענעראל אפ א רע־װיזיע. באפאלט ער, לויפט גלײַב צומ מאגאזינ, באקוקט דעמ האָבער, הרײט מיט דער נאָז, פּאָרט אינ קאנצעליאריע ארײַנ, שיקט רופנ דעמ

פאַלקאַווניק. קומט ער, נעמט ער אים אויף זיצנדיק, שטרענג, דער פאַל-קאַווניק שטייט פאַד-קאַזעראַק. עס ציטערן אונטער אים די פיס... מישט זיך ווײַטער אַרײַן דער בריליאַנט. דער גענעראַל הייבט אויף אַן אויג — פון בריליאַנט שיסט אַ בליץ אין אויג אַרײַן, גיט ער אַ שפּרינג אויף און אַ בריל ווי אַ לייב:

— לאַקכע-באַכער!

אין אונדזער מעדינע הייסט עס: כאַבאַרניק, וואָרעם ווי קומט צו אַ פּאַלקאַווניק פון נישט אַ רײַכ הויז אַזאַ גרויסער טײַערער בריליאַנט? רײַסט ער אים דאָס פינגערל פון פינגער אַראָפּ, ער וועט עס צולייגן צו די אַקטן, און פרעגט:

— וויפל באַצאָלט?

זעט דער פּאַלקאַווניק, אַז עס איז אַ דאַוואָר גאָדויל, אויסזאָגן דעם עמעס קאָן ער נישט, גיט ער אַ פּלאַץ אַרויס:

— טויזנט טאַלער!

און אַז דער גענעראַל קוקט אָן נאָך אַלץ ניט גלייבנדיק, מיט איין אויג, גיט ער צו אַ וואָרט-צייכן:

— פאַר טויזנט איינס טרעט איך עס אָפּ...

לאָזט דער גענעראַל דעם קאָפּ אַראָפּ און שרײַבט:

ריישים, שרײַבט ער אַ ראַפּאָרט צום מאַלכוס... אַז דער האָבער איז ריינע פּערל. וועהאַשיינים: אַ שטאַר-כויוו אַפּ טויזנט און איין טאַלער; ליקשעיאַרוויאַכ וועט ער אָפּגעבן... און פאָרט צוריק...

צינד דאַרף געשען דאָס ווונדערלעככטע...

מע ווייסט נישט, וויאַזוי, נאָר דאָס פינגערל איז געקומען אין כאַצאַר-האַמאַלכוס אַרײַן! איינמאָל, די מאַלקע זיצט פאַרטראַכט, פאַרלירט דאָס נאָזטיכל פון שוים, הייבט עס אַ הויף-דאַמע אויף, אַ יונגע, ערשט אָנגעקומענע און אַ יעפייפיע... און לייגט עס צוריק.

הייבט די מאַלקע אַ ביסל די ברעמען אויף, ווייל דאַנקען מיט אַ האַלב מויל, ווי עס פּאַסט פאַר אַ מאַלקע, עפנט די ליפּעלעך, און בלייבט מיט די אָפענע ליפּעלעך זיצן. וואָס איז? דער בריליאַנט פון דער הויף-דאַמעס אַ פינגערל האָט עס איר אָנגעטאָן! מאַמעש פאַרקי-שעפט האָט ער זי, נעמט זי צו באַקוקן: זי האָט נאָך אַזאַ בריליאַנט אין אַ פינגערל נישט געזען... נישט אין די שאַצקאַמערן, נישט אין קיסריי-האַמאַלכוס... פרעגט זי:

— פונוואַנען קומט צו דיר אַ בריליאַנט?

ווערט די הויף-דאַמע רויט און טויט און פאַרציטערט. און ענט-פערט נישט אַ וואָרט.

מוז דאָך דאָ עפּעס זיין, און אַ ביסל איפּערזיכטיק איז אַ מאַלקע אויך. וואָרעם ווער, אַז נישט אַ מיילעך, קאָן קויפן אַזאַ מאַטאָנע? הייבט זי זיך אויף און גייט אַריין צום מיילעך אין קאַבינעט און ווייזט אים דאָס פינגערל. זי וויל זען, וואָס ער וועט זאָגן... ווייסט ער לאַכ-לוטן פון גאָרנישט און ווערט פון בריליאַנט פאַרקישעפט. ער האָט נאָך אַזאַ קלאָרן ריינעם בריליאַנט, און אַזאַ גרויסן, און אַזוי אָן אַ שעמעץ פּעגימאָ נישט געזען. עפנט ער גרויסע אויגן און קאָן זיך זאַט נישט אָנקוקן. דערציילט אים די מאַלקע אַזוי און אַזוי, די און די הויף-דאַמע האָט עס געטראָגן. זאָגט דער מיילעך, אַז פונוואַנען דאָס פינגערל קומט, וויל ער נישט וויסן, מאַלע וואָס עס טוט זיך אין הויף... נאָר דער בריליאַנט פּאַסט נישט פאַר קיינעם, נאָר פאַר אַ מיילעך. דער הויף-דאַמע וועט ער זיין ווערט באַצאָלן... און נעמט צו דאָס פינגערל.

נעמט מען באַלד דאָס פינגערל, מע קריצט אויס דעם מיילעכס נאָ-מען מיטן הערב פון דער מעדינע, ווערט דאָס פינגערל אַ כויסעם-האַמאַלכוס. דער מיילעך באַשמעט דערמיט אַלע פּאַפּירן, הען אין דינײ מאָמוינעס הען אין דינײ נעפאָשעס, הען אין פּאָליטיק. ווער

עס קריגט דאָס פינגערל א ווײַלע אפּן פינגער ארום, קאָן באַרעוו מאכן א וועלט, האָט פּראוו לעהאשמיד אולעהארויג, וועט און וועמען ער וויל ארײַנוואַרפן אין קייטן און אין טפיסעס. לאָזט עס טאַקע דער מײלעך נישט פון פינגער אַראָפּ... און קעדיי צו באַלוינען די הויף-דאמע, הייסט דער מײלעך רופן מעווינים, זיי זאָלן אָפּשאַצן דעם ווערט פון בריליאַנט... קומען זיי... ווערט זה בכה וזה בכו! איינער זאָגט: א דריטל, איינער — א האלבן, איינער גאָר — א גאנצן מיליאָן... וואָס טוט מען? דערמאָנט זיך דער מײלעך אין פּרזשערדיקן הויף-גאָלדשמיד און גיט א באַפעל:

— ברענגען...

ברענגען איז ברענגען!

נעלעם געוואָרן; מאכט מען א בקירע-אודרישע. עס דויערט א צײַט, מע ווערט געוואָר. מע שיקט א דעוואר מאַלכוס, ווי דער שטייגער. מײלע. אז די קליינע סאָרים פון קליינעם אָרט באַקומען א באַפעל צוצושטעלן דעם גאָלדשמיד צום מײלעך, וואָס קלערן זיי? ער האָט אוואדע באגאנוועט אמאָל די שאצקאמער און צינד ערשט איז מען דערגאנגען. ווארפט מען ארײַן דעם באַבער אין קייטן, און מע שיקט אים צום מאַלכוס, א צעשלאָגענעם און א האלב-טויטן פאר פאַבעד... קומט ער קוים מיט צאָרעס אָן.

מעלדעט מען דעם מײלעך: ר׳אי׳דאָ, נאָר...

מע וויל אים זאָגן, אז מע נעמט אים אַראָפּ די קייטן, איז אָבער דער מײלעך בייז, שלעכטע יעדיעס פון דער מילכאָמע באַקומען, גיט ער א געשריי:

— קיין שום „נאָר"!

ברענגט מען אים שוין אַרײַן, ווי ער שטייט און גייט.

באַמערקט עס אפילע נישט דער מײלעך. ער ווײַזט אים דעם בריליאנט און פרעגט:

וויפל ווערט?

ענטפערט יענער: — גאָרנישט!

— ווי הייסט?

און די סאָרים אָרום:

— ווי הייסט, כויסיים האמאלכום... גאָרנישט?..

— און דער גרעסטער בריליאַנט אין דער וועלט!.. — גאַפן אַנדערע.

דער גאָלדשמיד ווערט גאָרנישט ניספּאָעל:

— ס׳איז נישט קיין בריליאַנט — זאָגט ער.

— סטײַטש, יענע שאַצן דאָך אַף הונדערט-טויזנטער...

— איך ווייס בעסער!

ווערט שווײַג דער מײלעך אומרויִק און פרעגט נישט מיט זײַן קאָל:

— פאַרוואָס — בעסער?

— ווײַל — ענטפערט ער — איך מיט מײַנע הענט האָב׳ס געמאַכט...

און ער וויל דערציילן וועגן, וויאַזוי — און האָט אָבער נישט דערציילט...

אַרויסגעשלעפּט און אין טפיסע אַרײַן, און מיט רעכט!

מע האָט מיט דעם בריליאַנט אַזויפיל פּסאָקים געפּאַסקנט, אַזויפיל גיטער געצומענ און געגעבן, אַזויפיל הײַזער, אַזויפיל שטעט... און אַזויפיל מענטשן געהויכט און געקרוינט און אַנדערע אין קייטן געשמידט, אין טפיסעס געוואָרפן, אין וואַסער, אין פײַער אַרײַן און געפּערטלט... די פּסאָקים זײַנען און מוזן בלײַבן וואָר, און דער מײלעך מוז זײַן און בלײַבן עמעס, און דער כויסעם זײַנער עמעס; טאַבאַאַם האמעלעך — טאַבאַאַם האמעלעך, מוז זײַן דער בריליאַנט — בריליאַנט...

אַזוי האָט געפּאַסקנט דער גרויסער מיניסטער.

---

די מײַסע, וואָס איך האָב אײַך דערציילט, איז, ווי אַלע מײַסע-לעך, אַ מאָשל. און ווי יעדער מאָשל, נישט מיט אַלע פּראַטים דוימע לענימשל; מוז מען דאָך עפּעס צוגעבן לענוי... לעהידור האַמײַסע...

אָבער אַ מײַסע איז עס!

און שטאַמען שטאַמט זי פֿון אַ מאָקעם גאָדל — איש מיפּי איש פֿון רעבן רעב יוינאָסן.

*1910*



# דער אייביקער פרידנ אינ ערגעצ-לאנד



ערציילט אזוי דאָס מײַסעלע פונ ערגעצ-לאנד:

אינ ערגעצ-לאנד איז א הויכער גרויסער בארג פאראנ. האלטנ זיכ אפנ שפיצ פונ בארג די אָדלער די גרעסטע, שפילנ אפ זײַנ הייכ די ווינטנ די שטארקסטע; — שפילנ זיי אונ ראנגלענ זיכ.

זעט אויכ דער שפיצ פונ בארג דאָס גרעסטע הימל-שטיק פונ גע-וועלב איבער ערגעצ-לאנד אונ דעמ שענסטנ אופגאנג פונ דער זונ יעדנ מאָרגנ-פרי אינ ערגעצ-לאנד...

באָדט זיכ דער שפיצ בארג אינ העלסטנ, רײַכסטנ ליכט. עס איז דאָכ דער העכסטער בארג אינ ערגעצ-לאנד: די זונ פארשטעלט אימ ק ײ נ ע ר נישט, פונ ערגעצ פאלט אפ אימ קיינ שאָטנ נישט...

אונ שטארק איז ער, דער בארג: פעלדזנ זײַנענ זײַנע גלידער, קו-פער אונ גאָלד — זײַנע אָדערנ... דאָס ווייסט די ווילדע ציג, וואָס שפרינגט איבער זײַנ רוקנ...

אַט אַזוי האָט דאָס מײַסעלע דערציילט. —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

האָבן די מוטערס דאָס מײַסעלע געהערט, דערפון אַ וויגן־ליד פאַר־פאַסט און שלעפערן די קינדער אײַן דערמיט. מיטן ליד פון ערגעץ־לאַנד, פון הויכן גרויסן באַרג אין ערגעץ־לאַנד.

וואַקסט אָבער אויף דאָס קינד און עס פאַרגעסט דאָס וויגן־ליד; אין לערנען און אין שפּילן ווערט עס פאַרגעסן; דערנאָך אין לעבן, ליבן און ליידן... אינעם וועלט־געוויש!

ערגעץ דאָך, אין אַ פאַרבאָרגענעםווינקל פון האַרץ, ציטערט נאָך אַלץ אַ סטרונע שטיל, און עס קלינגט דאָס ליד, דאָס וויגן־ליד פון שפּיץ פון באַרג אין ערגעץ־לאַנד, — פליִיצט דאָס לעבן אַרום און אַרום, רוישט עס און זידט, הערט מען ניט די סטרונע נישט. —

גייען אַזוי יאָרן און צײַטן פאַרבײַ. — —

טרעפט זיך אַמאָל:

שפּינט אַ יונגערמאַן זײַן גאָלדענעם פאָדעם פון לעבן, און עס שטרעקט זיך אויס דעם מאַזלס האַנט און רײַסט אים דעם פאָ־דעם איבער; גייט דער יונגערמאַן פון לעבן אַוועק אין דער איינזאַמקײַט... דערפילט ער פלוצלינג אין דער שטילער איינזאַמקײַט: עפּעס ציטערט אין ווינקעלע פון האַרץ בא אים, אין פאַרבאָרגנסטן ווינקל פון האַרץ קלינגט... שטעלט ער זיך אָפּ און הערט זיך אײַן...

זינגט אַמאָל אַ יונגערמאַן זײַן גליקלעך ליבעס־ליד אַף זײַן האַרפּ, אַף זײַן גאָלדענער יוגנט־האַרפּ; דערהערט דער בייזער מאַזל און שלײַכט זיך צו און שטרעקט אויס די בייזע ביינערדיקע האַנט און רײַסט אים אַ סטרונע נאָך אַ סטרונע מיט גוואַלד; ווערט שטיל די האַרפּ און שרעקלעך שטיל אין האַרץ; — שטיינ איז דאָס האַרץ גע־בליבן... און אין דער שטילקײַט קלינגט פלוצלינג אויף דאָס וויגן־ליד, דאָס ליד פון ערגעץ־לאַנד, פון הויכן גרויסן באַרג אין ערגעץ־לאַנד...

און אמאָל וועקט זיך עס עמעצן אין כאָלעם אוף און קומט אין א שמילער לעוואָנע-נאכט צום אויער, כאַפּט זיך יענער אוף...

און אזוי אמאָל, פארטראכטערהייט, וועקט זיך בא לײַטן די בענק-שאַפט אוף און טרײַבט קיין ערגעץ-לאַנד; צום הויכן באַרג, צום גרויסן באַרג אין ערגעץ-לאַנד...

ציט דאָס ערגעץ-לאַנד און צ י ט; וואַנדערט מען...

און אין אַלע צײַטן, און אף וועגן אַלערליי, און פון אַלע עקן וועלט וואַנדערט מען קיין ערגעץ-לאַנד...

בלאָנדזשעט מען, פארבלאָנדזשעט מען, —

ביינער בלײַבן אף וועג און שטעג קיין ערגעץ-לאַנד...

מאַנכע טרעפן דאָך און דערגרייכן עס.

קומען מאַנכע קיין ערגעץ-לאַנד; ווייסט איינער דאָך פון צווייטן נישט...

אף איינזאַמע וועגן גייען זיי, פון פארשיידענע עקן וועלט קומען זיי... איינער טרעפט זיך מיטן צווייטן נישט.

שפינט און שפינט זיך ווײַטער דאָס מײַסעלע...

פון לעוואָנע-שטראַלן שפינט זיך עס; אין שטילע נעכט, אין לע-וואָנע-נעכט...

דערציילט עס ווײַטער אזוי:

צופוסנס, באַם הויכן באַרג אין ערגעץ-לאַנד, ליגן לענדער פרײַע, פעט און שוואַרץ... וואַקסן וועלדער טיפע-טיפע, און שטראָמען יאָגן, און טײַכן פליסן... און רינגלען ארום דעם גרויסן הויכן באַרג...

און קומען די וואַנדערער, — איינציקווײַז, פּאָרווײַז אָדער פאַמי-ליעס גאַנצע — און דערגרייכן זיי דעם באַרג אין ערגעץ-לאַנד, באַזעצן זיי זיך ארום און ארום דעם באַרג, צופוסנס דעם באַרג...

גייט דער יעגער מיט פײַל-און-בויגן אין וואַלד אַרײַן; זעצט זיך דער פישער מיט נעץ און ווענטקע באַם קלאָרן טײַך; זוכט זיך דער פעלדמאַן זײַן אַקער אויס; טרײַבט דער הערט זײַן פי איבער דער פעטער לאָנקע... ווערן קאָלאָניעס מיט דער צײַט...

גרויס איז אָבער דער צופוסנס פון באַרג, טרעפט זיך איין קאָלאָניע מיט דער צווייטער נישט; ווייסט איינע פון דער צווייטער נישט.

בויט זיך יעדערע איר וועלט פאַר זיך און אָרדנט זיך אײַן די „איינציקע" וועלט. בויט זיך איטלעכע איר הייליקטום פאַר גאָט דעם „איינציקן" און דינט דעם האַר פון דער וועלט דעם איינציקן...

און מע לעבט די יאָרן אויס, און מע שטאַרבט צו דער רעכטער צײַט, און אַלץ לויטן ווילן און געזעץ פון גאָט דעם איינציקן...

און מע בעט גאָט, און מע רעדט אַף דער „איינציקער" מענטשלעכער שפּראַך.

און מע אַרבעט; און מע מערט, און מע פּרוכפּערט זיך, און מע הייבט זיך פּאַמעלעך, פּאַמעלעך אַפן רוקן פון הויכן באַרג, פון געגלוסטן באַרג...

לאַנגזאַם — מיט ווייץ, האָבער און קאָרן, גייט דער אַקערמאַן; מײַדט אים אויס דער פלאַנצער פון ווײַן; העכער שפּרינגט דער הערט, איבער שטיין און פעלדז, נאָך דער ווילדער ציג; מיט דער מעטאַלענער אָדער גייט דער בערגמאַן פעסט און טיף...

און נאָך העכער שטײַגן מאַנכע...

דאָס זײַנען די, וואָס האָבן זיך, מיטן גאַנצן האָב-און-גוטס, באַרוקן נישט געקאָנט...

שווין צו פאַרבענקטע נעשאָמעס זײַנען זיי; צו פאַרבענקטע נעשאָמעס צו דער הייך, צו דער הויכער הייך.

ווײַל שאַרפער קלינגט אין האַרץ בײַ זיי דאָס וויגן-ליד...

ליגט מען אמאָל די װענטקע אװעק און דעם פּיל־און־בױגן און מע גײט פון װאַלד און טײַך... פאַלט רידל און קאָסע אמאָל פון האַנט אַרױס; פאַרלאָזט מען דעם אַקער, פאַרליִרט מען שער און שנײַדמע־סער פון האַנט, קוקט מען פון װײַנבערג אַרױס. און מע װאַרפט די האַק אַװעק, און מע קוקט פון דער מעטאַלענער אָדער אַרױס אַף דער ליכטיקער שײַן... פאַרלאָזט מען אַף גאַסן באַראַט די װילדע ציג, און מע שטײַגט...

עס ציט דער שפּיץ פון באַרג...

האָט יעדע קאַלאַניע איר בענקענדיקן מאַן, אַנדערע — אירע בענקענדיקע לײַט, שטײַגן זײ...

שטײַגן זײ.

איז װאָס העכער, דינער און דינער דער רוקן פון באַרג; בלאָנדזען זײ און טרעפן זיך אַמאָל.

און טרעפט מען זיך...

און טרױעריק װערט דאָס מײַסעלע, װען עס דערצײלט דערפון...

און ש ר ע ק ל ע ך...

טרױעריקע געשיכטן; בלוטיקע געפעכטן...

עס שפּינט זיך און שפּינט דאָס מײַסעלע אַזױ:

האָט יעדע קאַלאַניע איר בענקענדיקן מאַן; מאַנכע — אירע בענקענדיקע לײַט — —

צום שפּיץ פון באַרג בענקען זײ...

צו די װינטן די שטאַרקע, צו די אָדלער די גרױסע... צום גרױסן פרײַען הימל; צום רײַכן העלסטן ליכט, צום שענסטן אױפגאַנג פון דער זון בענקען זײ...

עס ציט דער שפּיץ פון באַרג...

און איינציקווייז גייען זיי. איבער די גרענעצן פון פעלדער גייען זיי... פון ווייַנבערג-געוועלבן קומען זיי ארויס... בײַ די ראַנדער פון די מעטאַלענע גרובן שלײַכט מען זיך... איבער שטיינ און פעלדז, אי-בערשפרינגענדיק די ווילדע ציג.

מיט פאַרבענקטע אויגן, אין דער הויכער הייך פאַרקוקט, בלאָנדזשען זיי, זאַפּנדיק מיט אויפגעשפּיצטע אויערן די גערוישן פון דער הייך — און טרעפן זיך אַמאָל...

און טרעפן, און — דערשרעקן זיך.

און מיסטעריעז פאַרוואונדערט, קוקט איינער אויפן צווייטן, זיך אָפּ-שטעלנדיק:

פון פאַרשיידענע ערטער געקומען, אויף פאַרשיידענע וועגן געגאַנ-גען און — אַנדערש געקליידט, אַנדערש געשוירן און אַנדערש דעם קאָפּ באַדעקט...

שטאַמלט מען, זיך גריסנדיק און זאָגנדיק:

— גוט-מאָרגן!

זאָגט עס יעדערער אויף זײַן שפּראַך, אויף זײַן איינציקער שפּראַך... קלינגט עס דעם צווייטן פרעמד, האַרט, נישט מענטשלעך און פײַנט-לעך אין די אויערן... מיינט יעדערער, דער צווייטער דראָעט:

„ער באַליידיקט מיך, ער שילט!"

שטייט מען זיך קעגנזײַטיק צו:

— ביסטו אַ מענטש, גלייבסטו אין — —

און אָנגערופן ווערט דער נאָמען פון גאָט, פון „איינציקן" גאָט...

ווערן אין צוויי שפּראַכן גערופן צוויי נעמען פון גאָט; און יעדע-רער פון צווייטן טראַכט:

— ריידן רעדט ער ניט ווי קיין מענטש און גלייבן גלייבט ער נישט אין גאָט...

גרייט מען זיך צום שטרײַט...

רופט יעדערער פארן שטריט זײַן גאָט צו הילף...
אין פאַרשיידענע שפּראַכן רײדן זײ, פאַרשיידענע נעמען רופן זײ.
זאָגט יעדערער: ער לאַכט פון מיר און לעסטערט נאָך מײַן גאָט!
אָדער: ער דינט אַן אַנדערן גאָט, אַ פאַלשן גאָט, אַ שלעכטן גאָט!
פּלאַקערט מיטאַמאָל שטאַרקער אויף דער האַס, און מע ראַנגלט זיך;
אין טויט און לעבן גייט דער שטרײַט...
זיגט אײן מענטש און זײַן אײנציקער גאָט...
און דער באַזיגטער שילט צי בענטשט זײַן גאָט און פאַלט...
קאָלערט זיך דעם באַזיגטנס קערפּער באַרג־אַראָפּ, באַרג־אַראָפּ...
און צייכנט מיט בלוט זײַן וועג איבערן באַרג, איבערן רוקן פון הויכן גרויסן באַרג...
און זײַן גאָט אין זײַן שפּראַך דאַנקענדיק, שטײַגט דער זיגער אַלץ העכער און העכער...
און די צאָל פון די בענקענדיקע אין די קאָלאָניען, און די צאָל פון די, וואָס טרעפן זיך און ראַנגלען זיך אויפן רוקן פון באַרג, וואַקסט פון טאָג צו טאָג...
עס וואַקסט די בענקשאַפט, וואָס טרײַבט אַלץ אַרויף און אַרויף...
און עס וואַקסט דער צאָרן קעגן דעם ווילדן, וואָס מע טרעפט אויפן וועג; קעגן דעם ווילדן טיר, וואָס גלייבט נישט אין גאָט, האָט אַ שלעכטן פאַלשן גאָט און שטאַמלט אין אַ נישט־מענטשלעכער שפּראַך...
און וואָס אַמאָל העכער שטײַגט דער מענטש מיט זײַן צאָרן! און מיטן מענטש, אַלץ העכער און העכער — שטרײַט און שלאַכט...
ראַנגלט מען זיך וואָס אַמאָל נעענטער צום שפּיץ פון באַרג...
און די טויטע קערפּער פון באַזיגטע קאָלערן זיך אַלץ אָפטער און אָפטער, און פון אַ העכערער הייך, באַרג־אָפּ, באַרג־אָפּ... און צעפּלייש־ן זיך, זיך קאָלערנדיק, אויף בלוטיקע פעצן און פעדעם, אָן שפּיצן פון שטיינער און פעלדזן; און אַלץ אָפטער און אָפטער רינט דאָס בלוט

באַרג-אַפּ, באַרג-אַפּ; און שטראָמט, און טרענקט, און רויטלט דעם רוקן פון באַרג...

און אַדאַנק די אויפגעפּאַלענע צעפליישטע לעסטערער פון גאָט, ווערט אַלץ פעטער און פעטער די ערד צופוסנס דעם באַרג; אַלץ פולער און געבענטשטער — די זאַנג פון ווייץ און קאָרן; פולער און גלינענדיקער — די טרויב, זיסער — דער זאַפט אין איר... און דער ווילדער ציג שפּראַצט אַלץ מער און מער גראָז פון אונטער די פיס, און אַלץ מער און פעטערע מילך גיט זי דעם הערט...

און די פאַרבענקטע זיגער דאַנקען גאָט און — שטייגן...

און ווייטער דערציילט דאָס מייסעלע:

און עס פּרוכפּערן זיך אַלץ און מערן זיך די קאָלאָניעס צופוסנס דעם באַרג. און די פאַרבענקטע צו דער הייך וואַקסן אויך אין צאָל, — שטייגן שוין מערערע מיטאַמאָל...

און געפערלעך, און מיט יעדן טאָג געפערלעכער ווערט דער וועג אַרויף; צו גרויסע אָדלער און פרייע ווינטן דער שטעג... און צום אויפגאַנג פון דער זון, און צו די ברייטע הימלען אין דער הייך...

אַלץ מער ווילדע שטאַמלער און גאָט-לעסטערער טראָגן זיך אַפּן רוקן פון באַרג.

און שוין באַוואָפנט ווערט געשטיגן...

און מאַכנעם באַוואָפנטע טרעפן זיך אָפּט און אָפּטער...

און שלאַכטן ווערן בא יעדן טרעפן זיך געפירט, און אַלץ — אין נאָמען פון גאָט, פון איינציקן גאָט!

און דערהערט מען אונטן די קריגס-געשרייען פ ו ן ד ע ר ה י י ך, לויפט מען אַרויף צו הילף...

קומט דער הערט פונ זײנ געצעלט ארויס, דער בערגמאנ פונ זײנ גרוב, פונ טרויבנ-געוועלב לויפט דער ווײנבערגער ארופ, עס אײלט אויכ דער ערדמאנ פונ אקער אוועק, אונ דער פישער פונ ברעג טײכ, אונ דער יעגער פונ טיפנ וואלד... אונ באוואָפנט זײנענ אלע; דער בערגמאנ האָט פאר אלעמענ וואָפנ געמאכט.

אונ אלצ אָפטער אונ העפטיקער ווערט די שלאכט...

הילכט דער בארג פונ אייביקנ קריג; פונ העלדנ-געשריי, פונ גע-װער-קלאנג... אונ פונ גאָטס נעמענ, וואָס ווערנ אינ אלערליי שפראכנ גערופנ...

אונ מאסנוויײז קאָלערנ זיכ די טויטע אראָפּ, אראָפּ, אונ צעפליישנ זיכ אפ שטיינ אונ פעלדז, איבער וועג אונ שטעג... אונ בלוטיקע טײכנ שטראָמענ בארג-אָפּ... יאָגנ זיכ אונ שטראָמענ.

אונ וואָס אמאָל, ווערט אונטנ פעטער די ערד, פולער די זאנג פונ ווייצ, האָבער אונ קאָרנ, זיסער אונ גליִענדיקער דער ווײנ, אונ אלצ זאטער פיטערט זיכ די ווילדע ציג צווישנ שטיינ אונ פעלדז, אונ מער אונ מער גיט זי פעטערע מילכ...

נאָר אײנמאָל — אזוי ווערט דאָס מײסעלע דערציילט — האָבנ זיכ צוויי, אינ צעפלאקערטנ קאמפ, אלצ העכער אונ העכער געיאָגט, ביז זיי האָבנ פלוצלינג דעמ הויכנ שפיצ פונ בארג דערגרייכט, אונ פלוצ-לינג גאָר פארבאָרגנ זיכ אינ א שטראָמ פונ ליכט, פונ העלסטנ, רײנסטנ ליכט פונ דער הייכ...

אונ מיטאמאָל אונ פלוצלינג רײסט זיכ פונ זיי ביידנ א נײַע, גאנצ נײַע שפראכ פונ דער צונג אראָפּ! — דאָס איז געוועזנ די שפראכ פונ דער הייכ, די ליכטיקע שפראכ — די שטראלנ-שפראכ.

אונ מיטאמאָל אונ פלוצלינג האָט אײנער דעמ צווייטנ דערהערט אונ פארשטאנענ; האָט יעדערער אינעמ צווייטנ א מענטש דער-

קענט, דעמ זעלבנ גאָטס נאָמענ פונ זײַנע ליפּנ אראָפּ געהערט, אונ זיי זײַנענ זיכ איבער די העלדזער געפאַלנ.

אונ נאָכ זיי זײַנענ געקומענ אנדערע אונ ארײַנגעפאַלנ אינ ליכט, אונ נאָכ אנדערע — אונ אַלע, אַלע האָבנ אָנגעהויבנ רײדנ אפ דער איינציק-מענטשלעכער שטראַלנ-שפּראַכ...

איז א פרייד געווענ!

אָבער פּלוצלינג האָבנ זיי דערהערט פונ אונטנ א קריגס-געשריי, פונ אַלע זײַטנ בארג א ליארעמ פונ שלאַכטנ...

אונטנ איז געשענ, וואָס עס האָט געמוזט געשענ... ווי איבנ די איינצלנע פאַרבענקטע מענטשנ, האָבנ זיכ אונטנ די קאָלאָניעס געטראָפנ...

געמערט איבער דער צײַט אונ געפּרוכפּערט האָבנ זיכ די קאָלאָניעס, אונ פאַרשפּרייט זיכ אונ פאַרשפּרייט, אונ אַלצ שמעלער אונ שמעלער זײַנענ די פרײַע פעלדער אונ די פרײַע וועלדער געוואָרנ... האָבנ זיכ יעגער מיט יעגער געטראָפנ, דער ערדמאַנ מיט ערדמאַנ; אונ הערטשאַפט מיט הערטשאַפט באַגעגנט, אונ בערגמאַנ מיט בערגמאַנ — אונטער דער ערד...

— פרעמדע זײַנענ געקומענ! פרעמדע אַקערנ אונדזער לאַנד! ווילד-פרעמדע כאַפּנ פיש אינ אונדזערע טײַכנ; שטאַמלער אָנ א שפּראַכ גראָבנ זיכ אײַנ אינ אונדזער ערד... גאָט-לייקענער האָבנ אונדזערע ווײַנבערגער פאַרנומענ, — דינער פונ פאַלשע, שלעכטע געטער די ווילדע ציג באַצווונגענ!

אזוי האָט מענ גערופנ.

אונ אופגעפלאַקערט האָט אפ אַלע גרענעצנ די שלאַכט...

לויפנ די פאַרברידערטע פונ דער הייכ אראָפּ:

— שטיל! געוועור צו די פיס! אַלע זײַנענ גלײַכ! פאַראַנ אַנ איינציק מענטשלעכע שטראַלנ-שפּראַכ!

— און דאָס — דערציילט דאָס מײַסעלע — איז דער אָנהייב געווענ...

פונ אייביקנ פרידנ דער אָנהייב.

פונ אייביקנ פרידנ אינ ערגעצ-לאנד, צופוסנס דעמ גרויסנ, הויכנ בארג...

. . . . . . . . . . . . . . . . .

און אזוי דערציילנדיק, צעשטראלט זיכ עס, דאָס מײַסעלע, און צעשמייכלט זיכ...

ווי דער מיזרעכדיקער מאָרגנ-גלאנצ פונ שפּיצ אראָפּ געזענ, פונ שפּיצ פונ הויכנ גרויסנ בארג אינ ערגעצ-לאנד געזענ...

עס ווייסט, ס'וועט ווערנ א ליד דערפונ, א וויגנ-ליד; זינגענ וועלנ די מוטערס עס, איבער דער ליבסטער קינדער-וויג...

און אינעמ קינדס הערצל-קליינ, הערצל-פײַנ קלינגענ, קלינגענ וועט דאָס ליד, און ס'וועט דערפונ א בענקשאפט ו ו ע ר נ...

א ב ע נ ק ע נ י ש צו ערגעצ-לאנד, צומ הויכנ בארג אינ ערגעצ-לאנד; צומ פרידנ-לאנד, מיט דער שטראלנ-שפּראכ, דער איינציק מענטשלעכער —

א בענקשאפט-פײַנ, א בענקשאפט-ריינ!

*1911*



## אין קעלער-שטוב

מעפּײעס זײַן — קאָמפּענסירן, באַפרידיקן.
כראַבינע — גרעפּן.
קאַלויִם — גאַנצפרי, באַגינען.
כײרופ-נעפעש — אײַנגעשטעלט דאָס לעבן.
כוכע-טלולע — געלעכטער און שפּאָט.
א „מויצע" — געמיינט: א פּענעצ ברויט.
בעלי-נעדער... בעלי-מאַסקאָנע — אַן א נײדער... אַן א רעזולטאַט. דאָס באַטײַט: ער זאָגט צו, נאָר ער גאַראַנטירט ניט דערפאַר.

## דער כעלמער מעלאמעד

קאַוואיאָכל — געמיינט: גאָט.
מאַבל — א וואַסער-פאַרפלייצונג, וואָס, לויט דער ביבלישער לעגענדע, האָט גאָט געבראַכט אַף דער ערד צו באַשטראָפן די מענטשן פאַר זייערע גרויסע זינד. אלדאָס לעבעדיקס איז אומגעקומען, אַכוץ

נויעכנ, ווענ גאָט האָט אַפּריִער געהייסנ אויסבויענ א טייווע (א קאַסטנ), וווּהינ ער האָט אַרײַנגענומענ פונ אַלע כײַעס אונ אויפעס. נאָכנ מאַבל האָט גאָט געשווירנ, אַז מער וועט ער קיינ מאַבל אַפּ דער ערד ניט ברענגענ.

**ראַכמאָנעליצלאַנ** — גאָט זאָל היטנ.

**באָו מײם עד נעפעש** — געמיינט: דאָס וואַסער איז שוינ אײַבערנ מויל.

**לאַמעדוואָוו צאַדיקים** — זעקס אונ דרײַסיק צאַדיקים. די רעליגיִעזע ייִדנ האַלטנ, אַז אַפּ דער וועלט זײַנענ פאַראַנ זעקס אונ דרײַסיק פאַרבאָרגענע צאַדיקים, וואָס אַדאַנק זיי האַלט זיכ די וועלט.

**כּלוֹ כײַעװ** — געמיינט: דורכויס זינדיק. ס'רעדט זיכ וועגנ א טאַלמודישער דעפיניציע, אַז מאָשיִעכ (דער אויסלייזער) וועט קומענ, ווענ די וועלט וועט זײַנ „דורכויס פרום" אָדער „דורכויס זינדיק".

**באַסקאָל** — א קאָל פונ הימל.

**אוילעמעס-האָעליוינים** — די אייבערשטע (הימלשע) וועלטנ.

**סאָרים** — א קאַסטרירטער.

**ניוולפע** — מיִעסע רייד.

**אויפעס-טמייִמ** — אומריינע אויפעס (וואָס לויטנ ייִדישנ רעליגיִעזנ געזעצ טאָר מענ זיי ניט עסנ).

**ראָכאָוו-האַזוינע** — אַנ אויסגעלאַסענע פרוי, וועגנ וועלכער עס ווערט דערציילט אינ דער ביבל.

**קאָפּלשמוינע** — אַכטפאַכיק.

**אומעס-האָוילעמ** — די פעלקער פונ דער וועלט.

**לאַגבוימער** — א רעליגיִעזער האַלב-יאָמטעוו. די כיידער-ייִנגלעכ פלעגנ אַרויסגיינ דעמ טאָג אַפּנ פרײַענ פעלד אונ שפּילנ אינ מילכאָמע.

**וועשאַלווע** — אונ רו; זאָרגלאָזיקײַט.

**פּרושימ** — מענער, וואָס פאַרלאָזנ די פרויענ, אַלע וועלטלעכע איניאָנימ אונ פאַרנעמענ זיכ בלויז מיט לערנענ טוירע.

**יעמיי האַגבאָלע** — דרײַ טעג פאַרנ יאָמטעוו שוועס. די דאָזיקע טעג, לויטנ ייִדישנ רעליגיִעזנ געזעצ, האַלטנ זיכ די מענער פונ- דערווײַטנס פונ זייערע פרויענ.

זויהאר — א מיסטיש-רעליגיעזער סייפער. דער גרונט פונ דער קאבאָלע.

ארויע וועיינוי ניִרע — אזא, וואָס זעט אלצ אונ אימ זעט מענ ניט.

פידיענ-האבענ — א רעליגיעזע פײַערונג אפנ 30-טנ טאָג נאָכנ געבורט פונ א יינגל אנ ערשטלינג.

## דער מעשולעכ

טאל-אומאָטערל — דאָ געמיינט: גאָר א קליינער.

בעכי טויוו — דאָ געמיינט: באצײַטנס, ווענ עס איז נאָכ ליכטיק.

בעקאוו-האברייע — געזונט.

קאָנסומציע — געברויכ-געזעלשאפט.

סוואָנד — א טשאד.

רישעס — שלעכטסקײַט.

בעסדנ-שעל-מײַלע — דאָס הימלישע געריכט.

העסע — א וואנט-לײַכטער.

מעזומענ — דאָס געמיינזאמע בענטשנ נאָכנ עסנ, אויב אינעם עסנ האָבנ אָנטייל גענומענ ניט ווייניקער פונ דרײַ מאנצבלענ.

פיעקאליק — דער אפנ-אויוונ.

וועהאָרײַע — א באווײַז איז.

## דער מעשוגענער באטלענ

קרוע-בלוע — אָפּגעריסנ, אָפּגעשליסנ.

עס זאָל מיר פעלנ צוויי טעג — יעשיוועבאָכערימ פלעגנ עסנ יעדנ טאָג פונ וואָכ בא אנ אנדער באלעבאָס.

מאסיג זײַנ — באגרײַפנ.

קיער — האנטפאס.

היכי דמי?! — ווי קאָנ עס געמאָלט זײַנ?!

טאָכ-קעדוי-דיבער — געמיינט: גלײַכ אפנ אָרט.

ד ע ר ג אָ ע נ — דאָ געמיינט: דער ווילנער גאָען. א באוווּסטער טאַלמודיסט און ראַבאָנישער געלערנטער, א קעגנער פון כסידעס.

„ב אַ ל-אַ ק יי ד ע"—אַזוי רופט מען דעם אוויטאָר פונעם רעליגיעז-פילאָסאָפישן בוך—„אַקיידאַס-יִצכאָק". דאָ געמיינט: דאָס ווערק גופא.

א פ י ל ע פּ ל אַ ז מ ד י ק ע ר — א ווונדערלעכער.

ד ר ו ש — א סכאָלאַסטישע אויסטייטשונג פון ביבלישע „פּסו-קים" (זאצן) און טאַלמודישע אפאָריזמען.

א ב אַ ל אַ ק יי ד ע נ י ק — געמיינט: א לערנער פונעם בוך „אקיידאַס-יִצכאָק".

אַ ד ס אָ פ קאָ ל ה א ד ו י ר ע ס — ביזן סאָף פון אַלע דורעס; אייביק.

וו אָ י ט ע ק — דאָ געמיינט: גראָבער קאָפּ.

נ ע ד אָ ר י מ — א טראַקטאַט פון טאַלמוד.

פּ יי ר ע ק — קאַפּיטל.

ק ו נ ח, ק ו נ ם, ק ו נ ס — טאַלמודישע טערמינען, וואָס באטייטן פארשיידענע מינים נעדאָרים.

ל ש ו ן ש ב ד ו ח כ מ י ם — די שפּראַך, וויאַזוי עס האָבן גע-רעדט די טאַלמודישע געלערנטע.

מ אַ ק ע ס-ר ע צ ע ב — געמיינט: טויט-קלעפּ.

ס י נ אַ ס-כ י נ ע מ — אומזיסטע פיינטשאַפט.

ט אַ ר ע-ב ר ע ט — די ברעט, אַף וועלכער מע וואַשט, לויטן יִדישן רעליגיעזן ריטואַל, דעם טויטן פארן באַגראָבן.

מ אַ ב ד ע צ מ ו ל ד ע ת — דער, וואָס באגייט זעלבסטמאָרד.

## ש אָ ל ע מ-ב א ז ס

„א ל ש י כ" — א מוסער-סייפער, א קאָמענטאַר אַף דער טוירע.

ק אַ פּ ע ק אַ ל — לויטן רעליגיעזן אָבערגלויבן, א שטראָף פאַר די זינדיקע אַף יענער-וועלט. מע וואַרפט דעם זינדיקן פון איין עק וועלט צום צווייטן.

ז יי מ ע ש אַ מ ע ש ט אַ ל מ י ד יי כ אַ כ אָ מ י מ — באַדינ די, וואָס לערנען טוירע.

## א קלעזמער־טויט

דריי פייען — באַטייט: פאַרגעווים פאַרפאַלן.

לייבצודעקלעך — טאַלעסקאַטנס.

עס שטאַרבט א צאָל נאָך א צאָל — עס שטאַרבט אַפּ שטיקלעכווייז.

## א פאַרשטערטער שאַבעס

האָר־באַנד — א טשיפּעק, וואָס פרויען אין פרומע יידישע פאַמיליעס פלעגן טראָגן.

הוישײַנעראַבע האָט מיריאָם מוירע געהאַט פאַרן יאָם־האַדין — הוישײַנעראַבע איז דער זיבעטער טאָג פון סוקעס. לויטן רעליגיעזן אָבערגלויבן ווערט הוישײַנעראַבע אפּן הימל ענדגילטיק אַרויסגעטראָגן דער אורטייל איבער יעדן מענטש, וואָס עס זאָל מיט אים פּאַרקומען אין מעשעכ פונעם פאַרשטייענדיקן יאָר.

בעמונע שליימע — מיט א פולן גלויבן.

שעלוי־קעדערע־האַטעווע — אומנאַטירלעך.

קעהאַיוים — ווי היינט.

ערעכ־אַפּאַים — פילגעדולדיקער.

מושלעמעס — א ווילקענערן.

„קאַוו־האַיאָשאָר" — א טיפ אָבערגלויביש מוסער־בוך, פול מיט מײַסעס וועגן יענער־וועלט.

„רייש־כאָכמאָ" (דער אָנהייב פון כאָכמע) — א בוך פון דעם זעלבן מין, ווי דער „קאַוו־האַיאָשאָר", נאָר פיל עלטער פון אים.

די טעג, ווען אַנאישע איז פול מיט שיידים... — געמיינט: די טעג פון מענסטרואַציע.

טומע — אומריינקייט.

דיבוקים — בייזע גײַסטער, וואָס כאַפּן זיך אַרײַן אין א מענטשן (אַן אָבערגלויבן).

פיפערנאָטערם — לעגענדארע בייזע באשעפענישנ.

שעאָסאני קירצוינוי — וואָס ער האָט מיכ געמאכט לויט זיינ ווילנ. א פראזע פונ א טפילע. די מענער זאָגנ א טפילע, אינ וועל־כער זיי דאנקענ גאָט, וואָס ער האָט זיי ניט געמאכט פאר קיינ פרוי; די פרויענ, וואָס ווערנ געשאצט אלס נידעריקע באשעפענישנ, דאנקענ גאָט, וואָס ער האָט זיי „געמאכט לויט זיינ ווילנ״.

כאלע, נידע, האדלאָקאס־האנייר — דריי רעליגיעזע געבאָטנ, וואָס ווערנ ארופגעלייגט אפ פרויענ: כאלע נעמענ — באַם פארקנעטנ טייג אראָפנעמענ א שטיקל אונ ארייננווארפנ אינ פייער; נידע — אָפהיטנ די רעליגיעזע געזעצנ, וואָס זיינענ פארבונדנ מיטנ פעריאָד פונ מענסטרואציע; האדלאָקאס־האניייר — אָנצינדנ ליכט („ליכט־בענטשנ״) ערעוו שאבעס אונ יאָמטעוו.

לילים — די קיניגנ פונ שיידימ.

קיסיי־האקאָוועד — גאָטס טראָנ.

אלכעט — א טפילע, אינ וועלכער דער דאוונער איז זיכ מוידע אינ זיינע זינד אונ בעט גאָט, ער זאָל אימ זיי פארגעבנ.

כיירעמ דעראבייינו גיירשוימ — דער פארבאָט צו האָבנ מער פונ איינ פרוי.

מישקנ — דאָ: דער טעמפל, וואָס די יידנ האָבנ אויסגעבויט אינ דעמ מידבער.

פוישע בעעלויהיי יִסראָעל — פארברעכער קעגנ דעמ יידישנ גאָט.

## א קאס פונ א יידענע

פיאנע (פונ פויליש) — שוימ.

ביטל־טוירע — דאָס ניט־לערנענ טוירע.

ארבע מיסעס בעסדנ — פיר מינימ טויט, צו וועלכע מע פלעגט, לויטנ יידישנ רעליגיעזנ געזעצ, צומישפּעטנ פאר שווערע פארברעכנס.

# דאָס שטרײַמל

אכריי בלויסי — נאָכ דעמ, ווי איכ בינ פאַרוועלקט געוואָרנ; אַלט געוואָרנ.

מײַמער האמוסגער — א באַמערקזאַצ.

באַאווינוויסיינו-האָראַבים — דאָ געמיינט: מע דאַרפ מוידע זײַנ, אַז אַזאַ זינד איז געוועג.

קויעכ-האַדאַמ — די קראַפט פונ בלוט, דער טעמפּעראַמענט.

ביכווידוי אַוועאַצמוי — ער אַליינ (מיט זײַנ קאָוועד).

באַל-אַסקנ — א מענטש, וואָס באַשעפטיקט זיכ מיט עפּעס.

כאַטאַס-נעורימ — יוגנט-זינד.

כוימער — מאַטעריע. געמיינט: קערפּער.

סודאַס-מיצווע — א מאָלצײַט בא א מיצווע (א ברים, א כאַסענע).

קאַלפּע — געמיינט: וואַלנ.

„נײַנ טעג" — די ערשטע נײַנ טעג פונ כוידעש אָוו. לויט דער לעגענדע, איז דעמ נײַנטנ אָוו כאָרעוו געוואָרנ דער ביים-האַמיקדעש. רעליגיעזע יידנ עסנ ניט אינ די דאָזיקע טעג קיינ פלייש.

ער קענ זיכ נישט אפ קיינ „צוראַס-מאַטביע" — ער ווייסט ניט ווי א מאַטבייע זעט אויס, ד.ה. ער איז ניט פּראַקטיש.

זײַנענ... קיינ קויהאַנימ און דוכענענ נישט — ביים די קויהאַנימ, וואָס שטאַמענ קלוימערשט פונ דער פּריסטערישער קאַסטע, דוכענענ (בענטשנ די דאַוונער אינ גרויסע יאָמטויווימ), טאָר מענ אפ זיי ניט קוקנ.

איינ מאָל אינ א יויוול (א פּעריאָד פונ 50 יאָר) — געמיינט: זייער זעלטנ.

אנ אַווידעזאָרעלע — דאָ: א געצ, אנ אָפּגאָט.

מאַאַסיי יאָדײַ — דאָס ווערק פונ מײַנע הענט.

אקציזניק — א צאַרישער באַאַמטער, וואָס פלעגט אַכטונג געבנ, מע זאָל אײַנצאָלנ אינ דער מעלוכע-קאַסע דעמ שטײַער פאַר בראָנפנ אאַ.

דער סיידער-אוילעמ — די פירונג פונ דער וועלט.

לעטוירע, לעכופּע אולעמײַסימ טויוימ — א טראַדיציאָנעלע ווינטשעוואַניע בענעגייע יינגלעכ, זיי זאָלנ דערלעבנ צו לערנענ טוירע, גיינ צו דער כופּע און טאָנ גוטע מײַסימ.

## מעקובאָלים

מעקובאָלים — מענטשן, וואָס פאַרנעמען זיך מיט דערלערנען די מיסטיש-רעליגיעזע לערע — קאַבאָלע.

ראָשיעשיווע — דער אָנפירער פון א יעשיווע.

לאָכעס — שמאַטעס.

געגעבענע טעג — די טאַלמידים פון יעשיוועס פלעגן זיך דערנערן בא דעם אָדער יענעם באַלעבאָס א באַשטימטן טאָג פון דער וואָך. דאָס האָט געהייסן „עסן טעג" פאַר די באָכערים און „געבן טעג" פאַר די באַלעבאַטים.

סיגופים — פּייניקונג.

בכינעס — מאַדרייגעס.

זיכרוינוי-ליוורוכע — זיין אָנדענק זאָל זיין געבענטשט.

גאַשמיעס — דאָס מאַטעריעלע.

רוכניעס — דאָס גייסטיקע.

„כל עצמותי תאמרנה"... — אַלע מיינע ביינער טוען ריידן א זאַץ פון טילים.

פאַמאַליע-שעל-מעלע — די הימלשע מישפּאָכע; גאָטס דינערשאַפט.

אינ וועלכנ שאַאַר — אין וועלכן טויער.

ציירופים — פאַרייניקונג; קאָמבינאַציע. א רעליגיעז-מיסטישער באַגריף, אַז דורך דער קאָמבינאַציע פון פאַרשיידענע אויסיעס און פּראַזעס קומט דער מענטש צו א צושטאַנד, ווען ער באַנעמט אַזעלכע זאַכן (געטלעכע), וואָס אין געוויינלעכן צושטאַנד קאָן ער עס ניט באַנעמען.

„שאו ידיכם" — א טפילע פאַרן עסן.

טאָנעס-טשווע — א טאָנעס, אַן אָפּקומעניש פאַר א זינד.

הירהור — א געדאַנק.

לוי-סאַכמויד — זאָלסט ניט גלוסטן דאָס, וואָס געהער ניט צו דיר.

מימויכ סימכאָ — פאַר פרייד.

וויַדע — דאָס זעלבע, וואָס „אלכעט" (זע באַמערקונג צום וואָרט „אלכעט" אפ ז. 416).

געשטאָרבנ בינשיקאָ — געשטאָרבנ דורכ א קוש (געמיינט גאָטס קוש).

## באַנציע שווייַג

סוטערינע — א קעלער-שטוב.

„אינ-פלום" ליציטירט — דאָ: גלייַכ אויסגעכאַפּט.

„ניסבאַקעש געוואָרנ בעיעשיווע שעל מייַלע" — גערופנ געוואָרנ אינ הימל אַרייַנ.

קאַטייגער — דער פּראָקוראָר.

פרעזעס — פּאָרזיצער.

מיילִיצ-יוישער, מאַלעכ-מיילִיצ — דער פּאַרטיידיקער.

איעוו — א ביבלישער פּערסאָנאַזש, וואָס גאָט האָט אויסגעפּרוווט זייַנ פרומקייַט דורכ פאַרשיידענע צאָרעס אונ אָנשיקענישנ.

דיקסי (לאַטייניש) — איכ האָב מייַנס געזאָגט; געענדיקט ריידנ.

אָוו-בעסדינ — פּאָרזיצער פונ געריכט.

יעריכוי — לויט דער ביבלישער לעגענדע, זייַנענ די טויערנ פונ דער שטאָט יעריכוי (ביים די יידנ האָבנ זי באַלאַגערט) אייַנגעפאַלנ דערפונ, וואָס די יידנ זייַנענ אַרומגעגאַנגענ אַרום די טויערנ אונ האָבנ געשאַלט אינ טרומייטנ.

אוילעמ-האַשעקער — פאַלשע וועלט.

אוילעמ-עמעס — עמעסע וועלט.

דאַיאָנימ — ריכטער.

## אינ געמויזעכצ

אַפּאַרט — אָפּגעזונדערט.

א מעסוירע פונ קאַדמוינימ — אנ אוראַלטע טראַדיציע.

יאַמ-האַגאָדל — גרויסער יאַם.

כ י ד ע ק ל — לויט דער ביבל, איינער פון די לעגענדארע פיר טײַכן, וואָס פליסן פון גאניידן.

י ו י מ ע-ד ע פּ א ג ר ע — א יאָמטעוו-טאָג.

א ב נ י א ל ג ב י ש — האָגל-שטיינער.

ש י נ ו י — ענדערונג.

## כאסענע געהאט

מ א ט נ א ס-י א ד — געמיינט: א קלאַפּ.

ב אָ ר ק ע ם — בורעקעס.

ס ו ב-ר ע ו ו י ז י ע — דאָ: פּריזיוו.

„ב ע ר אָ כ ל ב י ט כ אָ ה א ק ט א נ אָ" — געמיינט: געגני צונויפּ-רײדן זיך, קעדיי עס זאָלן דערנאָך ניט קאָנען פּאָרקומען קיין שום מיספּארשטייענישן.

ט ו י ס פ ע ס-ק ס ו ב ע — א צוגאָב-קסובע; א פאַרפליכטונג פונעם מאַן, לויט וועלכער די פרוי האָט רעכט צו באַקומען נאָכן מאַנס טויט א געוויסע סומע, אַבוץ דער טראַפּאַרעטער סומע, וואָס איז אָנגעוויזן אין דער גרונט-קסובע (הייראַט-קאָנטראַקט).

ר ע פ ו ע ב ד ו ק ע — אַן אויסגעפּרווטע רעפוע.

ש א ב ע ס-נ א כ מ ו — דער שאַבעס נאָך טישעבאָוו.

## דעם רעבנס ציבעק

„א יי צ-כ א ז מ" — א קאַבאַליסטיש ווערק.

„ש א א ר יי-ב י נ אָ" — די טויערן פון פאַרשטאַנד. א נאָמען פון א סייפער. דאָ: א וואָרטשפּיל, געמיינט: כאָזים-באַרעכם פאַר-שטאַנד.

א ו י ל ע מ-ה א ט ו י ה ו — כאַאָס-וועלט (א רעליגיעז-מיסטישער באַגריף).

ב ע ה ע ס ע כ-ה א ד א א ם — געמיינט: ווען מע וואַרט שוין ניט דערויף.

מ ע ו ו א ל ב ל — שלאָגט איבער די געדאַנקען.

מאכניים געוועזן — דאָ: אַרײַנגעטאָן זיך.
ביפניי קאָהאָל וועיידאָ — געמײנט: פאַר אַלעמען אין די אויגן.
כײַ גדוילים — געמײנט: אַכצן מאַטבייעס.

## די פרומע קאַץ

זימרי-בען-סאָלודיק — געמײנט: אויסגעלאַסן. אין דער ביבל ווערט דערציילט, אַז איינער זימרי בען סאָלו האָט געזינדיקט עפנטלעך מיט אַ פרוי; פינכאָס בען-עלאָזאָר בען-אַרן האַקויהען האָט זיך אָנגענומען גאָטס קריוודע און האָט דערשטאָכן זימרין צוזאַמען מיט דער פרוי.
מאַכזיר-לעמוטעוו זײַן — (אַ זינדיקן) אומקערן אַפן גוטן וועג.

## וועבער-ליבע

פראָקורענט — פאָרשטייער פון אַ פירמע.
שמירע — אַן אַמולעט, אַ קאַמייע.
יעהי-ראָצן — אַ טפילע.
מאַטיר-נײדער זײַן — באַפרײַען פון אַ נײדער.
אַטאָרעס (מערצאָל פון אַטאָרע) — אַ באַפוצונג אַף אַ טאַלעס.

## האָזשאָ מאָראַס כאַנע

האָזשאָ מאָראַס כאַנע — די פרוי די האַרנטע כאַנע.
האַכאָזמע וועהאַשאָלעם לאַאַכוימסי האַצנוּאָ מאָראַס כאַנע טיכיע — לעבן און פרידן צו מײַן פרומער שוועסטער דער האַרנטע כאַנע זאָל לעבן. אַ טראַדיציאָנעלע פאָרם פון אַ ווענדונג אין אַ בריוו.
דאַס — רעליגיע, געזעץ.
אישע-קשיירע — קאָשערע, פרומע פרוי.

צלאפכאדס טעכטער — די ביבל דערציילט: איינער צלאפ-כאד איז געשטארבנ אונ האט איבערגעלאזט בלויז פינפ טעכטער. לויט זייער פאדערונג, איז צלאפכאדס פארמעגנ איבערגעגאנגענ צו זיי. לויטנ יִדישנ רעליגיעזנ געזעצ, האבנ טעכטער ניט קיינ רעכט אפ יע-רושע, ווענ עס בלייבנ זינ.

באנימ-זכארימ — זינ, מאנצבלענ.

שטאר-כאצי-זאכער — א דאקומענט, וואס דער פאטער גיט ארויס א טאכטער, זי זאל נאכ זיינ טויט האבנ רעכט צו באקומענ יע-רושע, א העלפט פונ דעמ, וואס עס באקומט א זונ.

געסילעקט — געדעקט, אפגעצאלט.

פע-עכאד — איינשטימיק.

ליפנימ-מישוראס-האדינ — געמיינט: בעסער, מילדער, איידער דאס געזעצ.

פטירע — טויט.

שאס — גאנצ טאלמוד.

עסרימ-וועארבא — פיר אונ צוואנציק. געמיינט: אלע ביכער פונ דער ביבל.

מעיאד-לעיאד — פונ האנט צו האנט.

בימהיירא בעיאמיינו — אינגיכנ; פאר אונדזער לעבנ.

שארפאט — געמיינט: זייער א גרויסע סומע.

בעכעזקאס סאקאנע — אינ א צושטאנד פונ געפאר.

קוועל איכ מיכ — מאטער זיכ, פייניק זיכ.

פאדימנע — א שטייער, וואס איז געצאלט געווארנ פונ יעדנ קוימענ.

קענאהוג — ווי עס פירט זיכ.

קריאס-יאמסופ — שפאלטנ דעמ יאמ. דער אויסדרוק באַ-טייט: שרעקלעכ שווער.

איינ לעשאער — גאר ניט פארצושטעלנ זיכ.

וועאכריי קיכלויס האקויל — דא: אונ גאר נאכ אלע-מענ.

אמ לוי האיא — געמיינט: א שלעכט פאלק.

אסעסאר — דא: געהילפ-ריכטער; מיטגליד פונ געריכט.

קיטרעג — א באשולדיקונג (געמיינט: אינ הימלשנ געריכט).

באַלאָכ, נייִרוי יאָיִר ווײזראַכ, האַמופּלאָג — דײַנ מאַנ, זײַנ ליכט זאָל לײַכטנ, דער געלערנטער.

כל הכועס וכו׳ — ווער עס איז אינ קאַס אַזוי. — געמיינט: קאַס איז אַ שלעכטע מידע.

געדאַוונט נאָר אינ בעסמעדרעש — געמיינט: אינ אַ מיסנאַגדישנ בעסמעדרעש מיט די קעגנער פונ די כסידימ.

אַ נעהענע מעיעגיאָ קאַפּוי — געמיינט: זיכ שפּײַזנ פונ דער אייגענער האָרעוואַניע.

תורה מה תהיה עליה — די טוירע, וואָס וועט זײַנ מיט איר?

יוישייוו וועויסייק באַטויראָ זײַנ — זיצנ אונ פאַרנעמענ זיכ מיט לערנענ טוירע.

קסאַוו-ראַבאָנעם — צײַגעניש אפנ רעבט צו זײַנ אַ ראָוו.

סאַגינאָהער — געמיינט: דער בלינדער.

זילזולימ — זידלערײַענ.

זוגאָסי — מײַנ פרוי.

ביטי — מײַנ טאָכטער.

שפּיכעס-דאָמימ — בלוט-פאַרגיסונג; דאָ געמיינט: האַרצ-ווייטעק.

מאַ אוימאַר אומאַ אַדאַבייר — וואָס זאָל איכ זאָגנ אונ וואָס זאָל איכ ריידנ.

פּעשער — פּשאָרע, אויסגלײַכ.

שהלך אחרי אשתו — וואָס האָט געפאָלגט זײַנ ווײַב.

שווירעס-האַלעוו — האַרצקלעמעניש.

מאי דהוה הוה — וואָס געווענ איז געווענ.

ביגדיי מעשי וועסאַמעט — זײַדענע אונ סאַמעטענע קליידער. אַ געמישטער יִדיש-העברייִשער זאַצ.

וועדײַ לענאָוונ — אונ עס איז גענוג פאַר אַ פאַרשטאַנדיקנ.

זאָלאָ-וועקסל אַפּ סטעמפּל — אַ סאָלאָ-וועקסל, אַ פּערזענלעכער וועקסל מיט אַ באַשטימטנ טערמינ, ווענ ער קענ צוגעשטעלט ווערנ צומ אופמאָנענ דורכ אַ נאָטאַריעלער קאָנטאָר אָדער דורכנ געריכט.

אוּלעיעסער טויקעפּ וועויז — אונ קעדיי עס זאָל זײַנ נאָכ שטאַרקער אונ פעסטער.

אַ כייִרעמ-קוויטל — אַ ספּעציִעלע פאַרפליכטונג.

**נשים דעתן קלות** — פרויען זײַנען לײַכטזיניק (א טאלמו-דישער זאץ).
**מופלג בטוירע** — א גרויסער קענער פון דער טוירע.
**וכשל עוזר ונפל עזור** — עס ווערט געשטרויכלט דער העלפער און עס פאלט דער געהאָלפענער (א פראזע פון ביבל).
**באים, זאל לעבן** — געמיינט: באם כסידישן רעבן.
**א קוויטל** — דאָ: א צעטל, וואָס מע דערלאנגט דעם רעבן, ווו ס'איז אָנגעשריבן א ביטע צו אים.
**פידיען** — דאָ: דאָס געלט, וואָס מע גיט דעם רעבן.
**רופע-כולים** — דער, וואָס היילט קראנקע; געמיינט: גאָט.
**לירפוא-שליימא** — צו פולקומער אויסהיילונג.
**איקער שאכאכטי** — דעם איקער האָב איך פארגעסן. א טרא-דיציאָנעלע פאָרמולע פון א נאָכשריפט אין א בריוו.
**מאקשע ליילעד** — א שווער האָבן.
**גיסאָסי האאהוואָ האמעיוכעסעס וועהאצנואָ האזשאָ האקשייראָ האלוי הי מאָראס כאנע טיכ-יע** — מײַן געליבטע שוועגערן, די יאכסנטע און צנוע, די קאָשערע פרוי, וואָס אזא איז די הארנטע כאנע, זאָל לעבן — א טראדיציאָנעלע פאָרם פון א ווענדונג אין א בריוו.
**מעהאיוים וועהאָלאָ** — פון הײַנט און ווײַטער.
**באל-בעכי** — א קלאָגער, א וויינענדיקער מענטש.
**אד לעוו האשאָמאַיִם** — ביז אין הימל ארײַן.
**זאָהייר וועהיזאָהייר** — גאָר שטרענג, אָפּגעהיט.
**קויריא קעדאָג זײַן** — צערײַסן ווי א פיש.
**שאאיריי-ראכמים** — די טויערן פון דערבארעמונג.
**מערכאקים** — ווײַטע לענדער.
**סליכע אומכילע** — פארגעבן און מויכל זײַן.
**קאָלו קאָל האקיצן** — געמיינט: ס'קען שוין ערגער ניט זײַן.
**„קלי-יאָקאָר"** — א טײַערע קיילע. געמיינט: א גרויסער טוי-רע-לערנער.
**אָמיין, קיין יעהי ראָצוין** — אָמיין, אזוי זאָל זײַן דער ווילן פון גאָט.

א פּוישע-ישׂראָעל — געמיינט: א זינדיקער.
מאַלווע — פּראַצענטניק.
מאַטנאַס באָסערוואָדאָם — א געשאַנק פון א מענטשן; א נעדאָווע.
א געט אָפּ א טנאַי — א טנאַי-געט ווערט איבערגעלאָזן באַם ראָוו. אויב צו א באַשטימטן טערמין קערט זיך דער מאַן ניט אום (פון א ווײַטער נעסיִע אָדער מילכאָמע), ווערט דער געט איבערגעגעבן דער פרוי, קעדיי זי זאָל ניט בלײַבן קיין אגונע.
עצבאַ עלויהים — גאָטס א פינגער, א צייכן פון גאָט.
קאָמע וועקאָמע לעשוינעס — זייער א סאַך שפּראַכן.
היסנאַהאַגום — אופירונג.
פּאַס-אַקום — ניט-יידיש עסן.
נישט באָקי אין גיטין-אוקדושין — געמיינט: ניט גע-ניט אין די טאַלמודישע געזעצן פון פאַמיליען-רעכט.
בוירערים — דאָ: ווײַלער.
ראָש-וועריִשן — דער הויפּט און דער ערשטער.
מעוווײַעש זײַן — פאַרשעמען.
ניכנאַס יאין יאָצאָ שטום — איז אַרײַן ווײַן, איז אַרויס נאַרישקײַט.
איז מען... מעוואַזע — פאַראַכט מען.
צעלעם-עלויהים — גאָטס אָפּבילדונג, דאָ געמיינט: די מענ-טשלעכע ווירדע.
מאַכזיר-לעמוטעוו זײַן — אויסבעסערן.
קעדאַס מוישע וועיִסראָעל — לויטן יידישן רעליגיעזן געזעצ.
כילעל-האַקאָוועד — פאַרשוועכונג פונעם קאָוועד.
צוראַס אָס — דאָס אויסזען פון אַן אָס.
יעלוד איש — מענטשן-קינד.
מויציִ לאַאַז בעכינאָם זײַן — ריידן רעכילעס אומזיסט.
בעעמונאָ שעלי — מעגסט מיר גלייבן.
נעסעכ — ווײַן, אויסגעאַרבעט ניט פון קיין יידן.
האַוואָלים — פּוסטע רייד.
יוילעדעס — א קימפּעטאָרן.

ביפרוּיטרויט — אויספּירלעך.

בעזים — אויב, טאָמער.

א שאָליעך-מעיוּכעד — א ספּעציעלער שאָליעך.

יעדידאָסי, שיירא̇ס בסאָרי — מײַנע פרײַנד, מײַנע קרויווע.

זויכעל-ווּעסוּיווּע — פּרעסער און זויפער.

אויקער זײַן — אנטלויפֿן.

מאָזים אף די אייניאָזים — וואסער אף די אויגן; געמיינט: טרערן.

אײַניִשעווּן — אײַנזעצן.

סאָנדאָווּע ביכער — געמיינט: געזעצביכער, קאָדעקסן.

פּלעניפּאָטענציע — פולמאכט.

פוסבענקל — לויט דער יִדישער רעליגיעזער פאָרשטעלונג וועט די פרוי אף יענער-וועלט זײַן א פוסבענקעלע באם מאן, ווען ער וועט זיצן אין גאניידן.

האקל קאאשער לאקל — געמיינט: אלצ מיטאנאנדער.

לאאוואָדים אולעשיפכוּים — פאר קנעכט און דינסטן.

לעאָסיד-לאָווּי — אין דער צוקונפט.

ארוּים לעטארבוּס ראָאָ — פארדאָרבן געוואָרן, אוועק אף א שלעכטן וועג.

יִמאַח שמאָם — אויסגעמעקט זאָל ווערן זייער נאָמען (א קלאָלע).

ראָצופּ באָזע — בײַגעלייגט דערצו.

מעקאבל-טײַנעג זײַן — האָבן פארגעניגן.

טײַנעס-אוטווּעס — טײַנעס און פּרעטענזיעס.

אדוינוי נאָסאן וועאדוינוי לאָקאח — גאָט האָט געגעבן און גאָט האָט צוגענומען.

פּיקאָדן — אן אײַנלאָג.

בעשאָלעם-ווּעשאלוּווּע קענאָהוּג בעיִסראָעל — אין פרידן און רו, ווי עס פירט זיך בא יִדן.

„סייפער-האבּרים“ — אן אלטער זאמלבוך וועגן נאטורווי-סנשאפט.

לימדינאס-האיאם — אין די לענדער, וואָס ליגן אף יע-נער-זײַט יאם.

יעש-אוימרימ — אנדערע זאָגנ.

מיסכײַעוו בענאַפשוי — ער נעמט אפּ זיכ א שולד, פאַר וועלכער מע דאַרפ צאָלנ מיטנ לעבנ.

נאָשימ יאָפוימ — שײנע פרויענ.

אוויל יי-יִסראָעל — די טרויערנדיקע באַ יידנ.

עיר אליינ — געמיינט: דער כסידישער רעבע.

א מאַטמענ — אַנ אויצער.

בעזו האָרעגע — די מינוט.

בעכי טויוו — צומ גוטנ.

בעדערעכ-האַיאָשער — מיטנ גלײַכנ וועג.

קאַמע-פּעאָמימ — וויפל מאָל.

קעהאוואיע — ווי דאָס איז געווענ.

אסקאָרע — דיפטעריט.

מאַלקע שוואָ — די קיניגנ פונעמ לאַנד שוואָ. א ביבליש פּער-סאָנאַזש. שפּעטערדיקע לעגענדעס שטעלנ זי פאָר ווי א וואונדער-שײנע פרוי, וועלכע איז פאַרבונדנ מיטנ טײַוול אונ פילט אויס זײַנע שלי-כעסנ צו פאַרפירנ פרומע מענטשנ, ארויסרופנדיק באַ זיי טײַוווע.

מעקעכ-טאָעס — א טאָעס אינעמ האנדל.

### נאַכעס פונ קינדער

כאַמישעאָסאָר — געמיינט: דעמ 15-טנ טאָג פונעמ כוידעש שוואט. א האלבער יאָמטעוו. אינ דעמ טאָג איז א מינהעג צו עסנ באָקסערנ, מאַנדלענ, ראָזשינקעס אאוו.

געקסיוועט — ווי געדרוקטע אויסיִעס.

ראָשי-טייוועס — די ערשטע אויסיִעס פונ עטלעכע ווערטער, וואָס ווערנ געברויכט אָנשטאָט די ווערטער גופע.

אונסאַנע טויקעפ — א טפילע. ווערט געזאָגט ראָשעשאָנע אונ יאָמקיפּער. אינ איר רעדט זיכ וועגנ דעמ, אז אינ די דאָזיקע טעג מישפּעט גאָט צו, וואָס מיט דעמ מענטשנ זאָל געשענ אינ מעשעכ פונעמ יאָר. דעריבער ווערט אינ בעסמעדרעש באַמ זאָגנ די טפילע א גרויס געוויינ, באַזונדערס אינ דער ווײַבער-שול.

באַר-נאַש — אַ מענטשן-קינד, ד.ה. אַ מענטש.
„טוירא ציוואָ לאָנו״ — אַן אינדערפרײַקע טפילע פאַר מיידלעך.
שאָלעם-זאָכער — פײַערונג פונעם געבורט פון אַ ייִנגל. דעם ערשטן שאַבעס אינדערפרי.
אַל אַפּוי וועאַל כאַמאָסוי — געמיינט: דערווידער זײַן ווילן.
איילוי — אַזאַ, וואָס ווײַזט אַרויס גרויסע פייִקייטן צום לערנען.
בייס-האַכאַ׳ים — בעסאַלמען.
דרײַ הונדערט רובל קנאַס — 300 רובל שטראָף, וואָס די פאַמיליע פון אַ ייִדישן פּריזיוונִיק האָט אינעם צאַרישן רוסלאַנד געדאַרפט צאָלן, אויב ער פלעגט זיך ניט שטעלן צום פּריזיוו.
באַם איי מיטן בייגל — אַ רעליגיעזער מינהעג: באַם קו־מען פון בעסאַלמען נאָך דער קווורע עסט דער אָוול אַן איי מיט בייגל.
נאַפּשוי קשוראָ בענאַפּשאָ — זײַן זעל איז אָנגעקניפּט אָן איר זעל; באַטײַט: ער איז צו איר זייער צוגעבונדן.
קייסער-מענטשן — סאָלדאַטן.
פּן יִשמעו — טאָמער וועט ער הערן, פאָלגן.
לעס דינ וועלעס דאַיען — ניטאָ קיין געזעצ און ניטאָ קיין ריכטער.
קיין טמונאָס אָס — געמיינט: קיין אײַנגעטונקטע פּען.
מוירעד־בעמאַלכוס — אַ ווידערשפּעניקער קעגן דעם קייסער.
אַסעקוירירט — פאַרסטראַכירט.
כויקער וועדוירעס זײַנ — אויספאָרשן, אויספרעגן.
איפּכאָ מיסטאַווראָ — פּונקט פאַרקערט.
כוירעש — כאַבאַר.
שאָפל — דאָ: אַ נידעריקער מענטש.
קעקויפ ביפני אָדאָם — ווי אַ מאַלפּע קעגן אַ מענטשן.
אַ שיפכע — אַ דינסט.
עלעפ — טויזנט.
לאַמנאַצייאַך — דאָ: אַ טפילע פאַרן שויפער־בלאָזן ראָשע־שאָנע.

**קאָרעוו-לעמאַלכוס** — א מענטש, וואָס איז נאָענט צו דער רעגירונג.
**פּאַוויאַק** — א טורמע אין ווארשע.
**ווי א האָן אין בני-אָדאָם** — געמיינט: קוקן און גאָר-נישט ניט פארשטיין.
**מארשאַלקאָווסקע גאס** — די צענטראלע גאס אין ווארשע.

## מעשופּע

**פּיקאָדן** — דאָ איז עס אָנגעווענדט בענעגייע דער מענטשלעכער נעשאָמע. לויטן אָבערגלויבן, נעמט גאָט צו באנאכט די נעשאָמע פון מענטשן און אינדערפרי קערט ער זי צוריק אום.
**כצאָס** — טפילעס, וואָס מע זאָגט נאָך האלבער נאכט.
**שאס-האקוישער** — א גינסטיקער מאָמענט.

## א גילגל פון א ניגן

**גילגל** — פארוואנדלונג.
**א טאלנער ניגן** — א ניגן פון די טאלנער כסידים.
**שאלעסודעס** — די דריטע שאבעסדיקע סודע, שאבעס פארנאכט.
**בערויוו אָמ** — דורכ א סאכ מענטשן.
**נעגינע** — מוזיק, געזאנג.
**סינײַ-ניגונים** — אײַנגעשטעלטע ניגונים פונעם דאוונען, ווי קאָלנידרע, יאָמימנויראָימדיקער קאדעש און אנד.
**איין באיס** — ניטאָ קיין שטוב.
**מעלאוועמאלקע** — א שאבעסצונאכטיקע סודע.
**שעויל-טאכטיאָ** — גענעמ.
**שאבעס-שירע** — דער שאבעס, ווען מע לייענט די סעדרע ,,בעשאלאכ''.
**אהאוואס האמאָקוימ** — ליבע צו גאָט.

**אהאוואס האברייוים** — ליבע צו מענטשנ.

**איישעס-איש** — א פרוי, וואָס האָט א מאנ.

**נאָכאָש** — שלאנג; געמיינט די ביבלישע לעגענדע וועגנ דער שלאנג, וואָס האָט צוגערעדט כאווענ פארזוכנ פונעמ בוימ פונ וויסנ, צוליב וואָס גאָט האָט פארטריבנ פונ גאנ־ידנ אָדאָמענ מיט כאווענ.

**גאָלעס-האשכינע** — לויט דער לעגענדע, איז די שכינע (גאָטהײַט) נאָכנ כורבנ פונ בייסהאמיקדעש אוועק אינ גאָלעס צוזאַמענ מיטנ יידישנ פאָלק.

**שיפלעס** — דערשלאָגנקײַט.

„**ראה עמידתנו...**" — זע אונדזער צושטאנד.

**מעכאדעש זײַנ** — אופטאָנ עפּעס נײַס.

**גאלגאלימ** — הימלשע קערפּערס, מאזאָלעס (זאָדיאק-צייכנס).

„**יוימ לעיוימ... לײַלאָ לעלײַלאָ**" — טאָג צו טאָג... נאכט צו נאכט.

**זאָגנ שירע** — זינגענ לויב-געזאנגענ.

**די האסכאָלע** — דער אָנהייב.

**באָרור קאשעמעש** — קלאָר ווי די זונ.

**שוכנ-אָפאָר** — א געשטאָרבענער.

**אָוואר אוואָטל** — געוואָרנ אויס.

**וועיינענו** — אונ ער איז ניטאָ.

**מאטימ זײַנ** — קאָמענטירנ.

**ביגזייראס קיבוד-אָוו** — קאטעגאָריש געפאָדערט אפנ גרונט פונעמ רעליגיעזנ געבאָט אָפּצוגעבנ קאָוועד דעמ פאָטער.

„**אייל מאָלע ראכמימ**" — א טפילע נאָכ א געשטאָרבענעמ.

**האכנאָסעס-קאלע** — כאסענע מאכנ אנ אָרעמ מיידל אָדער א יעסוימע, וואָס האָט ניט אפ קיינ נאדנ אונ כאסענע-הויצאָעס.

**הוירהָיעס** — געדאנקענ, באטראכטונגענ.

**כוילע-נויפל** — עפּילעפּסיע.

**דויר האפלאָגאָ** — דאָ געמיינט: א טומל, א מישמאש.

**יאמ-האקעראכ** — אײַז-יאמ.

**טיקנ** — דאָ אינעמ זינ: א בעסערע, א העכערע מאדרייגע.

**כוילעק** — געמיינט: א שארפער קעגנער פונ כאסידיזמ.

מעוואטל זײַן — שטערן.
פּאָרן — געמיינט: פּאָרן צו אַ כסידישן רעבן.
מעסיכטע — טראַקטאַט פון טאַלמוד.
רעב דאָווידל — אַ כסידישער רעבע (דער טאַלנער רעבע).
קויל בעױשאָ — אַ פּרויען־קאָל.
סוגיא — אַן אָפּהאַנדלונג אין טאַלמוד פון איינער אַוועלכער־עס־איז פראַגע.
מײַסע סאָטן — אַן אופּטו פונעם טײַוול.
אויקער זײַן — אַרויספּאָרן אַפּ שטענדיק פונעם ווינ־אָרט.
אוינעש — שטראָפּ.
כאָרעוו ווענימכרעוו — צעשטערט און רוינירט.
אַד קיקאָר לעכעם — געמיינט: דערגאַנגען ביז טרוקן ברויט.
דויד מלך ישראל חי וקים — דאָוויד, דער קיניג פון ייִדן, לעבט און עקזיסטירט.
בבחינת: מאַן מלכי רבנן — אינעם זין: וועמען מיינט מען דאָס „מעלאָכים"? דאָס מיינט מען „ראַבאָנאָן" (די געלערנטע).
בעויסוי האָרעגע — אין דעם מאָמענט.
הירהור טשוווע — געדאַנק פון טשוווע טאָן.

## אויב נישט נאָך העכער

דער נעמיראָווער — אַ כסידישער רעבע.
פּאָסקימ — פּאַרשיידענע ספּאָרים, וואָס באַהאַנדלען און שטעלן פעסט די ייִדישע רעליגיעזע געזעצן.
טפאָכימ (מערצאָל פון טעפּאַכ) — די ברייט פון דער דלאָניע.
טאָכ־קעדיי־דיבער — דאָ אַפּן אָרט.
כולן, נעדאָרימ — נעמען פון טאַלמודישע טראַקטאַטן.
בעכאָצי כינעמ — האַלב אומזיסט.
קליי־באַים — שטוב־זאַכן.
פּיזמען — אַ מין אַרט רעליגיעזע דיכטונג.

## דער נאדוונ

נאדוונ — א מענטש מיט א ברייטער האנט, א פילאנטראָפּ.

לעהאוודל ביינ האכאימ וועהאמייסימ — זאָלנ זײַנ אָפּגעשיידט די לעבעדיקע פונ די טויטע.

ראכ לייוו — א ווייכהארציקער.

מעפונעק — א געפּיעסטעטער, אנ איבערקלײַבער.

רעשוס האָרבים — אזוינס, אפ וואָס אלע האָבנ אלציינע רעכט.

קאאלוים האבויקער — פארטאָג, באגינענ.

קאָל יאָמעהאָ — אלע אירע יאָרנ.

מייכעש — א קראנקײַט, א שלאפקײַט.

גאנצ כאָריעוו — דאָ געמיינט: גאנצ קראנק.

## מוסער

קאסטרוי — טרײַבנ דורכנ סטרוי. א מיטלאלטערלעכע שטראָף, וואָס האָט עקזיסטירט אינעמ צארישנ רוסלאנד.

## איבער א שמעק טאבאק

באלדאָווער — געמיינט: דער סאָטנ, דער ניט-גוטער.

קיינ טמונאס אָס — קיינ בילד פונ קיינ אָס.

אריכעס-יאָמימ — לאנגע יאָר.

קיידע — א נייג.

הישטאכוועלע — א בוק.

קלויי-קסיווע — שרײַב-געצײַג.

הבא על העריות — דער, וואָס לעבט מיט א פרוי, מיט וועלכער עס איז אימ פארווערט (לויטנ רעליגיעזנ געזעצ) כאסענע צו האָבנ.

קעהײַ לישנע — מיט אזא לאָשנ.

אין אדם בארץ אשר יעשה טוב ולא יחטא — נישטאָ אפ דער ערד קיינ מענטש, וואָס זאָל טאָנ גוטס אונ ניט זינדיקנ.

„משה אמת ותורתו אמת“ — מוישע איז עמעס אונ זײַנ טוירע איז עמעס.

עיין איוב קאַפּיטל א׳ — זע איעוו, קאַפּיטל איינס.

„רק את נפשו שמור“ — נאָר זײַנ לעבנ היט אָפּ.

„לא יומתו אבות על בנים“ — עס זאָלנ ניט געטייט ווערנ די עלטערנ איבער די קינדער.

אראָיוים — לייבנ.

השם ישמרנו — גאָט זאָל אונדז היטנ.

מימערכאקים — פונ ווײַטע קאַנטנ.

ליעהאדאמ — געמיינט: ניט געשטויגנ, ניט געפלויגנ.

כקירע-אודירישע — אויספאָרשונג.

טויענ — דער, וואָס מאָנט עפּעס בײַ עמעצנ.

גאשמיעס שעבעגאשמיעס — דאָ געמיינט: זייער א פּראָסטער מענטש.

בענטוירע — א מענטש, וואָס קענ לערנענ.

ניטאָנ — דער, בײַ וועמענ מע מאָנט.

כוירעש — כאבאר.

מלתא דעבידא לגלויי — א זאכ, וואָס קאָנ אופגעדעקט ווערנ.

כאריפ — וואָס פארמאָגט א שארפנ קאָפּ.

זאָקיינ וועראָגיל — אנ אלטער אונ דערפארענער.

צאוואָאס שכיו-מערא — א צוואָע פונ א געפערלעכ קראנקנ.

לפי ראות עיניד — אזוי ווי עס וועט דיר געפעלנ.

שקיעס-האכאמע — זונ-אונטערגאנג.

קאָל בעישאָ — דאָ געמיינט: א שיינ, קלינגעוודיק קאָל.

באריכעס — לאנג, אויספירלעכ.

בעכינעמ — אומזיסט.

זה בכה וזה בכה — דער זאָגט אזוי אונ דער אזוי.

ועיינענו — אונ ווערט פארשווונדנ.

מ י נ ה ע ג-י אָ ש נ — אַן אַלטער מינהעג.
ב ע א ל פּ ע — אַפּ אויסווייניק.
„מ ה נ א ה א י ל ן ז ה" — ווי שיינ איז דער דאָזיקער בוימ. געמיינט: ניט געהאַט האַנאָע פונ דער נאַטור, וואָס אַזוינס איז בא רעליגיעזע ייִדן פאַרבאָטן.
ש ע ל ו י ב ע ק א ו אָ נ ע — נישט מיט דער געהעריקער קאַוואָנע.
מ ע ש א נ ע ז ײַ נ — ענדערן.
ק ע ה ע ר ע פ-א י נ — אינ איינ אויגנבליק.
ט כ ו מ-ש א ב ע ס — אַ באַשטימטער מעהאַלעכ אויסער אַ יִישעוו, וואָס ווײַטער פונ דעמ טאָר מענ אומ שאַבעס ניט גיינ (לויטן רעליגיעזן פאַרבאָט).

## אַראָפּגעלאָזטע אויגנ

ש ע מ-ד אָ ו ע ר — דאָ: אַ באַרימטהײַט.
י ע ש — דאָ געמיינט: אַן אָנגענומענער מענטש.
מ א צ ע-ש מ ו ר ע — מאַצע פונ ספּעציעל פאַרגרייטן ווייצ.
ב ע ר ו א כ-ה א ק ו י ד ע ש — מיטן הייליקן גײַסט.
א צ ו ו ע ס — אומעט.
ב נ יי-ט ו י ר ע — טוירע-קענער, לערנער.
כ אָ מ יי ש — פינפ.
נ ע ד ו נ י ע — נאַדן.
ש ט יי — צוויי.
ר א כ א ש — הויצאָעס אַפּ ראַבאָנימ, כאַזאָנימ, שאַמאָסימ.
מ א ד ר י כ ז ײַ נ — לערנענ.
וו ע ר נ ד — ביימ.
א ו י ל ע מ-ה א ד י מ י ע נ — די טרוימענ-וועלט.
מ י ד ע ס-מ ע ג ו נ ע ס — ניט קיינ אָנשטענדיקע זיטנ.
ב י ט נ — באָטנ אָנ, לייגנ פאָר.
מ י ס י א ע צ ז ײַ נ ז י כ — האַלטנ זיכ אָנ אייצע.
ל א י ע ש ה כ ן ב מ ק ו מ נ ו — ס'פירט זיכ ניט אַזוי בא אונדז.
ב ע ש א ס ה א ד כ א ק ש א א נ י — בא אַ נויט איז אַנדערש.
ע ם ס ו ו י ד א ָ ש ר ו י — די גרייס פונ זײַנ רײַכטומ.

חיי מיעס — פינפ הונדערט.
בעקאוואָנע — מיטנ מיינ.
האגא בעאצמעכאָ — באמי זיכ אליינ.
אוימייד בעדיבורי — א וואָרטסמאנ.
בעהעטער — וואָס עס איז דערלויבט.
בעיסער — וואָס עס איז פארבאָטנ.
האָדאָר — א פראכט.
בנויס-ציענ — געמיינט: יידישע טעכטער.
מאָצע-שאבעס — שאבעסצונאכטס.
„גאָט פונ אווראָהאָמ“ — א טפילע, וואָס רעליגיעזע פרויענ זאָגנ פארנ אָנצינדנ פייַער שאבעס אינ אָוונט.
קויעכ-האדאמ — געמיינט: טעמפעראמענט.
פארנעמיש — צוציענדיק.
מאסיג-גוול געוועננ — דאָ געמיינט: איבערגעשלאָגנ פארנאָסע.
בעשום אויפנ וועצאד — אינ קיינ פאל ניט.
ניסטאלעק — געשטאָרבנ.
לעס דינ וועלעס דייענ — דאָ געמיינט: ניטאָ צו וועמענ זיכ ווענדנ מיט א לאָדעניש.
קאפ-האקעלא — גענעמ.
ביים-האכאימ — בעסאלמענ.
קיינ סאָריד-אופאָליט — געמיינט: קיינ רעשט, קיינ שפור.

## דאָס גלעזל

בעריע-ניפלאָע — א וווּנדערלעכער בעריע.
עד היכן הדברים מגיעים — ווי וויַיט דאָס גרייכט.
קדושנ-פינגערל — א פינגערל, וואָס ווערט אָנגעטאָנ ביים דער כופע-צערעמאָניע.
קעיעדוא — ווי באוווּסט.
יויציע-ווענינכנאס — אנ אײַנגייער.

סאָריי-מאַלכוס — גרויסע מעלוכע-באַאַמטע.
איר-האַמלוכאָ — הויפּטשטאָט.
טויב שעם משעמן טויב — א גוטער נאָמען איז בעסער פון גוטן זאַלב.
אל צאַד האַיויסער טויוו — אפן בעסטן אופן.
מעקימי מעאַשפּאָר דאָל — געמיינט: ער איז שטאַרק דערהויבן געוואָרן.
מירוייי פּניי האַמעלעך — געמיינט: א מענטש, וואָס שטייט נאָענט צום קיניג.
גאַלגאַל כויזער באָוילאָם — געמיינט: „די וועלט איז א רעדעלע".
זע נויפייל וועזע קאָם — דער פאַלט און דער שטייט אוף.
לעומאַס זע — דאָ געמיינט: דערווײַל.
פּאָוויאַט (פּויליש) — אויעזד.
פּאַסלעס („דאַלעס מאַכט פּאַסלעס") — געמיינט: א קאַפּצן טויג צו גאָרנישט.
קי הייציק לוי האָראָוו — אז עס האָט אים א קוועטש געטאָן דער הונגער.
בעסייווער פּאָנים יאָפוים — מיט א גוטער מינע.
רעוויע — דורכקוק.
קיוועיר — א היטל מיט פעדערן באַפּוצט, וואָס גוסאַרן פלעגן טראָגן.
כוישעד ביקשיירים — א כשאַד אף אומשולדיקע.
בעויסוי האָרעגאַ — אין דער זעלביקער מינוט.
מישטע וועיאָמטעוו — א סודע און יאָמטעוו.
פּאָטער בעלוי קלום — אָפּגעקומען מיט גאָרניט.
אוילע ליגדולאָ — דערהויבן.
דאָוואָר גאָדויל — א גרויסע זאַך.
א שטאַר-כויוו — א וועקסל.
ליקשעיאַרוויאַך — געמיינט: אז עס וועט אים זײַן פרײַ אין געלט.
כאַצאַר-האַמאַלכוס — קיניגלעכער הויף.
קיסריי-האַמאַלכוס — קיניגלעכע קרוינען.

שמעץ פּעגימאָ — א פּיצל פּלעק, א פּיצל כיסאָרנ.
כויסעמ-האמאלכומ — מעלוכע-שטעמפּל.
דיניי מאָמוינעס — ציוויל רעכט, געלט-פּראָצעסנ.
דיניי נעפאָשעס — קרימינעל רעכט, קרימינעלע פּראָצעסנ.
לעהאשמיד אולעהארויג — אויסצוראָטנ און דערהארגענענ.
דעוואר מאלכומ — א רעגירונגס-באפעל.
פּסאָקימ — אורטיילנ.
טאבאאס האמעלעכ — דעמ קיניגס רונג.
דוימע לענימשל — ענלעכ צומ געגליכענעמ.
לענוי — צומ באַפּוצנ.
לעהידור האַמײַסע — צו באַפּוצנ די דערציילונג.
מאָקעמ-גאָדל — א גרויס אָרט.
איש מיפּי איש — פונ מענטש צו מענטש; פונ מויל צו מויל.

## דער אייביקער פּרידנ אינ ערגעצ-לאנד

הערט — פּאַסטעכ.
רענדער — ראַנדנ, קאַנטנ.
מיסטורויש — מיט כשאַד, מיט פאַרדאַכט.
פּעצנ — שטיקער, פּאַסמעס.

# אינהאַלט



## אינ קעלער-שטוב

### דערציילונגענ

*Ицхок-Лейбуш Перец*

В подвале

Рассказы

Редакторы
*А. Ю. Гонтарь, Л. А. Юдкевич*

Художеств. редактор *А. В. Лепятский*

Технический редактор *В. С. Гриненко*

Корректор *М. А. Иткович*

*

Сдано в набор 16/XI 1959 г.
Подписано в печать 18/XII 1959 г.
Бумага $70 \times 108^{1}/_{32}$ — 13,75 печ. л. = 18,8 усл. печ. л. 17,05 уч.-изд. + 1 вклейка = 17,09 л.
Тираж 30 000. Заказ № 3350.
Цена 5 р. 85 к.

Гослитиздат
Москва, Б-66, Ново-Басманная, 19

*

Московская типография № 3
«Искра революции»
Мосгорсовнархоза.